## אויגוסט סטרינדבערג.



**אויגוסט סטרינדבערג**, דער גרעסטער שוועדישער קינסטלער, איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר 1849 אין אַנ׳אָרימער פאַמיליע. שרייבען האָט ער אָנגעהויבען פריה, און ווי עס טרעפט דאָס רוב מיט גרויסע טאַלענטען, איז ער לכתחילה גאָרנישט בעמערקט געוואָרען. סיי דאָס פובליקום און סיי די קריטיק האָבען איהם דורכגעלאָזט פאַרביי אויג. איבעריגענס, זענען סטרינדבערגס ערשטע שריט אויסגעפאַלען אַקוראַט צו דער צייט, ווען די שוועדישע געזעלשאַפט האָט זיך געפונען אין אַ מין פערגליווערטער שלעפעריגקייט. עס האָט געשלאָפען דאָס גאַנצע פאָליטישע און גייסטיגע לעבען פון שוועדען. דאָס איז געווען אַ שווערע שלעפעריגקייט נאָך אַ געוויטער, וואָס האָט זיך האַסטיג אַריבערגעטראָגען איבער דער שוועדישער ערד.

בשעת דערדאָזיגער שלעפעריגקייט האָט זיך סטרינדבערג געלערנט, און אַ סך געלערנט, און אין דערזעלבער צייט געווען פאָלקסלעהרער און געפרובט שרייבען טעאַטערשטיק. נאָר אָט איז געקומען אַ סוף צו דער פערגליווערונג, צו דער שלעפעריגקייט. בראַנדעס און דראַכמאַן אין דענעמאַרק און איבסען אין נאָרוועגיען האָבען אַריינגעוואָרפען אין שטעהענדיגען וואַסער די ערשטע שטיינער פון גייסטיגער מרידה און דער גאַנצער סקאַנדינאַווישער צפון האָט זיך אויפגעכאַפּט. פאַר אַזאַ הייסער, אונרוהיגער און זוכענדיגער נאַטור, ווי סטרינדבערג, איז דאָס געווען אַ סיגנאַל צום קאַמף—צום קאַמף מיט שלעפעריגקייט, מיט רעאַקציע, מיט אונטערדריקונג און מיט די אַלע פורעניות׳ן, וואָס נעסטיגען זיך שטענדיג אין דער מענשליכער געזעלשאַפט. און סטרינדבערג וואַרפט זיך אין קאַמף מיט דער היץ פון אַ יונגעל.

אָבער דער קעמפער שטערט נישט דעם קינסטלער אין סטרינדבערג׳ן, ווי עס טרעפט על-פי-רוב. פערקעהרט, דער קעמפער וועקט און דערוואַרימט דעם קינסטלער און דער קינסטלער, ווידער, ווירקט אויפ׳ן קעמפער. און סטרינדבערגס טאַלענט שפּרייט-פונאַנדער זיינע ברייטע מעכטיגע פליגלען, ווי אַנ׳אָדלער.

סטרינדבערג געהערט צו די סאַמע אונרוהיגסטע קינסטלער אין דער וועלט. זיין דורשטיג און ברענענדיג אויג זוכט און נישטערט דאָס גוטע און דאָס שלעכטע אין לעבען, עס ווערט נישט מיד אַריינצוקוקען דערין, ווי מען קוקט-אַריין אין פאַלשע נאָכגעמאַכטע ווערט-פאַפּירען. ער זוכט אַלץ די אמת׳ע, די עכטע, וואָס מען זאָל זיי מעגען טרויען און גלויבען און דאָס האַרץ זאָל זיך קאָנען בערוהיגען. און היינט לאַכט סטרינדבערג פון איין אמת און לויפט צו אַ צווייטען און מאָרגען לאַכט ער פון צווייטען און לויפט צו אַ דריטען

ג׳ין דערנאָך צוריק צו דעם ערשטען און אַזוי אָהן אַ סוף ביז׳ן סאַמע טויט אַריין, ער האָט געלעבט און געאָטעמט אין זיין שאַפען, ער האָט גע-פיבערט, ער האָט זיך געוואָרפען, ער האָט געלאַכט און געוויינט דערביי און דאָס פאַפיר אונטער זיין האַנד איז נישט געווען קיין טויטע זאַך, נאָר אַ לע-בעדיג דורשטיג וועזען, וואָס האָט איהם אויסגעזויגט דאָס הייסע בלוט פון האַרצען.

סטרינדבערג האָט געזוכט אויף דער וועלט ריינע אמת׳ן און פאַל-שע, וואָס פערנעהמען דעם אונבענאָן, ווי אמת׳ע, און מיט׳ן פייער פון אַ קעמפפער האָט ער דאָס ערשטע געלויבט און בעזונגען און דאָס צווייטע גע-טראָטען מיט די פיס און ביטער אויסגעלאַכט. ער איז געווען אַ קעמפפער אין דער קונסט, ער האָט די קונסט פערשלייערט אין אידעאַלען און אויפגעהאַנ-גען איבער איהר אַ קאַמפס-פאָהן. ער האָט אָבער דער פאָהן און די אידעאַ-לען אויך נישט געטרויט און האָט זיי עפטער געביטען אויף נייע. אָבער דער אידעאַלען-טויש איז געווען אַן׳אינערליכער מוז, אַן׳אינערליכע טרייב-פרוזשינע, וואָס האָט איהם נישט געלאָזט שטעהן אויף אַן׳אָרט, וואָס האָט איהם געטריבען פון וועה צו וועה, פון האָפנונג צו האָפנונג, פון פרייד צו צער, פון צער צו פרייד, דאָס איז געווען אַן׳אינערליכע נויטווענדיגקייט, אַ זאַך פון פיינליכע אינערליכע עקספערימענטען... דאָס איז געווען אַ שפּיעל פון טעמפעראַטמענט און בלוט אינ׳ם פייער פון לעבען, אינ׳ם קאַך פון אמת און ליגען.

און וואָס פאַר אַ זייט פון לעבען דער בעריהמטער שוועדישער קינ-סטלער האָט נישט בעריהרט אין זיינע ווערק—שטענדיג און אַלעמאָל שפּירט זיך דערביי זיין טיפע איבערלעבונג און זיין הייסער פערלאַנג צו דיענען דער זאַך פון דער מענשליכער בעפרייאונג. מיט זיין שאַפען איז אויך געקו-מען די בעסטע צייט פאַר דער שוועדישער ליטעראַטור. ער האָט איהר אָנ-געטהאָן אַ קרוין און אַרויסגעפיהרט פון די ד׳אמות אין דער ברייטער וועלט אַריין. זיינע בילדער און געשטאַלטען זענען וואונדערליך שען און פלאַסטיש. זיין קינסטלערישע אידעע איז טיילמאָל קלאָר און דייטליך ביז אכזריות, טיילמאָל שען און אינפערשטענדליך, ווי דאָס צפון-ליכט, טיילמאָל פיבער-ליך-נערוועאיז, טיילמאָל ביבליש רוהיג, טיילמאָל פול מיט מוסר, ווי אַ פאָטער, טיילמאָל קאַלט און פרעמד און עפטער שטורמיש און בייז ווי די זאַווייערוכעס אין די לאַנגע שוועדישע ווינטערנעכט.

אָבער די בעסטע אילוסטראַציע פאַר׳ן גרויסען שוועדישען קינסטלער איז זיין ראָמאַן „די פרוי", וואו עס איז אַריינגעוועבט געוואָרען אַזויפיעל וועה און האַרץ, אַזויפיעל פרייד און ליכט, אַזויפיעל צער און פיין, אַזויפיעל האָפנונג און טרעהרען אין הומאָר און סאַרקאַזם. אין דעמדאָזיגען ראָמאַן טרעט־אַרויס דער קינסטלער אַלזייטיג און יעדע סטרונע פון דעם רייכען גרויסען און פערשידענאַרטיגען טאַלענט גיט-אַרויס איהר אייגענאַרטיגען קלאַנג. און נישט אומזיסט האָט די וועלט לאַנג קאָמענטירט דעמדאָזיגען ראָ-מאַן, געמאַכט צו איהם פערשידענע פרושים און געקומען צו פערשידענע אויספיהרונגען. אין דייטשלאַנד, צום ביישפּיעל, האָט דער ראָמאַן אַרויסגע-רופען אַ גרויסען פראָצעס, וואָס האָט אינטערעסירט נישט בלויז דייטשלאַנד אַליין, איבעריגענס, האָט דער ראָמאַן אויך אַ גרויסען ביאָגראַפישען אינטערעס.

געלעבט האָט דער בעריהמטער שוועדישער קינסטלער אונרוהיג, צאַ-פּלענדיג, זיין נשמה האָט זיך דאָס גאַנצע לעבען געפונען אין אַ פייער פון קאַמף און קונסט און געשטאָרבען איז ער אויך אין די שווערע אונרוהיגע יאהרען פון גרויסען וועלט-קריעג...

# ערשטער טייל.

### I.

דאָס איז געווען אין שטאָקהאָלם, דעם 27 מאַי אין יאָהר 1875.

דייטליך זעה איך פאַר זיך די קעניגליכע ביבליאָטעק, וואָס פערנעהמט אַ גאַנצען פליגעל פון שלאָס, בעזונדערס דעם גרויסען זאַל מיט די פאַנעלען פון בוכהאָלץ, וואָס זענען שוואַרץ געוואָרען פאַר דער צייט, פונקט ווי אַן אַרומגערויכערטע לולקע. דער גרויסער בנין מיט די גיפסענע באָרדיורען אין סטיל ראָקאָקאָ, מיט די גירלאַנדעס, קייטען און הערבען, וואָס איז ביים ערשטען שטאָק אַרומגערינגעלט דורך אַ גאַלעריע פון טאָסקאַנער קאָלאָנעס, ליעגט ווי אַ תהום אונטער מיינע פיס מיט זיינע הונדערטער טויזענדער בענד, פונקט ווי עפּיס אַ ריזיגער מאַרך, וואו די געדאַנקען פון פערגאַנגענע דורות זענען צולעגט אין אָבטיילונגען.

די צוויי וויכטיגסטע אָבטיילונגען פון זאַל, וואו די ווענד זענען דורכאויס פערשטעלט מיט הויכע דריי-מעטערדיגע פאָליצעס, זענען פונאַנדערגעטיילט דורך אַ קאָרידאָר, וואָס האָט דורכגעשניטען דעם זאַל אין זיין גאַנצער לענג.

די פריהלינג-זון שיט מיט שטראַהלען אין אַלע צוועלף פענ-

סטער און דידאָזיגע שטראַהלען ציטערן אויף די פּאַרמעטענע טאָוריען פון דער רענעסאַנס-צייט, אויף די שוואַרצע שאַפּראַן איינבונדען מיט ווילבערנע שנאָלען פון זיבעצעהנטען יאָהרהונדערט אויף די לעדערנע איינבונדען מיט אַ רויטען שניט פון אַכצעהנטען יאָהרהונדערט, אויף די גרינע איינבינדען, וואָס זענען בעליעבט געווען אין דער צייט פון דער אימפּעריע און אויף די מאָדערנע ביליגע קאַרטאָנענע טאָוולען. דאָ לעבען צוזאַמען טעאָלאָגען מיט דאָקטוירים-מאַגען, נאַטוראַליסטען מיט פּילאָזאָפען; פּאָעטען ליגען בשלום מיט היסטאָריקער.

איך דערמאָן מיך נאָך פאָלגענדעס. איך פלעג מיך אויפהויבען אויף דער אויבערשטער גאַלעריע און גרענגען אין אָרדנונג אַ קאָלעקציע אַלטע ביכער—אַ מתנה דער ביבליאָטעק פון אַ בעקאַנטען בעדאַכטען בוקיניסט, וועלכער האָט פערשטאַנען אונשטערבליך צו מאַכען זיין נאָמען: אויף דער צווייטער זייט פון טאָוועל האָט ער געשטעלט זיין עקס-ליבּריס מיט'ן דעוויז: „האָפען ביז דער לעצטער מינוט".

איך בין געווען אַבערגלויביש, ווי אַנ'אַטעאיסט, און דידאָזיגע פראַזע, וואָס איז מיר אַ גאַנצע וואָך געקומען אויס'ן זינען יעדעס מאָל, ווען איך האָב געעפענט אַ בוך, האָט געווירקט אויף מיינע נערוועז. דערדאָזיגער דרייסטער מאַן האָט געקאָנט האָפען אין אַנ'אונגליק און דערין איז געלעגען זיין גליק... אָבער איך האָב פערלאָרען יעדע האָפנונג. איך האָב מיך נישט געקאָנט דערשלאָגען, מען זאָל שטעלען מיין דראַמא אין פינף אַקטען און זעקס בילדער, פון וועלכע דריי טוישען זין נישט ביי אַנ'אָראָבגעלאָזטען פאָרהאַנג. וואָס איז שייך צו מיין פערהעכערונג אין ראַנג אַלס ביבליאָטעקאַר, האָב איך בעדאַרפט אַריינלעגען אין קבר די פריהער פאַר מיר פערשריבענע זיבען קאַנדידאַטען, וואָס זענען געווען געזונד און פיער פון זיי זענען בעזעסען רענטעס. בעקומט מען ציוואַנציג פראַנק אַ חודש און אין שופלאָד פון טיש האַלט מען אַ טראַגעדיע פון פינף אַקטען, ווערט אַ מענש אומ'ן זעקס-אונצוואַנציגסטען יאָהר שטאַרק גענויגט צום מאָדערנעם פעסימיזם, צו אָט דעם נעסט פון סקעפּטיציזם, וואָס איז אַזוי בעקוועם פאַר

אַלע שלים-מזל'ס: אין איהם געפינען זיי אַ מיטאָג און די מאַנטלען, וואָס זענען אין רעכטען ווינטער פערזעצט, ווערען פערביטען אויף גרויטאַרטיגע רעדוקציעס.

מיטגליד פון דער געלעהרטער באָהעמע, מיטאַרבייטער פון ערנסטע צייטונגען און פראַכט-זשורנאַלען, וואָס צאָלען שלעכט, שותף פון אַן אַנאָנימער געזעלשאַפט, געגרינדעט פאַר דער איבערזעצונג „די פילאָזאָפיע פון אונבעוואוסטזיניגען" פון עדואַרד האַרטמאַן, מיטגליד פון אַ געהיימער ליגע פאַר פרייער און געקיפּטער ליעבע, טרעגער פונ'ם קנאָפּ-געאַכפּערטען טיטעל קעניגליכער סעקרעטאַר, אויטאָר פון צוויי איינאַקטיגע פּיעסען, וואָס ווערען געשפּיעלט אין קעניגליכען טעאַטער—האָב איך מיט גרויסע שוועריגקייטען קוים אַרויסגעקריגען דאָס נויטיגע אונטערצוהאַלטען דידאָזיגע צרה'דיגע עקזיסטענץ. איך בין געווען געשטימט געגען לעבען, הגם איך האָב מיך פון איהם נישט אָבגעזאָגט, וואָרום איך האָב געטהאָן אַלץ, וואָס איז מעגליך, צו פערלענגערן עס—איך און מיין פאַמיליע זאָלען ווייטער עקזיסטירען. מען בעדאַרף, איבעריגענס, אָנערקענען, אַז דער פּעסימיזם, וואָס ווערט בולטעטבליך פערשטאַנען דורך די מאַסען און ווערט נישט ריכטיג צוזאַמענגעמישט מיט מרה-שחורה, איז אין גרונד גענומען אַ גאַנץ פרעהליכע און זעהר אַ לייטזעליגע וועלטאַנשויאונג. אויב אַלץ איז בלויז רעלאַטיווער נאַרנישט—טאָ צו וואָס דער געפילדער? בפרט נאָך, אַז דער אמת איז אויך אַ צופעליגע ערשיינונג. האָבען דען מענשען נישט איינגעפונען, אַז דער נעבעכיגער אמת ווערט אויף מאָרגען פערוואַנדעלט אין אַ נאַרישקייט? די איינציג-זיכערע וואָהרהייט איז די, אַז אויף אונז וואַרט דער טויט. טאָ לאָמיר, אַלזאָ, לעבען! פאַר וועמען? פאַרוואָס? אַך!..

דער שטויב פון די איבערגעשטעלטע ביכער הויבט מיך אָן שטיקען. איך עפען דאָס פענסטער, וואָס געהט-אַרויס אויפ'ן לייבען-הויף, צו אָטעמען מיט פרישער לופט און זיך קוויקען מיט אַ שענעם ווינקעלע.

אַ ליעב ווינטעלע האָט מיר אַנ'אָטעם געטהאָן אין פנים אַריין און געבראַכט מיט זיך דעם ריח פון בעז און די מיט זאַפט אָנ-

געגאָסענע טאָפּאָלבוימער, די גרינע צווייגען פון ווילדע ווייג-טרויבען און גייסבלעטער האָבען אַרומגעפלאָכטען דעם טערקאַן. די אַקאַציעס און פּלאַטאַנבוימער, וואָס זיי איז בעקאַנט דער גע-פערליכער קאַפּריז פון מאַי, האָבען פערשפּעטיגט. דאָך איז עס פריהלינג, הגם דורך די יונגע בלעטער זעהען זיך נאַקעטע קוסטעס און בוימער. און הינטער דער באַלוסטראַדע זעהען זיך וואַזעס פון טונקעל-בלויען האַלבפּאָרצעלאַן מיט'ן שיפר פון קאַרל דעם XII-טען; עס הויבען זיך זעגעלבוימער פון שיפען, וואָס זענען צוזעשוואומען צום ברעג מיט פאַרביגע פאָנען לכבוד דעם מאַי-יום-טוב. נאָך פון ווייטען גרינט צווישען ברעגען די בוכטע. נאָ-דעלבוימער הויבען זיך אין טרעפּעלעך ביי איין ברעג, ביים צווייטען—בלעטערבוימער. אַלע שיפען אויפ'ן אַנקערפּלאַץ האָבען אויפגעהויבען נאַציאָנאַלע פאָנען און מיט זייערע פאַרבען מעהר-אָדער-וועניגער סימבאָליזירט די פערשידענע פעלקער: ענגלאַנד—רויט ווי פלייש; שפּאַניען—געל מיט רויט אין פאַסען, פונקט ווי די זשאַלוזיעס אין די מוריטאַנישע באַלקאָנדלעך; די פראַנצויזיג-טע שטאַטען—אַ לייוועגד מיט פאַסען; די פרעהליכע דריי-פאַרבי-גע פאָן פון פראַנקרייך צוזאַמען מיט דער טריבער דייטשער פאָן, וואָס די טויז טרעף ביים שטעקען גיט איהר צו אַנ'אויסדרוק פון טרויער; די דאַמענבלוזקע פון דענעמאַרק; דער דריי-פאַרבען-פּאָן פון רוסלאַנד; אַלע האָבען זיך אויסגעצויגען זייט-ביי-זייט אונ-טער דעם בלויען געוועב פון דעם צפונ'דיגען הימעל. אַ קלאַפּע-ריי פון פוהרען, אַ פייפעריי, אַ קלינגעריי, געשרייען—דאָס אַלץ בע-לעבט דאָס בילד. דער ריח פון מאַשין-אייל, לעדער, הערינג, קאָלאָניאַל-סחורות ווערט אין לופטען צוזאַמענגעמישט מיט'ן אַראָ-מאַט פון בעז; די לופט ווערט אָבגעפרישט פון אַ מערב-ווינטעל, וואָס קומט פון אָפענעם ים און וואָס ריהרט-אָן אויפ'ן וועג די שווימענדיגע אייז-שטיקער פונ'ם באַלטיק.

באַלד ווי איך האָב מיך אָבגעקעהרט פון די בימער, האָב איך פערגעסען אָן זיי. איך האָב אַרויסגערוקט דעם קאָפּ פון פענסטער און זיך אָבגעגעבען דעם תענוג מיט אַלע מיינע פינף חושים. אין דער אייגענער מינוט איז דורכגעגאַנגען די גוואַר-

דיע אונטער די קלאַנגען פון פּויסט-מאַרש. מוזיק, פּאַנעס, פּלויער קימעל, בלומען—דאָס אַלץ האָט מיך אַזוי ווייט פער׳עבור׳ט, אַז איך האָב נישט בעמערקט מיין מענשען פון קאָנטאָר, וואָס האָט מיר געבראַכט די פּאָסט. ער האָט מיך אָנגעכאַפּט ביים אַק-סעל, דערלאַנגט דעם בריף און אויגענבליקליך נעלם-געוואָרען.

הם!.. אַ בריף פון אַ פרוי.

איך האָב שנעל צוריסען דעם קאָנווערט און דערביי פּאָר-געפיהלט אַ ליעבע-דערקלערונג... וואָרום אַנדערש קאָן עס נישט זיין. און באמת:

„קומט היינט פּינקטליך פינף אַ זייגער אויף דער רעגירונגס-גאַס ביים הויז № 65. דאָרט וועט איהר מיך טרעפען. אַ סימן: גאַטען, צוגויפגעדרעהט אין אַ טרייבעל״.

נישט לאַנג האָט מיך אַ שעלמיש ווייבעלע אָנגעהויבען נאַ-ר׳ען און פיהרען פאַר דער נאָז; איך בין נישט געווען קיין אויס-קלויבער און האָב מיר געשוואָרען נישט דורכצולאָזען אַ גוטע גע-לעגענהייט. דאָך האָט מיך שאָקירט דער בעפעלענדיגער און זי-כערער טאָן פון בריף, ער האָט בעליידיגט מיין געפיהל פון כאַנסבילשען שטאָלץ. אויף וואָס פאַר אַ סמך איז דידאָזיגע אונ-בעקאַנטע איבערצייגט, אַז מען קאָן מיך ראַפּטום פאַקען. דער טייוועל ווייס, וואָס עס מיינען זיך דידאָזיגע דאַמען, וואָס שטע-לען אַזוי נידעריג אונזערע גוטע מדות! זיי בעטען נישט קיין דערלויבניש, נאָר זיי בעפעהלען זייער קרבן!

צום אונגליק, בין איך נאָך פריהער געווען איינגעלאַדען אויף אַ נאָכמיטאָגדיגען פּיקניק. און סוף-כל-סוף בין איך גאָרנישט גע-וועזן געשטימט צו פערדרעהען זיך מיט אַ פרוי אין מיטען הע-לען טאָג אויף איינער פון די הויפּטגאַסען פון דער שטאָדט. אַ זייגער צוויי בין איך אַוועק אויפ׳ן זאַמעלפּונקט, וואָס די חברים האָבען בעשטימט אין דער לאַבאָראַטאָריע ביי איינעם פון אונ-זערע בעמיקער.

דער עולם האָט זיך געשטופּט אין פּאָרצימער, וואָס האָט געשוויבעלט מיט דאָקטוירים, קאַנדידאַטען פון פילאָזאָפיע און מעדי-צין—אַלע האָבען געוואָלט וויסען דאָס פּראָגראַם פון דער פייערונג.

אָך האָב איך מיך בעדאַכט און געבעטען ענטשולדיגונג, וואָס איך קאָן מיך נישט בעטייליגען דערין. האָט מען געפאָדערט, איך זאָל אויפגעבען די סבות, פאַרוואָס איך קאָן נישט זיין אויף דער אָווענד-אָרגיע. איך האָב אַרויסגענומען דעם בריף און דערלאַנגט איינעם אַ זאָאָלאָג, וואָס האָט געהאַט אַ שם פאַר אַ גרויסען בקי אין ליעבע-ענינים. דער בריף האָט ביי איהם אַרויסגערופען בלויז אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ און עטליכע אָבגעריסענע פראַזען:

— גאָרנישט מיט גאָרנישט... דאָ וויל מען חתונה-האָבען, און נישט קיין געלד! אַ פאַמיליע, מיין פריינד!... אַ גליקליכע נסיעה!.. טהו, ווי דו ווילסט! געה בשלום... ווערסט אונז שפּעטער געפינען אין פּאַרק, אויב דיר וועט זיך פערוועלען און די דאַמע וועט נישט געהן אונטער'ן האָראָסקאָפּ.

אין דער בעשטימטער שעה בין איך, אַלוא, געשטאַנען און געהיט ביי דעם אָנגעוויזענעם הויז. איך האָב געוואַרט, די שענע אונבעקאַנטע זאָל זיך בעווייזען.

דאָס העפטעל מיט נאָטען איז געווען אַן'איינלאַדונג חתונה צו האָבען—דאָס אייגענע, ווי אַן'אַנאָנס אויף דער פיערטער זייט. איך האָב מיך אָנגעהויבען בעדאַכטען און געטראָפען זיך מיט איהר נאָז ביי נאָז.

דער ערשטער איינדרוק—איך גיב איהם צו אַ גרויסע בעדייטונג—איז געווען גאָר אַן'אונבעשטימטער. אונבעשטימטע יאָהרען צווישען נייןאונצוואַנציג און צווייאונפיערציג. דער אַלגעמיינער טאָן—זעהר אַ דרייסטער. אַ קינסטלערין אָדער אַ בלויער זאָק? אַ מיידעל פון אַ פאַמיליע. אָדער אַ פריי מיידעל? אַן'עמאַנסיפּירטע אָדער אַ קאָקאָטין?

זי האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט אַלס כלה פון מיינעם אַן'אַלטען פריינד, אַ זינגער אין דער אָפּערע, וואָס האָט זי געוואָלט איבערגעבען אונטער מיין השגחה. שפּעטער האָב איך מיך דערוואוסט, אַז דאָס איז געווען אַ ליגען.

זי האָט מיר דערמאָנט אָן אַ פייגעלע און געטרילערט אָהן אַן'אויפהער. איך אַ וואָסער האַלבער שעה צייט האָב איך מיך אַלץ דערוואוסט וועגען איהר— אַלץ, וואָס זי האָט געפיהלט, וואָס

זי האָט געטראַכט און וואָס איז מיר גאַנץ ווענינ אָנגעגאַנגען. צולעצט, האָב איך געפרעגט, מיט וואָס איך קאָן איהר זיין נוצליך. אויסגעהערט איהר ענטפער, האָב איך אויסגעשריען:

— איך זאָל זיין אַ בעשיצער פון אַ יונגען מיידעל? ווייסט איהר, אפנים, נישט, אַז איך בין אַ טייוועל אין דער מראה פון אַ מענשען!

— איהר מיינט אַזוי? איך קאָן אייך זעהר גוט — האָט זי געשווינד געזאָגט — איהר זענט אומגליקליך, דאָס איז אַלץ... איר בעדאַרפט אויך פטור ווערען פון מרה-שחורה'דיגע געדאַנקען.

— אַך, איהר קאָנט מיך... און גוט אפילו? גאָר אַזוי! איהר זענט זיכער דערין. אייגענטליך ווייסט איהר וועגען מיר בלויז די מיינונג פון אייער חתן.

שטעלט זיך אָבער אַרויס, אַז „מיין שענער פריינד” איז גוט אינפאָרמירט וועגען אַלץ און ווייס אפילו פון ווייטען וואָס עס טהוט זיך ביי אַ מאַנטביל אויף דער נשמה. דאָס איז געווען איינע פון יענע קלעפּיגע נאַטורען, וואָס ווילען שטענדיג מיט אַלע כחות בעהערשען די נשמה פון פריינד, אַריינקריכען אין די טאַמע פערבאָרגענסטע ווינקעלעך איהרע. זי האָט געפיהרט זעהר אַ ברייטע קאָרעספּאָנדענץ, פערשאָטען מיט בריף אַלע בעקאַנטע, זיך געווענדט צו יונגעלייט מיט מוסר און בכלל געוואָלט בעלהבית'עווען מיט'ן גורל פון מענער. משוגע אויף מאַכט, אַ פּאָרשטעהערין פון אַנ'אונטערנעהמונג צו ראַטעווען די נשמה פון מענשען (אַ בכבוד'ע פירמע!), אַ בעשיצערין פון אַלץ און אַלעמען, האָט זי געפונען אין זיך אַ בערוף מיך אויך מציל צו זיין...

מיט איין וואָרט — אַנ'אינטריגאַנטין פון ריינסטען וואַסער מיט אַ בעגרענצטען שכל און מיט אַ היבשען פּאַק ווייבערשער חוצפּה.

איך האָב זי אָנגעהויבען רויצען, חוזק'ן איבער אַלץ — איבער וועלט, מענשען, גאָט. האָט זי אָנגערופען מיינע ווערטער „פערעלטערטע”.

— וואָס רעדט איהר, פריילין? מיינע אידעען זענען פער-

עלטערט? זיי זענען דאָך אָבער די סאַמע נייעסטע! און אייערע, וואָס זענען דורך און דורך אויסגעדראָשען, שיריים פון די פערגאַנגענע עפּאָכעס, זעהען אייך אויס ניי? אָפען גערעדט, דאָס, וואָס איהר טראָגט מיר אונטער, ווי אַ זאַך, וואָס איז ערשט פון דער נאָדעל אַרויס, זענען עס בלויז קאָנסערווען אין אַ שלעכט פערלויטען שאַכטעל. „נעהמט זיי צו, זיי שמעקען-אונטער". אייך איז בעקאַנט דאָסדאָזיגע שפּריכוואָרט?

צורויצט און פערלאָרען לאָזט זי מיך איבער, זעגענט זיך אפילו נישט.

די ראַנדעוואו איז געענדיגט, און איך לויף צו מיינע פריינד אין פּאַרק, וואו מיר זענען זיך מכין צו פערברענגען די ווייסע נאַכט.

אויף מאָרגען, אינדערפריה, נאָך עטוואָס אויפגערעגט, בעקום איך אַ בריף מיט ווייבערשער פּלוידעריי. זי האָט מיך פערשאָטען מיט פאָרוואורפען, דערשטיקט מיט מיטלייד און ווייכקייט, געוואונשען מיר גייסטיג געזונד און דעם בריף געענדיגט מיט אַ גייער איינלאַדונג אויף אַ ראַנדעוואו. מיר ברויכען ביידע צו מאַכען אַ וויזיט דער אַלטער מוטער פון איהר חתן, איז זי מודיע.

ווי אַ גוט-דערצויגענער מאַן האָב איך בעשלאָסען נאָכאַמאָל אונטערצושטעלען דעם קאָפּ אונטער דעם רעגען פון ווערטער; און גיכער פּטור צו ווערען, האָב איך בעשלאָסען אָנצוטהאָן אַ מאַסקע פון פולשטענדיגער גלייכגילטיגקייט אין די פראַגען וועגען גאָט, וועגען וועלט א. אַ. וו.

אָ, אַ וואונדער געשעהן! אין דעם שמאָלען קלייד, בעפּוצט מיט פעל, אין דעם רעמבראַנדט-הוט האָט מיך דאָס מיידעל וואָדים בעגעגענט. פול מיט צאַרטער אויפמערקזאַמקייט, אַזוי ווי אַנ'עלטערע שוועסטער, אויסמיידענדיג געפעהרליכע טעמעס, איז זי געווען זעהר חנ'עוודיג און ביי דעם געגענזייטיגען וואונש געפעלען צו ווערען האָבען זיך אונזערע הערצער צוזאַמענגעשלאָסען אין אַנ'אָנגענעהמען שמועס, און וועלכען עס האָט זיך געשפירט געגענזייטיגע סימפּאַטיע.

אָכ'ן וויזיט זענען מיר ביידע אַוועק שפּאַצירען — געוועזן אַ גרויסאַרטיגער פריהלינגסאָווענד.

האָט מיך דער טייוועל צומישט?.. צי דאָס איז געוועזן אַ פּער'עקשנ'טער פערלאַנג נקמה צו נעהמען; צי בין איך געוועזן צורויצט דערפאַר, וואָס איך האָב געשפּיעלט אַ ראָל פון איהר קאָנפידענט — נאָר איך האָב מיך איהר מודה-געוועזן, אַז איך בין כמעט אַ חתן. דאָס איז געוועזן נאָר אַ האַלבער ליגען, מחמת אין דערדאָזיגער צייט האָב איך ראָמאַנסירט מיט אַ מיידעל.

דערויף האָט זי געענטפערט דערמיט, וואָס זי האָט גענומען שפּיעלען אַ ראָל פון אַ מוטער, בעדויערט מיין כלה, פונאַנדערגעפרעגט וועגען איהר כאַראַקטער, אויסזעהן, שטאַנד, לאַגע. איך האָב אָנגעוואָרפען אַ פּאָרטרעט, וואָס האָט געקאָנט אַרויסרופען אויפערזאַמקייט, און דאָס האָט עטוואָס אָבגעקיהלט אונזער האַרציגען שמועס. דער אינטערעס, וואָס זי האָט אַרויסגערופען צו מיר, איז שוואַכער געוואָרען אויף אַזויפיעל, אויף וויפיעל מיין טייערע בעשיצערין האָט דערשפּירט אַ געגנערין אין מציל-זיין מיין נפש. און געשיידט האָבען מיר זיך נאָך אַלץ מיט דערזועלבער קאַלטקייט, וואָס איז אונבעמערקט געקומען.

אַז מיר האָבען זיך געטראָפען צומאָרגענס, איז די גאַנצע צייט געשמועסט געוואָרען פון ליעבע און פון מיין כלה.

פאַר אַכט טעג צייט אַרומשפּאַצירען, בעזוכען דאָס טעאַטער, קאָנצערטען האָט זי דערגרייכט איהר ציעל. די געוועהנהייט צו זיין אַלע טאָג אין איהר געזעלשאַפט איז געוואָרען אַ נויטווענדיגקייט אין מיין לעבען, און אָבזאָגען זיך דערפון איז שוין געוועזן אונמעגליך. דער שמועס מיט אַנ'אונגעוועהנליכער פרוי איז אַ געוויסע קונסט. אין דערדאָזיגער בעריהרונג פון נשמות, אין דער בעהעפטונג פון שכל, אין דער נישט-געשפּירטער צערטליכקייט איז פאַראַן עפּיס געשלעכטליכעס.

איינמאָל, אינדערפריה, איז זי געקומען אַ צורודערטע פון אַ בריף, וואָס זי האָט נעכטען בעקומען. איהר חתן ברענט פון אויפּערזאַמקייט! זי האָט זיך בעשולדיגט אין נישט-פּאָרזיכטיגקייט: איהר הזן האָט געפאָדערט, זי זאָל זיין מיט מיר זעהר איינגע-

האַלטען. מיין זינגער האָט, אפנים, דערשפירט מיט'ן אינסטינקט, אַז דער ענין קאָן זיך שלעכט ענדיגען...

—איך פערשטעה גאָרנישט דידאָזיגע ווילדע אויפעריגקייט— האָט זי געזאָגט מיט אַ פערדריסליכער מינע.

—דאָס איז דערפאַר—האָב איך געענטפערט—ווייל איהר פערשטעהט גאָרנישט אין ליעבע.

—אין אַזאַ ליעבע!

—אַזאַ ליעבע, מיין פריילין, איז אַ געפיהל פון אייגענטום, וואָס איז דערפיהרט געוואָרען ביז דער העכסטער מדרגה. אויפע-ריגקייט איז בלויז שרעק צו פערלירען דאָס, וואָס די האָסט.

—אייגענטום, פוי!

—ביידענס אייגענטום, נאַטירליך, ווייל איהר בעזיצט איינ-אַנדער.

נאָר זי האָט גאָרנישט געוואָלט הערען פון אַזאַ ליעבע. פאַר איהר איז ליעבע אַ זאַך אָהן אייגענוץ, וואָס איז הויך, צניעות'דיג, אונדערקלערליך.

זי האָט, איבריגענס, נישט ליעב געהאַט איהר חתן, וואָס איז געווען אין איהר פערליעבט איבער די אויערן, איך האָב עס איהר געגעבען צו פערשטעהן.

זי איז אַרויס פון די כלים און זיך אָפענהערציג מודה-גע-ווען, אַז זי האָט איהם קיינמאָל נישט געליעבט.

—און דאָך וועט איהר מיט איהם חתונה-האָבען!

—נאַטירליך, אַנישט וואָלט ער אַוועקגעשטאָרבען!

—אַלץ דאָס אייגענע, ראַטעווען אַ נפש!

דאָס האָט זי נאָכמעהר צורויצט, און זי האָט אָנגעהויבען פערזיכערן, אַז זי איז גאָר קיינמאָל זיין כלה נישט געווען.

מיר האָבען איינער דעם צווייטען געפּאַקט אין ליגען. וואָס פאַר אַ גליק!

איצט האָב איך נאָר בעדאַרפט אויפעפענען דאָס האַרץ און זיך מודה-זיין, אַז איך בין נאָך אויך נישט פער'קנס'ט. אויף אַזאַ אופן קאָנען מיר ביידע אויסנוצען אונזער פרייהייט,

און צווי ווי פון איהר צד איז די פראַגע וועגען אויפערן

פערענטפערט געווען, האָט זיך אויך געקאָנט אָנהויבען דאָס שפּיעל און נישט אויף קאַטאָוועס. שריפטליך האָב איך מיך איהר דערקלערט אין ליעבע. זי האָט עס פערזיגעלט און אַוועקגעשיקט אידר געליעבטען, וואָס האָט מיר תיכף ומיד געענטפערט פער פּאָסט מיט אַ האָגעל זלזולים.

האָב איך פאָרגעלעגט דער שענהייט קלאָר צו מאַכען די זאַך און אויסקלויבען איינעם פון אונז ביידען. זי איז געווען אַזוי ווייט פאָרזיכטיג, אַז זי האָט עס נישט געטהאָן. ווייל זי האָט געוואָלט בעסער אויסקלויבען איהם און מיך און נאָך אַ דריי-פיער, וואָס זאָלען ליעגען ביי איהרע פיס און אויסבעטלען דעם חסד צו פערגעטערן זי.

דאָס איז געווען אַ קאָקעטין, אַ מאַנפרעסערין, אַ צניעה מיט אַ סך מאַנען.

דאָך, אַז קיין בעסערס איז נישט געווען, בין איך געווען פערליעבט אין איהר, ווייל מיר זענען דערעסען געוואָרען די צופעליגע ליעבע-בעגעגענישען און דערווידער איז מיר געוואָרען מיין איינזאַם צימערל.

צו לעצט פון איהר פערברענגען אין שטאָדט האָב איך זי איינגעלאַדען צו מיר אין ביבליאָטעק אַריין; איך האָב זי גע-וואָלט פערבלענדען, ווייזען זיך איהר אין אַ מאַיעסטעטישער אויסשטאַטונג, וואָס קאָן אימפּאָנירען דעם שכל פון אַ דרייסטען פויגעלע.

איך האָב זי געשלעפּט פון גאַלעריע צו גאַלעריע און קאָ-קעטירט מיט מיינע ביבליאָגראַפישע קענטנישען. איך האָב זי גע-לאָזט זיך ענטציקען מיט די מיניאַטורען פון מיטעלאַלטער, מיט די אויטאָגראַפען פון בעריהמטע לייט; איך האָב דערוועקט גרוי-סע היסטאָרישע ערינערונגען, וואָס זענען פעראייביגט געוואָרען אין כתב-יד, אין אינקונאַבלען און זי דערפיהרט דערצו, אַז זי האָט פּאָרט דרך-ארץ געקראָגען און זיך געשטעלט נידעריגער פון מיר.

צולעצט, האָט זי אויסגעשריען:

—יונגערמאַן, איר זענט דאָך אַ געלעהרטער!

— נו, נאַטירליך, פרייליין!

— אָרימער קאָמעדיאַנט — האָט זיך איהר אַרויסגעריסען: זי האָט זיך דערמאָנט אָן מיין פריינד, דעם אַקטאָר, איהר חתן.

אַנ'אַנדערער וואָלט געמיינט, אַז דער אַקטאָר האָט שוין אויף אייביג בעקומען דיזיסיע... עס הויבט זיך גאָרנישט אָן!

דער אַקטאָר האָט מיר נאָך אַלץ פער פאָסט געסטראַשעט מיט אַ רעוואָלווער. ער האָט מיך בעשולדיגט: איך האָב איהם אוועקגעגנב'עט זיין צוקונפט, וואָס ער האָט מיר אָנפערטרויט. איך האָב איהם געגעבען צו פערשטעהן, אַז מען האָט ביי איהם גאָרנישט געגנב'עט פשוט דערפאַר, ווייל ער האָט גאָרנישט געהאַט און קיינעם גאָרנישט געקאָנט אָנטרויען. באָר אָט איז די קאָרעספּאָנדענץ איבערגעריסען געוואָרען און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ גרויזאַם שווייגען.

עס האָט זיך דערנעהנטערט דער טאָג, ווען מיין דראַמע האָט בעדאַרפט אַוועקפאָהרען. מיט אַ טאָג פריהער פאַר'ן צושיידען זיך האָב איך בעקומען פון מיין שענהייט אַ פרעהליכען בריף, וואָס האָט מיר פערשפּראָכען גליק. זי האָט איבערגעלייענט מיין דראַמא אין אַ געזעלשאַפט, וואָס שטעהט נאָהנט צו דער טעאַטער-אָנפיהרונג. די פּיעסע האָט אויף אַלעמען געמאַכט אַזאַ רושם, אַז עס איז אויסגעדריקט געוואָרען דער וואונש צו בעקאָנען זיך מיט'ן אויטאָר. די פּרטים וועט זי מיר מיטטיילען, ווען מיר וועלען זיך זעהן נאָכ'ן מיטאָג.

אין דער בעשטימטער שעה האָט מיך פרייליין X... געפיהרט איבער די מאַגאַזינען, איינגעקויפט די לעצטע פּעקלעך און מיך געצוואונגען צו קריכען פון די קראָם-טישען צו די קאַסעס. אין דער אייגענער צייט האָט זי מיר דערצעהלט וועגען דעם ערפאָלג פון מיין דראַמא. איך האָב איהר דערקלערט, אַז איך פיהל טיעפען עקעל צו יעדען מין פּראָטעקציע, אָבער זי האָט זיך געסטאַרעט מיט אַלע כחות מיך איבערצוצייגען. איך האָב נישט אויפגעהערט צו וואָרטשען:

— אָבער מיר עקעלט, קינד מיינס, צו קלינגען, בעגעגענען זיך מיט אונבעקאַנטע, פּליידערן וועגען אַלץ און דאָס טאַמע נוי-

טיגע נישט בעריהרען, קומען אַזוי ווי אַ בעטלער צו אונבעקאַנטע מענשען און אויסבעטלען דאָס אָדער יענץ...

איך האָב מיך אָבגעשלאָגען מיט אַלע כחות, נאָר פלוצלונג איז זי געבליבען שטעהן פאַר אַ שלאַנקער שען-געקליידטער, זאָגאַר עלעגאַנטער יונגער דאַמע פון איידעלען אויסזעהן.

זי האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר דער באַראָנעסע א..., וואָס האָט מיר צוגעוואָרפען עטליכע העפליכע פראַזען. איך האָב זיי קוים בענומען צוליעב דעם גערויש פון עולם, וואָס האָט געשפאַנט איבער די טראָטואַרען. איך האָב אַרויסגעמורמעלט עטליכע אָבגעהאַקטע ווערטער פון פערדרוס, וואָס אַ ליטרע ווייבעלע האָט מיך אַריינגענאַרט אין אַ נעץ. געוויס, דאָס איז געווען אַ פערשווערונג.

אין עטליכע מינוט אַרום איז די באַראָנעסע פערשוואונדען געוואָרען, דערביי בעשטעטיגט די איינלאַדונג, וואָס איז מיר שוין איבערגעגעבען געוואָרען דורך פריילין X...

אין דער באַראָנעסע׳ס אויסערליכקייט האָט מיך אַממעהרסטען איבערראַשט דער אויסדרוק פון אַ מיידעלע, איהר קינדיש פנימ׳ל, הגם מען האָט איהר געקאָנט געבען פינפאונצוואַנציג יאָהר. זי האָט געהאַט אַ קעפעל פון אַ שילערין—אַ ליעב גאָמבעלע, בערעמעלט מיט שטיפערישע לאָקענדלעך, ווי גאָלדענע צייטיגע זאַנגען—מאַיעסטעטישע אָקסלען, אַ פיגור בויגזאַם, ווי אַ ראָר, און אַנ׳אייגענשאַפט אָנצובויגען עטוואָס דעם קאָפ מיט אַנ׳אויסדרוק פון אויפריכטיגקייט, ווייכקייט און פאָרטרעפליכקייט. און אָט די עלעגאַנטע מיידעלע-מוטער איז געבליבען גאַנץ און נישט-בעשעדיגט נאָכ׳ן לייענען מיין דראַמאַ!

אַ ווייב פון אַ גוואַרדיע-אָפיציר, אַ מוטער פון אַ דריי-יעהריגען מיידעלע, האָט זי זיך פערקאָכט אין טעאַטער; זי האָט געהאָפט אָנקומען אויף דער סצענע צוליעב דעם הויכען פאָסט פון איהר מאַן און דעם שוועהר, וואָס איז נישט לאַנג געוואָרען קאַמערהער.

אַזוי איז בעשטאַנען די זאַך, ווען מיין מאַי-חלום איז פערשוואונדען געוואָרען. די שיף האָט אָוועקגעפיהרט מיין שענהייט

צו איהר קאָמעדיאַנט, וואָס האָט פון דער מינוט אָן בעקומען זיינע רעכט און זיך געוויילט מיט'ן לייענען מיינע בריעף צו מיין כלה. אַ פערדיענטע נקמה פאַר אַזאַ מין נייגיריגקייט צו זיינע בריף, וואָס מיר האָבען נישט לאַנג צוזאַמען געלייענט.

אויפ'ן שיף, אין אַ צוואַרטער מינוט ביים שיידען זיך, האָט מיין פרינצעסין גענומען פון מיר אַ וואָרט, איך זאָל לאַנג נישט וואַרטען און מאַכען אַ וויזיט דער באַראָנעסע. דאָס זענען געווען די לעצטע ווערטער צווישען אונז.

די אונשולדיגע חלומות, וואָס זענען אַזוי נישט ענליך צו די גראָבע הוליאַנקעס פון דער געלעהרטער באָהעמע, האָבען איבערגעלאָזט אין מיין נשמה אַ פוסטקייט, וואָס מען האָט בעדאַרפט פון דאָסניי אויספילען.

דער פריינדליכער פערקעהר מיט אַ פרוי, וואָס דו שטעלסט זי גלייך מיט זיך, די בעציהונג צווישען צוויי מענשען פון פערשידענעם געשלעכט—דאָס אַלץ האָט דערוועקט אין מיר ראַפינירטע געשמאַקען, וואָס זענען שוין לאַנג פערשטומט געוואָרען אין דער איינזאַמקייט, וואוהין איך בין אַוועק, ווען איך האָב זיך צוריסען מיט מיין פאַמיליע.

די בעציהונגען צו דערדאָזיגער געוועהנליכער, אָבער—אין וואולגאַרען זין פון וואָרט—אָנשטענדיגער פרוי האָבען דערוועקט אין מיר דאָס געפיהל צו דער פערלאָזטער היים, וואָס איהר אָרט האָט פערנומען דאָס רעסטאָראַן-לעבען. קורץ גערעדט, אין אַ שענעם אָוועגד, אַרום זעקס אַ זייגער, האָב איך מיך געפונען ביי דער טהיר פון הויז אויף דער צפונ'דיגער אַלעע.

אָ, מזל! דאָס איז געווען דאָס אַלטע פּאָטער-הויז, וואו איך האָב איבערגעלעבט די סאַמע שווערסטע יאָהרען פון מיין יוגענד, וואו איך האָב איבערגעלעבט די ערשטע אויפרעגונג פון דעם מענליכקייט-פעריאָד, די אויפרעגונג פון דער ערשטער קאָנפירמאַציע, ווען איך האָב געזעהן דער מוטערס טויט און דערנאָך אויף איהר אָרט—אַ שטיפמוטער. אַרומגעכאַפּט פלוצלונג דורך אַ שווערען געפיהל, בין איך גרייט געווען אומצודרעהען דעם וואָגען און אַנטלויפען אין שרעק, עס זאָל נישט אויפשטעהן פון

דאָסניי דאָס גאַנצע טרויעריגע בילד פון מיין יוגענד.

אויפ'ן הויף זענען, ווי פריהער, געשטאַנען גרויסע יאַשענ-בוימער–מיט וואָס פאַר אַנ'אונגעדולד פלעג איך מיך דערוואַרטען אויפ'ן פריהלינג, ווען דידאָזיגע יאַשענבוימער פלעגען זיך אָנטהאָן אין בלעטער. דאָס הויז האָט זיך מרה-שחורה'דיג גע-הויבען איבער אַ גרוב, די ערד האָט דאָ געקאָנט איינפאַלען און דערפאַר האָט מען געצאָהלט וועניגער דירה-געלד.

אָבער אויף צו להכעיס דער שווערער שטימונג, וואָס איז אַרויסגערופען געוואָרען דורך די מרה-שחורה'דיגע ערינערונגען, האָב איך מיך בעהערשט. איך בין אַריין, מיך אויפגעהויבען אויף די טרעפ און אָנגעקלונגען. אַז דאָס גלעקעל איז שטיל געוואָרען, האָב איך מיך נישט געקאָנט בעפרייען פון געדאַנק, אַז אָט וועט דער פאָטער אַליין מיר עפענען. אַרויס דאָס שטובמיידעל און תיכף אַוועקגעגאַנגען מעלדען וועגען מיר. אין אַ מינוט אַרום איז אַרויסגעגאַנגען דער באַראָן און מיך זעהר וואַרים אויפגענו-מען. דאָס איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָהר דרייסיג, אַ הויכער, גוט געבויט, מיט אַנ'איידעלער האַלטונג און מיט מאַנירען פון אַ גאַנץ דערצויגענעם וועלטליכען מאַן. פונ'ם היבשען, עטוואָס צושוואו-מענעם געזיכט האָבען אַרויסגעלויכטען בלויע, אונענדליך-טרויע-ריגע אויגען. דער שמייכעל איז ווילעוויייז פערלאָרען געוואָרען אין עפיס אַ מאָדנעם אויסדרוק פון פערביטערונג, און די סבה דערצו זענען, אפנים, געווען ענטטוישונגען, אונגעלונגענע פלענער, צובראָכענע האָפנונגען.

דאָס גאַסטצימער–אונזער אַמאָליג עסצימער–איז מעבלירט געווען אָהן אַ בעשטימטען סטיל. דער באַראָן, וואָס האָט געטראָ-גען די פאַמיליע פון אַ בעוואוסטען גענעראַל אין דער געשיכטע, דעם שוועדישען קאָנדע אָדער טיוראָן, האָט צונויפגעזאַמעלט אַ גאַנצע קאָלעקציע פאַמיליענפאָרטרעטען פון דער צייט פון דריי-סיג-יעהריגען קריעג. די העלדען אין ווייסע קיראַסען און פאַרו-קען אַ לאַ לואיס דעם XIV-טען זענען געווען געמישט מיט לאַנדשאַפטען פון דער דוסעלדאָרפער שולע. דאָס אַלטע מעבעל, פון דאָסניי פעררינכט און בעגילדעט, איז געווען געמישט מיט נייע

שטוהלען און שניצונגען. יעדעס ווינקעלע פון גרויסען זאַל האָט געאָטעמט מיט דער וואַרימער לופט פון רוה און ליעבע צו דער היים.

אַריין די באַראָנעסע. זי האָט געצויגען צו זיך, אַ רייצענדיגע, זאָגאַר אַ פריינדליכע און אַ פשוט׳ע. אָבער דאָך האָט זיך געשפירט אין איהר עפּיס אַנ׳אָנגעצויגענקייט, עפּיס אַ שוועריגקייט, וואָס האָט מיך אָבגעקיהלט, ביז וואַנען איך האָב נישט געפונען די סבה דערפון. פון דעם שכנ׳ישען צימער האָבען זיך דערהערט שטימען, קענטיג, וייטיגע מענשען זענען דאָרט געווען. איך האָב מיך ענטשולדיגט פאַר דער אונרוהיגקייט, וואָס איך האָב דאָ פערשאַפט מיט מיין וויזיט. די קרובים פונ׳ם פאָרל האָבען זיך באמת מכין-געווען צו שפּיעלען אין ווינט און אינגיכען האָב איך מיך געפונען צווישען פיער מיטגלידער פון דער משפחה: צווישען דעם קאַמערהער און עפּיס איינעם אַ קאַפּיטאַן אין רימיסיע און דער באַראָנעסע׳ס מוטער און מוהמע. באַלד ווי די אַלטע האָבען זיך אַנידערגעזעצט פאַר׳ן קאָרטענטישעל, האָבען די יונגע פערפיהרט אַ שמועס. דער באַראָן האָט גערעדט וועגען זיין שוואַכקייט צו מאָלעריי. נאָכדעם, ווי ער האָט בעקומען אַ סטיפּענדיע פון פערשטאָרבענעם קעניג קאַרל דעם XV-טען, האָט ער זיך עטוואָס געלערנט אין דוסעלדאָרף. אַזוי האָט זיך טאַקי אָבגעפונען אַ בעריהרונגספּונקט: אַלס דראַמאַטיקער האָב איך אויך בעקומען אַ סטיפּענדיע פון דעמזעלבען קעניג, און עס איז אַוועק אַ שמועס איבער מאָלעריי, טעאַטער און איבער דער פערזענליכקייט פון אונזער בעשיצער.

אונזערע האַרציגע שמועסען זענען פון צייט-צו-צייט אָבגעקיהלט געוואָרען דורך די בעמערקונגען פון אונזערע אַלטינקע, וואָס פלעגען זיך אַריינמישען אין די רייד, אָנריהרען די סאַמע פיהלבאַרסטע סטרונעס און נישט-פערהיילטע וואונדען אַזוי, אַז צולעצט בין איך געווען פערשעמט און אַראָבגעשלאָגען פון דער פּאָזיציע דורך דערדאָזיגער פיעלפאַרביגער געזעלשאַפט.

איך האָב מיך אויפגעהויבען און זיך גענומען זעגענען. דער באַראָן און די באַראָנעסע האָבען מיך בעגלייט ביז׳ן טהיר,

און דאָרטען, נישט אויף די אויגען פון די אַלטינקע, האָבען זיי אַראָבגענומען זייערע מאַסקעס. זיי האָבען מיך איינגעלאַדען אויף אַ מיטאָג אין זייער פאַמיליענקרייז אין דעם נאָהנטסטען שבת. מיר האָבען נאָך אַ ביסעל געפלוידערט ביי דער טהיר און זיך צוזעגענט, ווי עכטע פריינד.

.II

שבת, אַ זייגער דריי, בין איך אַוועק צו דעם הויז אויף דער צפונ׳דיגער אַלעע. מען האָט מיך אויפגענומען ווי אַנ׳אַלטען אויסגעפרובטען פריינד און גאָר אָהן שום קווענקלעניש מיר פערטרויט די אינטימע זייטען פון פאַמיליענלעבען. דער מיטאָג איז צוגעריכט געווען מיט געגענזייטיגע האַרציגע שמועסען.

דער באַראָן, וואָס האָט מיט גרויס שוועריגקייט געטראָגען דעם יאָך פון זיין דיענסט, האָט געהערט צו יענער גרופע אונצופרידענע, וואָס האָבען זיך אויסגע־קט אין דער צייט פון דעם קעניג אָסקאַר׳ס הערשונג. ער האָט שטאַרק געזוכט פאָפוליאַריטעט, וואָס זיין פערשטאָרבענער ברודער האָט עס געהאַט און זיך געסטאַרעט צו פערניכטען די אַלע פלענער, וואָס זענען געווען טייער דעם פריהערדיגען הערשער. דערפאַר זענען די פריינד פון דער אַלטער אָרדנונג, פון זיין לייכטזיניגער פרעהליכקייט, פון זיין טאָלעראַנץ, פון זיינע פראָגרעסיווע שטרעמונגען אַוועק אין דער זייט און געמאַכט אַנ׳אָפּאָזיציע, וואָס האָט זיך, איבעריגענס, נישט געמישט אין דעם קליינליכען קאַמף פון די פאַרטייען.

וואָס ווייטער מיר זענען אַוועק מיט די זכרונות אין עבר, אַלץ מעהר האָבען זיך אונזערע הערצער געעפענט פאַר איינאַנדער.

אַלע פאָראורטיילען געגען אַדעל, וואָס איז דורך דער פאַרלאַמענט-רעפאָרם פון יאָהר 1895 אָבגעשטויסען געוואָרען אויפ׳ן לעצטען פלאַן- פאָראורטיילען, וואָס איך, אַלס עכטער בורזשוי, האָב אויך געפיהלט — זענען צוזייהט געוואָרען און זיך פערביטען

מיט אַ מיטליידסגעפיהל צו דער געפאַלענער קראַפט.

די באַראָנעסע, וואָס איז געבוירען געוואָרען אין פינלאַנד און ערשט נישט לאַנג געקומען קיין שוועדען, האָט זיך נישט געקאָנט בעטייליגען אין אונזערע ערשטע שמועסען. אָבער אַז דער מיטאָג האָט זיך געענדיגט, האָט זי זיך געזעצט פאַר׳ן קלאַוויר, און איך מיט׳ן באַראָן האָבען ענטדעקט אין איהר טאַלענט אויסצופיהרען וועגנעבערגס דועטען.

די שעה׳ן זענען שנעל געלאָפען.

צולעצט, האָט מען איינגעטיילט צווישען זיך די ראָלען און מיר האָבען דורכגעלייענט אַ קליינע פיעסע אין פערזען, וואָס איז אַקוראַט דעמאָלט געשטעלט געוואָרען אין קעניגליכען טעאַטער.

נאָך דידאָזיגע פערשידענע פערוויילונגען איז אַריינגעטראָטען די אונפערמיידליכע פויזע: בשעת דו סטאַרעסט זיך מיט אַלע כחות צו פאַנגען מענשען און אַרויסווייזען זיך אין אַ בעסערן שיין, איז גאָרנישט שווער זיך אויסצושעפען. איך האָב מיך פערזונקען אין די שווערע ערינערונגען פון עבר און אַנטשוויגען געוואָרען.

—וואָס איז מיט אייך?—האָט געפרעגט די באַראָנעסע.

—איך זעה שאָטענס פון עבר,—האָב איך געזאָגט, דערקלערענדיג מיין שווייגען—אין דעמדאָזיגען הויז האָב איך געוואוינט מיט הונדערט יאָהר צוריק—יאָ, יאָ, אַ גאַנצען יאָהרהונדערט: אַזוי אַלט בין איך!

—ווען מיר אפשר קאָנען פערטרייבען דידאָזיגע שאָטענס?—האָט זי געפרעגט מיט אַ כשופ׳דיגען שמייכעל, פול מוטערליכער צערטליכקייט.

—ניין, מיט דעמדאָזיגען פאָרצוג בענוצט זיך בלויז איין פערזאָן—האָט זיך אַריינגעמישט דער באַראָן,—נאָר די איינע איז בכח צו פערטרייבען מרה-שחורה׳דיגע געדאַנקען. זענט זיך מודה, זענט איהר פער׳קנס׳ט מיט פריילין X?..

—ניין, איהר האָט אַנ׳אירטום באַראָן: דאָס זענען געווען אומזיסטע ליעבע-אָנשטרענגונגען.

—וואָס זאָגט איהר, איז זי דען...

—זיך צופּגעגאַנגען מיט אַנ'אַנדערן!—האָט געפרעגט די באַראָנעסע און מיך אויפמערקזאַם אָנגעקוקט.

—אָהן אַ ספק.

—סאַראַ פערדראָס... דאָס מיידעלע איז אַנ'עכטער פערל. איך בין זיכער, אַז זי האָט אייך נאָך ליעב.

און מיר זענען גרויזאַם בעפאַלען דעם צרה'דיגען אַרטיסט, וואָס האָט געצוואונגען דאָס מיידעל צו ליעבען איהם געגען איהר ווילען. די באַראָנעסע האָט פערענדיגט מיט דער פערזיכערונג, אַז אַלץ וועט איינגעאָרדענט ווערען נאָך איהר נסיעה קיין פינלאַנד, וואָס דאַרף אינגיכען פאָרקומען.

—דאָס וועט נישט געשעהן!—האָט זי פערזיכערט אַנ'אויפגערעגטע דערפּוּר, וואָס מען צווינגט דאָס שענע מיידעל מיט אַנדערע געפיהלען דורך געוואַלט חתונה צו האָבען.

אַ זייגער זיבען האָב איך מיך אויפגעהויבען און זיך גענומען זעגענען, אָבער מען האָט מיך אַזוי שטאַרק געבעטען נאָך אַ ביסעל זיצען, אַז איך האָב אַ טראַכט געטהאָן: „מאַן און ווייב לאַנגווייל'ען זיך און די חתונה איז געווען נישט לענגער ווי מיט אַ דריי יאָהר צוריק און איז געבענשט געוואָרען מיט אַ מלאכ'ל". אין אָוועגד האָט מען געוואַרט אויף דער באַראָנעסע'ס אַ קוזינע, זיי האָבען געוואָלט מיך בעקאַנען מיט איהר און הערען מיין מיינונג וועגען דעם יונגען מיידעל.

אין רעכטען ברען פון געשפּרעך האָט מען דעם באַראָן דערלאַנגט אַ בריף. ער האָט איהם באַלד געעפענט און איבערגעלייענט. אַרויסגעמורמעלט דערנאָך עטליכע אונפערשטענדליכע ווערטער, האָט ער דעם ווייב איבערגעגעבען דעם בריף.

—זעהר מאוס!—האָט זי אויסגעשריען, אַדורכלויפענדיג איהם מיט די אויגען.

זי האָט דורך אַ צייכען געפרעגט דעם מאַן, צי קאָן מען מיר, אַלס פריינד, אָנפערטרויען זייער סוד, און, בעקומען אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ, האָט זי געמאָלדען:

—דאָס איז פון מיין בראַווער קוזינע. שטעלט אייך פאָר, דער פעטער און די מוהמע פערוועהרן איהר איבערצוטרעטען

אונזער שוועל אויף דעם סמך, וואָס מען קאָן אָנהויבען ריידען וועגען מיין מאַן און דעם מיידעלע.

— וואָס פאַר אַ ווילדקייט, נישט וואָהר? — האָט צוגעגעבען דער באַראָן — אַ חנ'עווודיג, אונשולדיג אומגליקליך קינד, וואָס איהר איז אָנגעגעהם צו זיין ביי אונז, איהרע קרובים, אין דער פאַמיליע פון יונגע מאַן-און-ווייב... און דאָס קאָן זיין אַ געלעגענהייט צו רכילות!

צי דען האָט מיך אויסגעגעבען אַ שמייכעל פון ספקות? דער ברען פון שמועס איז געפאַלען און עס איז אריינגעטראָטען אַ צומישונג, וואָס איז שלעכט פערבאָרגען געוואָרען דורך דער איינלאַדונג דורכצושפאַצירען זיך אין גאָרטען.

נאָכ'ן אָוועגדבערויט, אַ זייגער ניין, האָב איך זיך צוזעגענט מיט די בעלי-בתים. קוים אריבערגעטראָטען די שוועל, האָב איך מיך שוין פערטראַכט וועגען דעם, וואָס איך האָב געזעהן און געהערט אין דעמדאָזיגען וויכטיגען טאָג.

נישט-געקוקט אויף דעם כלומר'שט גליקליכען לעבען פונ'ם פּאָרל, אויף זייער מערקליכער צערטליכקייט, בין איך דאָך געזוען איבערצייגט, אַז אין זייער צוזאַמענלעבען איז פאַרהאַן עפּיס אַ טונקעלער פלעק. די פערזאָרגטע מינעס, צווייהטע פנים'ער, דאָס שטיל-שווייגעניש האָבען דערצעהלט פון עפּיס אַ באַהאַלטענעם וועה, האָבען אַרויסגעפיהרט אויפ'ן געדאַנק וועגען סודות, וואָס איך האָב מיך געשראָקען זיי אויפצודעקען.

— פאַרוואָס — האָב איך מיך געפרעגט — דערווייטערן זיי זיך פון ליכט, פאַרוואָס האָבען זיי זיך פערשיקט אין דערדאָזיגער פאָרשטאָדט. אפנים, אַז זיי האָבען אין לעבען געהאַט אַ קאַטאַסטראָפע, ווען זיי האָבען זיך אַזוי דערפרעהט מיט דעם ערשטען נייעם מענשען און איהם באַלד בעעהרט מיט צוטרוי.

בעזונדערס האָט מיך בעאונרוהיגט די באַראָנעסע. איך האָב מיך געפּרובט אויפשטעלען אין זכרון איהר געשטאַלט, אָבער אַ סך פערשידענאַרטיגע שטריכען פון איהר כאַראַקטער האָבען מיך געערגערט, שטריכען, וועלכע איך האָב אין איהר אויסגעפונען און צווישען וועלכע איך האָב בעדאַרפט מאַכען אַנ'אויסוואַהל. אַ

גוטע, אַ צאַרטע, אַ שטרענגע, אַ פער׳חלומ׳טע, אַ בערעדעוודיגע, אַנ׳איינגעהאַלטענע, אַ קאַלטע, אַ היציגע—איז זי, דאַכט זיך, געווען פול קאַפּריזען און שטאָלצע פאַנטאַזיעס. זי איז נישט געווען קיין קליין מענשעלע, אָבער זי איז אויך נישט געווען בעזונדערס קלוג און אַנ׳איינדרוק האָט זי דאָך געמאַכט. דאָס קלייד, וואָס איז, ווי אויף דער הייליגער סעציליע, געלעגען אין איינפאַכע און שענע פאַלדען אויף איהר מאָגערן קערפּער, האָט געגלעט די אויגען מיט די רייצענדיגע פּראָפּאָרציעס. די פאָרמען האָבען איבעררא͏ַשט מיט זעלטענער עלעגאַנץ. די בלאַסע און האַרטע שטריכען פון איהר פנימ׳ל פלעגען פון צייט-צו-צייט בעלעבט ווערען דורך דעם שפּיעל פון די מוסקולען און אין זיי האָט געלויכטען אַ געוואַלטיגע פרייד.

שווער געווען צו בעשליסען, ווער פון דעמדאָזיגען פּאָרל שפּיעלט די ערשטע פידעל. ער—אַ סאָלדאַט, וואָס איז געוועהנט צו בעפעהלען, נאָר מיט אַ צופּיעסטעטען בוי פון קערפּער, האָט זיך איהר, דאַכט זיך, אונטערגעגעבען גיכער פון אָנגעבוירענער גלייכגילטיגקייט, איידער פון ווילען-שוואַכקייט. צווישען זיך האָבען זיי פערקעהרט זעהר געשיקט, אָבער אָהן פייער פון דער ערשטער ליעבע. בשעת איך האָב אָנגעהויבען קומען צו זיי אין שטוב, האָט זיך אַזוי ווי אויפגעכאַפּט אין זיי דער בעגעהר אויסצעווייזען יונג פאַר אַ דריטער פערזאָן און דערוועקען אַלטע ערינערונגען, אַז מען זאָל זיך צוקוקען נעהנטער, זעהט מען, אַז זיי האָבען געלעבט מיט דעם, וואָס זיי איז פערבליבען און אויגאויף-אויג איז זיי געווען לאַנגווייליג. דאָס האָבען בעשטעטיגט די אָפטע איינלאַדונגען, וואָס איך פלעג אָנהויבען בעקומען נאָך דעם ערשטען וויזיט.

פאַר דער באַראָנעסע׳ס אָבפאָהר קיין פינלאַנד בין איך דעם לעצטען טאָג געקומען זיך געזעגענען מיט איהר. געווען אַ שעֶנער יוני-אָווענד. אַרויס אויפ׳ן הויף, האָב איך זי דערזעהן הינטער דעם שיטערן פּאַרקאַן פון גערטענדעל. זי איז געשטאַנען הינטער אַ קוסט פון אַריסטאָלאָכיען און מיך האָט שטאַרק איבעררא͏ַשט די אונגעוועהנליכע שענקייט איהרע. איגגאַנצען איז

זי געווען אין ווייסען. אויף איהר איז אויסגעצייכענט גוט גע-
זעסען דאָס פיקענע קלייד מיט'ן גיפיור, איהרע בראַסליעטען, בראָ-
שען און דער האַלזבאַנד פון אַלעבאַסטער האָבען אויף איהר
געוואָרפען עפּיס אַ שיין, ענליך צום ליכט פון אַ לאָמפּ מיט אַ
מילך-ווייסען אַבאַזשור. די ברייטע גרינע בלעטער האָבען געלעגט
אַ טויטען פאַרב אויפ'ן ליכט און שאָטען פון איהר געזיכט, אויף
וועלכען עס האָבען געברענט אַ פּאָר אויגען, שוואַרצע ווי קויהל.

אין דערדאָזיגער רגע האָב איך מיך געפיהלט צוטרויסעלט,
אויפגערעגט אויף דעם העכסטען גראַד, פונקט ווי איך וואָלט פאַר
זיך געהאַט עפּיס אַ וויזיע. מיך איז בעפאַלען אַ געפיהל פון סער-
געטערונג און עס האָט זיך אויך געוואָלט געבען אַנ'אויסדרוק
דעמדאָזיגען געפיהל. די לערקייט, וואָס איז געקומען אין מיר
צוליעב דער פערלאָרענער אמונה, איז אויסגעפילט געוואָרען: דאָס
בעדערפעניש צו פערגעטערן איז פון דאָסניי אויפגעלעבט געוואָ-
רען אין אַנ'אַנדער פאָרם. גאָט איז אַראָבגעזעצט געוואָרען און
זיין אָרט האָט פערנומען אַ פרוי, אָבער אַ פרוי, וואָס איז גלייכ-
צייטיג אי מוטער, אי מיידעל. בשעת איך האָב געקוקט אויף דער
טאָכטער, וואָס איז געשטאַנען נעבען איהר, האָב איך מיך נישט
געקאָנט פאָרשטעלען, ווי אַזוי זי האָט געקאָנט געבוירען דאָס
טאָכטערל. די בעציהונגען צווישען דעם פּאָרל האָט נישט דער-
לאָזט דעם געדאַנק וועגען פיזישער נאָהנטקייט — אַזוי נישט-ערדיש
האָט אויסגעזעהן זייער פערבאַנד. פון דער מינוט-אָן איז דידאָ-
זיגע פרוי געוואָרען פאַר מיר די פערקערפּערונג פון אַ נשמה, אַ
ריינער, אונדערגרייכבאַרער נשמה, וואָס איז אָנגעטהאָן אין אַ
ליכטיגען קערפּער, אין וועלכען די היילינע שריפט טהוט-
אָן די אָוועקגעהענדיגע נשמות. מיט איין וואָרט, איך האָב זי
פערגעטערט געגען מיין ווילען. איך האָב זי פערגעטערט אַזאַ,
ווי זי איז געווען: אַ מוטער און אַ פרוי; אַזאַ, ווי זי האָט זיך
מיר געוויזען — אַלס פרוי פון דעמדאָזיגען מאַן און אַלס מו-
טער פון דעמדאָזיגען קינד. אָהן דעם מאַן — האָב איך זיך
געזאָגט — וואָלט זי געווען אַנ'אלמנה, וואָלט איך זי געקאָנט פער-
געטערן ווי אַנ'אלמנה? מעגליך, ווען זי וואָלט געווען מיין ווייב.

זיין! ערשטענס, האָט זיך אַזאַ גאָטלאָזער געדאַנק נישט געקאָנט געסטיגען אין מיין קאָפּ, און, צווייטענס, ווען זי האָט חתונה מיט מיר, וואָלט זי נישט געקאָנט זיין דאָס ווייב פון דעמדאָזיגען מאַן, די מוטער פון דעמדאָזיגען קינד און די ווירטין פון דעמדאָזיגען הויז. נאָר אַזאַ, ווי איצט, און נישט אַנדערש!

צי דאָס איז געווען אַ דאַנק די טרויעריגע זכרונות, וואָס זיינען אַרויסגערופען געוואָרען אין מיר דורך זייער הויז, צי דאָס איז געווען דער אינסטינקט פון אַ נידעריגען קלאַס, וואָס ווערט נשתומם פון אַ הויכער ראַסע, פון ריינעם בלוט (אַ געפיהל, וואָס ווערט פערשוואונדען אין דעם אייגענעם טאָג, ווען דידאָזיגע ראַסע געהט-אַראָב פון איהר הויכקייט)—, נאָר די פערגעטערונג, וואָס איך האָב געשפירט צו דערדאָזיגער פרוי, איז אין אַלץ לחלוטין ענליך געווען צו רעליגיע, פון וועלכער איך האָב מיך נישט לאַנג בעפרייט. איך האָב געוואָלט פערגעטערן, מקריב-זיין מיט זיך, ליידען אָהן שום האָפנונג צו דערגרייכען עפּיס, אויסער דעם תענוג פון פערגעטערונג, פון זיין אַ קרבן און פון ליידען.

איך האָב בעשלאָסען צו ווערען איהר בעשיצער און היטער. איך האָב זי געוואָלט אָבהיטען, נאָכזעהן, אַז דער כח פון מיין ליעבע זאָל זי נישט אַיועקשלעפּען. איך האָב אויפמערקזאַם אויסגעמידען די געלעגענהייט צו פערבלייבען מיט איהר אַליין, אַז צווישען אונז זאָלען זיך נישט פערבינדען קיין אינטימע בעציהונגען, וואָס וואָלטען געקאָנט שאָדען איהר מאַן.

אָבער אין דעמדאָזיגען טאָג פאַר איהר אַוועקפאָהרען, בשעת איך האָב זי דערזעהן אין די קוסטעס, איז זי געווען אַליין. מיר האָבען אויסגערעדט עטליכע אונבעדייטענדיגע ווערטער. פּלוצלונג האָט מיין אויפרעגונג דערגרייכט צו אַזאַ קראַפּט, אַז דאָס האָט זיך אויך איהר איבערגעגעבען. אין איהר ברענענדיגען בליק האָב איך בעמערקט די פאָדערונג אָנצוטרויען זיך מיר. זי האָט מיר געזאָגט, אַז כאָטש זי צושיידט זיך אויף אַ קורצער צייט מיט דער שוועסטער און דעם מאַן, דאָך פיהלט זי שוין, אַז זי וועט ליידען דערפון. זי האָט מיך שטאַרק געבעטען, איך זאָל אָפּטערן פאַר

איהר מאַן מיין פרייע צייט און זאָל אויך אָן איהר גישט פער-געסען. זי, ווידער, פון איהר זייט, וועט בעשיצען מיינע אינ-טערעסען ביי מיין יונגער פיגלענדערין.

—איהר האָט זי שטאַרק ליעב, מיט'ן גאַנצען האַרצען, גישט וואָהר?—האָט זי געפרעגט און מיך שאַרף אָנגעקוקט.

—איהר ווילט וויסען?—האָב איך געענטפערט, געערגערט פון מיין גרויסען ליגען.

וואָרום אין דער מינוט בין איך געווען איבערצייגט, אַז מיין פריהלינג-ליעבע איז געווען בלויז פאַנטאַזיע, קאַפריז, צייט-פערטרייבונג.

איך האָב זי מורא-געהאַט צו בעפלעקען מיט מיין אַזוי-געריפענער ליעבע און געגען מיין ווילען פערפלאָנטערן זי אין אַ נעץ פון געפיהלען; איך האָב זיך געסטאַרעט צו בעשיצען זי פון זיך גופא און דעמדאָזיגען געפעהרליכען געשפרעך איבערגע-ביטען אויפ'ן געשפרעך וועגען באַראָן. זי האָט זיך אָנגעבלאָזען, אויסמייטשענדיג ריכטיג מיינע פערבאָרגענע כונות. מעגליך—איצט בין איך דערין איבערצייגט—אַז איהר האָט פערשאַפט פערגעניגען מיין צומישונג, וואָס איז אַרויסגערופען געוואָרען דורך איהר שענקייט. מעגליך, אַז אין דערדאָזיגער רגע האָט זי געשפירט די שרעקליכע כשופ'דיגע מאַכט איבער דעמדאָזיגען יוסף'ן, וואָס זיין קאַלטקייט איז געווען בלויז אַנ'אָנשטעל און די אונשולדיגקייט—אַ געצוואונגענע!

—אייך איז לאַנגווייליג מיט מיר?—האָט זי געזאָגט—איך וועל אייך ברענגען פערשטאַרקונגען?

און אַ רוף געטהאָן מיט אַ קלינגענדיגען קול דעם מאַן, וואָס איז געזעסען ביי זיך אין צימער אויף דעם ערשטען שטאָק.

געעפענט געוואָרען דאָס פענסטער. דער באַראָן האָט בע-וויזען זיין פריינדליך געזיכט און געשיקט אונז אַ האַרציגען שמייכעל. אין אַ מינוט אַרום איז ער שוין געווען אין גאָרטען. אין דער שענער פאָרם פון דער קעניגליכער גוואַרדיע איז דאָס געווען אַ גלענצענדיגע פיגור. זיין טונקעלבלויער מונדיר איז גע-ווען בענייהט מיט זילבער און בעלען זייד. די מענליכע, שטאַרק-

ענטוויקעלטע פארמען זענען געווען אַן׳עכטער קאָנטראַסט צו דער ווייסער פיגור, ווי אַלעבאַסטער, מיט וועלכער איך האָב מיך גע-קוויקט. דאָס איז באמת געווען אַ זעלטען פּאָרל: די מעלות פון איינעם האָבען שאַרף בעשאָטענט די שענע זייטען פון צווייטען. זייער אויסזעהן האָט פערשאַפט עכט קינסטלעריש פערגעניגען, געגעבען אַ גרויסאַרטיג בילד.

נאָכ׳ן אָוועגדבדויט [?] האָט מיר דער באַראָן פאָרגעלעגט בע-גלייטען מאָרגען אין אָווענד די באַראָנעסע איוף דער שיף. אויף דער ערשטער סטאַנציע וועלען מיר אַראָבגעהן. דערדאָזיגער ענין, אויף וועלכען איך בין באַלד איינגעגאַנגען, האָט, אפנים, דער באַראָנעסע דערפרעהט: איהר האָט זיך אַזוי געוואָלט קוויקען מיט׳ן אויסזעהן פון די שטאָקהאָלמער אינזלען אין אַ שענער זו-מערנאַכט...

אויף מאָרגען, אַ זייגער צעהן אין אָווענד, זענען מיר זאַל-בעדריט געזעסען אויף דער שיף, וואָס איז אָבגעגאַנגען פון האַ-פען. די נאַכט איז געווען ריין, דער הימעל געלב-אָראַנזש, דער ים בלוי און רוהיג, פאַר אונז האָבען זיך אַוועקגעצויגען די וואַל-דיגע ברעגען אינ׳ם ליכט פון בית-השמשות. דידאָזיגע צייט— האַלב-טאָג, האַלב-נאַכט—מאַכען אויפ׳ן צוקוקער אַ טאָפּעלען איינ-דרוק פון זון-אויפגעהן און זון-אונטערגאַנג. נאָך האַלבער נאַכט איז אונזער היץ, וואָס איז כסדר אונטערגעהאַלטען געוואָרען דורך ערינערונגען און דורך אַריינקוקען אין דער צוקונפט, עטוואָס אָבגעפאַלען. מיר האָבען זיך שרעקליך געראַנגעלט מיט׳ן שלאָף, וואָס איז אונז בעפאַלען, און זענען געזעסען מיט בלאַסע פנים׳ער. נאָר אָט האָט אָנגעהויבען שאַריען אויף טאָג און מיר האָבען אויפגעציטערט פון פריהמאָרגענדיגען ווינטעלע. מיר זענען פלוצ-לונג זעהר פיהלבאַר געוואָרען. מיר האָבען זיך אָנגעהויבען שווערען איינער דעם צווייטען אין אייביגער פריינדשאַפט. דער מזל האָט אונז צוזאַמענגעפיהרט, און אָט לאָזען זיך שוין פער-קען די האַרבע קייטען, וואָס בינדען אונז אויף שטענדיג. אַזוי ווי איך לייד פון צייט-צו-צייט אויף פיבער, זעה איך אויס שרעקליך און מען בעגעהט זיך מיט מיר, ווי מיט אַ קינד. די-

באַראַנעסע דעקט מיך אײַן מיט איהר חעג-טוך, קלויבט-אויס פאַר מיר א בעהאַלטען ערטעלע, גיסט מיר אָן אַ גלאָז מאַדערוויין און רעדט מיך צו, ווי אַ צאַרטע מוטער. איך גיב מיך איהר אונטער. די שלאָפלאָזיגקייט דערנעהמט מיך אינגאַנצען, מיין הארץ, וואָס איז שטענדיג איינגעשלאָסען, ווערט פונאַנדערגעעפענט. נישט גע-וועהנט צו דערדאָזיגער פרויענצערטליכקייט, וואָס דעם סוד דער-פון ווייס נאָר אַ פרוי — אַ מוטער, צושיט איך מיך אין ווערטער פון פערגעטערונג, און מיין מאַרך, אויפגערעגט דורך שלאָפלאָזיגקייט, ווערט צושוואומען אין פאָעטישע חלומות.

און די אַלע נישט-געבוירענע חלומות פון דערדאָזיגער פער-לאָרענער נאַכט נעהמען-אָן אַ נעבעלהאַפטע מיסטישע לופטיגע פאָרם. די אַלע פעהיגקייטען פון אַ דערשלאָגענעם טאַלענט גע-פינען אַנ'אויסוועג אין פערשידענע וויזיעס. אָהן אויפהער רייד איך גאַנצע שעה'ן, שעפּ בעגייסטערונג אין די צוויי פאַר אוי-גען, וואָס אָבסערווירען מיך כסדר. איך פיהל, ווי מיין שוואַכער קערפּער ווערט פערברענט דורכ'ן פייער פון דער דענק-מאַשין און די שפּירונג פון מיין קערפּערליכען זיין ווערט ביסלעכווייז אויסגעדאַמפּט.

פלוצלונג שווימט-אַרויס די זון און צינדעט-אָן די אינזלען, וואָס שווימען טויזענדערווייז איבער'ן ים. די צווייגען פון די יעגלבוימער ווערען רויט, ווי קופּער און די נאָדלען געל, ווי שוועבעל. די שויבען פון די ברעג-הייזלעך לייכטען, ווי גאָלד; ווילען רויך הויבען זיך פון די קימענס—מען קאָכט שוין קאַווע; עס שווימען די פישער מיט פערשפּרייטע זעגעל ביי זייערע גע-צען; ים-פויגעל יאָגען זיך נאָך פישלעך איבער די טונקעל-גרינע כוואַליעס און שרייען ביז הייזעריגקייט; אויפ'ן שיף איז אַ שטיל-שווייגען; די פּאַסאַזשירען שלאָפען אין זייערע קאַיוטעס און מיר בלייבען שטעהען אויפ'ן שיפדעק. דער פערשלאָפענער קאַפּיטאַן קוקט אונז נאָך פון דעם קאָמאַנדע-בריקעל און וואונדערט זיך, משמעות, דערויף, וואָס מיר ריידען אַזוי לאַנג.

שוין דריי אַ זייגער און דאָס לאָצמאַן-שיפעל בעווייזט זיך פּלוצלונג הינטער'ן ים-בערגעל, פונאַנדערצושיידען אונז.

די בוכטע איז אָבגעשניטען פון אָפענעם ים בלויז דורך עטליכע גרויסע אינזלען. עס לאָזט זיך שוין זעהן, ווי די כוואַליעס ווערען העכער און עס הערט זיך, ווי די רוישענדיגע וואַלען שלאָגען זיך אָב אָן די לעצטע שאַרפע פעלזען.

עס קומט די מינוט פון שיידען זיך. זיי קושען זיך האַרציג. ליידענשאַפטליך דריקט זי מיין האַנד אין איהרע און די אויגען ווערען איהר פערלאָפען מיט טרעהרען. זי גיט מיך איבער אונטער דער השגחה פון איהר מאַן און בעט מיך, איך זאָל איהם טרייסטען פאַר דער צייט פון זיין אלמנ׳שאַפט.

איך נויג מיך צו איהר, קוש איהר די האַנד און טראַכט גאָרנישט, אַז דאָס איז אפשר נישט אָנשטענדיג און אַז מיט דעמדאָזיגען קוש גיב איך איהר אַרויס די סאַמע אינטימסטע געפיהלען מיינע.

די מאַשין הערט־אויף צו אַרבייטען, די שיף הויבט־אָן לאַנגזאַמער צו געהן, דער לאָצמאַן פערנעהמט זיין אָרט אין צווישענדעק. איך גאָה־אַראָב אונטען און בלייב שטעהן געגען דער באַראָנעסע אין דעם לאָצמאַן־שיפעל.

איבער אונזערע קעפ הויבט זיך די שיף; די באַראָנעסע קוקט אויף אונז פריינדליך, בויגט־אָן דאָס ליעבע געזיכט. די קינדערשע אויגען זענען אָנגעפילט מיט טרעהרען און אויף די ליפען שפיעלט אַ קרענקליכער שמייכעל. די מאַשין הויבט־אָן צו אַרבייטען, דער ריז דערווייטערט זיך און שלעפט נאָך זיך זיין רוסישע פאָן. מיר וויעגען זיך אויף די כוואַליעס און פאָכען מיט די טיכלעך, נאָך פייכטע פון אונזערע טרעהרען. דאָס צאַרטע פנים׳ל ווערט אַלץ קלענער, די ליעבע שטריכען פערשווינדען און בלויז צוויי גרויסע אויגען קוקען אונז נאָך. צולעצט, ווערען זיי אויך פערלאָשען. נאָך אַ רגע—און מיר זעהען דעם קאָפּ, די וואואַל, וואָס פלאַטערט איבער דעם יאַפּאַנישען היטעלע, דאָס באַטיסטען־טיכעל, מיט וועלכען זי פאָכט; דערנאָך זעהען מיר בלויז אַ ווייסען פלעק, אַ ווייס פינטעל; צולעצט זעהען מיר דעם ריז, אַ פאָרמלאָזע מאַסע, איינגעהילט אין אַ שמוציגען רויך...

מיר זעצען זיך אַרויס מיט'ן באַראָן אין דער לאָצמאַן-קאַמער און דער גרעניץ-ביידעל, וואו דער עולם קומט זיך זומער באָדען. דאָס דאָרף שלאָפט נאָך, קיין שום לעבעדיגען מענשען איז נישט צו זעהן אין האַפען, וואו מיר האָבען זיך צוגעשטעלט אַ קוק צו טהאָן, ווי אַזוי די שיף וועט לאַווירען פון דערווייטענס און זיך פערקירעווען רעכטס, איידער זי וועט פערשוואונדען ווערען הינטער די שטיינערנע אינזלען, וואָס זענען דער לעצטער יבשה-צוים אויפ'ן ים.

באַלד ווי די שיף איז פערשוואונדען געוואָרען, איז דער באַראָן מיט געוויין געפאַלען מיר אויפ'ן האַלז. אַ געווויסע צייט זענען מיר געלעגען אין די אָרעמס ביי איינאַנדער און נישט בכח געווען אַ וואָרט אויסצוריידען.

וואָס איז דאָס געווען — שלאָפלאָזיגקייט, נערווענצורודערונג, וואָס האָט נאָך אַ נאַכט נישט שלאָפען אַרויסגערופען טרעהרען? זענען דאָס געוועזען מרה-שחורה'דיגע פאָרגעפיהלען אָדער גלאַט דער וועהטאָג פון שיידען זיך? אין דערדאָזיגער מינוט האָב איך עס נישט געוואוסט.

טריבע און שווייגענדיגע זענען מיר אַוועק אין דאָרף אויסצוטרינקען אַ גלאָז קאַווע — דער האָטעל איז געווען פערמאַכט. זענען מיר אַוועק איבער די גאַסען. די טהירען פון די הייזלעך זענען געווען פערשפאַרט, די פאָרהאַנגלעך אַראָבגעלאָזט. אַרויס פון דאָרף, זענען מיר אַוועק צו יענעם אָרט, וואו עס איז געלאָפען אַ טייכעלע. דאָס וואַסער איז געווען ריין און קלאָר און האָט געצויגען דורכצעוואַשען דערמיט די אויגען. איך האָב געעפענט מיין נעסעסער, אַרויסגענומען אַ ריין האַנדטוך, אַ צאָהנבערשטעלע, אַ שטיקעל זייף און אַ פלעשעלע אָדעקאָלאָן. דער באַראָן האָט געמאַכט אַזאַ מינע, ווי ער וואָלט וועלען חוזק'ן איבער מיין שוואַכקייט. איבעריגענס, האָט עס איהם נישט געשטערט צו נעהמען ביי מיר דאָס נויטיגע און מאַכען דעם טואַלעט אפילו אויבערפלעכליך, אָבער מיט פערגעניגען.

אַז מיר האָבען זיך צוריקגעקעהרט אין דאָרף אַריין, האָב איך דערפיהלט דעם ריח פון געבּרענטע קויהלען; ער האָט זיך

דערטראָגען דורך די צווייגען פון די אָלכענבוימער, וואָס האָבען געוואַקסען אויפ'ן ברעג. דורך אַ וואונק האָב איך געגעבען דעם באַראָן צו פערשטעהן, אַז דאָס איז די לעצטע אָבשייד-בעגריסונג פון דער שיף, געבראַכט פון ים-ווינד, אָבער ער האָט נישט פערשטאַנען מיינע זשעסטען.

ביים קאַווע האָט מיין פריינד אויסגעזעהן גאָר צרה'דיג' זיין גרויסען שלעפעריגען קאָפּ האָט ער פערלאָרען אויף דער ברוסט. די צושוואומענע שטריכען האָבען איהם צוגעגעבען אַ נעבאַכדיג אויסזעהן. אין אונזערע בעציהונגען האָט זיך אַריינגעגנב'ט עפּיס געצוואונגענעס. ער איז געווען אין אַ שלעכטער שטימונג און פער'עקשנ'ט געשוויגען. דאָ האָט ער געכאַפּט מיין האַנד און זיך אָנגעהויבען ענטשולדיגען פאַר זיין צווייהעסקייט, דאָ איז ער פון דאָסניי אַריינגעפאַלען אין מרה־שחורה'דיגע געדאַנקען. איך האָב מיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע כחות צו מאַכען איהם ריהרעוודיגער, אָבער דער פאָדעם, וואָס האָט אונז פערבונדען, האָט געפּלאַצט. זיין פּנים, שטענדיג העפליך און פּשוט, האָט ביסלעכווייז אָנגענומען די אונדערוואַטעטע שטריכען פון וואַכעדיגקייט און גראָבקייט. דער רייץ און די לעבעדיגע שענקייט פון זיין פערגעטערטער פרוי, וואָס האָבען זיך אָבגעשפּיגעלט אויף זיין געזיכט, זענען פערשוואונדען געוואָרען. אַ האַמעטנער, נישט-געבילדעטער מאַן איז געזעסען נעבען מיר.

פון וואָס האָט ער געטראַכט, ווייס איך נישט. אפשר האָט ער מיך געוואָלט פערשטעהן, משיג-זיין ? אויב מען זאָל משפט'ן זיין אינערליכען צושטאַנד לויט זיין איצטיגער פלעצליכער אויפפיהרונג, בעדאַרף ער זיך געפינען אין דער מאַכט פון סאַמע געגענזעצליכע געפיהלען דאָ האָט ער מיר געדריקט די האַנד און מיך אָנגערופען ערשטער אייגציגער פריינד און דאָ האָט ער זיך אָבגעקעהרט צו מיר מיט'ן רוקען.

אין דידאָזיגע שעה'ן האָב איך מיט שרעק געמאַכט די ענטדעקונג, אַז מירביידע האָבען געלעבט בלויז מיט איהר און פאַר איהר. פון דער מינוט אָן, וואָס אונזער זון איז אונטערגעגאַנגען, האָבען מיר ביידע פערלאָרען אונזער פערועגליכען פאַרב.

באַלד ווי מיר זענען געקומען אין שטאָדט אַריין, האָב איך מיך אָנגעהויבען געזעגענען מיט איהם, אָבער ער האָט מיך בע־שלעפּט מיט זיך און נישט אויפגעהערט צו בעטען, איך זאָל איהם בעגלייטען אַהיים.

מיר זענען אַריין אין דער לעדיגער וואוינונג, ווי אין אַ מתים־שטיבעל, און פון דאָסניי גענומען וויינען.

שרעקליך צומישט, האָב איך נישט געוואוסט, ווי אַזוי מען געהט־אַרויס פון דערדאָזיגער לאַגע און, צולעצט, זיך בעשלאָסען פונאַנדערצולאַכען.

—לעכערליך, באַראָן, נישט וואָהר?—אַ קאַפּיטאַן פון גוואַר־דיע און אַ קעניגליכער ביבליאָטעקאַר זאָלען זיך פלוצלונג צעוויינען...

—דאָס מאַכט לייכטער—האָט ער געענטפערט.

ער האָט אַ רוף געטהאָן זיין מיידעלע און דאָס האָט פון דאָסניי דערוועקט אין אונז אַ ביטער געפיהל פון שיידען זיך.

געוועזען בין אַ זייגער אינדערפריה. אָבגעשוואַכט אינגאַנ־צען, האָט ער מיך געבעטען צו־לעגען זיך אויף דער זאָפע און אַליין האָט ער געוואָלט אַוועקגעהן אין שלאָפצימער. ער האָט מיר אַוועקגעלעגט אַ קישען אונטער'ן קאָפּ, צוגעדעקט מיך מיט'ן מיליטערישען שינעל, נאָכאַמאָל בעדאַנקט דערפאַר, וואָס איך האָב איהם נישט איבערגעלאָזט אַליין און מיר געוואונשען, איך זאָל גוט שלאָפען. אין זיין ברידערליכער צערטליכקייט האָב איך געפיהלט דעם אָבקלאַנג פון איהר צערטליכקייט. זי האָט אינגאַנ־צען אויסגעפילט זיינע געדאַנקען.

איך בין אַריינגעפאַלען אין אַ טיעפען שלאָף, און אין דער לעצטער רגע, איידער איך האָב פערלאָרען דאָס בעוואוסטזיין, האָב איך געזעהן, ווי ער האָט זיך שטיל אָנגעבויגט צו מיין אויפגעוואַכטען געזיכט, און געוואָלט פרעגען אַ צווייטען מאָל, צי מיר איז גוט.

ביי האַלבען טאָג האָב איך מיך אויפגעכאַפּט. ער איז שוין געזעסען אויף די פיס. ער האָט זיך געשראָקען פאַר זיין איינזאַם־

קיים און מיר פארגעלעגט, איך זאל פריהשטיגען מיט איהם צו-
זאמען אין פארק, מיר האבען אזוי געטהאן.

דער טאג איז אוועק אין פלוידעריי; איבערהויפט אבער
האט מען גערעדט וועגען יענער פרוי, וואס מיט איהר עקזי-
סטענץ איז אזוי אייננ צונויפגעבונדען געווארען אונזער אייגען
לעבען.

## III.

צוויי טעג נאכדעם האב איך מיך געהאלטען אין דער זייט,
געזוכט צו זיין אליין אין מיין ביבליאטעק, און דער אונטער-
שטער שטאק, וואס האט געדיענט פאר א סקולפטור-זאל, איז
מיר געווען דאס בעגעהרטע ווינקעלע. דאס גרויסע צימער אינ'ם
סטיל ראקאקא, מיט די פענסטער, וואס זענען ארויסגעקומען אויפ'ן
לייבען-הויף, איז געווען פערלעגט מיט מאנוסקריפטען. איך
פלעג דא לאנג פערבלייבען מיט אנ'אלטפרענקישען מאנוסקריפט
אין דער האנד, כדי אבצוציהען מיינע געדאנקען פון די איבער-
לעבונגען פאר דער לעצטער צייט. אבער וואס מעהר איך האב
געלייענט, אלץ מעהר האט זיך דאס איצטיגע צונויפגעגאסען
מיט'ן עבר, און די אבגעבלאקירטע בריף פון דער קעניגין
כריסטינע האבען מיר אזוי ווי אנגעשעפטשעט אויפ'ן אויער ליע-
בע-דערקלערונגען פון דער באראנעסע.

אויסצומיידען די פראגען פון פריינד, בין איך נישט גע-
גאנגען אין רעסטאראן, וואו איך האב געוועהנליך געמיטאגט.
איך וואלט מיר בשום אופן נישט געוואלט בעשמוצען מיינע לי-
פען און ריידען פון מיין נייעם גליקען מיט דידאזיגע כופרים,
זאלען זיי עס קיינמאל נישט וויסען! איך וואלט געאויפערט צו
מיין אייגענער פערזענליכקייט, וואס האט פון איצט אן בעדארפט
געהערען צו איהר. אז איך בין געגאנגען אין גאס, האט זיך
מיר געדאכט—יונגעלשע כארען דרעהען זיך פאר מיר און מיט
זייערע קלינגענדיגע שטימעלעך זענען זיי מבשר די דערנעהנטע-
רונג פון די קדשי-קדשים, וואס ליעגען פערשלאסען אין מיין

הארצען. איך האב מיר משער-געווען, אז איך טראג טרויער, טרויער נאך א קעניגין און האב שיער נישט געפאדערט ביים עולם, מען זאל אראבנעהמען די היט פאר דער טויטגעבוירענער ליעבע, וואס האט קיין שום פערספעקטיווע נישט און אויך נישט קיין האפנונג פון דאסניי אויפצולעבען.

אויפ'ן דריטען טאג האט די מארשירענדיגע גווארדיע מיט איהר קלאפערריי אויף באראבאנען ארויסגעפיהרט מיך פון אפאטיע, און פלוצלונג האבען זיך דערהערט די טענער פון שאפענס טרויער-מארש. איך בין צוגעלאפען צום פענסטער און דערזעהן דעם באראן, וואס האט אנגעפיהרט מיט א גווארדיע-אטריאד. ער האט מיך בעגריסט און דעם שאקעל מיט'ן קאפ אונטערגעשטראכען דורך א לייכטזיניגען שמייכעלע. איהם איז געקומען אויפ'ן זינען צו לאזען זיינע מוזיקאנטען שפיעלען דעם בעליעבטען מארש פון דער באראנעסע. געוויס, די סאלדאטען האבען נישט חושד-געווען, אז זיי שפיעלען דא פאר אונז ביידען לכבוד דער באראנעסע און נאך וועניגער האט עס חושד-געווען דער עולם, וואס האט זיך געבאמבעלט ארום זיי.

אין א האלבער שעה ארום איז דער באראן געקומען צו מיר אין ביבליאטעק אריין. דורך קארידארען, פערשטעלט מיט שענק און פאליצעס, האב איך איהם אוועקגעפיהרט אין דעם אונטערשטען שטאק, אינ'ם מאנוסקריפטען-זאל. ער איז געווען זעהר פרעהליך און זיך באלד געכאפט טיילען מיט מיר דעם אינהאלט פון בריף, וואס ער האט בעקומען פונ'ם ווייב. דארט איז אלץ געווען אין ארדנונג. אין בריף האט זי פאר מיר אויך אריינגעלענט א צעטעלע. איך בין עס איילינג דורכגעלאפען מיט די אויגען און דערביי זיך געסטארעט צו פערבארגען מיין אונרוהיגקייט. מיט זעהר הארציגע און אויפריכטיגע ווערטער האט זי מיך בעדאנקט פאר מיין זארגען זיך וועגען איהר „אלטען" ; געשריבען, ווי אזוי עס האט איהר געשמייכעלט דער אומעט, וואס איך האב ארויסגעוויזען ביים שיידען זיך מיט איהר. איצט געפינט זי זיך ביי מיין מלאכ'ל און האט זי זעהר ליעב בעקומען.

זי האָט זיך צושאָטען מיט שבחים איבער איהר כאַראַקטער און צולעצט מיר געגעבען האָפנונג... דאָס גאָר.

האָט מיך, אַלזאָ, ליעב געהאַט דאָסדאָזיגע מלאכ׳ל, דאָס־דאָזיגע פערזעהעניש! עס איז מיך בעפאַלען אַ נישט־ניכא׳דיג־קייט ביים געדאַנק וועגען איהר. איצט בין איך געגען מיין ווי־לען געצוואונגען צו שפּיעלען די ראָל פון אַ געליעבטען, בעדאַרף שפּיעלען אַ מאוס׳ע קאָמעדיע, וואָס איהר סוף לאָזט זיך נישט זעהן! מען קאָן נישט חוזק׳ן פון ליעבע אונבעשטראָפט. זיך פער־פלאָנטערט אין אַ נעץ, האָב איך מיך ווילד געסטאַרעט אויפצו־דעקען דאָס שמוציגע וועזען, וואָס האָט מיר פערדרעהט דעם קאָפּ מיט ליעבע: זי האָט מאָנגאָלישע אויגען, אַ גרוי פּנים, רוי־טע הענד. מיט טייוועלשער שמחה האָב איך אויפגעלעבט אין מיין זכרון איהרע נישט־צניעות׳דיגע מאַנירען, איהר גאַנצע צוויי־פעלבאַרע אויפפיהרונג. נישט אומזיסט האָבען מיר די חברים פאָר־געגעבען אַ צוויידייטיגע פראַגע: „וואָס איז דאָס פאַר אַ פרוי, מיט וועלכער דו שפּאַצירסט אין די הינטערגעסלעך פון דער פאָרשטאָדט?..”

מיט וואָס פאַר אַ שמחה פלעג איך מיך דערמאָנען אָן איהרע שפּיצלעך און כיטרע גענג צו פאַקען מיך! אַז זי פלעגט, צום ביישפּיעל, אַרויסנעהמען דעם זייגער פון הינטער׳ן קאָר־סאַזש, פלעגט זי שטענדיג אַזוי ווי אונגערן בעווייזען אַ שטיקע־לע וועש... אָדער זונטאָג, צום ביישפּיעל, ווען מיר זענען אַוועק אין פּאַרק: מיר זענען געגאַנגען איבער די הויפּטאַלעען און פּלוצלונג האָט זי מיר פאָרגעלעגט אָבצוקעהרען אין וועלדעל. פון דעמדאָזיגען פאָרשלאַג האָבען זיך מיר די האָהר געשטעלט קאַ־פויר: וואָס פאַר אַ מאָדנע געדאַנקען! אָבער אויף מיין בעמער־קונג האָט זי אויסגעשריען:

—נאַרישקייט! זי האָט פּשוט געוואָלט אויסגעפינען בערע־לעך אונטער די נוסבוימער. זי איז אַראָב פון דער אַלעע, זיך געוואָרפען אין די קוסטעס אַריין און פערשוואונדען געוואָרען. איך בין אַוועק נאָך איהר עטוואָס אַ פערשעמטער. זי האָט אויס־געקליבען אַ שאָטענדיג ערטעל אונטער אַ בוים, זיך אַנידערגע־

זעצט, צושפרייט איהרע קליידלעך און אויסגעצויגען איהרע קלייניטשקע, נאָר צוקאַלעטשעטע פיס פון היהנעראויגען. אָנגעקומען אַנ'אונבעקוועמער מאָמענט. איך האָב מיך נישט-ווילענדיג דערמאָנט אָן די מיידלעך פון פאַרצייטיגען קאָרינט, וואָס פלעגען אויפפלאַמען פון גרימצאָרן, ווען די טראַדיציאָנעלע פערגוואַלטיגונג פלעגט לאָזען לאַנג וואַרטען אויף זיך. זי האָט זיך געמאַכט תמ'עוואַטע און געקוקט אויף מיר... עהרנוואָרט, דאָסמאָל איז די געבליבען ביי איהר צניעות בלויז דערפאַר, ווייל זי איז געווען העסליך און ווייל מיר עקעלט פון אַ לייכטען נצחון!

די אַלע קלייניגקייטען, אָן וועלכע איך פלעג מיך קיינמאָל נישט וועלען דערמאָנען—אַזוי העסליך זענען זיי געווען—זענען פלוצלונג אויפגעשטאַנען אין מיין זכרון, בשעת איך האָב דערשפירט די מעגליכקייט, זי זאָל מיר אַריינפאַלען אין די אָרעמס... פון גאַנצען האַרצען האָב איך געוואונשען גליק דעם אַקטאָר אין זיין אינטריגע. אָבער איך האָב זיך דאָך בעדאַרפט אונטערגעבען און פון דאָסניי אָנטהאָן אַ מאַסקע.

איך האָב געלייענט דער באַראָנעסע'ס בריף, און דער באַראָן האָט זיך דערווייל אַנידערגעזעצט פאַר'ן גרויסען טיש, פערלעגט מיט אַלטע ביכער און מאַנוסקריפטען. ער האָט געשפיעלט מיט זיין קאַפיטאַן-שטעקעלע, אויסגעשניטען פון העלפאַנדביין, און האָט אויסגעזעהן צוזייהט, פונקט ווי ער וואָלט פערשטאַנען, אַז אין ליטעראַרישע ענינים שטעהט ער נידעריגער פון מיר. ער האָט זיך פערפאַנצערט געגען די אַלע פראָבעס, וואָס איך האָב געמאַכט, צו פעראינטערעסירען איהם מיט מיינע וויסענשאַפטליכע אַרבייטען. מעכאַניש פלעגט ער ענטפערן:

—יאָ, דאָס מוז זיין זעהר אינטערעסאַנט!

אַ דערנידעריגטער דורך די צייכענס פון זיין ראַנג, פון זיינע מיליטערישע בענדלעך, פון זיין מונדיר, האָב איך איהם געוואָלט בעווייזען מיין בקיאות אין וויסענשאַפט און דערמיט איינשטעלען צווישען אונז אַ גלייכגעוויכט. אָבער דערגרייכט האָב איך בלויז דאָס, וואָס ער האָט זיך אָנגעהויבען שפירען געדריקט.

שווערד און פעדער! דער אַדעל אונטען, דער קליין-בע-

אַמטער איבען? אפשר האָט דאָס ווייב זיינס אונבעוואוסטזיניג פאָרגעזעהן די צוקונפט, ווען זי האָט שפּעטער צווישען דעם אַדעל פון גייסט אויסגעוועהלט דעם פאָטער פון איהרע קינדער.

הגם דער באַראָן האָט זיך געסטאַרעט צו בעגעהן מיט מיר, ווי מיט אַ גלייכען, דאָך האָט ער זיך געפיהלט נעבען מיר נישט גאָר בעקוועם, כאָטש דערין וואָלט ער זיך בשום אופן נישט מודה-געווען. דאָ האָט ער מיין וויסענשאַפט אָבגעגעבען דעם געהעריגען כבוד און דערמיט אָהן ווערטער אָנערקענט מיין פאָרצוג אין דעמדאָזיגען פונקט; דאָ האָט ער זיך פלוצלונג גענומען אַמפּערן איבער אַ שווערער פראַגע און דעמאָלט איז גענוג געווען איין וואָרט פון דער באַראָנעסע, אַז זיין היץ זאָל געשטילט ווערען. אין די אויגען פון זיין ווייב האָט דער ירושה-הערב קיין-שום ווערט נישט געהאַט און דער קאַפּיטאַנישער פּאַראַד-מונדיר האָט בעדאַרפט אָבטרעטען פאַר דעם שטויביגען סורדוט פון אַ געלעהרטען. אָבער צי האָט ער עס אַליין נישט אָנערקענט, בשעת ער פלעגט אָנטהאָן דאָס העמדעל פון אַ מאָלער און פלעגט אַרבייטען אין דער אַטעליע פון אַ קינסטלער, ווי דער לעצטער שילער? דאָס איז אַזוי, דאָך אָבער איז איהם שטענדיג געבליבען די שאַטירונג פון אַנ'איידעלער דערציהונג, די קראַפט פון טראַדיציעס פלעגט זיך דורכרייסען, און די שטאַרקע שנאה, וואָס האָט געהערשט צווישען סטודענטען און אָפיצירען, איז געווען אין זיין בלוט.

אין דעמדאָזיגען מאָמענט בין איך איהם נויטיג געווען, מחמת איך האָב מיך בעטייליגט אין זיין צער און דערפאַר האָב איך בעקומען אַנ'איינלאַדונג צו מיטאָגען ביי איהם.

נאָכ'ן קאַווע האָט ער פאָרגעלעגט, איך זאָל שרייבען דער באַראָנעסע. ער האָט מיר אַריינגעלעגט אין האַנד אַריין אַ פעדער און געבראַכט פּאַפּיר. אַ געצוואונגענער צו שרייבען—עס מעג די וועלט אונטערגעהן—האָב איך מיר געבראָכען דעם קאָפּ, געזוכט אויסגעדראָשענע פראַזען, וואָס איך זאָל קאָנען אונטער זיי פערבאָרגען דעם קול פון מיין האַרצען.

געענדיגט דעם בריף, האָב איך איהם דערלאַנגט דעם באַ-

ראָן און געבעטען, ער זאָל איהם איבערלייענען.

—פרעמדע בריף לייען איך קיינמאָל נישט—האָט ער גע-ענטפערט מיט פאַלשען שטאָלץ אין קול.

—און איך שרייב קיינמאָל נישט צו אַ פערהייראַטער פרוי—איך מוז פריהער וויזען דאָס געשריבענע איהר מאַן.

ער איז שנעל אַדורכגעלאָפען דעם בריף און, משונה גע-שמייכעלט, פער׳חתמ׳עט איהם צוזאַמען מיט זיינעם.

אַ גאַנצע וואָך האָב איך איהם נישט געזעהן. אָבער איינ-מאָל, אין אָוועגד, האָב איך איהם בעגעגענט אויף אַ ראָג גאַס. ער האָט זיך אַפּנים, זעהר דערפרעהט מיט מיר; מיר האָבען באַלד אָבגעזוכט אַ קאַפעהויז, וואו ער האָט מיר איבערגעגעבען די סאַמע לעצטע נייעס.

עטליכע טעג האָט ער פערבראַכט ביי דער סקאַרבאָוער קוזינע. איך האָב נאָך אַלץ נישט זוכה-געווען צו קאָנען דאָסדאָ-זיגע פאַנגערישע מיידעל, אָבער איך האָב באַלד דערזעהן איהר געשטאַלט דורכ׳ן רעפלעקטאָר, וואָס זי האָט געוואָרפען אויפ׳ן הארץ! אַוועקגעשפרונגען פון איהם די מרה-שחורה און די גע-וועהנליכע דערשלאָגענקייט. אויפ׳ן פנים האָט איהם פרעהליך גע-שפּיעלט אַ געשלעכטליכער אינסטינקט. זיין לעקסיקאָן איז בעריי-כערט געוואָרען מיט עטליכע צווייידייטיגע פראַזען פון אַ גאַנץ באַנאַלען שניט, דער קול האָט זיך וואונדערליך אומגעביטען.

אַ שוואַכער גייסט, וואָס גיט זיך אונטער אַלע איינדרוקען—האָב איך זיך געזאָגט. אַ גלאַט ברעטעל, אויף וועלכען די סאַמע לייכטסטע פרויענהאַנד קאָן זיך, לויט איהר ווילען, אָנשרייבען אָדער אַ נאַרישקייט, אָדער אַ שאַרפזיניג ווערטעל.

דערדאָזיגער מאַן איז געוואָרען עפיס אַ מין אָפּערעטען-העלד, וואָס האָט געהוליעט, זיך געוויצעלט און דערצעהלט פי-קאַנטע מעשיות. אין די ציוויל-קליידער האָט ער, איבעריגענס, פערלאָרען זיין רייץ. אין דער פרעהליכער שטימונג, נאָכ׳ן אָוועגד-ברויט, בשעת ער האָט פאָרגעלעגט, מיר זאָלען מאַהרען צו פרויען, האָט מיר געעקעלט פון איהם. ער האָט זיכער אין זיך גאָרנישט, אויסער דעם שרייענדיגען מונדיר, דעם שאַרף און די בענדלעך!

בשעת זיין שכּרות האָט דערגרייכט דעם העכסטען פונקט, האָט ער מיר געוואָלט פערטרויען די סודות פון זיין שלאָפצי-מער. איך האָב איהם גאַנץ דייטליך איבערגעהאַקט, הגם ער האָט מיך פערזיכערט, אַז דאָס ווייב האָט איהם געגעבען פולע פריי-הייט צו ווילען זיך פאַר דער צייט פון זיין טרויעריגער אלמנ׳-שאַפט... אין דער ערשטער מינוט האָט עס מיר אויסגעוויזען זעהר הומאַניש און האָט בלויז בעפעסטיגט מיין מיינונג, אַז דער באַראָנעסע׳ס נאַטור איז אַ קאַלטע. מיר האָבען זיך פריה פונאַנ-דערגעשיידט און איך בין אַזועק צו זיך אַנ׳אויפגערעגטער פון די נישט-בעשיידענע מעשיות, וואָס איך האָב נאָר-וואָס געהערט.

דידאָזיגע פרוי, וואָס איז פערליעבט אין איהר מאַן, האָט נאָך אַ דריי-יעהריגען צוזאַמענלעבען געגעבען דעם מאַן קערפער-ליכע פרייהייט און פאַר זיך נישט געפאָדערט דיזעלבע רעכט. דאָס איז געווען באמת משונה, אונבאַטירליך, ווי ליעבע אָהן אויפעריגקייט, ווי אַ רעכטע זייט, אָהן אַ לינקער. דאָס האָט זיך נישט געלעגט אויפ׳ן שכל. אָבער די זאַך בעשטעהט נישט דערין. ער האָט מיך פערזיכערט, אַז די באַראָנעסע איז אַנ׳אונ-שולדיג-ריינע נאַטור. ווידער אַנ׳אונגעוועהנליכע זאַך! הייסט עס, אַז זי האָט פערקערפערט מיט זיך אַ מיידעל-מוטער, וואָס איך האָב טאַקי געפיהלט בנוגע צו איהר. און איז דען אונשולדיגקייט, ריינקייט נישט הייליג, נישט קיין צייכען פון אַ הויכער ראַסע? דאָס אַלץ איז טאַקי געווען אַזוי, ווי איך האָב מיר געמאָלט אין דער יוגענד. אין יענער צייט האָט מיר אַ יונג מיידעל גורם-געווען בלויז פערגעטערונג און קיינמאָל נישט דערוועקט קיין געשלעכטליכע שפירונגען. די חלומות פון אַ קינד, דאָס חנ׳עווריגע נישט-וויסען פון דער פרוי—דאָס איז אַ פּראָבלעם, וואָס איז אַ סך פערוויקעלטער, ווי עס מיינען מאַנכע נישט-חתונה-געהאַטע לייט!

---

צולעצט, איז די באַראָנעסע געקומען, אַ שיינענדיגע, אַ גע-זונדטע; זי איז יונגער געוואָרען דורך די ערינערונגען, וואָס די

יוגענד-הבר׳טאריגס האבען דערוועקט אין איהר.

—האט האט איהר די טויב פון נח׳ס קאסטען, וואס האט געבראכט אן׳איילבערט-בלאט!—האט זי געזאגט און דערלאנגט מיר א בריף פון מיין פלומר׳שט ליעבער בעשערטער.

איך האב דורכגעלייענט די פרעטענדירענדיגע טארבלאזע פלוידעריי, א שמירעכטס פון א שווערען בלויען זאק, וואס וויל בעקומען פרייהייט דורך התונה-האבען—התונה-האבען מיט אבי-וועמען.

איבערגעלייענט דעם בריף מיט א דעמאנסטראטיווער, אבער פאלשער שמחה, האב איך דערשפירט א פערלאנג צו ענדיגען אמאל מיט דערדאזיגער נארישער געשיכטע.

—קאנט איהר מיר נישט זאגען, בארעגעסע, איז די ראמע שוין פער׳קנס׳ט מיט׳ן זינגער?

—אי יא, אי נישט.

—איז זי פערבונדען מיט איהם דורך א ווארט?

—ניין!

—געפעלט איהר דערדאזיגער שידוך?

—ניין.

—געפעלט ער איהר פאטער און מוטער?

—זיי האבען פיינט אנ׳אקטאר.

—טא צו וואס האלט זי זיך אזוי מיט דעמדאזיגען מאן?

—דערפאר, ווייל... איך ווייס נישט.

—און מיך האט זי ליעב?

—מעגליך...

—נו, אויב אזוי, יאגט זי זיך פשוט נאך חתנים: זי וויל נאר התונה-האבען מיט דעם, וואס וועט מעהר פארלעגען. דאס מיידעל פערשטעהט גארנישט אין ליעבע.

—נו, אבער איהר, וואס פערשטעהט איהר אונטער ליעבע?

—אויב איהר ווילט וויסען דעם אמת—דאס געפיהל, וואס שטויסט-ארויס די אלע אנדערע, די קראפט פון דער נאטור, וואס קיין זאך קאן זיך איהר נישט בעגעגנשטעלען, עפיס אזוינס, ווי א דונער, א תהום, א וואסערפאל, א געוויטער...

י האָט מיר געקוקט אין די אויגען אַריין און בעת-מעשה פערגעסען אָן די אַלע ווערטער, וואָס זי האָט צוגעגרייט צו דער פערטיידיגונג פון איהר פריינדין.

—און מיט אַזאַ קראַפט ליעבט איהר דאָסדאָזיגע מיידעל?— האָט זי געפרעגט.

ביי דער רגע האָב איך געוואָלט זיך מודה-זיין איהר אין אַלץ.

אָבער וואָס דערנאָך?.. דער פאָדעם, וואָס האָט אונז פערבונדען, וואָלט געפּלאַצט, און דער ליגען, וואָס האָט אונז בעשיצט פון אַ פערברעכערישער ליעבע, וואָלט געוואָרען אַ נויטווענדיגע זאַך.

איך האָב נישט געוואָלט ענטפערן גלייך און האָב זי געבעטען נישט צו ריידען מיט מיר אויף דער טעמע. דידאָזיגע שענהייט איז געשטאָרבען פאַר מיר און אויף מיר ליעגט בלויז אַ שווערער חוב צו פערגעסען זי.

די באַראָנעסע האָט מיט אַלע מיטלען זיך געסטאַרעט צו טרייסטען מיך, אָבער זי האָט נישט פערבאָרגען, אַז דער זינגער איז אַ געפעהרליכער קאָנקורענט, ווייל ער האָט מעהר סאָרצוג: ער קאָן אונטערהאַלטען די פערזענליכע בעציהונגען מיט'ן מיידעל.

דער באַראָן, ווען עס האָט דערעסען דער גאַנצער שמועס, האָט איהם איבערגעהאַקט, סאָרזאָגענדיג, אַז מיר קאָנען זיך אָבברענען די פינגער. מען טאָר נישט שטעקען די נאָז אין פרעמדע הארץ-ענינים. ער האָט עס געזאָגט מיט אַזאַ שאַרפען טאָן, אַז דער באַראָנעסע'ס באַקען האָבען אויפגעפלאַמט פון פערדרוס.

כדי אָבצוציהען דעם שטורם, וואָס האָט זיך אָנגערוקט, האָב איך מיך צוגעאיילט אַוועקצוואַרפען דידאָזיגע געפעהרליכע טעמע.

---

אַ שטיין איז אַראָבגעפאַלען.

דער ליגען, וואָס איז לכתחילה געקומען, ווי אַ צופעליג-

קייט, האָט זיך אַלץ פערשטאַרקט. בושה און שרעק האָבען מיך געצוואונגען צו מאַכען אַנ׳אָנשטעל, אַז די ליעבע־אַוואַנטורע איז גלומר׳שט אַ צויבער־מעשה׳לע, אין וועלכען איך האָב סוף־כל־סוף אַליין אָנגעהויבען צו גלויבען. איך האָב געשפּיעלט אַ ראָל פון אַ פערליעבטען שלימזול, און שפּיעלען איז עס מיר געווען לייכט, ווייל זי האָט אין אַלץ האַרמאָנירט מיט מיינע ווירקליכע געפּיהלען, אויסער דעם אָביעקט.

סוף־כל־סוף האָב איך מיך פערפּלאָנטערט אין מיינע אייגענע געצען. אין איינעם אַ שענעם טאָג, בשעת איך בין געקומען אַהיים, האָב איך געפונען אַ קאַרטע פון איינעם אַנ׳X., אַ שרייבער ביי דער גרעניץ־קאַמער. דאָס איז געווען נישט קיין אַנדערער, ווי איהר פאָטער. איך האָב באַלד אָבגעגעבען דעם וויזיט. דאָס איז געווען אַ קליינינטשיק זקנ׳דעל, ענליך צו זיין טאָכטער—אַנ׳אמת׳ע קאַריקאַטור פון אַ קאַריקאַטור. פון דער ערשטער מינוט אָן האָט ער זיך אָנגעהויבען בעציהען צו מיר אַזוי, ווי צו אַ קינפטיגען איידעם. ער האָט זיך פונאַנדערגעפרעגט וועגען מיין פאַמיליע, מיינע פערדיענסטען, מיינע פערספּעקטיווען. מיט איין וואָרט, ער האָט מיך פשוט עקזאַמינירט. די זאַך האָט געשמעקט מיט עפּיס זעהר ערנסטעס...

וואָס טהוט מען? איך האָב מיך געפּרובט מאַכען פאַר איהם תמ׳עוואַטע, מעשה־גאָרנישט, און אָבשאָקלען פון זיך זיינע פאָטערליכע פּרעטענזיעס. זיין נסיעה קיין שטאָקהאָלם איז געווען צו־קלאָר: אָדער ער האָט געוואָלט פּטור־ווערען פון זינגער, וואָס איז איהם נישט געווען צום האַרצען, אָדער די שענהייט האָט מיך געוואָלט בעגליקען מיט׳ן אויסוואַהל, אויב די עקספּערטען וועלען געבען אַ גוטע מיינונג וועגען מיר. איך האָב מיך געהאַלטען גאַנץ נישט־העפליך, האָב מיך געסטאַרעט אַרויסצודרעהען ביי יעדער געלעגענהייט, דורכגעלאָזט אפילו אַ מיטאָג ביי דער באַראָנעסע, פערמאַטערט מיין צרה׳דיגען שוועהר, וויילעווייז אַוועקגעלאָפען פון איהם אונטער דער אויסרייד פון אַ נייטיגער אַרבייט אין דער ביבליאָטעק און סוף־כל־סוף אויס-

געפיהרט אַזוי, אַז מיין צו׳כעס׳טער שוועהר איז אַוועקגעפאָהרען פריהער פאַר דער צייט.

האָט געוואוסט דער קאָמעדיאַנט, וועמען ער האָט צו דאַנקען פאַר זיין פאַמיליען-גליק, ווען ער איז געגאַנגען חתונה-האָבען מיט זיין מאַדאָנע?.. אודאי, האָט ער עס קיינמאָל נישט געוואוסט און האָט זיך שטאָלץ צוגעשריבען דעם פערדיענסט, אַז ער האָט מיך כלומר׳שט דערהייטערט פונ׳ם קאָמפּספּלאַך.

---

געשעהן אַ זאַך, וואָס איז אַדורכגעגאַנגען נישט אָהן אַ ווירקונג אויף אונזער ווייטערדיגען גורל. די באַראָנעסע איז פלוצלונג אַוועקגעפאָהרען מיט דער טאָכטער אין אַ דאָרף. דאָס איז געשעהן אין אָנהויב אויגוסט. צו פערריכטען דאָס געזונד, האָט זי אויסגעוועהלט די וואַנעס מאַניאַפּרעד אין דער מעלאַרער אָזערע, וואו צו דער צייט האָט גראָד געוואוינט איהר קליינישקע קוזינע מיט די עלטערן.

דערדאָזיגער פּלעצליכער אָבפאָהר, אין אַ טאָג אַרום נאָכדעם, ווי זי האָט זיך אומגעקעהרט פון דער לאַנגער נסיעה, האָט מיר אויסגעוויזען זעהר ווילד, גאָר אַזוי ווי די זאַך האָט, אין פלוג, מיך נישט אָנגעריהרט, האָב איך מיט קיין זאַך נישט אַרויסגעוויזען מיין פערוואונדערונג. אַוועק דריי טעג און דער באַראָן האָט געשיקט נאָך מיר. ער איז געוועזען אונרוהיג, נערוועאיש, פול מיט משוגעת׳ן. ער האָט מיר געזאָגט, אַז די באַראָנעסע וועט זיך אינגיכען צוריקקעהרען.

—גאָר אַזוי!—האָב איך אויסגעשריען און נישט געקאָנט פערבאָרגען מיין פערוואונדערונג.

—יאָ, זי איז אונרוהיג: דער קלימאַט שאַדט איהר. זי האָט מיר אָנגעשריבען עפּיס אַ מאָדנעם בריף, וואָס האָט מיך שטאַרק צורודערט. איבעריגענס, האָב איך קיינמאָל נישט געקאָנט פערשטעהן איהרע קאַפּריזען. טיילמאָל בעפאַלען זי ווילדע געדאַנקען! איצט האָט זי זיך אַריינגעשלאָגען אין קאָפּ, אַז איהר זענט ברוגז.

— — וואָס פאַר אַ פּאָזיציע האָב איך מיך בעדאַרפט האַלטען?
— דאָס איז משונה, נישט וואָהר? איך בעט אייך יעדענפאַלס פון גאַנצען האַרצען, ווען זי וועט זיך צוריקקעהרען, זאָלט איהר מאַכען אַ מינע, ווי איהר וואָלט גאָרנישט בעמערקט. זי שעמט זיך אַזוי מיט איהרע נישט-אויסגעהאַלטענע דעות. זי איז שרעקליך גרויס ביי זיך, און אויב איהר וועט קומען אויפ'ן זינען, אַז איך געפעלען נישט איהרע קאַפּריזען, קאָן זי טהאָן נאָך עפּיס אַ נאַרישקייט.

די זאַך נעהמט-אָן אַ שלעכטע ווענדונג — האָב איך מיר געזאָגט. פון דעמדאָזיגען אויגענבליק אָן האָב איך אָנגעהויבען טראַכטען פון אַנטלויפען, ווייל איך האָב נישט געוואָלט זיין קיין העלד פון ראָמאַנטישער ליידענשאַפט, וואָס איהר ענטוויקלונג דאַרף מען אינגיכען דערוואַרטען.

די ערשטע איינלאַדונג האָב איך פערריבען אונטער זאָהר אַ נישט-געלונגענעם אויסרייד, וואָס איז נאָך פאַלש אויסגעטייטשט געוואָרען. דער רעזולטאַט איז געווען דאָס, וואָס דער באַראָן האָט געפאָדערט אַ ראַנדעוואו און טאַקי אויף דעם ראַנדעוואו מיך געפרעגט, ווי פערטייטשט מען מיין נישט-פריינדליכע בעציהונג. עס פערשטעהט זיך, אַז איך האָב נישט געוואוסט, וואָס מען ענטפערט; ער, ווידער, האָט זיך בעגנוגט מיט מיין צוזאָגונג און גענומען פון מיר אַ וואָרט, איך זאָל מאַכען מיט זיי אַ שפּאַציר הינטער'ן שטאָדט.

אַז איך האָב איצט דערזעהן די באַראָנעסע, האָט מיך איבעראַשט איהר אויסזעהן: דאָס פּנים פערוועלקט, די אויגען האָבען פיבערליך געגלאַנצט. איך האָב מיך געהאַלטען זעהר איינגעשלאָסען, גערעדט מיט אַ קאַלטען טאָן, בשום אופן דאָס האַרץ נישט געעפענט.

אָבגעפאָהרען מיט אַ שיף אַ געוויסע שטרעקע, האָבען מיר זיך אַרויסגעזעצט אין אַ בעקאַנטען האָטעל, וואו אונז האָט בעדאַרפט בעגעגענען דער באַראָן מיט זיין פעטער. דאָס אָווענד-ברויט אונטער'ן אָפענעם הימעל איז דורכגעגאַנגען גאַנץ לאַנגווייליג: פאַר אונז איז געלעגען אויסגעשפּרייט אַ שוואַרצער ים,

בּפּראַהמט מיט שוואַרצע בערג; איבּער אונז האָבּען זיך געצויגען שוואַרצע שטאַמען פון הונדערט-יעהריגע ליפּעס.

דער געשפּרעך איז געווען טרוקען, זיך קוים געצויגען און האָט בּעריהרט נישט קיין וויכטיגע זאַכען. מיר האָט זיך גע-דאַכט, אַז איך זעה שפּורען פון קריעג, וואָס איז פאָרגעקומען צווישען מאַן-און-ווייב און וואָס איז נאָך נישט אַדורכגעגאַנגען; איך האָבּ שרעקליך נישט געוואָלט זיין בּיים ווייטערדיגען קריעג. צום אומגליק, איז דער פעטער מיט'ן פלימעניק אויפגעשטאַנען פון טיש: זיי האָבּען געהאַט צו ריידען פון אייגענע ענינים. די מי-נע וועט בּאַלד-בּאַלד אויפגעריסען ווערען!

אַז מיר זענען געבּליבּען אַליין, האָט זיך די בּאַראָנעסע אָנגעװענדעט צו מיר און געזאָגט מיט אויפרעגונג:

—איהר ווייסט, גוסטאַוו איז זעהר ברוגז אויף מיר דער-פאַר, וואָס איך האָבּ מיך פלוצלונג צוריקגעקעהרט.

—איך ווייס גאָרנישט דערפון.

—ווייסט איהר מסתמא אויך נישט אַז ער האָט געהאַט בּדעה צו טרעפען זיך מיט מיין רייצענדיגער קוזינע אַלע זונטאָג?

—איך בּעט אייך, בּאַראָנעסע—האָבּ איך זי איבּערגעשלאָ-גען—אויבּ איהר ווילט בּעשולדיגען, טאָ טהוט עס, לפּחות, אין בּעגעגנוואַרט פון דעם בּעשולדיגטען.

...וואָס האָבּ איך געטהאָן? דאָס איז געווען אַ גראָבּקייט, אַ קלאָרער שאַרפער פאָרוואורף, געוואָרפען אַ פרוי אין פּנים אַריין, צו פערטיידיגען אַ מאַנספערשוין!

—דאָס איז שטאַרק געזאָגט געוואָרען, מיין הער!—האָט זי אויסגעשריען און דאָ רויט, דאָ בּלאַס געוואָרען פון פערבּליפונג.

—זיכער שטאַרק, בּאַראָנעסע!

צווישען אונז איז אַלץ געענדיגט! אויף שטענדיג!

אַז דער מאַן האָט זיך צוריקגעקעהרט, האָט זי זיך צוגע-דריקט צו איהם, געכאַפּט איהם פאַר'ן האַנד, פּונקט ווי זי וואָלט בּיי איהם געבּעטען שוץ געגען אַ פיינד. דער בּאַראָן האָט עס בּעמערקט, אָבּער ער האָט נישט פערשטאַנען איהר אויפרעגונג.

אין האַפען האָבּ איך איבּערגעלאָזט מיינע פריינד, מיט-

טיילענדיג זיי, אַז איך בעדאַרף צופאָהרען אויף אַ נאָהנטער דאַטשע.

איך קאָן נישט זאָגען, ווען איך האָב מיך אומגעקעהרט אין שטאָדט אַריין. מיינע פיס האָבען געשלעפּט אַ טויטען גוף. דער לעבענס-קנופּ איז איבערגעהאַקט געוואָרען. דאָס איז געווען אַ טרופּ, וואָס האָט זיך אַרומגעשלעפּט איבער די גאַסען.

אַליין! ווידער בין איך אַליין, אָהן פריינד, אָהן אַ פאַמיליע. און איך האָב נישט ווען צו פערגעטערן! גאָט האָט זיך נישט געלאָזט בעשאַפען, די סטאַטוע פון דער מאָדאָנע איז אַראָבגעשליידערט געוואָרען. דער אַראָבגעפאַלענער פאָרהאַנג האָט אויפגעדעקט אַ פרוי, וואָס איז פאַלש, געוויסענלאָז און בעוואָפענט מיט נעגעל. זי האָט מיך געוואָלט מאַכען פאַר איהר בעפאָלמעכטיגטען און געמאַכט דעם ערשטען שריט צו פעררא(?)ט. און אין דערדאָזיגער מינוט איז אין מיר אויפגעשטאַנען די אַלטע שנאה צו איהר געשלעכט. זי האָט מיך בעליידיגט, אַלס מענש און אַלס געשלעכט און איך האָב מיך געשטעלט אויפ׳ן צד פון איהר מאַן—געגען דעם ווייב. איך וויל מיך גאָרנישט ריהמען מיט מיינע גוטע מדות. אין ליעבע האַנדעלט נישט דער מאַנספערשוין ווי אַ גנב, ער נעהמט נאָר דאָס, וואָס מען גיט איהם. בלויז די פרוי גנב׳עט און פערקויפט זיך. און דער איינציגער פאַל, ווען זי גיט זיך אָב אָהן אייגענניץ, איז דער, ווען זי פעררא(?)ט דעם מאַן. אַ מיידעל פערקויפט זיך, אַ יונגע פרוי פערקויפט זיך און נאָר אַ פעררעטערין גיט זיך אָב איהר געליעבטען, בע׳גנב׳ענענדיג איהר מאַן.

איבעריגענס, האָב איך זי גאָרנישט געוואָלט פאַר אַ געליעבטע. זי פלעגט מיר שטענדיג בלויז גורם-זיין אַ געפיהל פון פריינדשאַפט. בעשיצט אין מיינע אויגען דורכ׳ן קינד, האָט זי מיר שטענדיג אויסגעוויזען בעדעקט מיט׳ן פאַנצער פון מוטערשאַפט. און בשעת זי האָט זיך געפונען נעבען איהר מאַן, האָב איך קיינמאָל נישט געהאַט דעם בעגעהר צו טיילען מיט איהר דעם פיזישען עקסטאַז, וואָס איז פאַר זיך גופא נישט קיין ריי-

נער. וואָס ווערט אָבער ריין דורך אַ פולער אויסשליסליכער בע-הערשונג.

דערשלאָגען, צוקלאַפּט, האָב איך מיך צוריקגעקעהרט אין מיין צימערל נאָך אַ מפּהר-פעראיינזאַמטער, ווי פריהער, וואָרום פון יענער צייט אָן, זינט איך האָב מיך בעקאַנט מיט דער באַ-ראָנעסע, האָב איך מיך דערווייטערט פון מיינע חברים און פונ׳ם גאַנצען קרייז געלעהרטע פון דער באָהעמע.

## IV.

מיין צימער אונטער׳ן דאַך איז געווען אַ גאַנץ היבש צי-מער מיט צוויי פענסטער, וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען אויפ׳ן בייעם האַפען, אויף דער בוכטע און אויף די שטיינערנע בערג פון דעם דרומ׳דיגען טייל שטאָדט. אין די פענסטער האָב איך מיר איינגעאָרדענט אַ קליין גערטענדעל. בענגאַלישע רויזען, אַזאַ-ליען, הערזאַן האָבען מיר געגעבען בלומען פאַר דעם געהיימען קולט, וואָס איך האָב איינגעפיהרט לכבוד מיין מאַדאָנע און איהר קינד. איך האָב בעקומען די געוועהנהייט אַראָבצולאָזען אַלע אָוענד די שטאָרען, פונאַנדערשטעלען די טעפּ מיט בלומען אין דער פאָרם פון אַנ׳אַפּסידע און אונטער דעם אַוועקשטעלען איהר פּאָרטרעט בעלויכטען פון אַ לאָמפּ. אויף דעמדאָזיגען פּאָרטרעט איז זי געמאָלט געוואָרען, ווי אַ יונגע מוטער. איהרע עטוואָס שטרענגע שטריכען האָבען געאָטעמט מיט אונגעוועהנליכער צניעות פון אַ יונגער מוטער; דאָס פיינע קעפּעל איז בעקרוינט געווען מיט העלבלאָנדע האָהר. זי האָט געטראָגען אַ ווייס קלייד, וואָס איז דערגאַנגען ביז דער גאָמבע און בערעהמעלט איהר געזיכט מיט אַ האָפּריירטען קאָלנערל. אויפ׳ן טיש, נעבען איהר, איז גע-שטאַנען איהר מיידעלע, איינגאַנצען אין ווייסען און טרויעריג געקוקט אויפ׳ן צושויער מיט איהרע ליעבע אויגעלעך. וויפיעל בריף „צו מיינע פריינד״ האָב איך אָנגעשריבען פאַר דעמדאָזי-גען פּאָרטרעט—בריף, וואָס פלעגען אינדערפריה אַוועקגעשיקט ווערען אויפ׳ן אַדרעס פונ׳ם הער באַראָן! אין יענער צייט איז

עס געװען די אײנציגע צופּאַסונג, װאָס איך האָב געקאָנט גע-
בען מײן שריפטשטעלערישען טאַלענט. איך האָב באמת אַרײַנ-
געלעגט אין זײ די גאַנצע טיעפקײט פון מײן נשמה! אױסקװע-
שטשען זידראָזיגע נישט-געלונגענע אַרטיסטין אויף אַנ׳אַנדער
װעג, האָב איך דער באַראָנעסע גע׳עצה׳ט, זי זאָל פּרובען איהרע
פּאָעטישע טרױמען אין אַ ליטעראַרישער פאָרם. איך האָב איהר
געבראַכט שעדעװרען פון אַלע ליטעראַטורען און געגעבען איהר די
ערשטע נויטיגע בעגריפען פון פּאָעטישער שאַפונג, געמאַכט מיט
איהר איבערזיכטען, געגעבען דערקלערונגען, אַנאַליזירט פערשי-
דענע װערק און געשאָטען מיט עצות און פּראַקטישע אָנװײזונ-
גען. זי האָט זיך גאַנץ שװאַך אינטערעסירט מיט דעם אַלעם, פון
סאַמע אָנהויב געצװײפעלט דערין, צי איהר װעט געלינגען בע-
הערשען די קונסט פון שרײבען. איך האָב זי פערזיכערט, אַז
יעדער מענש, װאָס האָט בעקומען בילדונג, פערמעגט די פעהיג-
קײט צו שרײבען. זאָל זײן בריף—דאָס איז שױן אױך אַ קערנ-
דעל פון שריפטשטעלערײ, װאָס מען קאָן אין זיך ענטװיקלען.
דאָס אַלץ האָט צו גאָרנישט דערפיהרט! די לײדענשאַפט צו דער
סצענע האָט זי צו-טיעף בעהערשט. זי האָט פערזיכערט, אַז די
רעדע-קונסט זיצט אין איהר פון געבױרען-אָן. אַזױ װי איהר גע-
זעלשאַפטליכע שטעלונג האָט איהר נישט דערלױבט אַרױסצוטרע-
טען אויף די ברעטער פון דער סצענע, האָט זי אָנגענומען אַ
פּאָזיציע פון אַ מערטירערין צום שאָדען פון איהר פאַמיליענלע-
בען, דער מאַן איהרער איז געװאָרען מײן מיט-חבר אין אַנ׳אונ-
טערנעהמונג, װאָס איך האָב פאַרגענומען מיט׳ן צװעק צו ראַ-
טעװען די יונגע פרױ פון אַ שרעקליכען קלאַפּ. ער איז מיר גע-
װען זעהר דאַנקבאַר, אָבער ער האָט זיך נישט דערװעגט צו
בעטײליגען זיך פערזענליך און שטאַרק אין דער זאַך. און כאָטש
די באַראָנעסע איז געװען געגען שריפטשטעלערײ, דאָך האָב איך
איהר ענטװיקעלט מײן געדאַנק און אײ יעדען בריף געראַטען
אױפצופּעפּענען, אַזױ צו זאָגען, די אינערליכע װאונד און אױס-
פּרובען די כחות אין אַ ראָמאַן, אין אַ דראַמע אָדער אין ליעדער.
—אױב איהר האָט איבערגעלעבט אַ שװער לעבען—האָב

איך איהר געשריבען—טאָ נעהמט פשוט די הויפּטשטריכען פון אייער לעבענסאינהאַלט. נעהמט אַ העפט, אַ פעדער און זעצט נאָר קודם-כל אָפּענהערציג—און איהר וועט ווערען אַ שריפטשטעלע-רין,—האָב איך זי איבערצייגט מיט בערנע׳ס ווערטער.

—דאָס איז דאָך אָבער אַ שטאַרקער וועהטאָג—פון דאָסניי איבערצולעבען דעם גאַנצען פּיין פון דער אייגענער עקזי-סטענץ!—האָט זי מיר געענטפערט.—ניין, נאָר אין דער טעאַטער-קונסט וועל איך מיך פערגעסען, אין דער שילדערונג פון נאַטו-רען, וואָס שיידען זיך אונטער אינגאַנצען פון מיינער.

איך האָב זי קיינמאָל נישט געפרעגט, וואָס סטאַרעט די זיך צו פערגעסען. אין גרונד גענומען, האָב איך גאָרנישט געקאָנט איהר עבר. האָט זי זיך געשראָקען צו געבען אַ שליסעל צו איהרע סודות, צו איהר כאַראַקטער? האָט זי געוואָלט אויף דער סצענע זיך בעהאַלטען אונטער אַ מאַסקע, אָדער זי האָט גע-טרוימט צו בעקומען אַ נאָמען אין אַזוינע ראָלען, וואָס זענען נישט פאַר איהרע כחות?

אויסשעפּענדיג אַלע אַרגומענטען, האָב איך איהר, צולעצט, געראַטען ווערען אַנ׳איבערזעצערין. דאָס וועט פערפאָלקאָמען איהר סטיל און איהר געבען בעקאַנטשאַפטען אין דער פערלעגערישער וועלט.

—צאָהלט מען כאָטש גוט די איבערזעצערינס?—האָט זי געפרעגט.

—גאָרנישט שלעכט. אָבער מען דאַרף פערשטעהן די זאַך—האָב איך געענטפערט.

—איהר מיינט אודאי, אַז איך בין אויגענבליקליך, אָבער אַנ׳-אַרבייט, וואָס ברענגט נישט קיין ממשות׳דיגע רעזולטאַטען, קאָן מיך נישט צוציהען.

זי איז אַלזאָ, ווי אַלע היינטיגע פרויען. געוועזן משוגע דערויף: אַליין פערדיענען אויף ברויט.

פון דעם טאָג אָן האָט זי מיך נישט אויפגעהערט צו בעטען:

—קריגט מיר אַ גוט בוך צום איבערזעצען און אַ פערלעגער!

איך האָב איהר ווי-עס-איז געקראָגען אַ פּאָר קורצע אַרטי-

קעלער, בעשטימט פאַר אַנ׳אילוסטרירטען זשורנאַל, וואָס האָט גאַנץ שוואַך געצאָהלט.

אַוועק אַ גאַנצע וואָך, און די איבערזעצונג — אַ לייכטע אַרבייט, וואָס מען האָט געקאָנט מאַכען אין אַ פּאָר שעה — איז נישט געווען פערענדיגט. דער באַראָן, וואָס האָט זי ליעב געהאַט צו רייצען, האָט זי גערופען פוילערקע און פערזיכערט, אַז זי כראָפּעט ביז האַלבען טאָג. דערויף האָט זי איהם געענטפערט מיט אַזוינע רעפּליקעס, וואָס האָבען בעוויזען, אַז ער האָט אָנגעטראָפען אויף אַ קראַנקען אָרט. איך האָב שוין מעהר נישט געזעה׳ט: איך האָב שוין קיין שום חשק נישט געהאַט דערצו, דאָס פּאָרל זאָל זיך אַרומרייסען.

אַזוי איז בעשטאַנען די זאַך, ווען צווישען אונז איז פאָרגעקומען אַ צורייסונג.

...איך בין געזעסען אין מיין צימערל פאַר דער באַראָנעסע׳ס בריף. איינעם נאָכ׳ן צווייטען בין איך זיי אַדורכגעלאָפען און דאָס האַרץ האָט זיך מיר צוזאַמענגעדריקט. דאָס איז געווען אַ פערצווייפעלטע נשמה, אַ נישט-אויסגענוצטע קראַפט, אַ נישט-אַרויסגעוויזענער טאַלענט, אויך אַזוי ווי מיינער. אָט פון וואַנען עס איז געקומען די סימפּאַטיע צווישען איינאַנדער. איך לייד אויף איהר, פּונקט ווי דאָס וואָלט געווען אַ בעזונדער אָרגאַן פון מיין אייגענער פיינליכער אויסגעמוטשעטער נשמה, וואָס איז אַליין נישט פעהיג צו געניסען דאָס פיינליכע פערגעניגען פון וועהטאָג.

און וואָס האָט זי אייגענטליך געטהאָן אַזוינס, אַז איך זאָל מיך אויפהערען צו אינטערעסירען מיט איהר? אין אַ מינוט פון אויפעריגקייט האָט זי זיך מיר געקלאָגט אויף די צרות פון איהר פאַמיליענלעבען. און איך האָב זי אָבגעשטויסען, דערווייטערט פון זיך, אָנשטאָט דעם, וואָס איך האָב זי בעדאַרפט בעסער אויפקלערן. דאָס איז נאָך געווען בעזונדערס לייכט, ווייל לויט דעם מאַנס ווערטער, האָט זי איהם געגעבען פרייהייט אין דער ספערע פון מאַן-פליכטען.

מיך איז בעפאַלען אַ שטאַרק געפיהל פון מיטלייד צו דער

דאָזיגער פרוי, וואָס האָט זיכער געטראָגען אין זיך סומנע סודות פון אונגאָרמאַלע זאַכען—סיי קערפּערליכע און סיי גייסטיגע. מיר האָט מיט אַמאָל אויסגעוויזען, אַז איך האָב מיך זעהר שלעכט בעגאַנגען, וואָס איך האָב זי איבערגעלאָזט אויף זיך אַליין. און אַז דערדאָזיגער פיינליכער צושטאַנד האָט דערגרייכט דעם העכסטען פּונקט, האָב איך מיך געזעצט ביים טיש און איהר אָנגעשריבען אַ בריף, אין וועלכען איך האָב געבעטען ענטשולדיגונג. איך האָב זי שטאַרק געבעטען, זי זאָל מיר מוחל-זיין דאָס געשעהענע, און דעם איינדרוק, וואָס זי האָט אויף מיר דעמאָלט געמאַכט, האָב איך דערקלערט מיט עפּיס אַ טעות. אָבער די ווערטער זענען מיר נישט געקומען אויפ׳ן שכל, די פּען איז רוהיג געלעגען אין האַנד. אַ דערשלאָגענער, אַ מידער, האָב איך מיך געוואָרפען אין בעט אַריין.

אַז איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, איז געווען אַ וואַרימער, נאָר אַ שטאַרער אויגוסט-פריהמאָרגען. אַ צובראָכענער און אַ ביי-זער בין איך אַכט אַ זייגער אינדערפריה אַוועק אין ביבליאָטעק אַריין. איך האָב געהאַט ביי זיך דעם שליסעל, האָב געקאָנט אַריין אין ביבליאָטעק און פערברענגען דאָרטען אַ פּאָר שעה, ביז זי וועט געעפענט ווערען פאַר׳ן פּובליקום. איך האָט אַרום-געבלאָנקעט צווישען די רייהען ביכער, אין די דורכגאַנגען, און געהאַט תענוג פון דער אייגענאַרטיגער איינזאַמקייט, אין וועל-כער דו שפּירסט זיך נישט איינזאַם. מיינע געדאַנקען האָבען זיך אַזוי ווי געפונען אין אַנ׳אינטימער בעציהונג מיט די סאַמע זעל-טענסטע קעפּ פון אַלע יאָהרהונדערטער.

אַרויסגעשלעפּט דאָ איין באַנד, דאָ אַ צווייטען, האָב איך איך מיך געסטאַרעט צו פעראינטערעסירען מיט עפּיס אַ געגענ-שטאַנד, וואָס זאָל מיך מאַכען פערגעסען די נעכטיגע סצענע. אָבער איך האָב נישט געקאָנט אַרויסטרייבען פון מיין מח דאָס בעפלעקטע בילד פון דער געפאַלענער מאַדאָנע. אַז איך האָב אָבגעקעהרט די אויגען פון די געלייענטע זייטלעך, וואָס איך האָב קיין איין וואָרט נישט געדענקט פון זיי, האָב איך זי דער-זעהן פאַר זיך דייטליך, אַזוי ווי אין האַלוצינאַציע: זי איז אַראָב

פון די טרעפ, וואָס האָט זיך אונענדליך געדרעהט אויפ'ן היג-
טערשטען פּלאַן פון דעם נידעריגען קאָרידאָר. אַראָבגעהענדיג פון
די טרעפּ, האָט זי אויפגעהויבען די לאַנגע פאַלדען פון איהר
טונקעלבלויען קלייד, בעוויזען די דינע פיס און די פיינע קנע-
כעל און גערופען מיך צו זינד, זיך פאַרגעלעגט מיט יענעם
פאַלשען און קערפּערליכען שמייכעל. דידאָזיגע זעהונג האָט דער-
וועקט אין מיר אַ געשלעכטליכע שפּירונג, וואָס האָט געשלאָפען אין
מיר שוין דריי מאָנאַטען — אַזוי אויסגעהאַלטען-אונשולדיג האָט מיך
געמאַכט די ריינע אַטמאָספערע, וואָס האָט זי אַרומגערינגעלט:
מיין שטאַרקער פערלאַנג האָט זיך אָנגעהויבען אינדיווידואַליזירען,
זיך אָבשטעלען אויף איין זאַך. יאָ, איך האָב זי בעגעהרט! איך
האָב זיך באַלד זי פאָרגעשטעלט אַ נאַקעטע, איבערטראָגענדיג
אויף איהר ווייסען קערפּער די בויגזאַמע ליניעס פון איהר קלייד,
וואָס איך האָב געקאָנט אויף אויסווענינג. און קוים האָט מיין גע-
דאַנק געפונען אַ צוועק, האָב איך מיך געלאָזט זוכען די בילדער
פון די איטאַליענישע מוזייאומס, וואָס אויף זיי זענען געמאָלט
געוועזען די צאָלע בעריהמטע סטאַטועס. דורך דער הילף פון אַ ווי-
סענשאַפטליכער אויספאָרשונג האָב איך געוואָלט אויסגעפינען די
פאָרמול פון דערדאָזיגער פרוי, איך האָב געוואָלט בעשטימען
זיעם מין און אויסזעהן, צו וועלכען זי האָט געהערט. איך האָב
גאָר בעדאַרפט מאַכען אַנ'אויסוואַהל.

איז עס געוועזען אַ וועגוס מיט אַ פעסטער ברוסט, מיט
קיילעכיגע לענדען — אַ נאָרמאַלע פרוי, וואָס וואַרט אויף אַ מאַנס-
ביל און איז זיכער אין דעם גלענצענדיגען טריאומף פון איהר
שענקייט?

— ניין!..

אַ יונאָ? אַ פרוכטבאַרע מוטער, אַ פיעל-שוואַנגערישע פרוי,
וואָס ליעגט אויסגעשפּרייט אין דעם קינפעט-בעט און שטעלט-
אַרויס פאַר אַלעמען יענע טיילען פון איהר רייכען קערפּער,
וואָס ווערען געהאַלטען פאַר נישט-אָנשטענדיגע.

— אויך נישט!..

— איז עס געוועזען אַ מינערווע, אַ בלויער זאָק, אַנ'אַלטע

מויד, וואָס בעהאַלט איהר פלאַכע ברוסט אונטער דעם פאַנצער פון מאַנכביל?

—בשום אופן נישט!

אַ דיאַנע? די בלאַסע געטין, די געטין פון נאַכט, וואָס שרעקט זיך פאַר דעם געפעהרליכען שיין פון טאָג, אַ גרויזאַמע אין איהר געצוואונגענער צניעות—אַ רעזולטאַט פון אַן אָרגאַנישען פעלער—איז צו-פיעל יונגעל, צו-ווייניג מיידעל, וואָס איז געצוואונגענערהייט עהרליך, וואָס קאָן נישט מוחל-זיין אַקטעאָנ'ען דערפאַר, וואָס ער האָט זי אונגעריכט געפונען אין שלאָף-צימער.

אַ דיאַנע! מעגליך, דער מין, נאָר נישט דאָס אויסזעהן!

דאָס לעצטע וואָרט וועט זאָגען די צוקונפט! אָבער אָט דאָס צאַרטע לייב, אָט די פיינע גלידער, אָט דאָס ליעבע פנימ'ל, אָט דער שלאַנקער שמייכעל, אָט די פערדעקטע ברוסט—ברענען זיי מיט אַ געהיימען בעגעהר און די ליידענשאַפט דערוועקט אין זיי דאָס בעדערפעניש צו זעהן בלוט? אַ דיאַנע, זיכער אַ דיאַנע!

איך שרייב ווייטער מיינע אויספאָרשונגען. איך האָב איבערגעקוקט אַלע קינסטלערישע אויסגאַבען, וואָס זענען פאַרהאַן אין דערדאָזיגער רייכער נאַציאָנאַלער אוצר-ביבליאָטעק. איך האָב געוואָלט אַרויסטרייבען פון מיין קאָפּ דעם שאָטען פון דער צניעות'דיגער געטין.

איך האָב געמאַכט פערגלייכונגען, ווי אַ געלעהרטער, זיך געסטאַרעט צו דערווייזען די וואָהרהייטען פון מיינע מיינונגען, געגאַנגען פון ברעג צו ברעג אין דעם גרויסען בנין, זיך געוואָרפען דאָ צו איין ווערק, דאָ צו אַ צווייטען.

צולעצט האָט מיך דאָס קלאַפּען פון זייגער אַרויסגעשלעפּט פון דער מאַכט פון מיינע פאַנטאַזיעס: געקומען מיינע קאָלעגען און איך האָב מיך בעדאַרפט נעהמען פאַר מיינע וואָכענדיגע פליכטען.

---

אין אָווענד האָב איך בעשלאָסען צו בעזוכען מיינע חברים. באַלד ווי איך בין אַריין אין דער לאַבאָראַטאָריע, האָט מען

מיך פון אלע זייטען בעגריסט מיט ווילדע געשרייען, וואס האָ-
בען מיך מיט אמאל אויפגעמונטערט. אין מיטען צימער האט מען
אוועקגעשטעלט א טיש, ווי א מזבח, דערויף איז געלעגען א שאר-
בען און א גרויסע פלאש ציפּן-קאלי. אנ׳אָמענע ביבעל מיט שבו-
רען פון פּאנש איז געלעגען נעבען שארבען. ארום דעם — א קרייז
פון גלאנציגע גלעזער פּאנש, וואס איז אנגעגאסען געווארען פון
א קאלבענגלאז. די חברים ווילען מאכען א גוטען לחיים! מען
לעגט מיר פאר א קאלבענגלאז, אין וועלכען עס געהט-אריין א
האלבער ליטער און איך מאך עס לעדיג מיט איין אָטעם. די
מיטגלידער פון קלוב זאגען אלע ארויס דאס סאקראמענטאלע
וואָרט: „פערשאלטען.״ דערויף הויב איך אן זינגען דאס „ליעד
פון הולטאיעס״:

שכור ווערען,
גארגישט קלערען,
דאס איז נאר דאס לעבענסציעל!

נאך דערדאזיגער פּרעלודיע נעהמען אלע טומלען און פיל-
דערן און אונטער א דונער פון געשרייען הויב איך אן צו בו-
שעווען. אין קלינגענדיגע ליעדער, אין וויסענשאפטליכע טער-
מינען פון אסקלעפּיע ריהמען מיר די פרוי, וואס זי פערקער-
פערט מיט זיך די נישט-פעהיגקייט פון מאנספערשוין צו געני-
סען אליין.

עס פער׳שכור׳ן מיך די גראבע לעסטערישע ווערטער, וואס
איך ווארף מיין מאדאמע אין פנים אריין: דאס איז דער אונ-
געזונדטער רעזולטאט פון מיינע נישט-געשטילטע בעגעהרען. דער
האס צו דעמדאזיגען פאלשען אבגאט שטורמט אין מיר אויף אזוי
שטארק, אז איך דערשפיר עפּיס א ביטער פערגעניגען. די חברים,
אומגליקליכע קבצנים, וואס ווייסען פון ליעבע בלויז פון פרעה-
ליכע הייזער, פאלען-אריין אין עקסטאז, בשעת זיי הערען, ווי
איך בעגיס מיט שמוץ די פרויען פון דער אנשטענדיגער געזעל-
שאפט, צו וועלכע זיי ווערען נישט דערלאזט.

די שכרות וואקסט. איך בין גליקליך, וואס איך הער מענ-
ליכע שטימען: וויפיעל חדשים האב איך פערבראכט אין א סענ-

סימענטאַלער קוויטשעריי, אין אַנ׳אַטמאָספערע פון פאַלשער עהר-ליכקייט און צביעות׳דיגער אונשולדיגקייט! פון מיר איז אַזוי ווי אַראָבגעפאַלען די מאַסקע, פונקט ווי אַנ׳אַראָבגעוואָרפענע דעקע. אונטער וועלכער טאַרטיוף האָט פערבאָרגען זיין זנות. איך זעה אין געדאַנק מיין פערגעטערטע, ווי זי גיט זיך איבער די אַלע קאַפּריזען פון מאַן-און-ווייב-לעבען, כדי צו פערטרייבען דעם אומעט פון דער פוסטער עקזיסטענץ... אויף איהר, וואָס זי איז גאָר דערביי נישטאָ, שיט איך אויס מיינע זידלערייען, מיינע בעליידיגונגען, ווילד שיק איך איהר אַ שפּיי, און דאָס אַלץ טהו איך דערפאַר, ווייל איך קאָן זי נישט בעזיצען, וואָרום אַנ׳אונבעקאַנטע קראַפט האַלט מיך אָב פון זינד.

אין מיינע אויגען ווערט די לאַבאָראַטאָריע—די וויזיע פון מיינע אויפגערעגטע חושים—דער טעמפּעל פון אונגעהויער-ווילדע אָרגיעס און טויזענדער איינדרוקען. אויף די פּאָליצעס שעמערי-רען פלעשער מיט אַלע קאָלירען פון אַ רעגענבויגען: מעניג—רויט, כראָמזויער-קאַליע—אָראַנזש, שוועבעל—געלב, גרינשפּאַן—גרין, וויטריאָל—בלוי. די לופט איז אָנגעפילט מיט טאַבאַק-רויך און דאַמפּען פון פּאָנש, וואָס ווערט צוגעריכט אויף ציטרינען און וועקט אין אונז משונה׳דיגע פאַנטאַזיעס וועגען גליקליכע לענדער. דער קלאַוויר, וואָס איז אָנגעשטעלט אָהן שום האַר-מאָניע, לאָזט-אַרויס משונה׳דיגע קלאַנגען פון בעטכאָווענ׳ס מאַרש אין גאָר אַ ווילדען ריטם. די בלאַסע פּנים׳ער פון די שכורים בעוועגען זיך אין דעם שוואַרץ-בלויען נעבעל, וואָס קנוילט זיך אין לופטען פון די ליולקעס. אַ לייטענאַנט מיט אַ גאָלדענעם שאַרף, אַ דאָקטאָר פון פילאָזאָפיע מיט אַ שוואַרצען בערדעל, אַנ׳-אויסגענייהטער שלאָפראָק, אַ שאַרבען מיט לעדיגע אויגענלעכער; אַ געפילדער, אַ זאַווערוכע פון ווילדע דיסאָנאַנסען, אונרייַנע ביל-דער, וואָס מיר פערשילטען זיי—דאָס אַלץ פלאָנטערט זיך אין מיין מח, וואָס איז שווער געוואָרען דורכ׳ן צופלוס פון בלוט. און פּלוצלונג, אין מיטען-דערינען, הער איך אַ געשריי פון אַ צעהנדליג העלזער:

—מאַנסביל, צו פרויען!

און דער כאָר, צום לעצטען מאָל, הויבט ווידער אָן זינ-גען דאָס ליעדעל:

שכור ווערען,
גאָרנישט קלערען—
דאָס איז נאָר דאָס לעבענסציעל!

מיר טהוען-אָן די שינעלען, וואַרפען-אַרויף די הוטלען אויפ׳ן קאָפּ און לאָזען זיך אַלע צוזאַמען אין וועג אַריין.

אין אַ וואָסער האַלבער שעה פאַלט-אַריין אונזער באַנדע צו די מיידלעך: מען טרינקט פאָרטערוויין, אין אויוען קנאַקט דאָס פייער און מיינע חברים פילען-אויס די נאַכט מיט לעבעדיגע בילדער...

## V.

אויפגעכאַפּט זיך אינדערפריה אויפ׳ן בעט, דערשפיר איך, אַ פערוואונדערטער, אַז איך געהער מיר פון דאָסניי.

די שפורען פון דער נישט-געזונדטער סענטימענטאַליטעט זענען אינגאַנצען פערשוואונדען, און אין די אָרעמס פון נאַכט האָב איך פערגעסען אָן דעם קולט פון מיין מאַדאָנע. מיין צו-פלאָזענע ליעבע זעהט מיר איצט אויס, ווי אַ שוואַכקייט פון גייסט אָדער פון קערפער, וואָס איז איינס און דאָסזעלבע, ווי מיר האָט אין דערדאָזיגער מינוט אויסגעוויזען.

גענומען אַ קאַלטע וואַנע און פערשטאַרקט די כחות מיט׳ן פריהשטיג, בין איך מיר אַוועק אויף מיין געוועהנליכער אַרבייט, זעהר אַ צופרידענער, וואָס צו אַלץ האָט גענומען אַ סוף. איך האָב געאַרבייט אָהן אייִלעניש, און די שעה׳ן זענען שנעל געפלויגען.

שוין געוועזען האַלב איינס אַ זייגער, בעת דער דיענער האָט מיר איינגעזאָגט, אַז דער באַראָן איז געקומען.

—סאָקי באמת!—האָב איך זיך געזאָגט—אַבי איך האָב גע-מיינט, אַז דער אינצידענט איז געענדיגט...

איך האָב מיך צוגעגרייט צו אַ סצענע.

דער באַראָן האָט געשיינט פון פרייד און פריינדליכקייט

און וואָרים געדריקט מיר די האַנד. ער איז געקומען מיך בע-
טען, מיר זאָלען פון דאָסניי מאַכען אַ שפּאַציר מיט דער שיף:
אינ'ם קוראָרט סערערטעליע שטעלען ליעבהאָבער אַ פּיעסע.

איך האָב מיך העפליך אָבגעזאָגט פון דער איינלאַדונג; דער
תירוץ—אַ וויכטיגע אַרבייט.

—דאָס ווייב—האָט ער העפליך געזאָגט—וועט אייך זיין
זעהר דאַנקבאַר, אויב איהר וועט קומען. איבעריגענס, וועט בע-
בי אויך זיין!

בעבי—דאָס איז די בעריהמטע קוזינע.

ער האָט מיך אַזוי שטאַרק געבעטען, אַזוי האַרציג און
ווייך און דערביי אַזוי טרויעריג געקוקט אויף מיר, אַז איך האָב
נישט איסגעהאַלטען מיין ראָל. אָבער אָנשטאָט אָנצונעהמען אָפּען-
האַרציג די איינלאַדונג, האָב איך געענטפערט מיט אַ פראַגע:

—ווי שפירט זיך די באַראָנעסע?

—נעכטען—נישט גוט, געווען קראַנק אפילו. אָבער היינט
איז איהר שוין בעסער. ליעבער פריינד,—האָט ער צוגעגעבען—
וואָס איז עס פאָרגעקומען צווישען אייך נעכטען אין אָוועגד אין
באָקע? מיין פרוי פערזיכערט, אַז עס איז געשעהן עפּיס אַ פער-
דריעהעניש און איהר זענט בייז געוואָרען אָהן אַ שום סמך.

—יאָ, דאָס איז אמת!—האָב איך נישט זיכער געזאָגט.—
איך האָב ווירקליך נישט פערשטאַנען. מעגליך, איך האָב צופיעל
בעטרונקען. איך האָב געמאַכט אַ פעלער...

—לאָמיר עס פערגעסען!—האָט ער איילִיג געזאָגט—און,
די פריהער, זיין גוטע פריינד. איהר ווייסט דאָך, אַז פרויען
בעליידיגען זיך שנעל! אַלזאָ, איז בעשלאָסען, איהר זענט איינ-
שטימיג, נישט וואָהר? היינט פיער אַ זייגער וואַרטען מיר זי-
כער אויף אייך.

איך האָב געזאָגט—יאָ!

...אַן'אונפערשטענדליך רעטעניש! אַ מאָדנער טעות!

...אָבער זי האָט געליטען! געליטען פון שרעק, פון ער-
צערניש... אָדער?...

איצט האָט דידאָזיגע געשיכטע בעקומען גאָר אַ נייעם איינ-

טערעס צוליעב דער נייער קליינישקער קוזינע. מיט א קלאפּעני-דיגען הארצען בין איך אין דער בעשטימטער שעה ארויף אויפ׳ן שיף.

איך האב אויפגעזוכט מיינע פריינד, די בארא̃נעסע האט מיך בעגריסט מיט דער צערטליכקייט פון א שוועסטער.

—איהר זענט דאך מסתמא נישט בייז אויף מיר פאר מיי-נע חערטער. איך ווער אזוי לייכט אויפגערעגט...

—הער אקסעל... פריילין בעבי...

דער בארא̃ן האט אונז איינאנדער פארגעשטעלט. פאר מיר איז געשטאנען א יונג מיידעל נישט עלטער פון זיבעצעהן יאהר, א טיפּ פון א סוברעטין, פונקט אזא, ווי איך האב מיך פארגע-שטעלט. א פשוט פיגורל, געוועהנליכע שטריכען, אנגעטהאן אייג-פאך, מיט פרעטענזיעס אויף עלעגאנץ.

אבער די בארא̃נעסע? זי איז געוועזן בלאס, ווי דער טויט, די באקען איינגעפאלען. זי האט אויסגעזעהן זעהר אבגעצעהרט; די בראסלעטען האבען געקלונגען אויף איהרע הענד. דער האלז האט ארויסגעשטעקט פון קאלנערל און עס איז געווען קענטיג, ווי ביי די שלייפען האבען זיך געשלענגעלט בלויע אדערן, וואס זע-נען נאך געווען בעזונדערס בולט צוליעב דער שלעכטער פריזור. זי איז אויך געווען שלעכט אנגעטהאן. זי האט געטראגען א קלייד פון שרייענדיגע פארבען, וואס האבען נישט הארמאנירט צווישען איי-נאנדער. קורץ, זי איז געווען העסליך. זי האט ארויסגערופען אין מיר גרויס רחמנות און איך האב פערשאלטען מיין אויפפיה-רונג אין יענעם אומגליקליכען אווענד. איז דידאזיגע פרוי א קא-קעטין? א מערטירערין! א הייליגע, וואס טראגט דעם יאך און נישט-פערדיענטע ליידען.

די שיף האט זיך געריהרט. דער קלארער אויגוסט-אווענד אויף דער מעלארער אזערע האט געצויגען צו שטילע חלומות.

איך ווייס נישט, צי צופעליג, צי מען האט פריהער אב-געשפרעכט אזוי, נאר די קוזינע מיט׳ן בארא̃ן האבען פערנומען א ן׳ארט אזוי ווייט פון אונז, אז מיר האבען איינע די אנדערע נישט געהערט.

אָנגעבויגט צום מיידעל, האָט דער באַראָן געפּלוידערט, געלאַכט, אָהן אַנ׳אויפהער זיך געוויצעלט מיט דער פרעהליכער מינע פון אַ יונגען חתן.

פון צייט-צו-צייט האָט ער געוואָרפען צו אונז שטראַהלענדיגע בליקען און מיר האָבען צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און אויך געשמייכעלט.

—וואָס פאַר אַ מאָדנע פרעהליך בעשעפעניש דאָס איז, נישט וואָהר?—האָט די באַראָנעסע געזאָגט.

—עס זעהט-אויס אַזוי, באַראָנעסע—האָב איך געענטפערט און נישט געוואוסט, ווי מען בעדאַרף זיך בעציהען צו דידאָזיגע ווערטער.

—זי קאָן אַזוי בעוועגען מיין פערגליווערטען מאַן! איך בעזיץ נישט דעם טאַלענט—האָט זי צוגעגעבען און אַ שמייכעל געטהאָן דעם פּאָרל אָפענהאַרציג און פריינדליך.

אָבער אין דעם אייגענעם אויגענבליק האָט איהר פּנים אויסגעדריקט גרויס אַנגסט, קוים איינגעהאַלטענע טרעהרען, אונמענשליכע געהאָרזאַמקייט צום גורל. ווי וואָלקען זענען איהר איבער׳ן פּנים אַדורכגעלאָפען אונמערקליכע שאָטענס פון גוטסקייט, פון מסירת-נפש, פון וועלען זיך מקריב-זיין, וואָס מען קאָן עס זעהן נאָר ביי שוואַנגערע פרויען און ביי יונגע מאַמעס.

איך האָב מיך געשעמט מיט מיין אונגערעכטען חשד, איך האָב מיך געפּייניגט פון חרטה און בין געוועזן אַ היבש ביסעל נערוועאיש; מיט גרויסע שוועריגקייטען האָב איך איינגעהאַלטען די טרעהרען, וואָס זענען מיר צוגעטראָטען צו די אויגען און האָב מיך געאיילט אַזוי אָדער אַנדערש פערפיהרען אַ שמועס.

—און איהר זענט נישט אויפעריג?

—אָ האָהר נישט!—האָט זי געענטפערט אָפענהאַרציג, אָהן דער קלענסטער תנועה פון אונצופרידענהייט.—אייך וועט עס אפשר אויסווייזען מאָדנע, אָבער דאָס איז אַזוי. איך האָב ליעב מיין מאַן—ער האָט אַ גוט־הארץ. איך האָב ליעב דאָס קינד—דאָס איז אַ ליעב וועזען. און דאָס אַלץ איז דאָך אַזוי אונשול-

דיג. פוי, אויפערן, דאָס מאַכט דאָך אונז העסליך; אין מיינע יאָהרען בעדאַרף מען האָבען דרך-ארץ צו זיך.

עס איז מיר געווען שווער צו קוקען אויף איהר—אַזוי העסליך איז זי געווען. עפּיס אַ מאָדנע שטימונג האָט געווירקט אויף מיר און איך האָב איהר פּאָטערליך געראַטען, זי זאָל אַרויפוואַרפען אויף זיך אַ טוך, ווייל זי קאָן זיך צוקיהלען פון אַ צוגווינד. האָב איך בעדעקט איהרע אַקסלען מיט אַ לאַנגער וואָהלענער טוך און בערעהמעלט דערמיט איהר געזיכט אַזוי קונציג, אַז זי האָט זיך פערוואַנדעלט אין אַ שענהייט.

מיט וואָס פאַר אַ רייצענדיגען שמייכעל האָט זי מיך בעדאַנקט! זי האָט אויסגעזעהן זעהר גליקליך, איז געווען דאַנקבאַר, ווי אַ קינד, וואָס בעט זיך גלעטען.

—אָרימער מאַן מיינער, ווי עס טהוט מיר הנאה, וואָס ער ווייסט זיך. ער האָט אַזוי פיעל זאָרג... אַך, ווען איהר וואָלט עס נאָר געוואוסט!

—גאָט אין הימעל, באַראָנעסע—האָב איך מיך דערוועגט—ענטשולדיגט מיר די העזה, אָבער זאָגט מיר, וואָס ערגערט אייך? איך פיהל, ווי אין אייער לעבען איז אַריין אַ גרויסע זאָרג. מעגליך, אַז איך וועל אייך קאָנען העלפען מיט אַנ'עצה. און אויב איך וועל אייך קאָנען זיין נוציג אין דעם פּרט, טאָ נוצט-אויס מיין פריינדשאַפט.

שווערע זאָרגען האָבען געדריקט מיינע אָרימע פריינד. אַ שרעקליכער שאָטען פון רואינירונג—אַנ'אימה'דיגער, אַ מאוס'ער שאָטען איז געהאַנגען איבער זיי. ביז דער צייט איז די קלייניגקייט פון באַראָן דערפילט געוואָרען מיט די געלדער פון דער באַראָנעסע'ס נדן. אָבער נישט לאַנג האָבען זיי זיך איבערצייגט, אַז דערדאָזיגער נדן איז געווען אַ געצליגער טאָג, ווייל ער איז בעשטאַנען פון פּאַפּירען, וואָס זענען גאָרנישט ווערט געווען. דער באַראָן האָט זיך געוואָלט אָנגעבען אין דימיסיע און געזוכט אין אַ באַנק אַ פּאָסטען פון אַ קאַסיר.

—אָט פאַרוואָס—האָט זי געענדיגט—מיר איז געקומען אויפ'ן זינען אויסצונוצען דעם טאַלענט, מיט וועלכען דער מזל האָט

מיך בעטיילט. דעמאָלט וואָלט איך געקאָנט אַריינטראָגען מיין חלק אין די שטוב-הוצאות. אַך, דאָס איז מיין שולד: איך האָב איהם אַריינגעצויגען אין נויט, קאַליע געמאַכט איהם די קאַריערע...

וואָס האָב איך געקאָנט זאָגען און וואָס האָב איך געקאָנט טהאָן אין אַזאַ שווערער לאַגע, וואָס וועגט-אַריבער מיינע כחות? אָבנאַרענדיג זיך, האָב איך מיך געפּרובט מאָלען איהר מעמד אין אַ מעהר-העלערן ליכט, ווי דאָס איז געווען אין דער ווירקליכקייט.

אַלץ וועט איינגעאָרדענט ווערען! און כדי צו בערוהיגען זי, האָב איך איהר אָנגעוואָרפען אַ בילד פון אַ זאָרגלאָזער צוקונפט, פול ליכט און לעבען. איך האָב געבראַכט צו שלעפען די סטאַטיסטיק פון פאָלקסווירטשאַפט, בעווייזען איהר, אַז עס דערנעהנטערן זיך בעסערע צייטען און אַז די פּאַפּירען וועלען זיך אויפהויבען אין זייער ווערט. איך האָב אויסגעטראַכט פאַנטאַסטישע קוועלען פון הכנסה און בעשאַפען אַ נייע אָרגאַניזאַציע פון דער אַרמעע, וואָס וועט פאָדערן אַ סך נייע פּאָסטענס.

דאָס אַלץ איז געווען נישט-געשטויגען, נישט-געפלויגען, אָבער דאָס האָט געגעבען דער באַראָנעסע מוט, האָפנונג, אפילו אַ גוטע שטימונג.

אַראָבגעגאַנגען אויפ׳ן ברעג, האָבען מיר בעשלאָסען דורכצושפּאַצירען זיך ביז׳ן אָנהויב פון ספּעקטאַקל. מיט דער קוזינע האָב איך נאָך קיין איין וואָרט נישט אויסגערעדט. איבעריגענס, האָט זי דער באַראָן אויף אַ מינוט נישט אָבגעלאָזט. ער האָט געטראָגען איהר פעלערינקע, געפרעסען זי מיט די אויגען, פערשאָטען זי מיט אַ האָגעל ווערטער, דערוואַרימט זי מיט׳ן אָטעם. זי אָבער איז געווען קאַלט און רוהיג, האָט בלויז געגלאָצט מיט די אויגען, וואָס האָבען האַרמאָנירט מיט איהר רוהיגען פּנים. עטליכע מאָל האָבען זיך איהר אַרויסגעריסען פראַזען, פון וועלכע דער באַראָן האָט געקייכט פון געלעכטער; אין דערזעלבער צייט האָט קיין איין מוסקול נישט אַ ציטער געטהאָן אויף איהר געזיכט. לויט׳ן שפּיעל פון תנועות, וואָס האָבען זיך געלאָזט זעהן אויפ׳ן געזיכט פון איהר קאַוואַלער, האָבען זיי זיך, אפנים, דורכגעוואָר-

פען מיט אַזוינע ווערטלעך און רמזים, וואָס זענען געווען פער-שטענדליך נאָר זיי אַליין.

צולעצט, האָט דער צושויער-זאַל געעפענט זיינע טהירען, מיר האָבען זיך צוגעאיילט צו פּאַקען אַנ׳אָרט — דאָס זענען געווען נישט קיין נומערירטע ערטער.

אויפגעהויבען געוואָרען דער פאָרהאַנג. מיט וואָס פאַר אַנ׳-עקסטאַז האָט די באַראָנעסע פון דאָסניי דערזעהן די ברעטלעך, פון דאָסניי איינגעאָטעמט דעם ריח פון קליי, פאַרב, לייוועגד, רויהען האָלץ, גרים און שוויים!

געשפּיעלט האָט מען דעם „קאַפּריז״. איך האָב ווידער גע-האַט אַנ׳אונאָנגענעהם געפיהל — אפנים, אַז דאָס איז אַ זכרונות-רעזולטאַט פון מיין נישט-געלונגענעם לעבען, וואָס האָט זיך אַזוי געריסען צו דער סצענע, אָדער דאָס איז אַ נאַטירליכער פועל-יוצא פון מיין נעכטיגען הוליען. אַז דער פאָרהאַנג איז געפאַלען, האָב איך איבערגעלאָזט מיין אָרט, זיך שטילערהייד אַרויסגע׳גנב׳עט אין רעסטאָראַן אַריין און דאָרטען אונטערגעהאַלטען די כחות מיט אַ צווייענדיגער פּאָרציע אַבסענט. דערנאָך בין איך שוין גע-זעסען ביז׳ן סוף פון דער פאָרשטעלונג.

די פריינד בעטען מיך אויף אָווענדברויט. זיי זעהען-אויס עטוואָס מיעד און מיט גרויס מיה פערבאָרגען זיי דעם פער-דרוס, וואָס איך בין אַנטלאָפען געוואָרען. דער טיש ווערט געדעקט ביי אַ שטילשווייגען. קוים וואָס מען וואַרפט זיך דורך מיט אַ וואָרט, די קוזינע שווייגט אַ גאווה׳דיגע און אַ קאָנצענ-טרירטע.

צולעצט, זענען מיר זיך מישב ווענען מעניו. די באַראָנע-סע בעשטעלט פערבייסונג לויט מיין געשמאַק. מיט אַ שאַרפען טאָן, צו-שאַרף פאַר מיינע אָנגעצויגענע נערווען, וואַרפט-אָב דער באַראָן די בעשטעלונג. איך גיב מיך אָב אַלס קרבן מיינע מרה-שחורה׳דיגע געדאַנקען, מאַך אַנ׳אָנשטעל, ווי איך וואָלט גאָר-נישט בעמערקט און קאָמאַנדעווע פון דאָסניי: צובייסונג פאַר צווייען: פאַר זיך און פאַר איהר — זי האָט דאָך געוואָלט צו-בייסען.

דער באַראָן ווערט בלאַס פון גרימצאָרן. אין דער לופט שמעקט מיט שטורם, אָבער קיין איין וואָרט לאָזען מיר נישט פאַלען צווישען זיך.

ביי זיך וואונדער איך מיך אויף מיין דרייסטקייט צו ענטפערן מיט גראָבקייט אויף א בעליידיגונג. אין אַ מעהר-ציוויליזירטען לאַנד וואָלט עס געבראַכט צו זעהר אַנ'ערנסטען סכסוך. די באַראָנעסע האָט אָבער אויפגעמונטערט מיין דרייסטע פערטיידיגונג, זי גיט מיר אונטער היץ און צווינגט מיך צו שמייכלען. אָבער דאָס אַלץ איז אַרויסגעוואָרפען—מיר ריידען נישט. מיר האָבען נישט פון וואָס צו ריידען און מיט סטראַשענדיגע בליקען וואַרפען מיר זיך דורך מיט'ן באַראָן: צולעצט, נעהמט דער באַראָן שעפטשען עפּיס אויפ'ן אויער זיין שכנה'טע; זי ענטפערט איהם מיט אַ זשעסט, שאָקעלט מיט'ן קאָפּ, לאָזט-דורך אַ פּאָר ווערטער, נישט-בעוועגענדיג מיט די ליפּען, און וואַרפט צו מיר אַ שטאָלצען בליק.

דאָס בלוט פאַלט מיר אין קאָפּ אַריין. מיר וואָלטען זיך זיכער צושלאָגען, ווען נישט אַ צופאַל, וואָס האָט אָבגעצויגען דעם שטורם.

אין אַ דערבייאיגען צימער איז געזעסען עפּיס אַ פרעהליך חברה'לע. שוין אַ גאַנצע האַלבע שעה ווי פון דאָרטען האָט זיך דערטראָגען אַ זעגעריי פון קלאַוויר. אָבער דאָס איז זיי געווען ווייניג: נישט-געקוקט אויף די אָפענע טהירען, האָבען זיי אָנגעהויבען זינגען אַ ציניש ליעדעל.

— די טהיר מאַכט-צו!—האָט דער באַראָן געהייסען דעם קעלנער.

נאָר-וואָס צוגעמאַכט די טהיר, האָט מען זי באַלד פון דאָסניי געעפענט. די זינגער האָבען ווידערהאָלט דאָס ליעדעל און צוגעוואָרפען אונז עטליכע האַרבע ווערטער.

איך האָב מיך בעשלאָסען צו בענוצען מיט דער געלעגענהייט און געבען אַנ'אויסוועג מיין פלאַם-פייערדיגען גרימצאָרן.

איך האָב מיך אויפגעהויבען פון שטוהל. מיט אַ פּאָר שפּרונגען האָב איך מיך שוין געפונען נעבען טהיר, וואָס איך

האָב פערהאַקט סאַמע ביי דער נאָז פון דער באַנדע. מיין פּלעצליכער אַרויסטריט געגען דעמדאָזיגען חברה'לע האָט געגעבען דעם עפעקט פון אַ פונק, וואָס איז געוואָרפען געוואָרען אין אַ פאַס פולווער. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ קאַמף. איך האָב שטאַרק צוגעהאַלטען מיט דער האַנד דאָס הענדטעל פון טהיר. אָבער די טהיר האָט זיך געעפענט דורך דער הילף פון אַלעמענס העגד און האָט מיך אַריינגעשלעפט אין דער רעכטער געדיכטעניש פון די צובושעוועטע לאָבוזעס. האָט מען זיך אַ וואָרף-געטהאָן אויף מיר מיט די פויסטען. אין דעמדאָזיגען אויגענבליק האָט זיך געלעגט אויף מיין אַקסעל אַ האַנד און פון הינטען האָט זיך דערהערט אַנ'אויפגערעגטער קול:

—האָבען זיי גאָר קיין שום שטאָלץ נישט, אַז אַ גאַנצע מחנה זאָל אָנפאַלען אויף איינעם?

דאָס איז געווען די באַראָנעסע. פערגעסען אָן די כּללים פון אָנשטענדיגקייט, האָט זי ביי אַ שטאַרקען מאָמענט פון אויפרעגונג אַרויסגעוויזען מיר מעהר-וואָרימע געפיהלען, איידער זי האָט עס געוואָלט.

דער קריעג איז איינגעלאָשען געוואָרען. די באַראָנעסע האָט מיך בעטראַכט מיט אַ פאָרשענדיגען בליק.

—איהר זענט אַ דרייסטער מאַן, אַנ'עכטער העלד!—האָט זי געזאָגט.—איך האָב מיך שרעקליך געשראָקען פאַר אייך...

דער באַראָן האָט געפאָדערט אַ רעכנונג, געהייסען ברענגען דעם בעל-הבית און געשיקט נאָך דער פאָליציי.

פון דערדאָזיגער מינוט זענען מיר צוריק געוואָרען גוט. מיט גרויס אַזאַרט האָבען מיר גענומען אַרומשמועסען די גראָבקייט פון דער אָרטיגער בעפעלקערונג. די גאַנצע פערבאָרגענע היץ פון אויפערן און פון בעליידיגטער אויגענליעבע האָט דער באַראָן אויסגעגאָסען אין די ווערטער וועגען דידאָזיגע „גראָבע יונגען און לאָבוזעס".

ביים פּאָנש איז אונזער פריינדשאַפט אָנגעצונדען געוואָרען מיט אַ העלען פייער. מיר האָבען גאָר פערגעסען אָן דער פּאָליציי, וואָס איז, איבעריגענס, גאָרנישט געקומען.

אויף מאָרגען האָבען מיר זיך געטראָפען אין קאַפעהויז אין דער בעסטער שטימונג און, אין פלוג גענומען, געווען גאַנץ צופרידען, וואָס מיר האָבען איינגעלאָשען דעם אונאָנגענעהמען אינצידענט, ווייל זיינע פאָלגען וואָלטען געקאָנט זיין גאַנץ היבשע.

נאָכ'ן פריהשטיג זענען מיר אַוועק שפּאַצירען מיט'ן ברעג קאַנאַל, צו צוויי, אָבער איין פּאָר ווייט אָבגעטיילט פון אַ צווייטען. אַז מיר האָבען זיך דערנעהנט צו דער שלוז, ביים בויג פון קאַנאַל, האָט זיך דער באַראָן אָבגעשטעלט און זיך געווענדט צום ווייב מיט אַ צאַרטען, שיער נישט פערליעבטען שמייכעל:

—מאַריע, געדענקסטו דאָסדאָזיגע אָרט?—האָט ער געפרעגט.

—יאָ, יאָ, איך געדענק, ליעבער גוסטאַוו,—האָט זי געענטפערט מיט אַנ'אויסדרוק פון ליידענשאַפט און אומעט.

זי האָט געהאַלטען פאַר נויטיג צו געבען אַ פירוש:

—אויף דעמדאָזיגען אָרט האָט ער זיך מיר דערקלערט אין ליעבע. דאָס איז געשעהן אין אָווענד, אונטער דידאָזיגע בערעזע-בוימער, אין דער אייגענער רגע, בשעת אויפ'ן הימעל איז אָנגעצונדען געוואָרען אַ פאַלענדיגער שטערען...

—דריי יאָהר זענען אַוועק פון דער צייט—האָב איך צוגעגעבען—און איצט לעבט איהר איבער אייערע אַלטע ערינערונגען. איהר לעבט מיט דער פערגאַנגענהייט, ווייל איהר זענט נישט צופרידען מיט'ן איצטיגען.

—גענוג! איהר האָט אַ טעות... איך האָב פיינט די פערגאַנגענהייט און בין דאַנקבאַר מיין בראַווען מאַן דערפאַר, וואָס ער האָט מיך בעפרייט פון אַ משוגע'נער מוטער; איך בין שיער נישט אַוועקגעשטאָרבען דורך איהר פייניגען פון ליעבע. ניין, איך שעץ מיין גוטען גוסטאַוו און ער איז מיר געוואָרען אַנ'אמת'ער פריינד...

—ווי איהר ווילט, באַראָנעסע, איך בין שטענדיג גרייט איינצושטימען מיט אייך—אַבי צופרידענשטעלען אייך.

אין דער בעשטימטער שעה האָבען מיר זיך געזעצט אויפ'ן שיף, וואָס איז אָבגעגאַנגען אין שטאָדט אַריין, געמאַכט אַ נסיעה

איבער אַ בלויער גלאַטקייט, צווישען הונדערטער גרינע אינזלען, זענען מיר געקומען קיין שטאָקהאָלם, וואו מיר האָבען זיך געשיידט.

איך האָב געמיינט, אַז איך וועל מיך נעהמען צו דער אַרבייט און אַרויסטרייבען פון האַרצען דידאָזיגע ליעבע. אָבער אינגיכען האָב איך מיך איבערצייגט, אַז דאָס איז איבער מיינע כחות. שוין אויפ׳ן צווייטען טאָג נאָכ׳ן שפּאַציר האָב איך בעקומען אַנ׳איינלאַדונג פון דער באַראָנעסע צו מיטאָגען ביי זיי: זיי האָבען געפייערט דעם טאָג פון זייער חתונה. איך האָב נישט געקאָנט צוטראַכטען עפּיס אַ רעכטען תירוץ און אָבזאָגען זיך. און כאָטש איך האָב מיך געשראָקען פאַר׳ן גורל פון אונזער פריינדשאַפט, דאָך האָב איך אָנגענומען די איינלאַדונג. צו מיין גרעסטער ענטטוישונג, האָב איך געפינען אין שטוב אַ שרעקליכע אונאָרדנונג. דער באַראָן איז געווען שלעכט געשטימט, די באַראָנעסע האָט זיך גענומען ענטשולדיגען דערפאַר, וואָס דער מיטאָג האָט פערשפּעטיגט. איך בין אַוועק אין גאָרטען מיט דעם אויסגעהונגערטען פערקומערטען באַראָן, וואָס האָט נישט געקאָנט פערבאָרגען זיין ערגערניש. אין אַ האַלבער שעה צייט האָבען זיך אינגאַנצען אויסגעשעפּט זיינע רייד, דער שמועס איז איבערגעהאַקט געוואָרען און מיר זענען אַרויף אין עסצימער.

דער טיש איז שוין געווען גערעקט און פערלעגט מיט צובייסונגען, אָבער די בעל-הבית׳טע איז נישט געווען.

— איהר ווייסט וואָס? לאָמיר אויף דער-גיך עפּיס צובייסען—האָט מיר פאָרגעלעגט דער באַראָן—אַנישט וועלען מיר נישט אויסהאַלטען!

איך האָב מיך געסטאַרעט מיט אַלע כחות איהם אָבצוהאַלטען דערפון, אָבער דאָס האָט זיך מיר נישט איינגעגעבען. אַריינגעפאַלען צווישען צוויי פייערן, האָב איך געמוזט איהם נאָכטהאָן.

צולעצט, האָט זיך בעוויזען די באַראָנעסע, אַ שיינענדיגע, אַ יונגע און אַ רייצענדיגע. זי איז געווען אָנגעטהאָן אין דורכזיכטיגען ויידענס, געלב, ווי צייטיגע זאַנגען, און הימעל-בלוי, ווי קאָרנבלימלעך. דאָס גוט-געניהטע קלייד האָט בעצייכענט

איהר מיידעלשע פיגור, פערקיילעכיגט איהרע אַקסלען און אונטערגעשטריכען די כוואַלענדיגע ליניען פון איהרע וואונדערליך-געבויטע הענד.

איך האָב איהר באַלד צוגעטראָגען מיין בוקעט רויזען און איהר געוואונשען, אַז דערדאָזיגער טאָג זאָל זיך נאָך לאַנג איבער'הור'ן; דערביי האָב איך מיך ענטשולדיגט פאַר איר און פאַר'ן באַראָן צוליעב אונזער ביידענס נישט-שענער כאַפעריי...

בעמערקט די אונאָרדנונג אויפ'ן טיש, האָט זי געמאַכט אַ תנועה און צוגעוואָרפען דעם מאַן אַ בעמערקונג, גיכער פון ערגערניש, איידער פון שפּאַס.

יענער איז נישט געבליבען קיין בעל-חוב און געענטפערט אויף דעם אונפערדיענטען פאָרוואורף. איך האָב מיך באַלד אַריינגעמישט אין די רייד, דערמאָנט זיי דעם געכטיגען טאָג, וועגען וועלכען איך האָב שוין גערעדט מיט'ן באַראָן.

—אָבער ווי געפעלט אייך מיין שענע קוזינע?—האָט געפרעגט די באַראָנעסע.

—זי איז זעהר מילד,—האָב איך געענטפערט.

—נישט וואָהר, מיין פריינד, דאָס קינד איז אַן'עכטער פערל!—האָט דער באַראָן אויסגעשריען מיט אַ טאָן פון אַ סאָלידען פאָטער, וועלכער איז פול מיט אויפריכטיגער טרייהייט און רחמנות צום מיידעלע-מערטירערין, וואָס ליידט, געבען, פון עפּיס אַזוינע פאַנטאַסטישע טיראַנען.

אָבער די באַראָנעסע האָט נישט געוואוסט פון רחמנות, הגם דער מאַן האָט אומישנע געטריבט דאָס וואָרט „קינד".

—זעהט. ווי די ליעבע בעבי האָט איבערגעמאַכט מיין מאַנס פריזור!..

דעם באַראָנס געוועהנליכע פריזור איז ווירקליך ערגעץ פערשוואונדען געוואָרען, די האָהר זענען איצט ממזר'יש פערוואָרפען אויף הינטען, די וואָנסען גלייך פערדרעהט—און דאָס האָט איהם מאוס געמאַכט. אָבער לויט אַ געוויסער אידעען-אַסאָציאַציע, האָב איך בעמערקט, אַז אויך די באַראָנעסע האָט איבערגענומען ביי דער כשוּפ'דיגער קוזינע מאַנכע ליניעז פון דער פריזור, די מאַ-

ניך אָנצוטהאָן זיך און אפילו די תנועה'לעך. מען האָט געקאָנט מיינען, אַז צווישען דידאָזיגע צוויי ווענענס איז פאַרהאַן עפּיס אַ מין אויסוואַהל-מיטעל, ווענען וועלכען עס האָבען ליעב צו ריי-דען די כעמיקער.

דער מיטאָג האָט זיך געצויגען לאַנגזאַם און שלעפּעריג, פּונקט ווי אַ וואָגען, וואָס האָט פערלאָרען אַ ראָד און שלעפּט זיך אויף דריי. אָבער ביים קאַווע האָט מען געוואַרט אויף דער הוספה צו אונזער קוואַרטעט, וואָס איז פון היינט-אָן געוואָרען אונפערמיידליך און וואָס אָהן איהר איז גאָר אפילו נישט בעוועזען וועגען וואָס צו ריידען.

פאַר'ן דעסערט האָב איך געזאָגט אַ טאָסט לכבוד דעם פּאָרל, געזאָגט אין גאַנץ בעשטימטע ווערטער, אָהן פייער, אָהן שאַרפזין—אַ טאָסט, וואָס איז געווען עהנליך צו אויסגעוועבטע שאַמפּאַניער.

דאָס פּאָרל, בעלעבט דורך די ערינערונגען פון עבר, האָ-בען זיך איינגעשלאָסען אין די אָרעמס. איבער'חזר'ענדיג זייערע געוועזענע צאַרטע זשעסטען, זענען זיי באמת געוואָרען הייס פערליעבטע, פּונקט ווי דער אַקטאָר, וואָס הויבט-אָן שפּירען או-מעט, ווען ער בעדאַרף וויינען, אַז ער וויינט. און אפשר האָט נאָך אונטער'ן אַש געטליעט אַ פלעמעל, וואָס אַז אַ געשיקטע האַנד זאָל עס פונאַנדערבלאָזען, וועט זיך עס גוט צופלאַקערן; שווער צו זאָגען, צי דאָס איז אַזוי געווען.

מיר זענען אַוועק אין גאָרטען, זיך אַנידערגעזעצט אין גראָז-ביידעל, וואָס איז אַרויסגעקומען מיט די פענסטער צום גאַס. אויפ'ן זאַטען מאָגען האָט זיך נישט געלאָזט ריידען. דער באַראָן איז געשטאַנען ביים פענסטער און אויסגעקוקט אויף דער גאַס די קוזינע. פּלוצלונג האָט ער זיך געלאָזט לויפען פייל אויסען בויי-גען, איבערלאָזענדיג אונז אַליין: ער האָט, אפנים, געוואָלט געהן אנטקעגען דעם גאַסט.

געבליבען אַליין מיט דער באַראָנעסע, האָב איך דערשפּירט עפּיס אַנ'אונבעקוועמליכקייט. איך קאָן נישט זאָגען, אַז איך בין געווען אַ שעמעוודיגער, אָבער זי האָט בעקומען אַ מאָדנע טבע

צו עסען מיך מיט די אויגען און מאַכען קאָמפּלימענטען די פער-שידענע קליינינקייטען פון מיין אויסערליכקייט. נאָך זעהר אַ לאַנגער און כמעט פײַנליכער פויזע, האָט זי זיך צולאַכט, און, אָנווייזענדיג מיט'ן פינגער צו יענער זייט, וואו דער באַראָן איז אַוועק, האָט זי אויסגעשריען:

— ווי ער איז דאָס פערליעבט, מיין ליעבער גוסטאַוו!

— כמעט ווי אַזוי — האָב איך געענטפערט — און איהר ליידט נישט פון איפערן?

— אַ האָהר אויך נישט! — האָט זי פערזיכערט — איך בין אַליין פערליעבט אין דעמדאָזיגען חנ'עוודיגען קעצעל. נו, און ווי פיהלט איהר זיך מיט אונזער שענער קוזינע?

— אויסגעצייכענט, באַראָנעסע. איהר בעליידיגט זיך נישט, גאָר אייער קוזינע וועט קיינמאָל נישט דערוועקען מיינע סימ-פּאַטיעס:

און דאָס איז געווען אַ'אמת. פון דער ערשטער בעגעגע-נישׁ איז מיר בעוזען פריקרע דאָסדאָזיגע יונגע מיידעל, וואָס האָט, אַזוי ווי איך, אַרויסגעשטאַמט פון אַ בורזשואַזער פאַמיליע. איך בין געווען אַן'אונאַנגענעהמער עדות, אָדער, ריכטיגער, אַ גע-פעהרליכער קאָנקורענט אויף יענעם פעלד, וואָס זי האָט זיך אויסגעוועהלט, כדי אַריינצוקריגען זיך אין דער געזעלשאַפט. מיט איהרע דורכדרינגליכע פערל-גרויע אויגען האָט זי מיך בעטראַכט, ווי אַ בעקאַנטען, וואָס איז איהר נישט נוצליך, און מיט'ן בור-זשואַזען אינסטינקט האָט זי מיך באַלד צוגעשריבען צו די זוכער פון גליק. ביז אַ געוויסען גראַד איז זי גערעכט געווען, מחמת איך האָב באמת אַריינגעדרונגען אין דעם באַראָנס הויז מיט דער האָפנונג צו געפינען שטיצע פאַר מיין צרה'דיגער דראַמע. אָבער די בעקאַנטשאַפטען צווישען מיינע נייע פריינד מיט'ן טעאַטער, אין פלוג גאָרנישטדיגע, האָבען זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַ פוסטער פאַנטאַזיע פון דעם פינלענדישען מיידעל. אויב מען זאָל נישט צו-רעכענען עטליכע געוועהנליכע קאָמפּלימענטען, האָט מען פון מיין פיעסע גאָרנישט גערעדט.

איך האָב אויך בעמערקט, אַז דער באַראָן, וואָס איז נישט

געווען קיין בעשטענדיגער אין זיינע איינדרוקען, האָט אין דער געגענוואַרט פון זיין קוזינע געענדערט די בעציהונג צו מיר און געקוקט אויף מיר מיט די אויגען פון דערדאָזיגער שענהייט.

לאַנג האָט מען, איבעריגענס, נישט בעדאַרפט וואַרטען, זיי האָבען זיך בעוויזען הינטער'ן געפלאָכטענעם פאַרקאַן, שטאַרק צו־לעבטע, פלאַפלענדיגע און לאַכענדיגע.

אין דעמדאָזיגען אָוועגד איז זי געווען עפּיס אין אַ מאָדנער ווילדער שטימונג און געשאָטען מיט ווערטלעך פון אַ גאַנץ פרייער גאַטונג; זי האָט געלאָזט פאַלען צוויידייטיגע פראַזעלעך מיט אַ מינע פון קינדערשער אונשולד, פונקט ווי זי וואָלט נישט פער־שטאַנען די בעדייטונג פון דעם געזאָגטען. זי האָט געראויכערט, געטרונקען און דאָך אויף אַ מינוט נישט פערגעסען, אַז זי איז אַ פרוי און דערצו — אַ יונגע. אין איהר איז קיין שום מענליכעס נישט געווען, זי האָט זיך נישט געהאַלטען „עמאַנסיפּע", אָבער זי איז אויך נישט געווען צו־אומגעלומפּערט — מיט איין וואָרט, אַ פּי־קאַנטע, און די אָנגענעהמע שעה'ן זענען בליץ־שנעל געלאָפען. אָבער אין דעמדאָזיגען אָוועגד האָט מיך בעזונדערס איבערראַשט דער באַראָנעסע'ס צו־שטאַרקע פרעהליכקייט, וואָס האָט מיר אייגענטליך בעדאַרפט זיין אַ התרעה אויף שפּעטער. בעזונדערס האָט זיך אַרויסגעוויזען איהר פרעהליכקייט, ווען די קוזינע האָט אַרויסגעזאָגט אַ צוויידייטיגע פראַזע. אין אַזעלכע מינוטען האָט די באַראָנעסע געקייכט פון געלעכטער, דאָס פּנים האָט זיך איהר אָנגעצונדען מיט אַ פייער פון אונפערשעמטע בעגעהרן, וואָס האָט בעוויזען, אַז זי איז גאַנץ גוט בעקאַנט מיט די סודות פון אַר־גיעס.

בשעת מיר האָבען אַזוי פרעהליך פערבראַכט, איז געקומען דעם באַראָנס פעטער, אַ קאַפּיטאַן אין דימיסיע און אַנ'אַלמן. רי־טעריש־העפליך מיט פרויען, אַ מענש מיט פער'גנב'עטע מאַנירען און העזה'דיג־גאַלאַנט, ווי אין די גוטע אַלטע יאָהרען, איז ער אונטער'ן שירם פון פערוואַנדשאַפט אָנערקענט געוואָרען פאַר אַ פריינד פון דידאָזיגע דאַמען און האָט דערוואָרבען זייער סימ־פּאַטיע.

ער האָט גאַנץ פריי אויסגענוצט זיין רעכט אַרומצונעהמען זיי, קושען זייערע הענדטלעך, גלעטען איבער די בעקלעך. באַלד ווי ער איז געקומען, זענען איהם ביידע פרויען געפאַלען אויפ׳ן האַלז מיט אויסגעשרייען פון שמחה.

—פאַרזיכטיגער, קינדער! צוויי אויף איינעם, דאָס איז צו־פיעל פאַר אַן׳אַלטען בחור. היט זיך, איהר וועט זיך אָבברעכען! נו, גיכער, די הענד אויפ׳ן פאַרטוך—וואָרום איך בין פאַר קיין זאַך נישט ערוב.

די באַראָנעסע האָט איהם דערלאַנגט אַ פאַפיראָס, וואָס זי האָט געהאַלטען צווישען די צייהן.

—פייער, ליעבער פעטער!

—פייער! פייער! צום בעדויערן, קאָן איך קיין פייער נישט געבען, קינד מיינס. מיין פייער איז נאָך מיט פינף יאָהר צוריק אויסגעלאָשען געוואָרען,—האָט ער געענטפערט מיט אַ לייכטזיני־גען שמייכעל.

—ווירקליך?

מיט די שפיצען פינגער האָט איהם די באַראָנעסע פריינד־ליך אַ פאַטש געטהאָן. דער אַלטער האָט געכאַפּט איהר האַנד, פערדריקט זי אין זיינער און גענומען זי מאַסירען ביז די סאַמע מוסקולען פון אַקסעל.

—ביזט גאָרנישט אַזוי מאָגער, ווי עס דאַכט זיך, מיין ליעבע—האָט ער געזאָגט און בעטאַפּט איהר שלאַנקען קערפּער אונטער דעם קלייד.

די באַראָנעסע האָט זיך געלאָזט. דער קאָמפּלימענט האָט זי, אפנים, געפרעהט. מיט אַ נישט־איינגעהאַלטענעם חצופה׳דיגען שמיי־כעל האָט זי אָבגעוואָרפען דעם אַרבעל און בעוויזען אַ מעסיג־בעטאָקטע האַנד, שען גע־קיילעכיגט און וויים, ווי מילך. פלוצ־לונג האָט זי זיך דערמאָנט, אַז איך זיץ אויך דערביי און האָט גיך אַראָבגעלאָזט דעם אַרבעל. אָבער איך האָב שוין געזעהן דעם פונק פון שרעקליכען פלאַם, וואָס האָט געברענט אין איהרע אוי־גען: אַן׳אויסדרוק, וואָס מען טרעפט ביי אַ פרוי אין אַ מינוט פון ליעבע־עקסטאַז.

אין דער אייגענער רגע האָב איך פערדרויכערט אַ פּאַפּיראָס און אַראָבגעוואָרפען די ברענענדיגע שוועבעלע צווישען דער זשילעט און דעם סורטוק. די באַראָנעסע האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן צו מיר מיט אַ געשריי פון שרעק און זיך געפּרובט פערלעשען דאָס פייער מיט איהרע פינגער.

—פייער! פייער!—האָט זי געשריען, רויט-ווערענדיג.

שמאַרק צומישט, האָב איך מיך אַ וואָרף געטהאָן אַהינטער און צוגעדריקט איהרע ביידע הענד צו מיין ברוסט. דאָס פייער זאָל איינגעלאָשען ווערען. דערנאָך האָב איך מיך אויסגעדרעהט אַ פערשעמטער און געמאַכט אַ מינע, ווי איך וואָלט ווירקליך אויסגעמידען אַ סכנה; איך האָב גענומען הייס בעדאַנקען דער באַראָנעסע, וואָס האָט זיך נישט באַלד איינגערוהיגט.

אַזוי האָבען מיר זיך געוויילט ביז אָוענדברויט. די זון האָט זיך שוין געזעצט; די לבנה האָט זיך בעוויזען איבער'ן קופּאָל פון דער לאַבאָראַטאָריע און בעלויכטען די עפּעלבוימער אין גאָרטען. מיר האָבען זיך בעשעפטיגט דערמיט, וואָס מיר האָבען געפּרובט טרעפען די פּירות, וואָס זענען געהאַנגען אויף די צווייגען האַלב פערבאָרגען און וואָס האָבען אין דעם עלעקטרישען שיין פון דער לבנה בעקומען דעם גרינעם פאַרב פון טייך-אייער. דער בלוט-רויטער קאַלוויל האָט איצט אויסגעזעהן, ווי אַ געלער פלעק, דער אַסטראַכאַנער עפּעל איז פון גרוי-גרין—געוואָרען גרין, די ראַנעטענעפּעל—רויט-גרוי, געענדערט דעם קאָליר האָבען אויך די איבעריגע. דאָס אייגענע איז געשעהן מיט בלומען. די געאָרגיניעס האָבען בעקומען עפּיס מאָדנע אונבעקאַנטע שאַטירונגען, די לעווקאָניעס האָבען געלויכטען מיט פאַרבען פון אַנ'אַנדער פּלאַנעט און די טאָנען פון די כינעזישע שטערנבלומען האָט מען גאָרנישט געקאָנט בעשטימען.

—זעהט-נאָר, באַראָנעסע,—האָב איך בעגייסטערט געזאָגט—ווי אַלץ איז פאַנטאַסטיש! די פאַרבען עקזיסטירען נישט אַליין פאַר זיך: אַלץ הענגט-אָב אָן פון דעם נאַטירליכען ליכט. אַלץ אויך דער וועלט איז בלויז אילוזיע!

—אַלץ?—האָט זי איבערגע'חזר'ט, זיך געשטעלט קעגען

מיך און מיך אָנגעקוקט מיט איהרע אויגען, וואָס זענען געווען שרעקליך גרויס אין דערפינסטער.

— אַלץ, ליעבע באַראָנעסע! — האָב איך געלייגט, צומישט דורך דערדאָזיזער ערשיינונג פון פלייש און בלוט, וואָס האָט מיך געשראָקען מיט איהר אונגעהויערער שענקייט.

די צושויבערטע העל-בלאָנדע האָהר האָבען בעשאָפען אַ מין אָרעאָל אַרום איהר פּנים, בעלויכטען פון דער לבנה. איהר פיגור, זעלטען פּראָפּאָרציאָנעל, איז איצט געווען בויגזאַמער, איידער געוועהנליך, אונטער דעם פּאַסען-געוועב פונ׳ם קלייד, וואָס האָט אויסגעוויזען ווייס און שוואַרץ.

די לעווקאָניעס האָבען אָנגעפילט די לופט מיט זייער ליידענשאַפטליכען אָטעם. פליגעלעך האָבען געזשומט אין גראָז, וואָס איז געווען פייכט פון טוי; אַ וואַרימער ווינד האָט בעוועגט די בוימער; די פאַרנאַכט-טונקעלקייט האָט אונז איינגעהילט אין איהרע ווייכע שאָטענס. אַלץ האָט געצויגען צו ליעבע. בלויז די עהרליכע פּחדנות האָט מיר געבונדען די ליפּען...

פלוצלונג איז אַן עפּעל אַראָבגעפאַלען פון אַ צווייגעל, וואָס דער ווינד האָט אַ שאָקעל געטהאָן. די באַראָנעסע האָט איהם אויפגעהויבען און מיר דערלאַנגט מיט זעהר אַנ׳ערנסטער מינע.

— אַ פערבאָטענע פּרי — האָב איך אַרויסגעשעפּטשעט — ניין, איך דאַנק אייך זעהר.

אויסצוזאָגען דעם איינדרוק פון דערדאָזיגער נאַרישקייט, וואָס האָט זיך ביי מיר נישט-ווילענדיג אַרויסגעריסען, האָב איך באַלד אויסגעטראַכט עפּיס אַזוינס, וואָס זאָל דערקלערן מיינע ווערטער: איך האָב מרמז-געווען אויף דער קאַרגשאַפט פון דעם באָרטען-אייגענטימער.

— וואָס וואָלט געזאָגט דער בעל-הבית, ווען ער וואָלט מיך דערזעהן אין דערדאָזיגער מינוט?

— איהר זענט דאָך אָבער אַ העלדישער ריטער! — האָט זי געענטפערט אַזוי, פונקט ווי זי וואָלט מיר פאָרגעוואָרפען אין פּחדנות. דערביי האָט זי פון דער זייט געקוקט אויפ׳ן קוסט,

וואו די קוזינע און דער באַראָן האָבען זיך בעהאלטען פון אונגעשיידענע בליקען.

מען האָט געמאָלדען, אַז דער מיטאָג איז דערלאַנגט געוואָרען.

אַז מיר האָבען זיך אויפגעהויבען פון טיש, תּאָט דער באַראָן פאָרגעלעגט, מיר זאָלען מאַכען צוזאַמען אַ שפּאַציר און בעגלייטען „דאָס ליעבע קינד" אַהיים.

ביים טהיר האָט דער באַראָן דערלאַנגט די האַנד דער קוזינע און זיך געווענדט צו מיר:

— ליעבער פריינד, גיט אייער האַנד מיין פרוי און זענט אַ גוטער קאַוואַלער, וואָס איהר זענט אין דער ווירקליכקייט — האָט ער צוגעגעבען מיט אַ פאָטערליכען טאָן.

מיך איז בעפאַלען עפּיס אַ בענקעניש. דער אָווענד איז געווען אַ וואַרימער, זי האָט געהאַלטען אין האַנד איהר מאַנטיליע, איהר האַנד, וואָס די כוואַליענדיגע קאָנטורען איהרע האָבען זיך געפיהלט דורכ'ן זייד, האָט אַרויסגעגעבען פון זיך עפּיס אַ מאַגנעטישען שטראָם און ער האָט דערוועקט אין מיר אַנ'אונגעהויערע פיהלבאַרקייט: אויף דער הויך פון מיין דעלטאָ-אַרטיגען מוסקול האָב איך, דאַכט זיך, געפיהלט יענס אָרט, וואו עס ענדיגט זיך דער אָרבעל פון איהר העמד. איך וואָלט, דאַכט זיך, געקאָנט דערצעהלען די גאַנצע אַנאַטאָמיע פון דערדאָזיגער כשופדיגער האַנד. איהר ביצעפּס, אָט דער גרויסער מוסקול, וואָס שפּיעלט די הויפּטראָל ביים אַרומנעהמען זיך, האָט עלאַסטישריטמיש אָנגעדריקט אויף מיין ביצעפּס. אַזוי ווי מיר זענען געגאַנגען זייט-ביי-זייט, האָב איך אונטער'ן קלייד, וואָס האָט מיך פערטשעפּעט אין גאַנג, געקאָנט בעמערקען איהרע גולט'ע לענדען.

— איהר פיהרט אַ דאַמע אויסגעצייכענט! איהר מוזט מסתּמא גרויסאַרטיג טאַנצען — האָט זי געזאָגט אויפצומונטערן מיך און איבערהאַקען דאָס שווערע שווייגען.

אין עטליכע מינוט אַרום, אַז זי האָט וואַרשיינליך, דערשפּירט דעם ציטער פון מיינע צופיעל-אָנגעשטרענגטע נערווען.

האָט זי געפרעגט מיט דער חוזק׳דיגער פאָרטרעפליכקייט פון אַ דערפאַהרענער פרוי:

— וואָס איז מיט אייך, איהר ציטערט?

— יאָ, מיך טרויסעלט...

— מהוט-אָן דעם מאַנטעל, קינד מיינס!

איהר קול איז האַרציג-ווייך געוואָרען, פונקט ווי ער וואָלט אַנגעשלאָגען געוואָרען מיט ווייכען פוך.

איך האָב אָנגעטהאָן מיין מאַנטעל — אַ נ׳אמה׳דיגע צוים פאַר מיר! און אויף אַזאַ אופן זיך פערפאַנצערט פון דער ווארים-קייט, וואָס האָט זיך איבערגעגאָסען פון איהר קערפער אין מיי-נעם. און באַלד האָט דער טאַקט פון איהרע פיסלעך, וואָס זע-נען געגאַנגען אין פוס מיט מיינע, אַזוי פעסט צונויפגעגאָסען אונזערע נערוועניסיסטעמען אין איין נערוועניסיסטעם, אַז מיר האָט זיך געדאַכט, איך מאַרשיר אויף פיער פיס, פונקט ווי אַ פיער-פיסיגע בעשעפעניש.

אויף דעמדאָזיגען העכסט-וויכטיגען שפּאַציר איז פאָרגעקו-מען צווישען אונז אַ מין צוזאַמענפלעכטונג, וואָס אויף דעם לשון פון גערטנער הייסט עס אַבלאַקטאַציע און וואָס ווערט דערגרייכט דורך דער אומיטעלבאַרער פעראייניגונג פון צווי צווייגען.

פון דעמדאָזיגען טאָג אָן האָב איך אויפגעהערט מיר צו געהערען. דידאָזיגע פרוי האָט איינגעשפריצט איהר בלוט אין מיי-נע אָדערן. אונזערע נערוועשטראָמען זענען אַריינגעטראָטען אין אַ סטאַדיע פון אָנשטרענגונג. איהר פרויען-עלעמענט האָט געפּאָ-דערט בעפרוכטיגונג דורך די בעוועגליכע קרעפטען פון מיין מענ-ליכען וועזען. איהר נשמה האָט זיך געוואָלט צוזאַמענגיסען מיט מיין גייסט, און מיין גייסט האָט בעגעהרט, לויט איהר רצון, זיך צושמעלצען אין דעמדאָזיגען צאַרטען געפעס.

איז עס אַלץ באמת צוגעגרייט געוואָרען אָהן אונזער ווי-סען? שווער צו זאָגען!

זיך אויפגעהויבען אין מיין צימערל, האָב איך זיך פאָרגע-געבען אַ פראַגע: און וואָס ווייטער? אַנטלויפען, פערגעסען?

אָדער זוכען גליק אין אַ ווייטען לאַנד? אין דערזעלבער מינוט איז ביי מיר בעשאַפען געוואָרען אַ פּלאַן אַוועקצופאָהרען קיין פּאַריז, אין יענעם צענטער פון ציוויליזאַציע. קומענדיג אַהין, וועל איך מיך פערגראָבען אין די ביבליאָטעקען אָדער זיך פערזינקען אין אַ מוזייאום. דאָרט וועל איך אויך אָנשרייבען מיין ווערק.

אַן אונגעריכטע געשעהעניש, וואָס איז גראָד צו דער צייט פּאַרגעקומען, האָט מיר געגעבען זעהר אַ גוטען תירוץ צו פערזעלטען מיין אַנטלויפען—נעמלין, עס איז עפּענטליך בעקאַנט געוואָרען, אַז פריילין סעלמאַ (אזוי האָט געהייסען מיין פינלענדערין, וועלכע איך האָב שוין בעוויזען אַ רעכט ביסעל צו פערגעסען) האָט חתונה-געהאַט מיט מיין פריינד, דעם זינגער. אויף אַזאַ אופן האָב איך אייגענטליך בעדאַרפט אַנטלויפען, כדי איך זאָל מיך קאָנען כלומרש'ט פערגעסען און דערוויילע געפינען אין דער פרעמד אַ היילונג צו מיינע הארץ-וואונדען. מיט איין וואָרט, דערדאָזיגער תירוץ איז אַ האָהר נישט ערגער געוועזען פון אַ צווייטען.

דאָך האָב איך געמוזט פערבלייבען נאָך אויף עטליכע וואָכען: איך האָב געמוזט נאָכגעבען מיינע פריינד, וואָס האָבען מיך שטאַרק געבעטען צו בלייבען, ווייל זיי האָבען זיך געשראָקען פאַר די געוועהנליכע שטורמווינדען אין דערדאָזיגער הערבסט-צייט. איך בין גראָד געוועזען נישט פּאָרזיכטיג און האָב זיי געזאָגט, אַז איך קלויב מיך צו פאָהרען מיט דער שיף, וואָס געהט-אַב קיין האַווער.

אויסערדעם, האָט איך אָנהויב אָקטאָבער בעדאַרפט זיין מיין שוועסטערס חתונה און מיינע הכנות אין וועג אַריין האָבען זיך געמוזט פערציהען.

פאַר אָט דער גאַנצער צייט פלעג איך עפטער בעקומען איינלאַדונגען פון באַראָן. די קוזינע איז אַוועקגעפאָהרען צו קרובים און מעהרסטענטייל פלעגען מיר פערברענגען די אָווענדען זאַלבעדריט. דער באַראָן, וואָס האָט, אפנים, נאָכגעגעבען די פערבאָרגענע בקשות פון זיין ווייב, האָט פון דאָסניי אָנגעהויבען קוקען אויף מיר מיט גוטע אויגען. איהם האָט, אפנים, להלוטין

בערוהיגט מיין פארשטעהענדיגער אבפאהר, און ער האט זיך בע-צויגען צו מיר מיט אפענהערציגער פריינדליכקייט.

אין איינעם א שענעם אווענד, בשעת מיר האבען זיך אויס-געזעצט אין א קרייז ארום דער באראנעסע'ס מוטער, האט זיך די באראנעסע אויסגעצויגען אויף דער קאנאפע, אוועקגעלעגט דעם קאפ אויף דער מוטער'ס קניה און הויך אויפ'ן קול זיך מודה-געווען, אז זי האט הייס אוןליידענשאפטליך ליעב געהאט א בעריהמטען ארטיסט. צי האט זי געוואלט מיך פייניגען דערמיט און זעהן דעם איינדרוק, וואס דאס וועט אויף מיר מאכען? איך וויים נישט... אבער יעדענפאלס, די אלטע, וואס האט צוארט גע-גלעט דער טאכטער'ס האהר, האט זיך געווענדט צו מיר:

—מיין הער, אויב איהר ווילט אנשרייבען א ראמאן, רע-קאמענדיר איך אייך אט דעם טיפ—די פייער-פרוי. גלויבען, ער איז נישט קיין געוועהנליכער—אויסער דעם מאן, בעדארף זי הא-בען נאך א געליעבטען!

—און די מאמע איז דאך גערעכט!—האט די באראנעסע צוגעגעבען—ביי דער איצטיגער מינוט איז X מיין ליידענשאפט... אך, ס'ארא כשופ'דיגער מאן דאס איז!

—זי איז פון זינען אראב—האט דער באראן געזאגט לא-כענדיג און נישט-ווילענדיג א ציטער געטהאן.

א פייער-פרוי! דאסדאזיגעווארט איז מיר טיעף פערפא-לען אין דער נשמה אריין. א געלעכטער און א זייט—דאסדאזיגע ווארט, וואס די אלטע מוטער האט געלאזט פאלען, האט אהן שום ספק געהאט אין זיך א קערנדעל אמת.

## VI.

בעקימען די צייט פון מיין אבפאהר. אין דעם לעצטען אווענד האב איך איינגעלאדען דעם באראן און די באראנעסע צו מיר אין צימערל אויף א בהור'שע הוליאנקע. מיין צימערל איז צוגעקליבען געווארען אין זיין זונטאג-פוץ, צו פערבארגען די ארימע מעבלירונג, און איצט האט מיין וואוינונג אויסגעזעהן, ווי

אַ נייגעהייליגטער טעמפעל. ביי דער וואַנד, צווישען די פענ-סטער-פערטיעפונגען, וואָס ביי איינער פון זיי איז געשטאַנען מיין שרייבטיש און מיין גערטענדל און ביי דער צווייטער — מיין קליין ביבליאָטעקל, האָב איך אַוועקגעשטעלט אַנ׳אָרומגערי-סענעם געפלאָכטענעם דיוואַן. אָבער ער איז געווען בעדעקט מיט אַ געקינסטעלטער טיגער-פעל, פערשלאָגען מיט אונבעמערקטע נעגעל.

ליֹנקס האָט זיך געצויגען מיין גרויסער דיוואַן צום שלאָ-פען, בעדעקט מיט אַ בונטער דעקע. אויפ׳ן וואַנד, איבער׳ן די-וואַן, איז געהאַנגען אַ מאַפּע מיט הימלס שטערנען. רעכטס איז גע-שטאַנען אַ טיש מיט אַ שפיגעל, אין אַמפּירען-סטיל, מיט קופּער-נע בעפּוצונגען; אַ שאַפע מיט אַ ביוסט פון גיפּס, אַ וואַשטישעל, פערשטעקט הינטער׳ן פאָרהאַנג פון דער פענסטער-פערטיעפונג. די וואַנד מיט עטיודען אין ראַהמען האָבען געגעבען דעם אויג אַ גאַנץ פערשיעדענאַרטיג בילד.

פון באַלקען איז אַראָבגעהאָנגען אַ פאַרפאַר-לוסטרע, וואָס איך האָב אויסגעגראָבען ביי אַנ׳אַנטיקוואַר. איהר פאָרם איז געווען אַזאַ, ווי די קירך-לוסטרעס; די שפּאַלטען זענען גע-ווען גוט פערמאַסקירט מיט אַ קראַנץ פון געקינסטעלטען עפּיש, וואָס איך האָב געקראָגען ביי מיין שוועסטער. אונטער דערדאָזי-גער לוסטרע מיט דריי ראָזעטקעס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרען דער טיש. אויפ׳ן ווייסען געבלומטען סערוועט איז געשטאַנען אַ קאָרב מיט בענגאַלישע רויזען און אַ סך בלומען, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייערע רויטע פלעקען צווישען די טונקעלע בלעטער. די רויזען האָבען זיך געצויגען צו די פאַלענדיגע ווענ-טעלען פון עפּיש אַזוי, אַז עס האָט זיך בעקומען דער איינ-דרוק פון עפּיס אַ בלומען-יום-טוב. אַרום דעם בליהענדיגען רוי-זענקונסט האָבען זיך געהויבען רויטע, גרינע אָפּאַל-גלעזער, וואָס איך האָב געקויפט לכבוד דער הולינגקע גאַנץ ביליג, ווייל זיי זענען אַלע געווען מיט פערשידענע פעלערן. דאָס אייגענע אויך מיט׳ן סערוויז: טעלער, זאַלצמעסטעלעך, אַ צוקערשאַכטעל פון כינעזישען, יאַפּאַנישען אָדער שוועדישען פאַרפאָר.

מיינע געסט האָב איך גאָר געקאָנט פאָרלעגען אַ טון קאַל-

טע געריכטען, וואָס האָבען זיך גיכער געטויגט צו בעפוצען עפּיס, איידער צו עסען, ווייל דער גאַנצער רויך פונ׳ם אָוועגדברויט איז בעלעגען אין די אויסטרעס. די נויטיגע קלייניגקייט פאַר דעמדאָזיגען יום-טוב, וואָס איז גאָר אונגעוועהנליך געוועזען פאַר מיין צימערל, האָב איך בעקומען אַ דאַנק דער העפליכקייט פון מיין בעל-הבית׳טע. סוף-כל-סוף האָט אַלץ אויסגעזעהן זעהר ליעב, און איך האָב בעמערקט, אַז די געסט לעגען שווייגענדיג זייער הסכמה. אָט דער געמיש פון איינדרוקען אין אַ קליינעם מאַסשטאַב האָט בעצייכענט די שאַפונג פון אַ דיכטער, די פיינליך-גענויע אָנשטרענגונג פון אַ געלעהרטען און דעם געשמאַק פון אַ קינסטלער. דער געשמאַק צו פיינע מאכלים, די ליעבע צו בלומען האָבען נישט-ווילענדיג אַרויסגעפיהרט אויפ׳ן געדאַנק וועגען פרויענליעבע. ווען נישט דער טיש, וואָס איז געיוען געדעקט פאַר דריי פערזאָן, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז דאָס איז אַנ׳אינטים מאָלצייטל פאַר צווייען, אַז דאָס זענען די ערשטע ליעבע-פערגעניגענס; אין דער-אמת׳ן איז עס פאַר מיר געוועזען בלויז אַנ׳אויסקויף-סעודה. וואָרום מיין צימערל האָט נישט געזעהן קיין פרוי פון יענער צייט אָן, זינט פון איהם איז אַוועק דאָס מאוס׳ע ווענען, וועמעס שיך עס האָבען איבערגעלאָזט שפורען אויפ׳ן האָלץ פון דיוואַן. קיין איין פרויענברוסט האָט זיך פון יענער צייט אָן נישט אָבגעשלאָגען אין שפיגעל, וואָס העגגט איבער׳ן קאָמאָד. איצט האָט בעדאַרפט קומען אַנ׳אונשולדיגע פרוי-מוטער, אַ דאַמע מיט אַנ׳אויסגעצייכענטער דערציהונג, מיט פיינע חושים צו בעזייליגען דידאָזיגע וואוינונג, וואָס האָט געזעהן אַזויפיל אַרבייט, צער און פיין. פאַקטיש געשטימט, האָב איך מיך משער-געווען, אַז דאָס איז מיין הייליגער אָווענד — וואָרום איך האָב דאָך מיך גרייט-געוועזען צו ברענגען פאַר אַ קרבן מיין האַרץ, מיין רוה, מעגליך, דאָס גאַנצע לעבען מיינס צום גליק פון מיינע פריינד!

דאָס אַלץ איז געווען פאַרטיג, בשעת איך האָב דערהערט טריט אויף די טרעפּ פון פיערטען שטאָק. איך האָב תיכף אָנגעצונדען ליכט, צום לעצטען מאָל פעררייכט דעם קאָרב מיט די רייזען און אין אַ רגע אַרום דערהערט, ווי מיינע געסט, דער-

גרייכענדיג דעם פיערטען שטאָק, האָבען איבערגעכאַפּט דעם אָטעם ביי דער טהיר. איך האָב געעפענט די טהיר. פערבלענדט דורכ׳ן פייער פון די ליכט, האָט די באַראָנעסע געפּאַטשט מיט די הענד, פונקט ווי זי וואָלט דערזעהן אַ שען-אויסגעשטאַטע סצענע.

—בראַוואָ! איהר זענט דאָך אַנ׳ערשט-קלאַסיגער רעזשיסער, מיין ליעבער!—האָט זי אויסגעשריען.

—יאָ, באַראָנעסע, טיילמאָל שפּיעל איך אַ ראָל און, הויפּט-זעכליך, צוליעב דעם, איך זאָל מיך קאָנען איינאיבען אין געדולד...

איך האָב איהר אַראָבגענומען די מאַנטיליע און געבעטען זי זיצען אויפ׳ן דיוואַן. אָבער זי האָט נישט געקאָנט איינזיצען אויף איין אָרט. מיט דער נייגיריגקייט פון אַ פרוי, וואָס האָט קיינמאָל נישט בעזוכט די וואוינונג פון אַ בחור און איז באַלד פון דערהיים אַריינגעפאַלען אין אַ צימער פאַר חתונה-געהאַטע, האָט זי ביי מיר געמאַכט אַנ׳אמת׳ע רעוויזיע. זי האָט גענומען אין דער האַנד אַריין מיין פעדער, בעטאַפּט דעם ביובאר, אַלץ בעקוקט, פונקט ווי זי וואָלט דאָ וועלען דערגעהן עפּיס אַ סוד. דערנאָך איז זי צוגעגאַנגען צום ביכערשאַנק און שנעל בעקוקט דעם איינבונד פון די ביכער. פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי דעם שפּי-געל, האָט זי זיך צוגעשטעלט אויף אַ ווייל|ע צו פערריכטען די האָהר און פעררוקען אַ ברעג פון די שפּיצען אינ׳ם אויסשניט פון דער בלוזע; דערמיט האָט זי מעהר אויפגעדעקט די ברוסט. דערנאָך האָט זי אויפמערקזאַם בעקוקט דאָס מעבעל, געשמעקט פון די בלומען און אָהן אויפהער לייכט אויסגעשריען פון עקסטאַזע.

געענדיגט דידאָזיגע נסיעה איבער מיין צימער, האָט זי מיך געפרעגט מיט אַ נאַאיווען טאָן, אָהן אַ זייטיגען געדאַנק, זו-כענדיג מיט די אויגען אַ זאַך, וואָס האָט, אפנים, דאָ געפעלהט:

—אָבער וואו שלאָפט איהר?

—אויפ׳ן דיוואַן.

אַך, ס׳אַראַ גליק—נישט חתונה-האָבען!

די מיידעלשע חלומות האָבען פון דאָסניי אויפגעלעבט אין איהר נשמה.

—מיילמאל איז עס אָבער זעהר טרויעריג—האָב איך איהר געענטפערט.

—איז דען טרויעריג צו זיין איבער זיך אליין אַ האַר, האָבען אַן׳אייגענעם ווינקעל, זיין פריי פון יעדער שמירה. אָ, איך בין פערליעבט אין פרייהייט! איז דען נאָך פאַרהאַן איבעלדיגערעס פון חתונה-האָבען? נישט וואָהר, נשמה מיינס?—האָט זי זיך געווענדט צום באַראָן, וואָס האָט זיך נישט בעליידיגט און זאָגאַר בעשטעטיגט:

—יאָ, דאָס איז לאַנגוויילינג!

דער טיש איז געווען געדעקט און עס האָט זיך אָנגעהויבען דער אָוועטדבּרויט.

שוין דאָס ערשטע גלאָז ווין האָט אונז פרעהליך געמאַכט. אָבער אַז מיר האָבען זיך דערמאָנט אָן דער געלעגענהייט פון דעמדאָזיגען אינטימען מאָלצייטל, איז צו אונזער פערגעניגען צוגעמישט געוואָרען אַ געפיהל פון אומעט. מיר האָבען נאָכאַנאַנד אויפגעלעבט די שענע ערינערונגען פון די פערגאַנגענע טעג. אין געדאַנק האָבען מיר דורכגעמאַכט די אַלע פּאַסירונגען, וואָס זענען מיט אונז פערלאָפען ביי אונזער שפּאַצירען און זיך געסטאַרעט צו דערמאָנען, וואָס מיר האָבען געזאָגט אין דער אָדער אין אַן׳אַנדער מינוט. די אויגען האָבען געגלאַנצט, די הערצער האָבען געברענט, מיר האָבען געדריקט איינאַנדער די הענד, געקלאַפּט מיט די גלעזלעך. די שעה׳ן זענען געלאָפען און מיט אומעט האָבען מיר זיך דערנעהנטערט צו דער אונפערמיידליכער מינוט פון שיידען זיך. אויפ׳ן וואונק פונ׳ם ווייב האָט דער באַראָן ארויסגענומען פון קעשענע אַ פינגערל מיט אַ דימענט, האָט עס מיר דערלאַנגט און דערביי געזאָגט אַזאַ מין טאָסט:

—אָט איז, מיין ליעבער, אַ קליינע אָנדענק-מתּנה, וואָס איך בעט דיך אָננעהמען אַלס דאַנקבאַרקייט פאַר דער פריינדשאַפט, וואָס דו האָסט אונז אַרויסגעוויזען. און זאָל דער הימעל פערווירקליכען דיינע אַלע וואונשען—דאָס איז מיין הייסעסטער פערלאַנג, וואָרום איך האָב דיך ליעב... ווי אַ ברודער און שעץ דיך, ווי אַן׳עכטען עהרליכען מאַן! האָב אַ גליקליכע נסיעה! מיר

זאָגען דיר נישט „אַדיע", נאָר צום ווידערזעהען!

ווי אַנ'ערליכען מאַן? אפשר האָט ער מיך פערשטאַנען? אפשר האָט ער אַ קוק געטהאָן אין אונזער געוויסען? אַ נעכטיגער טאָג! נישט דאָס... וואָרום אין די קאָמענטאַריעס צו זיין קליינינשקער דרשה האָט ער אין געקליבענע פראַזען אויסגעגאָסען אַ ים מיט בעליידיגונגען אויף דער אָרימער סעלמאַ'ס קאָפּ, „וואָס האָט געבראָכען די שבועה, זיך פערקויפט אַ מענשען, וועלכער... מיט איין וואָרט, אַ מענשען, וואָס ליעבט זי נישט, אַ סוביעקט, וואָס בעדאַרף דאַנקבאַר זיין פאַר זיין גליק בלויז מיין אונגעוועהנליכער אָנשטענדיגקייט..."

מיין אונגעוועהנליכער אָנשטענדיגקייט! איך האָב מיך געשעמט, ווייל עס האָט מיך גענומען די פשוט'ע אָמענהערציגקייט פון דעמדאָזיגען מענשען, וואָס האָט עטוואָס צו-האַסטיג גערעדט וועגען זאַכען, און איך האָב מיך באמת אָנגעהויבען פיהלען זעהר אונגליקליך, שרעקליך טרייסטלאָז, און דער ליגען איז געוואַקסען אין מיר — דער ליגען, וואָס איז פון אויבען בעדעקט געוועזען מיט אַלע סמנים פון אמת.

אָבגעבאַרט דורך מיין געשיקטען מאַנעוור און צוטומעלט דורך מיין אויסערליכער קאַלטקייט, האָט מיר די בעראָנעסע אַזוי ווי געגלויבט און מיט רייבער מוטערליכער צערטליכקייט מיך גענומען טרייסטען:

—מילא, זאָל זי געהן, דאָס מיידעל! פאַרהאַן אויף דער וועלט נישט וועניג פרויען, וואָס זענען אַ סך בעסער פאַר דעראָזיגער פאַלשער בריאה. נישט בעוויינט זי, מיין אָרימער פריינד, זי איז געווען נישט פון בעסטען סאָרט, אויב זי האָט זיך נישט געקאָנט דערוואַרטען אויף אייך. איבעריגענס, קאָן איך אייך איצט זאָגען, אַז מען האָט מיר אויף איהר אָנגערעדט אַזויגע זאַכען...

און, קוים פערבאָרגען דאָס פערגעניגען, האָט זי איינגאַנצען אַרונטערגעשליידערט מיין כלומרש'טען צאָרן.

—בעטראַכט נאָר! זי האָט זיך פאָרגעלעגט אַ לייטענאַנט פון אַ פייגער געזעלשאַפט און פערקלענערט איהר עלטער אויף אַ גאַנצען דריטעל... גלויבט מיר, אַז דאָס איז אַ פּוסטע קאָקעטין...

נאָך דער אונצופרידענער מינע פון באַראָן האָט זי פערשטאַנען איהר נישט-פאַרזיכטיגקייט, האָט זי מיר געדריקט די האַנד און געבעטען ענטשולדיגונג. דערביי האָט זי אויף מיר געוואָרפען אַזוינע צאַרטע בליקען, אַז איך בין געווען גרייט צו שטאַרבען אויפ׳ן אָרט.

דער לייכט-פער׳שפור׳טער באַראָן האָט זיך צושאָטען אין האַרציגע דרשות, אויסגעגאָסען דאָס האַרץ, מיך איינגעמאַטערט מיט זיין ברידערליכער ליעבע און מיט זיינע אונענדליכע טאָסטען, וואָס זענען צוגאַנגען געוואָרען אין לופטען. זיין פול געזיכט האָט געשטראַהלט פון גוטסקייט, ער האָט נישט אַראָבגענומען פון מיר זיינע גלעטענדיגע און אומעטיגע אויגען. דידאָזיגע אויגען האָבען צוזייהט אַלע ספקות וועגען דער אויפריכטיגקייט פון זיין פריינדשאַפט, וואָס איך האָב געקאָנט שפירען. גלעבען, דאָס איז געווען אַ גרויס. און גוט קינד, אַ מענש פון זעלטענער עהרליכקייט. און איך האָב מיך געשוואָרען נישט צו האַנדלען פאַלש בנוגע צו איהם, הגם דערמיט אַליין זאָל איך זיך געבען אַ טויטקלאַפּ.

מיר זענען אויפגעשטאַנען פון טיש, צו זעגענען זיך—אפשר אויף אייביג. די באַראָנעסע האָט זיך הויך אויפ׳ן קול צעוויינט און פערבאָרגען איהר געזיכט אויף דער ברוסט פון איהר מאַן.

—בין איך פון זינען אַראָב?—האָט זי אויסגעשריען—איך האָב מיך אַזוי צוגעבונדען צו דעמדאָזיגען ליעבען מענשען, אַז זיין אָבפאָהר האָט מיר צוגענומען די כחות!

און פּלוצלונג, אין עקסטאַז פון ליעבע, ריינער און נישט ריינער, אויגענגוציגער און נישט-אויגענגוציגער, ליידענשאַפטליכער און, ווי עס שיינט, הימליש-צאַרטער—איז זי מיר געפאַלען אויפ׳ן האַלז און געקושט אויף די אויגען פון איהר מאַן. דערנאָך האָבען מיר זיך גענומען געזעגענען.

מיין אַלטע דיענסט, וואָס איז געזעסען אויף דער שוועל, האָט אָנגעהויבען רייבען די אויגען, און מיר האָבען אַלע גענומען וויינען. דאָס איז געווען אַ פייערליכער, אַן׳אונפערגעסליכער מאָמענט. דער קרבן איז געבראַכט געוואָרען.

---

אַרום איינס אַ זייגער ביינאַכט האָב איך מיך געוואָרפען אין בעט אַריין, אָבער איך האָב נישט געקאָנט איינשלאָפען. דער שרעק צו פערשפּעטיגען אויף דער שיף האָט מיר אַוועקגע־רויבט דעם שלאָף. אַן׳אויסגעמאַטערטער פון די הוליאַנקעס לכבוד מיין אַוועקפאָהרען, הוליאַנקעס, וואָס זענען אין דער לעצטער וואָך געגאַנגען איינע נאָך די אַנדערע און מיר קאַליע געמאַכט די נערוועו מיט זייער אונמעסיגען שכרות; אַ צורודערטער דורך די איבערלעבונגען פון דעם לעצטען אָוועגד, אַ תמ׳עוואַטער פון נישט אַרבייטען, האָב איך מיך אומגעוואָרפען אין די ליילעכער, ביז עס האָט אָנגעהויבען שאַריען אויף טאָג. אַזוי ווי איך האָב געוואוסט, אַז מיין ווילען איז ביי דעם איצטיגען מאָמענט אָב־געשוואַכט און פאָהרען מיט דער באַהן האָב איך פיינט געהאַט, מחמת די שטויסעריי איז שעדליך פאַר׳ן רוקענמאַרך, האָב איך אויסגעוועהלט דעם וועג מיט׳ן ים. געטהאָן האָב איך עס אויך צוליעב דעם, מיר זאָל אָבגעשניטען ווערען דער וועג אויף צוריק.

געווען אַן׳אָקטאָבער-פריהמאָרגען—אַ נעבעלדיגער, אַ ווינדטי־גער און זעהר אַ קאַלטער. די צווייגען פון די בוימער זענען בעדעקט געווען מיט טויגעפריהר. אַז איך בין צוגעפאָהרען צו דער צפון׳דיגער בריק, האָט זיך מיר געדאַכט, איך זעה אַ געשטאַלט: דער באַראָן איז געגאַנגען אין דערזעלבער ריכטונג, וואָס מיין עקיפּאַזש. דאָס איז ווירקליך געווען ער. בעגען אונ־זער אָבמאַך איז ער געגאַנגען אַזוי פריה צו זאָגען מיר דאָס לעצטע זיי-געזונד. טיעף גערי‌הרט דורך אַזאַ אונגעריכטען בע־ווייז פון פריינדשאַפט, האָב איך געשפירט, אַז איך האָב נישט פערדיענט אַזאַ מין בעציהונג צו זיך און האָב שטאַרק חרטה־געהאַט, וואָס איך האָב וועגען איהם שלעכט געטראַכט

מיר זענען געקומען אין האַפען. ער איז אַרויף אויפ׳ן שיף, בעטראַכט מיין קאַיוטע, זיך פאָרגעשטעלט דעם קאַפּיטאַן און מיך איבערגעגעבען אונטער זיין השגחה, מיט איין וואָרט, ער האָט זיך געפיהרט, ווי אַן׳עלטערער ברודער, ווי אַ טרייער פריינד, און מיר האָבען זיך אַרומגענומען, שטאַרק-צוטראָגענע.

— היט זיך אָב, זקן! — האָט ער געזאָגט — זעהסט־אויס נישט געזונד!

איך האָב מיך באמת זעהר שלעכט געפיהלט. דאָך האָב איך מיך געשטאַרקט ביז וואַנען די שיף האָט נישט אָבגעגעבען די שטריק. פּלוצלונג האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַן'אימה פאַר דער־דאָזיגער ווייטער נסיעה, וואָס האָט קיין שום זין נישט. איך האָב געהאַט אַ ווילדען פערלאַנג אַריינצוּוואַרפען זיך אין וואַסער און צו־שווימען צום ברעג. אָבער קיין כח נישט געווען אויסצופיהרען עס און איך בין געשטאַנען אויפ'ן פּאַלוב און געקווענקעלט, פאָכענדיג מיט'ן טיכעל אויף די בעגריסונגען פון מיין פריינד, וואָס איז באַלד פערבאָרגען געוואָרען הינטער די שורות שיפען אויפ'ן אַנקערפּלאַץ.

מיין דאַמפער איז געווען אַ שווער־בעלאָדענע טראַנספּאָרט־שיף, אויף וועלכער עס האָט זיך בלויז געפונען איין קאַיוטע איבער דעם צווישענדעק. איך האָב געפונען מיין געלעגער, אַ וואָרף געטהאָן זיך אויפ'ן מאַטראַץ און זיך פערגראָבען אין דער דעקע מיט דער כונה צו שלאָפען די ערשטע פיעראונצוואַנציג שעה און אויף אַזאַ אופן פערלירען די האָפנונג זיך אומצוקעהרען צוריק. געלעגען אַ האַלבע שעה אַ פערגליווערטער, האָב איך מיך פּלוצלינג אויפגעכאַפּט, פּונקט ווי אַן'עלעקטרישער שטראָם וואָלט אויף מיר געווירקט — דאָס איז געווען אַ געוועהנליכער רעזולטאַט פון אומעסיגער שפּורות און שלאָפלאָזיגקייט.

אין דערדאָזיגער מינוט איז די ווירקליכקייט אויפגעשטאַנען פאַר מיין בעוואוסטזיין מיט איהר גאַנצען פיין. צו בעווע־גען זיך עטוואָס, בין איך אַרויס אויף דער פּאַלוב. פאַר מיינע אויגען האָבען זיך אַוועקגעצויגען נאַקעטע גרויע ברעגען, בוימער זענען געשטאַנען אָהן בלעטער, לאַנקעס האָבען אויסגעזעהן געלב־גרוי, אין די פעלזען־שפּאַלטען איז שוין געלעגען אייז, דאָס וואַסער איז געווען גרוי און שוואַרץ — פלעקענווייז, דער מרה־שחורה'־דיגער הימעל האָט געהאַט אַ מראה פון בליי, די פּאַלוב איז געווען שמוציג, די מאַטראָזען גראָב — דאָס אַלץ האָט זיך צונויפגעגאַסען אינאיינעם צו פערשטאַרקען מיין פחדנות. צו דעם

אַלעם האָב איך נאָך געהאַט אַ געוואַלטיגען פערלאַנג אויסצושמועסען זיך מיט עמיצען און אויפ'ן פּאַלוב זענען נישט געווען קיין שום פּאַסאַזשירען, קיין איין לעבעדיגע נשמה! איך האָב מיך אַרויפגעקריגען אויפ'ן בריקעל און אַוועק צום קאַפּיטאַן. דאָס איז געווען אַנ'אמת'ער בער, צו וועלכען מען האָט בשום אופן נישט געקאָנט צוקומען. איך בין אַריינגעפאַלען אין געפאַנגענשאַפט אויף צעהן טעג, געווען פער'משפּט צו איינזאַמקייט אין דער געזעלשאַפט פון מענשען אָהן אַ שום הארץ, אָהן אַ שום קאָפּ. דאָס איז געווען אַנ'אמת'ע פּייניגונג.

האָב איך ווידער אָנגעהויבען מאַרשירען אויף-און-אָב איבער דער פּאַלוב, פּונקט ווי דאָס וואָלט געקאָנט פערגרעסערן די שנעלקייט פון דער שיף. מיין ברענענדיגער מאַרך האָט געאַרבייט אונטער אַ הויכען דרוק: יעדע מינוט זענען אין איהם געבוירען געוואָרען טויזענדער געדאַנקען; פערגעסענע זכרונות האָבען פון דאָסניי אויפגעלעבט, אויפגערעגטע, יאָגענדיג איינאַנדער. אָט די גאַנצע זאַווערוכע פון געדאַנקען האָט מיר פערשאַפט וועהטאָג, עהנליך צו צאָהנוועהטאָג, וואָס איך האָב נישט געקאָנט נישט לאָקאַליזירען, נישט בעשטימען. וואָס ווייטער די שיף איז אַוועק אין אָפענעם ים אַריין, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרען דידאָזיגע אָנשטרענגונג, פּונקט ווי די נאָפּעלשנור, וואָס האָט מיך פערבונדען מיט דער היימישער ערד, מיט'ן פאָטערלאַנד, מיט דער פאַמיליע, איז געווען גרייט זיך איבערצורייסען. פערלאָזט פון אַלעמען, וויגענדיג זיך אויף די כוואַליעס צווישען הימעל און ערד, האָב איך געהאַט אַ געפיהל, ווי די ערד וואָלט מיר אַוועק פון אונטער די פיס. די איינזאַמקייט האָט מיך אָנגעפילט מיט עפּיס אַ נעבעלהאַפטען שרעק פאַר אַלץ און אַלעמען. דאָס איז זיכער געווען אַ סימפּטאָם פון אָנגעבוירענער שוואַכקייט. איך געדענק, יונגעלוויז, האָב איך מיך שטאַרק צעוויינט, ווען איך האָב מיך דערמאָנט אויף אַ פּערוויילונגס-שפּאַציר אָן דער מאַמען. איך בין דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָהר צוועלף, אָבער געווען נישט נאָך די יאָהרען נאָך קערפּערליך ענטוויקעלט. די סבה פון מיין שוואַכקייט ליעגט, לויט מיין מיינונג, אין מיין

פריהצייטיגען געבורט אין אשר אין מיין מוטערס פראָבעס מפּיל-צו-זיין, וואָס טרעפט אַזוי אָפט אין פאַמיליעס מיט אַ סך קינדער. יעדענפאַלס, איז דאָס געווען די סבה פון דער שוואַכקייט, וואָס פלעגט מיך בעפאַלען יעדעס מאָל, ווען איך פלעג בייטען דאָס וואוינאָרט. איצט, אַז איך האָב מיך אָבגעריסען פון מיין קרייז, איז מיך בעפאַלען אַ פאַנישע אימה פאַר דער צוקונפט, פאַר דעם פרעמדען לאַנד, פאַר דער ים-נסיעה. פיהלבאַר, ווי אַלע פריהצייטיג-געבוירענע קינדער, וואָס זייערע נאַקעטע בערווען זענען נאָך נישט אָנגעקליידט מיט אַ הויט; אַ נאַקעטער, ווי אַן אָבגעקראָכענער קרעבס, וואָס זוכט אַן אָבדאַך אונטער שטיינער און פיהלט די קלענסטע נידערונג פון באַראָמעטער, האָב איך מיך געוואָרפען איבער דער שיף, געזוכט אַ נשמה, וואָס זאָל זיין שטאַרקער פון מיינער, געוואָלט דריקען אַ שטאַרקע האַנד, שפירען די וואַרימקייט פון אַ מענשליכען קערפער, אַ קוק טהאָן אַ פריינד אין די אויגען אַריין. ווי אַ וואָלף אין שטייג, בין איך אומגעלאָפען איבער דער פאָדערשטער פאַלוב צווישען קאַבעסטאַן און מיין קאַיוטע. איך האָב כיך פאָרגעשטעלט די צעהן טעג יסורים, וואָס זענען מיר פאָרגעשטאַנען, איך האָב מיך דערמאָנט, אַז איך געפין מיך אויף דער שיף ערשט איין שעה, איין שעה... וואָס פאַר אַ פיינליכער טאָג! און נישטאָ קיין שום שיין פון האָפנונג צו דערפיהרען דידאָזיגע פערשאָלטענע נסיעה ביז'ן סוף! איך האָב געפרובט נעהמען דעם שׂכל צו הילף, אָבער די געפיהלען האָבען איהם שטאַרק פערשריען.

וואָס האָט דיך אייגענטליך געצוואונגען צו לויפען? ווער האָט דאָס רעכט צו זאָגען אַ שלעכט וואָרט איבער דיין אויפפיהרונג, אויב דיר וועט זיך פערוועלען אומקעהרן צוריק... קיינער נישט! און פונדעסטוועגען... די בושה, די לעכערליכע לאַגע, די אויגענליעבע! ניין, ניין, איך מוז מיך אָבזאָגען פון דערדאָזיגער האָפנונג! און, איבעריגענס, וועט זיך די שיף נישט אָבשטעלען ביז האַווער. אַלזאָ, מעהר מוט, און—פאָראויס!

אָבער מוט שטיצט זיך אויף קערפערליכע און גייסטיגע כּחות, און אין דערדאָזיגער מינוט פערמעג איך נישט—נישט דאָס

און נישט יענץ. פערפאָלגט פון מרה-שחורה׳דיגע געדאַנקען, בין איך איבערגעגאַנגען אויף דעם הינטערשטען טייל פון שיף; די פאָדערשטע פאַל׳ב איז מיר אַזוי בעקאַנט געווען מיט אַלע איהרע פּרטים, אַז די שטריק, שטאַנצען און אויסשטאַטונג זענען מיר דערעסען געוואָרען, ווי אַן׳איבערגעלעזען בוך. איך האָב געע-פענט די גלעזערנע טהיר און זיך שיער נישט אָנגעשטויסען אויף אַ פאַרשוין, וואָס האָט זיך פערבאָרגען הינטער דער קאַיוטע. דאָס איז געווען אַן׳אַלטע דאַמע, אין שוואַרצען, מיט גרויע האָהר און אַן׳אומעטיגען פנים.

זי האָט מיך אָנגעקוקט אויפמערקזאַם און וואַרים. איך בין צוגעגאַנגען נעהנטער און אָנגעהויבען ריידען. זי האָט מיר גע-ענטפערט אויף פראַנצויזיש, און מיר האָבען זיך בעקאַנט.

נאָך די ערשטע ווערטער האָבען מיר איינאַנדער מיטגע-טיילט, וואוהין מיר פאָהרען. זי איז נישט געפאָהרען אויף שמחות. איהר פערשטאָרבענער מאַן איז געווען אַ וואַלד-סוחר און זי האָט זיך אומגעקעהרט פון שטאָקהאָלמער קרובים, וואו זי איז געווען צו-גאַסט. איצט איז זי געפאָהרען צו איהר גייסטיג-קראַנקען זוהן, וואָס האָט זיך געפונען אין אַן׳אַנשטאַלט אין האַווער.

די דערצעהלונג פון דערדאָזיגער פרוי איז געווען אַזוי נישט-געקינסטעלט און ביי איהר גאַנצער קורצקייט האָט זי אַזוי געווירקט אויף דער נשמה, אַז זי האָט אויף מיר געמאַכט אַן׳-אונגעוועהנליכען רושם. און, מעגליך, אַז דידאָזיגע געשיכטע, אָבשטעמפּלענדיג זיך אין די צעלען פון מיין מאַרך, וואָס איז שוין דעמאָלט צורודערט געווען, האָט געדיענט פאַר אַן׳-אויסבאַגבספּונקט צו דעם, וואָס איז דערנאָך געשעהן.

אין מיטען שמועסען איז די דאַמע פּלוצלונג געבליבען שטעהן, זיך אַריינגעקוקט אין מיר אַ פערגאַפטע און וואַרים אַ פּרעג געטהאָן:

— יאָ, איהר ליידט?

— איך?

— יאָ. איהר זעהט-אויס קרענקליך. איהר בעדאַרפט זיך דורכשלאָפען.

—דעם אמת געזאָגט, האָב איך נישט צוגעמאַכט די אויגען אין דער לעצטער נאַכט, און מיינע נערווען זענען קאַליע געוואָרען. שוין אַ צייט, ווי דער שלאָף אַנטלויפט פון מיר, און די נאַכט ברענגט מיר נישט די נויטיגע רוה.

—דערלויבט מיר צו מאַכען אַ פּראָבע. גייט טאַקי שוין אין בעט אַריין, און איך וועל אייך געבען אַ מיטעל, פון וועלכען איהר וועט אפילו אַנטשלאָפען ווערען שטעהענדיג.

זי האָט זיך אויפגעהויבען, מיך לייכט אָבגעשטויסען מיט דער האַנד און געצוואונגען איך זאָל מיך זעצען אויפ'ן בעט. דערנאָך איז זי פערשוואונדען געוואָרען און געקומען צוריק מיט אַ לאַגעלע, אָנגעפילט מיט אַ מיטעל צום שלאָפען; דערפון האָט זי מיר אָנגעגאָסען אין אַ לעפעלע.

—איצט וועט איהר זיכער איינשלאָפען!

איך האָב זי בעדאַנקט און זיך גוט איינגעדעקט. זי איז דאָך גערעכט געווען! פון איהר איז געגאַנגען עפּיס אַ מין וואַרימקייט, וואָס זויג-קינדער זוכען אויף דער ברוסט פון דער מוטער. די צאַרטע בעריהרונג פון איהרע הענד האָט מיך בערוהיגט און אין אַ צוויי מינוט אַרום בין איך אַריינגעפאַלען אין אַ שלעפעריגקייט. מיר האָט זיך אָנגעהויבען דאַכטען, אַז איך בין פון דאָסניי אַ זויג-קינד און פון דאָסניי זעה איך מיין מוטער, וואָס שמייכעט אַרום מיין בעטעל און היט מיך אָב. ביסלעכווייז זענען די בלאַסע שטריכען פון מיין מוטער צונויפגעגאָסען געוואָרען מיט דעם וואונדערשענעם געזיכט פון דער באַראָנעסע און דעם מיטפיהלענדיגען פּנים פון דער דאַמע, וואָס איז נאָר-וואָס אַוועק פון מיר. אונטער דער עגידע פון דידאָזיגע פרויען, וואָס זענען מיר געשטאַנען אין דמיון, האָב איך אָנגעהויבען ווערען שוואַך, ווי אַ פּאַרע, זיך אָנגעהויבען לעשען, ווי אַ ליכט, און, צולעצט, פערלאָרען דאָס בעוואוסטזיין.

---

בשעת איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, האָב איך שוין נישט געדענקט אָן שלאָף, אָבער מיך האָט שטאַרק פערפאָלגט אַ גע-

זאַנק, פונקט ווי ער וואָלט מיר איבערגעגעבען געוואָרען דורכ'ן שלאָף: זעהן די באַראָנעסע—אַנישט וועל איך מיך ריהרען פון זינען! ציטערנדיג פון קעלט, בין איך אויפגעשפרונגען פון מיין געלעגער, אַ נאַסער פון געזאַלצענעם ווינד, וואָס האָט אומעטום אַריינגעדרונגען. אַז איך בין אַרויס אויף דער פּאַלוב, האָב איך דערזעהן דעם הימעל, גרוי, ווי בליי. הויכע כוואַליעס האָבען פערגאָסען די פּאַלוב, די שטריק, די ברעטער און געשפּריצט מיר אין פּנים אַריין.

איך האָב געקוקט אויפ'ן ברעג און זיך געסטאַרעט צו בעשטימען דעם מהלך, וואָס די שיף האָט דורכגעמאַכט פאַר דער צייט פון מיין שלאָפען. לויט מיינע השערות האָבען מיר זיך געדאַרפט געפינען אויפ'ן אַרכיפּעל פון נאָרטשעפּינג—הייסט עס, אַז מען האָט זיך בעדאַרפט אָבזאָגען פון יעדער האָפנונג אומצוקעהרען זיך צוריק. אָנגעהויבען פון די אינזלען, וואָס זענען געווען צוזייהט אין ים-אויסגוס, ביז די פעלזיגע ברעגען, האָט מיר דער לאַנדשאַפט אויסגעוויזען אונבעקאַנט; אונבעקאַנט איז מיר אויך געווען די פאָרם פון די צעוואָרפענע הייזלעך אויפ'ן ברעג און די פאָרם פון די זעגעל אויף די פישער-שיפלעך. איך האָב געקוקט אויף דאָס פרעמדע בילד און אָנגעהויבען שפּירען אַ מין בענקשאַפט נאָכ'ן פאָטערלאַנד. די רציחה האָט מיך געשטיקט, איך בין געווען פערצווייפעלט פון געדאַנק, אַז איך בין פערפּאַקט, ווי אַ הערינג, אין דערדאָזיגער טראַנספּאָרט-שיף געגען מיין ווילען, צוליעב עפּיס אַ הויכער קראַפט, אין נאָמען פון אַ שטאַרקען עהרען-בעגריף.

מיין גרימצאָרן האָט זיך גענומען אויסלעשען און איך בין געבליבען אָהן כחות. אָנגעשפּאַרט אויף די שטאַנגען, האָב איך אונטערגעשטעלט מיין צופלאַמט געזיכט אונטער די שפּרינגענדיגע טראָפּענס פון די כוואַליעס און מיט די אויגען געגעסען די ברעגען, זוכענדיג כאָטש אַ שאָטען פון האָפנונג. איך האָב נישט אויפגעהערט צו טראַכטען, ווי אַזוי קאָן מען שווימענדיג דערגרייכען צום ברעג.

לאַנג האָב איך בעטראַכט די לופטיגע קאָנטורען פונ

בדעג-פאַס. דער ים איז שטילער געוואָרען און דאָס האָט בערוהיגט מיין געמיט; שטראַהלען פון שטילער פרייד האָבען בעלויכטען מיין נשמה; דער מח, וואָס האָט געהאַט אַ שטאַרקען צופלוס פון בלוט, האָט שוין נישט געקאָנט אַזוי ראַש אַרבייטען. פאַר מיר זענען אויפגעשטאַנען בילדער פון וואונדערשענע זומערטעג, זכרונות פון דער ערשטער יוגענד—דאָס אַלץ איז געווען אַזוי אונגעריכט, אַז איך האָב נישט פערשטאַנען פאַרוואָס קומט עס מיר. אין דערדאָזיגער צייט האָט די שיף אויסגעמידען אַ ים-בערגעל; איבער די טאַנענבוימער האָבען זיך בעוויזען דעכער פון רויטע הייזער מיט ווייסע קאַרניזען אויפ'ן בונטען פאָן פון גערטנער; עס האָט זיך בעוויזען די בריק, דאָס קלויסטערל, דער גלאָקענטורם, דער בית-עולם. וואָס איז דאָס—אַ חלום! אויג-גענאַרעריי?..

ניין, דאָס איז געווען אַן'אָרימער קוראָרט, נעבען וועלכען איך פלעג אין די סטודענטישע יאָהרען פערברענגען זומערצייט. דאָרט, אין דער-הויך, איז דאָס הייזעל, וואו איך האָב פאַראַיאָהרען פריהלינג פערבראַכט אַ נאַכט מיט איהר און מיט איהם נאָך אַ לאַנגען טאָג וואַנדערן אויף אַ זעגעלשיפעל איבער'ן ים און איבער'ן וואַלד. געוויס איז עס געווען דאָ, אויף דעמדאָזיגען בערגעל, אויפ'ן באַלקאָן, אונטער די יאַשענבוימער. דאָרט האָב איך מיך געקוויקט מיט איהר חניעוודיג פנימ'ל, בעלויכטען דורכ'ן אָרעאָל פון איהרע העלבלאָנדע האָהר, ווי דורך אַ זון, מיט איהר קליינינקען יאַפּאַנישען היטעלע, מיט דער הימעל-בלויער וואַאַל, און מיט'ן האַנד, אין אַ האַנדשוה פון הירשענפעל, האָט זי מיר בעגעבען סימנים, אַז דער טיש איז געדעקט. יאָ, זי איז ווידער דאָ, איך זעה זי, זי פאָכט מיט'ן טיכעל: איך הער איהר קלינגענדיגען קול... און פלוצלונג... וואָס איז דאָס? די שיף הויבט אָן שווימען לאַנגזאַמער, די מאַשין ווערט אָבגעשטעלט... צו אונז דערנעהנט זיך אַ לאָצמאַן-שיפעל... איינס, צוויי, דריי... אַ שנעלער געדאַנק, בלויז איין געדאַנק, ברענט מיך אין געהירן, ווי אַן עלעקטרישער שטראָם. מיט די שפרונגען פון אַ טיגער וואַרף איך מיך אויפ'ן טרעפעל, וואָס פיהרט צו דעם קאַפּיטאַנס

טריקאָל. שטעל מיך ענטשלאָסען אַנידער פאַר'ן קאַפּיטאַן פון שיף און זאָג:

— די מינוט לאָזט מיך אָוועק... אַנישט וועל איך משוגע ווערען!...

ער קוקט אויף מיר מיט אַ גוטען פאַרשטענדיגען בליק און רעדט קיין וואָרט נישט. אַ טערוואַנדערטער, מונקט ווי ער וואָלט בעשיינפערליך דערזעהן אַ משוגענעם, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסען פון אַ שטריק. האָט ער אַ רוף געטהאָן דעם צווייטען אָפיציר:

— אַרויסזעצען דעמדאָזיגען חבר מיט זיין באַגאַזש. ער איז קראַנק...

אין פינף מינוט אַרום בין איך שוין געזעסען אין דעם לאָצמאַנס שיפעל. מען האָט געוודערט מיט אַלע קראַפט, אַז איך בין באַלד געווען אויפ'ן ברעג.

איך האָב אַ מערקווירדיגע פעהיגקייט צו ווערען, ווען מען בעדאַרף, בלינד און טויב. בין איך אַוועק אין האָטעל, נישט געהערט און נישט געזעהן דאָס אַלץ, וואָס וואָלט געקאָנט בעליידיגען מיין איינגעבילדעטע: נישט בעמערקט די בליקען פון די לאָצמאַנס, וואָס האָבען אַריינגעדרונגען אין מיינע סודות, נישט געקוקט אויף די בעליידיגענדע בעמערקונגען פון מענשען, וואָס האָבען געטראָגען מיין באַגאַזש.

אין האָטעל האָב איך גענומען אַ צימער, בעשטעלט אַ שטאַרקע אָבסעגט, פערזוכט אַ ציגאַר און גענומען טראַכטען.

בין איך אַראָב פון זינען אָדער נישט אַראָב? שוין-ווען איז די געפאַהר געווען אַזוי גרויס, אַז איך האָב מיך באַלד בעדאַרפט אַרויסזעצען?

אין דעם צושטאַנד, אין וועלכען איך האָב מיך געפונען, האָב איך נאָרמאַל נישט געקאָנט טראַכטען. משוגעים, לויט דער מיינונג פון דאָקטוירים, ווייסען נישט, אַז זיי זענען גייסטיג-קראַנק און זייער געדאַנקען-גאַנג זעהט זיי נישט אויס אומנאָר-מאַל. ווי אַן אויספאָרשער, קאָנטראָליר איך איצט די ענהליכע צופאַלען, וואָס זענען געשעהן אין מיין לעבען.

בשעת איך בין נאָך געווען אין אוניווערזיטעט, האָט

מיין נערוועז-אויפרעגונג, צוליעב׳ן זעלבסטמאָרד פון אַ חבר, צוליעב ליעבע-תאוות און שרעק פאַר דער צוקונפט, זיך אַזוי שטאַרק ענטוויקעלט אין מיר, אַז איך פלעג מיך שפּירען צוציטערט סאַמע אין מיטען העלען טאָג. איך פלעג מורא-האָבען צו בלייבען אַליין אין מיין צימער; איך האָב מיר אַליין אויסגעזעהן ווי אַ מין צווילינג. מיינע פריינד זענען געוועזען געצוואונגען צו זיין מיט מיר ביינאַכט ביי אָנגעצונדענע ליכט און ביי אַן׳אָנגעהייצטען אויוועז.

איינמאָל האָב איך אין אַן׳אַטאַק פון פערצווייפלונג, וואָס איז אַרויסגערופען געוואָרען פון פערשידענע צרות, זיך משוגע׳נערהייז געוואָרפען אין פעלד אַריין, לאַנג אַרומגעבלאָנקעט איבער׳ן וואַלד און סוף-כל-סוף אַרויפגעקראָכען אויף אַ שפּיץ פון אַ סאָסנע. דאָרט האָב איך מיך אַנידערגעזעצט רייטענדיג אויף אַ צווייג און געהאַלטען אַ דרשה פאַר די נאַדעלבוימער, וואָס האָבען גערוישט אַרום מיר; איך האָב מיך געסטאַרעט צו פערטומלען דעם גערויש פון זייערע שטימען: איך האָב משער-געווען, אַז איך בין אַ קאַמפּס-אָראַטאָר און געפין מיך פאַר אַ פאָלקסמאַסע. דאָס איז געווען נישט ווייט פון דאָרטען, אויף יענער אינזעל, וואו איך האָב פערבראַכט אַזויפיעל יאָהרען און וואָס זיין שפּיץ האָב איך איצט געזעהן פון ווייטען.

אַז איך רוף איצט אַרויס אין זכרון דעמדאָזיגען פאַל מיט אַלע זיינע קאָמישע פרטים, קום איך צו דער איבערצייגונג, אַז צייטווייליג לייד איך אפילו איצט אויך אויף משוגעת.

וואָס האָב איך געוואָלט טהאָן? בעצייטענס מודיע-זיין מיינע פריינד, כל-זמן די ידיעה וועגען מיין קראַנקהייט איז נאָך נישט פערשפּרייט געוואָרען איבער דער שטאָדט? אָבער וואָס פאַר אַ בזיונות, וואָס פאַר אַ חרפות—זיך אַליין אָנצוגעבען פאַר משוגע? איך וועל עס נישט איבערטראָגען!

הייסט עס, לייגען? דאָס איז מיר פריהער געווען! געפייניגט דורך פערשידענע געדאַנקען, וואַקלענדיג זיך צווישען פערשידענע פלענער, ווי אַזוי אַרויסצוקריכען פון דעמדאָזיגען לאַבירינט, האָב איך ענטגילטיג בעשלאָסען צו מאַכען פליטה, כדי אויס-

צומיידען די דערווידערטע קשיות, וואָס האָבען געוואַרט אויף מיר. איך האָב געהאָלט אָבזוכען אַ שטרבאָרגען ווינקעלע אין וואַלד, צו בעהאַלטען זיך דאָרט און אומקומען, ווי אַ ווילדע חיה, וואָס דערשפירט די דערנעהנטערונג פון טויט.

מיט דעמדאָזיגען צוועק האָב איך מיך אַוועקגעלאָזט איבער די גאַסען, אַרומגעקראָכען אויף הויכע שטיינער, גלישענדיג זיך אויפ'ן נאַסען מאָך, מיט וועלכען זיי זענען געווען בעוואַקסען; אַריבערגעגאַנגען דאָס אַקערפעלד און געקומען צום הייזעל, וואו איך האָב אַמאָל געוואוינט. די לאָדען זענען געווען פעסט פערהאַקט. די ווילדע ריטלען, מיט וועלכע דאָס הייזעל איז געווען בעפלאָכטען פון אויבען ביז אַראָב, האָבען איצט נישט געהאַט קיין בלעטער און דאָס הייזעל האָט אויסערליך אויסגעזעהן נאַקעט. אַז איך האָב מיך געזעגענט פאַר דעמדאָזיגען טעמפעל, וואו עס האָבען זיך צובליהט די ערשטע בלומען פון אונזער ליעבע, האָב איך דערשפירט, אַז די ליעבע, וואָס איז צוליעב אַנדערע געשעהענישען אָבגעשטויסען געוואָרען אויף דעם לעצטען פלאַן, האָט זיך אין מיר אָנגעצונדען פון דאָסניי. איך האָב מיך אָנגעשפאַרט אויף דעם געשניצטען פאָרענץ פון באַלקאָן און זיך צעוויינט, ווי אַ פערלאָזט קינד.

אין „טויזענד און איין נאַכט”, געדענקט זיך מיר, האָב איך געלייענט, ווי יונגעלייט פלעגען קראַנק ווערען פון נישט-געשטילטער ליעבע און אַז פאַר זיי איז די איינציגע רפואה געווען: בעזיצען די געליעבטע. איך האָב מיך דערמאָנט אָן די שוועדישע פאָלקסליעדער, וואו יונגע מיידלעך, אַריינפאַלענדיג אין יאוש דערפאַר, וואָס זיי קאָנען נישט בעקומען דעם אָביעקט פון זייערע חלומות, הויבען-אָן וועלקען און בעטען די מאַמעס צוצוגרייטען זיי תכריכים. מיר איז אויך געקומען אויפ'ן זינען דער אַלטער סקעפטישער היינע, וועלכער האָט בעזונגען דאָס עזרים-פאָלק, וואָס שטאַרבט פון ליעבע.

מיין ליעבע איז, יעדענפאַלס, געווען אַנ'עכטע, ווייל איך בין געוואָרען אַ קינד און זיך דורכגעדרונגען מיט איין געדאַנק, מיט איין געשטאַלט, מיט איין געפיהל, וואָס האָט אַלץ איינגע-

שלונגען, וואָס האָט מיך אָבגעשוואַכט, געמאַכט מיך אונפעהיג צו אַלץ, אכילו צו זיפצען.

צו צוזייהען מיינע רעיונות, האָב איך געווענדט מיינע בליקען צו דער רייכער פּאַנאָראַם, וואָס איז געלעגען אונטער מיינע פיס. סוויזענדער אינזלען מיט די יעגלבוימער, איבער וועל-כע עס האָט זיך דאָ און דאָרט געהויבען אַ סאָסנעבוים, זענען אויסגעשוואומען אויף דער ברייטער ברוסט פון ים, זיך לאַנגזאַם-לאַנגזאַם פערקלענערט און פערוואַנדעלט אין שכערעס, ריפען און פעלזען; און דער אַרכיפעל האָט זיך געענדיגט דאָרטען, וואו עס האָט זיך געצויגען די געלב-גרינע ליניע פון באַלטישען ים, וואו די כוואַליעס האָבען זיך אָבגעשלאָגען אָן דער משופע׳דיגער ברוסט פון די לעצטע פעלזען.

די וואָלקען, וואָס זענען געלאָפען איבער דעם כמאַרנעם הימעל, האָבען אויף דער אויבערפלעך פון וואַסער געוואָרפען פאַרביגע פאַסען—פון גרוי ביז פלעשעל-גרין, פון בונטיג-בלוי ביז׳ן שניי-ווייסען שוים. הינטער דער פעסטונג, וואָס ליעגט אויף די ווייטע שכערען, האָט זיך אויפגעהויבען אַ זייל שוואַרצער רויך, וואָס איז געגאַנגען פון אַ פערשטעלטען קימען; דער ווינד האָט איהם אָבגעטראָגען און אַ וואָרף געטהאָן אויף די לעבעדי-גע כוואַליעס. פלוצלונג האָט זיך בעוויזען דער טונקעלער גוף פון דער פראַכט-שיף, וואָס איך האָב נישט לאַנג אַוועקגעלאָזט. אַז איך האָב איהם דערזעהן, האָט זיך מיר דאָס האַרץ צוזאַ-מענגעדריקט—די שיף איז געווען אַן׳עדות פון מיינע בזיונות. פונקט ווי אַ דערשראָקען פערד, האָב איך מיך געלאָזט לויפען גלייך אין וואַלד אַריין.

אונטער דעם הויכען גלייכען באַלקען פון די יעגלבוימער, וואָס צווישען זייערע נאָדלען האָט אַ ווינטעל צוגעברומט, האָבען איך פון דאָסניי אָנגעהויבען מיינע האַרץ-ליידען. אַהער פלעגען מיר געהן שפּאַצירען, בשעת די פריהלינג-זון האָט געשיינט צווי-שען די צווייגען, בשעת די יעגלבוימער האָבען זיך געדויטעלט און געשמעקט מיט׳ן אַראָמאַט פון יאַגדעס, בשעת דער מאַחאָל-דער האָט געוואָרפען מיט׳ן ווינד זיין געלב שטויבעלע און די

אַנעמאָנעס האָבען זיך דורכגעשלאָגען דורך די טויטע בלעטער פון ניסבוימער. דאָ, אין דעמדאָזיגען גרויען ווייכען מאָך, וואָס איז געלעגען אויסגעשפרייט, ווי אַ וואָלענע דעקע, האָבען גע־טראָטען איהרע פיסלעך, דאָ האָט זי אויסגעזונגען מיט איהר מעטאַליש-קלינגענדיגען שטימעלע איהרע פינישע ליעדער. מיט דער קלאָרקייט פון אַ נביא האָב איך אויסגעפונען צוויי ריזיגע נאָדעלבוימער, וואָס זענען אַזוי ווי צונויפגעוואַקסען געוואָרען איין די אָרעמס: זייערע שטאַמען האָבען זיך מיט סקריפעדיי געריי־בען אָן איינאַנדער אין די כוואַליעס פון ווינד—דאָ האָט זי זיך אויפגעקעקעהרט אין אַ זייט אַרויסצודרייסען אין זומפּ אַ בלימעל. מיט דער היץ פון אַן׳עכטען אויסשפּיר-הונד האָב איך געזוכט די שפּורען פון דעמדאָזיגען כשוט׳דיגען פיסעל, וואָס זיין לייכטע־צייכען וואָלט נישט געקאָנט אַנטרונען ווערען פון מיר. אָנגע־בויגט דעם האַלז און דערנעהנטערט די נאָז צו דער ערד, האָב איך פונאַנדערגעריסען דעם באָדען מיט אַן׳אָנגעשטרענגטען פּנים. אָבער איך האָב גאָרנישט געקאָנט געפינען. די ערד איז געווען פערזייהט מיט שפורען פון חיה׳לעך, און פונקט מיט אַזאַ ער־פאָלג, מיט וועלכען איך וואָלט געקאָנט זוכען די שפּורען פון אַ וואַלד-נימפע, האָב איך געקאָנט אויסזוכען דאָס אָרט, אויף וועל־כען עס האָט געטראָטען דאָס לייכטע שיכעלע פון מיין פערגע־טערטער פרוי. איך האָב גאָרנישט געפונען, אויסער מיסטגריבער, מיסט, פערשידענע צעפּילטע שוואָמען און צובראָכענע בלימעל־פיסעלעך. אויפ׳ן ברעג פון זומפּ, כמעט אָנגעפילט מיט שוואַר־צען וואַסער, האָב איך מיך אויף אַ רגע געטרייסט מיט׳ן געדאַנק, וואָס דערדאָזיגער זומפּ האָט געהאַט די עהרע אָבצושפּיגלען אין זיך דאָס רייצענדיגסטע געזיכט אין דער וועלט. אומזיסט האָב איך מיך געפּרובט צו געפינען כאָטש איין בלימעל אונטער די פערוועלקטע בלעטער, וואָס זענען אַראָבגעפאַלען פון די דער־בייאיגע בעראָזעס.

מיט דעמזעלבען וועג האָב איך מיך אומגעקעהרט צוריק און טיעפער אַריין אין וואַלד, און וואָס גרעבער די שטאַמען זענען געווען, אַלץ נידעריגער איז געוואָרען זייער געוויקס.

געקומט צו פערצווייפלונג, אין אונדערטרעגליכער בענקשאַפט, האָב איך מיך הויך אויפ'ן קול צעוויינט און די טרעהרען האָבען זיך מיר שטראָמענווייז געגאָסען פון די אויגען. ווי אַ חיה, וואָס איז שכור פון ליעבע, האָב איך געטראָטען מיט די פיס שוואָמען און מאָך, אויסגעריסען, אויסגעפליקט יונגע מאַהאָלדער, זיך אָבגעקלאַפט אָן אַ בוים. וואָס האָב איך געוואָלט? איך וואָלט עס אַליין נישט געקאָנט זאָגען! אין מיין האַרץ האָט געברענט אַ שרעקליך פייער! מיך האָט געמוטשעט אַ ווילדער פערלאַנג צו זעהן זי. יענע, וואָס איך האָב זי צופיעל ליעב געהאַט, אויף צו וועלען זי בעזיצען, האָט בעהערשט מיין גאַנץ וועזען, און איצט, בשעת דאָס אַלץ איז געווען געענדיגט, האָב איך געוואָלט שטאַרבען, ווייל איך האָב נישט געקאָנט לעבען אָהן איהר.

כיטרע, ווי אַלע משוגעים, האָב איך געוואָלט שטאַרבען, אָבער אויף אַ שענעם אופן — כאַפּען עפּיס אַ לונגענענטצינדונג, אָדער עטוואָס עהנליכעס: דעמאָלט וואָלט אָך בעדאַרפט ליעגען אין בעט עטליכע וואָכען און איך וואָלט זי געקאָנט זעהן, זעגענען זיך מיט איהר, קושען איהרע הענד.

אויפגעמונטערט דורך דעמדאָזיגען אונגעריכטען פּלאַן, בין איך אַוועק צום ברעג; געפינען דעם ברעג איז נישט געווען שווער, ווייל דער גערויש פון די כוואַליעס האָט זיך דייטליך דערטראָגען דורך די בוימער.

דער ברעג איז געווען אַ משופּע'דיגער, דאָס וואַסער טיעף: אַלץ, ווי מען בעדאַרף. מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיגקייט, וואָס גאָך איהר נאָך וואָלט גאָר קיינער נישט חשד-געווען מיינע מרה-שחורה'דיגע געדאַנקען, האָב איך מיך אויסגעטהאָן, אַוועקגעלעגט די קליידער אונטער אַ קופּע בלעטער און דעם זייגער בעהאַלטען אין אַ שפּאַלט פון אַ שטיין. עס האָט געבלאָזען אַ רויהער ווינד, און די טעמפּעראַטור פון וואַסער האָט אין אָקטאָבער געקאָנט זיין העכער בלויז אויף עטליכע גראַדען פון נול. דורכגעלאָפען זיך איבער די פעלזען, האָב איך מיך געוואָרפען אין וואַסער אַריין מיט'ן קאָפּ אַראָב: נאָך פריהער האָב איך מיר אָנגעמערקט אַ טיעף אָרט צווישען צוויי רוזיגע כוואַליעס. מיר האָט

זיך געדאַכט, אַז איך האָב מיך אונטערגעטונקט אין אַ פייערדי-גער לאַווע. באַלד בין איך אַרויסגעשוואומען, איינגעהילט אין וואַסערפּלאַנצונגען, וואָס האָבען מיר געדראַפּעט די פיס. איך האָב מיך געצאַפּעלט אין אָפענעם ים, אונטערגעשטעלט די ברוסט די צובושעוועטע כוואַליעס, פערטױבט דורכ׳ן געלעכטער פון ים-פייגעל און דורך די געשרייען פון קראָהען. אַרויסגעשלאָגען זיך פון די כחות, האָב איך מיך אומגעקעהרט צוריק און צוגעשוואו-מען צו אַ פעלז.

איצט איז געקומען דער סאַמע וויכטיגער מאָמענט. לויט די כללים, וואָס ווערען צוגעשריבען די באָד-לייט, איז זעהר גע-פעהרליך צו פערבלייבען לאַנג נאַקעט נאָכדעם, ווי מען געהט אַרויס פון וואַסער. האָב איך מיך געזעצט אויף אַ פעלז סאַמע אונטער׳ן ווינד און געלאָזט איהם, דעם אָקטאָבער-ווינד, שמיי-סען מיר איבער׳ן נאַקעטען רוקען. איך האָב געפיהלט, ווי עס וואַרפט מיך פון דער הויט, ווי מיינע מוסקולען ווערען אַליין צוזאַמענגעדריקט, ווי עס ווערט איינגעשרומפען דאָס ברוסט-קעס-טעל, פונקט ווי דער אינסטינקט פון אַליינדערהאַלטונג וואָלט געצוואונגען די איידעלע אינערליכע אָרגאַנען צו פערטיידיגען זיך מיט אַלע כחות. איך האָב מעהר נישט געהאַט קיין כח צו בלייבען אויף איין אָרט, האָב איך מיך אָנגעהאַלטען אָן אַ צווייג און אַרויסגעקראָכען אויף אַ בוים, וואָס האָט זיך אומגעשאָקעלט אונטער די פיבערליכע, ווילדע בעוועגונגען פון מיינע מוסקולען.

אויף אַזאַ אופן איז מיר געלונגען זיך איינצוהאַלטען אויף איין אָרט. די פראָסטיגע לופט האָט מיר געברענט דעם קרייץ, פונקט ווי מיט אָנגעברענטען אייזען.

צולעצט, האָב איך בעשלאָסען, אַז עס איז גענוג פאַר מיר און מיך איילig געגומען אָנטהאָן. דערווייל איז נאַכט געוואָרען.

אַז איך בין אַריין אין וואַלד, איז שוין געווען טונקעל. אָנ׳אימה איז מיך בעפאַלען. מיט׳ן קאָפּ האָב איך מיך אָנגעשלאָ-גען אָן די נידעריגע צווייגען פון די ביימער און טאַפּענדיג האָב איך בעדאַרפט געפינען דעם וועג. אָבער פלוצלונג, אונטער דעם איינדרוק פון משוגע׳נעם שרעק, האָבען זיך מיינע חושים אָחי

פערשאַרפט, אַז איך האָב געקאָנט בעשטימען דעם כאַראַקטער פון די בוימער, וואָס האָבען מיך אַרומגערינגעלט, לויט'ן גערויש פון די צווייגען; די יעגלבוימער, וואָס זייערע פעסטע דיקע נאָדלען זענען געווען, ווי ריזיגע גיטאַרעס, האָבען גערוישט מיט אַ טיעפען באַס; אַ מעהר-הויכען טאָן האָבען אַרויסגעגעבען די לאַנגע און בעוועגליכע שטאַמען פון די סאָסנעס, וואָס זייער גערויש האָט דערמאָנט דאָס שיפּען פון טויזענד שלאַנגען; דער טרוקענער שאָרך פון די בעראָזעס האָט אין מיר אַרויסגערופען זכרונות פון דער קינדהייט, צו וועלכע עס איז צוגעמישט געוואָרען אַ נאָגענדיגע בענקשאַפט און די ערשטע געשלעכטליכע פערלאַנגען; דאָס שאָרכען פון די טרוקענע בלעטער, וואָס זענען פערבליבען אויף די דעמבען, האָט דערמאָנט דאָס קנאַקען פון צוריסענעם פאַפיר; דער קלאַנג פון מאַהאָלדער איז געווען עהנליך צו פרויענשטימען, וואָס סוד'ען זיך צווישען איינאַנדער; די אולמענבוימער האָבען טעמפּ געסקריפּעט, בשעת דער ווינד האָט זיי אָבגעבראָכען עפּיס אַ צווייג. לויט'ן קלאַנג פון פאַל האָב איך געקאָנט אונטערשיידען די שישקעס פון אַ סאָסנעבוים און אַ יעגלבוים. פון ריח אַליין האָב איך דערקאָנט די נאָהנטקייט פון אַ שאַמפּיניאָן, און די נערווען פון גרויסען פינגער האָבען, דאַכט זיך, געפיהלט, צי דער פינגער ריהרט-אָן ערד, בערלאָפּ אָדער מאָך.

זיך פערלאָזט אויף דערדאָזיגער אונגעוועהנליכער פיהלבאַרקייט, האָב איך דערגרייכט דעם פּאַרקאַן פון בית-עולם און אַריבערגעקראָכען אַריבער איהם. ביי אַ מינוט האָב איך מיך געקוויקט מיט דער מוזיק פון די וויינענדיגע ווערבעס, וואָס זייערע צווייגלעך האָבען געשמיסען די מצבות אויף די קברים. צולעצט, פערגליווערט פון קעלט, אויפציטערנדיג ביי יעדען פּלעצליכען גערויש, האָב איך מיך דערשלעפּט צום דאָרף און אויפגעזוכט דעם האָטעל לויט די פייערלעך פון די הייזער.

אַרויף צו זיך אין צימער, האָב איך דעפּעשירט דעם באַראָן, אַז איך בין פּלוצלונג קראַנק געוואָרען און זיך נישט-ווילענדיג געמוזט אַרויסזעצען אויפ'ן ברעג. דערנאָך האָב איך איהם,

אויף עטליכע בויגעלעך פאַפּיר, באריכות בעשריבען מיין צו־שטאַנד, דערמאָנט די אַטאַק, וואָס איז מיט מיר געשעהן און צו־געגעבען, אַז איך נעהם אין אַכט זיין בעשיידענקייט. פאַר איי־נע פון די הויפּט־סבות אין מיין קראַנקהייט האָב איך אָנגעווי־זען די צושיידונג מיט מיין כלומר'שטער בעשערטער. דערנאָך האָב איך פאָראויס זיך אָבגעהאַקט די לעצטע האָפנונג. אַנ'אָבגע־שוואַכטער, האָב איך מיך געוואָרפען אין בעט אַריין, פעסט אי־בערצייגט, אַז דאָסמאָל וועט די זאַך נישט אַריבער אָהן אַ שטאַרקער היצקראַנקהייט. דערנאָך האָב איך אָנגעקלונגען דער דיענסט און געהייסען רופען אַ דאָקטאָר. בעקומען אַנ'ענטפער, אַז קיין דאָקטאָר איז נישטאָ, האָב איך געבעטען אַ רוף טהאָן דעם דאָרפישען גלח, וועמען איך בעדאַרף איבערגעבען מיין לעצטען ווילען.

פון דערדאָזיגער מינוט אָן בין איך געוועזן איבערצייגט, אַז אָדער איך וועל שטאַרבען, אָדער איך וועל משוגע ווערען.

דער גלח איז באַלד געקומען. דאָס איז געוועזן אַ מאַן פון אַ יאָהר דרייסיג, אַ טיפּ פון אַ פויער אין זונטאָג־קליידער. זיינע געלע האָהר, די האַלבפערלאָשענע אויגען און די זונשפרינקעלעך זענען מיר גאָרנישט געוועזן סימפּאַטיש. איך האָב לאַנג נישט אויסגערעדט קיין שום וואָרט, ווייל איך האָב באמת נישט גע־וואוסט, וואָס קאָן מען אָנטרויען דעמדאָזיגען מענשען אָהן ביל־דונג, אָהן דער געניטקייט פון דערוואַקסענע יאָהרען, וואָס ווייס נישט קיין מענשליך האַרץ.

פערשעמט, ווי אַ פראָווינצער פאַר אַ גרויסשטעדטישען איינ־וואוינער, איז ער געשטאַנען אין מיטען צימער, ביז וואַנען איך האָב איהם מיט אַ האַנדבעוועגונג נישט געבעטען זיך זעצען אויפ'ן שטוהל. דעמאָלט איז ער צוגעטראָטען צו מיין ודוי.

—איהר האָט מיך גערופען, מיין הער? איהר האָט עפּיס אַ צער!

—יאָ.

—נישטאָ קיין גליק, אויסער אין גאָט...

הגם איך האָב געהערט פון אַנ'אַנדער גליק, פונדעסטווע־

געז האָב איך איהם געלאָזט ריידען, מיט קיין זאַך נישט פּראָטעסטירט. און אָט האָט דער עוואַנגעלישער פּאַסטאָר אָנגעהויבען ריידען לאַנג, מאָנאָטאָן, שיטען מיט ווערטער. די אויסגעדראָשענע ווערטער פון דעם קאַטעכיזיס האָבען מיך אָנגענעהם פערוויעגט און דער פרעמדער מענש, וואָס האָט מיר געוואָלט אַריינקוקען אין דער נשמה אַריין, האָט מיר צוגעגעבען כחות.

נאָך פלוצלונג האָט דער יונגער פּאַסטאָר גענומען צווייפלען אין מיין אויפריכטיגקייט, און איבערגעהאַקט זיין דרשה מיט דער פראַגע:

—גלויבט איהר באמת?

—ניין,—האָבּ איך איהם געענטפערט—נאָר רעדט, איך בעט אייך, מיר ווערט לייכטער פון אייערע ווערטער... און ער האָט זיך ווידער גענומען פאַר דער אַרבייט. דער קלאַנג פון זיין קול, וואָס האָט זיך כסדר געגאָסען, דער גלאַנץ פון זיינע אויגען, די וואַרימקייט, וואָס איז געגאַנגען פון זיין קערפּער, האָבען געווירקט אויף מיר אַזוי ווי אַ מאַגנעטישע פליסיגקייט. אין אַ האַלבער שעה אַרום בין איך שוין געשלאָפען.

אַז איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, איז שוין דער מאַגנעטיזירער נישט געווען אין צימער און דאָס דיענסטמיידעל האָט מיר געבראַכט אַ שלאָפמיטעל מיט דער שטרענגער אינסטרוקציע צו זיין וואָס פאָרזיכטיגער: אין פלעשעל איז געווען אַזויפיעל סם, אַז ווען מען זאָל עס איינעהמען מיט איין מאָל, קאָן מען שטאַרבען. באַלד ווי איך בין געבליבען אַליין, האָב איך, פערשטעהט זיך, אַראָבגעשלונגען מיט איין קלאַפּ די גאַנצע פליסיגקייט פונ'ם פלעשעלע. פעסט בעשלאָסען צו שטאַרבען, האָב איך מיך פערזונקען אין מיינע געדאַנקען, און דער שלאָף האָט נישט געלאָזט אויף זיך לאַנג וואַרטען.

צומאָרגענס, אַז איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, האָב איך מיך נישט געוואונדערט, וואָס מיין צימער איז פערגאָסען מיט דער זון: די דיראָזיגע נאַכט איז מיר אַוועק אין העלע און פאַרביגע חלומות.

—אַז איך רייד פון הרץ, הייסט עס, אַז איך עקזיסטיר!—

האָב איך זיך געזאָגט. איך האָב מיר בעטאָפּט דעם גאַנצען קערפּער, צו וויסען די טעמפּעראַטור און אויסגעפונען סמנים פון לונגענענטצינדונג. נישט-געקוקט פונדעסטוועגען אויף די אַלע אַנשטרענגונגען, אַרויסצורופען דידאָזיגע שרעקליכע קראַנקהייט, האָב איך מיך געפונען כמעט אין אַ נאָרמאַלען צושטאַנד. דער קאָפּ, עטוואָס אַ טעמפּער, האָט נאָך אַלץ לייכט געאַרבייט, הגם, נישט אַזוי שטורמיש, ווי פריהער, און דער צוועלף-שעה'דיגער שלאָף האָט מיר צוריקגעקעהרט די לעבענס-כחות, נאָך אַלץ גענוג שטאַרק, אַדאַנק די פיזישע איבונגען, וואָס איך האָב נישט פערלאָזט סאַמע פון די יונגע יאָהרען אָן.

...מען ברענגט מיר אַ דעפעש. מיינע פריינד טיילען מיר מיט, אַז זיי וועלען קומען מיט דער שיף צוויי אַ זייגער!

ווידער הויב איך מיר אָן שעמען. וואָס וועל איך זיי זאָגען, ווי זאָל איך זיך האַלטען?.. איך האָב מיר פיינלין געבראָכען דעם קאָפּ...

דער מוט, וואָס האָט זיך פון דאָסביי דערוועקט אין מיר, קאָן נישט שטימען מיט געמיינע מיטלען, און נאָך אַ לאַנגען טראַכטען, שטעל איך מיך אָב אויף אַזאַ מין פּלאַן: איך וועל וואוינען אין דעמדאָזיגען האָטעל, ביז איך וועל נישט ווערען געזונד, און מיט דער ערשטער שיף וועל איך פאָהרען ווייטער. אויף אַזאַ אופן איז דער כבוד געראַטעוועט, און דער בעזוך פון מיינע פריינד—נאָך אַ געזעגעניש: דאָס סאַמע לעצטע מאָל!

אָבער אַז איך האָב מיך דערמאָהנט אָן די נעכטיגע געשעהענישען, האָב איך זיך אָנגעהויבען פיינט האָבען. ווי אַזוי האָב איך מיך געקאָנט דערנידערן צו אַזוינע אונגעהויערע שוואַכקייטען—איך, דער גייסטשטאַרקער, דער סקעפּטיקער! און רופען אַ גייסטליכען—ווי אַזוי דערקלערט מען דידאָזיגע שוואַכקייט! אמת, איך האָב איהם גערופען ווי אַ בעאַמטען און ער האָט בלויז אַיינער מיר דורכגעמאַכט די קונסט פון אַ היפּנאָטיזירער! אָבער מענשען וועלען אַ קוק טהאָן דערויף, ווי אויף אַ בעל-תשובה. מען וועט נאָך אפילו אַ טראַכט טהאָן וועגען מיין ודוי, וועגען מיין לעצטען שרעקליכען אָפּענהערציגען וואָרט, וואָס אַ פערברע-

כער זאָגט-אַרויס אויפ'ן טויטענבעט. וואָס פאַר אַ מאַטעריאַל פאַר די דאָרפישע רכילות'ניקעס, וועלכע פערקעהרן שטענדיג מיט דער שטאָדט! וואָס פאַר אַ שטאָף פאַר ליגנער!

געווען נאָר איין מיטעל ווי אַזוי אַרויסצוגעהן פון דער-דאָזיגער אונדערקלערליכער לאַגע — תּיכף אַוועקפאָהרען קיין אויס-לאַנד. איך האָב מיך צוגעגרייט צו דער ראָל פון אַזאַ איינעם, וואָס האָט געליטען אַ קאַטאַסטראָפע, און אַ גאַנצען פריהמאָר-גען בין איך געווען בעשעפטיגט דערמיט, וואָס איך בין אַרומ-געגאַנגען אויף-און-אָב איבער'ן וועראַנדע, געקוקט אויפ'ן באַ-ראָמעטער, שטודירט דעם רייזעפּלאַן. די שעה'ן זענען געלאָ-פען גאַנץ שנעל. איך האָב נאָך נישט בעוויזען צו בעשליסען, צי זאָל איך בלייבען אין האָטעל, אָדער גיהן צום האַפען, ווי די שיף האָט זיך שוין בעוויזען אין ים-אויסגוס. איך האָב נישט געוואָלט שפּיעלען קיין קאָמעדיע פאַר אַ גאַנצען עולם מענשען און אַוועק אין מיין צימער.

אָבגעוואַרט עטליכע מינוט, האָב איך דערהערט דער באַ-ראָנעסע'ס קול: זי האָט זיך נאָכגעפרעגט ביי דער בעל-הבית'טע אויף מיין געזונד. איך בין איהר אַרויס אַנטקעגען און זי האָט מיך שיער נישט אַרומגענומען אויף די אויגען פון די אַרומיגע. זי האָט טיעף פון האַרצען בעקלאָגט מיין קראַנקהייט, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון צו-שטאַרקער אָנשטרענגונג און האָט מיך אָנגע-הויבען בעטען, איך זאָל פאָהרען צוריק אין שטאָדט אריין און אָבלעגען די נסיעה ביז פריהלינג.

אין דעם טאָג איז זי געווען אין רעכטען גלאַנץ. איינגע-וויקעלט אין פוטער, האָט זי דערמאָהנט אַ לאַמע — אַזאַ מענגע לאַנגע ווייכע האָהר האָבען איינגעהילט איהר פיגור. איהרע באַ-קען האָבען זיך גערויטעלט פון ים-ווינד, און אין די אויגען, וואָס האָבען זיך געגרעסערט פון דער גרויסער פרייד ביים זעהן זיך, האָב איך אַרויסגעלייענט אַ'אויסדרוק פון אונענדליכער צערטליכקייט. אומזיסט האָב איך מיך אָבגעזאָגט דערפון, זי זאָל זיך זאָרגען איבער מיין געזונד, וואָס זי האָט אַזוי געוואָלט. זי האָט איינגעפונען, אַז איך זעה-אויס ווי אַ מת, האָט געזאָגט, אַז

איך בין נישט פעהיג צו ארבייט און איז זיך בכלל מיט מיר בעגאַנגען, ווי מיט אַ קינד, און אַט די ראָל פון אַ מוטער האָט זיך איהר זעהר געפּאַסט. אינ׳ם טעמבר פון איהר קול האָבען זיך געשפּירט פער׳גנב׳עטע נאַטקעס, אין שפּאַס האָט זי מיר געזאָגט „דו״, איינגעוויקעלט מיך אין שאַרף. צו מיטאָג האָט זי פונאַנדערגעשפּרייט מיין סאַלפעטקע, אָנגעגאָסען מיר דאָס גלאָז, געכאַפּט פאַראויס אַלע מיינע בעווענונגען. אָ, וואָס פאַר אַ מין ליעבע „מאַמישי״ דאָס איז געווען! פאַרוואָס איז זי נישט אַזאַ מיט איהר קינד? אָבער דאָס איז דאָך געווען בלויז אַנ׳איבער־געשטהאָנענער מאַנסביל, אַ דערשראָקענע חיה, וואָס ווערט געיאָגט דורך דער אונגעהויער־שטאַרקער פערשפּעטיגטער ליידענשאַפט! און איך אין דער מראה פון אַ קראַנקען קינד האָב מיר אויסגעוויזען זוי אַ וואָלף, וואָס ליעגט אין בעט פון דער איינגעשלונגענער באָבען און איז יעדע מינוט גרייט אויפצועסען דאָס רויטע היטעלע.

איך האָב מיך געפרויטעלט פאַר דעמדאָזיגען מאַנספערשוין, וואָס איז נאַאיוו און בראַוו, וואָס האָט זיך שטאַרק געזאָרגט וועגען מיר, וואָס האָט פאָראויס געכאַפּט מיין קלענסטע בעוועגונג. אָבער בין איך נישט שולדיג געווען אין דעם אַלעם! איך האָב פער׳עקשנ׳ט פערשלאָסען מיין האַרץ און כמעט מיט אַ בעליידי־גענדער קאַלטקייט צוגענומען די טויזענדער ליעבליכקייטען פון דער באַראָנעסע.

ביים דעסערט, בשעת די געסט האָבען שוין בעדאַרפט אָוועקפאָהרען, האָט מיר דער באַראָן פאָרגעלעגט, איך זאָל מיך אומקעהרען צוזאַמען מיט זיי. ער האָט מיר פאָרגעלעגט אַ צימער ביי זיי אין הויז, וואָס וואַרט שוין לאַנג אויף מיר. צו מיין כבוד, בעדאַרף איך זאָגען, אַז איך האָב עס תיכף אָבגעוואָרפען.

איך האָב מיך געשראָקען פאַר דעמדאָזיגען געפעהרליכען שפּיעל מיט פייער און זיי מיטגעטיילט, וואָס איך רעכען טהאָן. אַ וואָך וועל איך זיין דאָ, ביז איך וועל קומען צו די כחות און דערנאָך וועל איך מיך אומקעהרען אין מיין שטעדטישען צימערל.

נישט־געקוקט אויף די אָפטע פּראָטעסטען פון מיינע פריינד,

בין איך געבליבען ביי מיין פּלאַן. אַ מאָדנע זאַך: האָב איך נאָר פערגעסען מיין שוואַכקייט און אַרויסגעוויזען מיין מענליכען ווילען, איז די באַראָנעסע געוואָרען קעלטער צו מיר. וואָס מעהר איך האָב מיך געוואַקעלט, וואָס מעהר איך האָב נאָכגעגעבען איהרע קאַפּריזען, אַלץ מעהר האָט זי מיך פערגעטערט, געלויבט מיין שכל, מיין געהאָרזאַמקייט. זי האָט מיך בעזיעגט, צוגענומען מיר דעם מוט. אָבער קוים האָב איך איהר אַרויסגעוויזען אַנ׳ערנסטען ווידערשטאַנד, פלעגט זי אַרויסציהען איהר האַנד און זיך בעגאַנגען מיט מיר אָפענהאַרציג קאַלט, כמעט מיט אכזריות.

אַז מיר האָבען בעטראַכט דעם פּלאַן צו וואוינען אינאיינעם אונטער איין דאַך, האָט זי מיר אויסגעמאָלט זעהר אַ שען בילד און אונטערגעשטראָכען, ווי אָנגענעהם דאָס וועט זיין, ווען מען וועט זיך קאָנען זעהן אין אַ ליאַדע מינוט אָהן אַנ׳איינלאַדונג דערצו.

—אָבער, באַראָנעסע,—האָב איך געענטפערט—וואָס וועט זאָגען די וועלט, ווען זי וועט זיך דערוויסען, אַז אַ יונגער מענש האָט זיך בעזעצט אינ׳ם הויז פונ׳ם יונגען פּאָרל.

—וואָס מענשען וועלען זאָגען, געהט אונז נישט אָן.

—אָבער אייער מוטער און מוהמע? איבריגענס, מיין מענליכער שטאָלץ פּראָטעסטירט געגען דידאָזיגע פּלאַנען, וואָס זעגען אפשר אָנשטענדיג פאַר אַ מינדעריעהריגען.

—וואָס איז דאָס פאַר אַ מענליכער שטאָלץ? האַלט איהר דען פאַר „מענליך” אומצוברענגען זיך איבער גאָרנישט, סתם אין דער וועלט אַריין?

—יאָ, באַראָנעסע, זיין אַ שטאַרקער—דאָס איז דער שטאָלץ פון אַ מאַנסביל!

הויבט זי אָן כעס׳ן און וויל נישט אָנערקענען, אַז צווישען געשלעכטען איז פאַרהאַן עפּיס אַנ׳אונטערשייד. איהר פרויען-לאָגיק האָט פערפּלאָנטערט דעם גאַנג פון מיינע געדאַנקען. ווענד איך מיך צום באַראָן. ענטפערט ער מיט אַ שמייכעל, אין וועלכען מען קאָן לייכט איבערלייענען, ווי נידעריג ער שטעלט די לאָגיק פון אַ פרוי.

זעקס אַ זייגער האָט די שיף אויפגעהויבען איהר אַנקער און אַוועקגעפיהרט מיינע פריינד. אַנ'איינזאַמער, האָב איך מיך אומגעקעהרט צוריק אין האָטעל אַריין.

דער אָווענד איז געווען אַ גרויסאַרטיגער. די זון האָט זיך אַראָבגעלאָזט פון אָראַנזש-געלבען הימעל, דאָס טונקעל-בלויע וואַסער איז געווען בעשאָטען מיט ווייסע פלעקען; אויפ'ן האָריזאָנט, איבער די נאָדעלבוימער, האָט זיך בעוויזען אַ רויטע לבנה.

איך בין געזעסען פאַר'ן טיש אין עסצימער, פערזונקען אין מיינע מחשבות, דאָ פרעהליכע, דאָ שרעקליך-טריבע, און נישט בעמערקט, ווי די בעל-הבית'טע האָט זיך צו מיר דערנעהנטערט.

— נישט וואָהר? דאָס איז אייערע אַ שוועסטער — די יונגע דאַמע, וואָס האָט אייך נאָר-וואָס פערלאָזט.

— עס הויבט זיך. גאָרנישט אָן!

— ניין?.. זי איז דאָך אָבער וואונדערליך עהנליך צו אייך! גלעבען, מען וואָלט געקאָנט שווערען, אַז איהר זענט ברודער און שוועסטער.

איך בין נישט געווען געשטימט צו פיהרען ווייטער דעמדאָזיגען שמועס, אָבער ער האָט מיר איבערגעלאָזט אַ מין גאַז פאַר שפעטערדיגע געדאַנקען.

האָבען דען מיינע כסדר'דיגע חלומות וועגען דער באַראָנעסע זיך אָבגעשפיגעלט אויף דעם אויסדרוק פון איהר געזיכט? האָט דען דער אויסדרוק פון איהר געזיכט אָבגעשפיגעלט אויף זיך די ווירקונג פון אַ זעקס-מאָנאַטליכען פערקעהר צווישען אונזערע נשמות? עס איז גאַנץ מעגליך, אַז אונזערע נשמות האָבען זיך פערפלאָנטערט און מיר געהערען זיך שוין נישט. דער מזל, אָדער, ריכטיגער, דער אינסטינקט האָט דאָ געשפיעלט זיין שטאַרקע ראָל. דער שטיין האָט זיך אַריבערגעקייקעלט און אויפ'ן וועג אַליין פערוויסט און אומגעוואָרפען: עהרע, שכל, גליק, טרייהייט און גוטע מדות!

...און דידאָזיגע נאַאיוויטעט — בעטען וואוינען ביי זיך אין דירה אַ יונגען היציגען מאַן, אַ מאַן אין יענע יאָהרען, ווען דאָס געשלעכטס-געפיהל איז אַזוי שטאַרק, אַז מען קאָן עס מיט קיין

זאַך נישט איינלעשען! איז עס דען צולאָזענקייט? אָדער די ליע-
בע האָט איהר צומישט דעם זינען! איז זי אַ צולאָזענע? ניין,
טויזענדער מאָל ניין! איך שעץ זעהר הויך איהר אויפריכטיג-
קייט, איהר פרעהליכקייט, אָפענהאַרציגקייט און איהר מוטערליכע
צערטליכקייט. זי האָט זיך אַליין מודה-געווען, אַז זי איז עקסצענ-
טריש, נישט אויסגעהאַלטען, האָט אַליין גערעדט פון איהרע פעה-
לערן, אָבער זי איז נישט צולאָזען—ניין! אפילו אין די כיט-
רע הינטערוועגלעך, מיט וועלכע זי בענוצט זיך, צו מאַכען מיך
פרעהליכער, איז פאַרהאַן מעהר רויפע פרוי, וואָס איהר איז
טשיקאַווע צוצוטומלען אַ שעמעדיגען מאַנסביל, איידער קאָקעטין,
וואָס וויל איהם צורייצען דאָס געפיהל צו אַ פרוי.

ווידער האָט מען בעדאַרפט פעריאָגען די שדים, וואָס האָ-
בען מיך אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען. כדי צו האַלטען מיינע
פריינד אין טעות, האָב איך אָנגעוואָרפען אַ בריף אויף דער אַל-
טער טעמע פון אונזער אונגליקליכער ליעבע. אַלס בעוויז דערצו
האָב איך בייגעלעגט צוויי הייסע ליעדער „צו איהר"—ליעדער,
וואָס מען האָט זיי געקאָנט קאָמענטירען אַזוי און נישט אַזוי. און
אויב די באַראָנעסע וועט זיך בעליידיגען, איז דאָס איהר זאַך.

דער בריף און די ליעדער זענען געבליבען אָהן אַנ׳ענט-
פער, פונקט ווי דאָס מיטעל איז שוין אויסגעפרובט געוואָרען,
אָדער די טעמע איז שוין נישט אינטערעסאַנט.

די שטילע און רוהיגע טעג, וואָס זענען איינגיכען געקומען,
האָבען מיר מיטגעהאָלפען—איך זאָל געזונד ווערען. די לאַנד-
שאַפט, וואָס האָט מיך אַרומגערינגעלט, האָט אָנגענומען די ליע-
בע פאַרבען פון מיין פערגעטערטער פרוי. דער וואַלד, וואָס איז
אין אַ משך פון עטליכע שעה געווען דער טעמפעל פון מיין
נשמה, האָט צו מיר איצט געשמייכעלט, און בשעת איך האָב
אַלע איינדערפריה געשפּאַצירט אין איהם, זענען שוין די שאָטענס
פון די פיינליכע זכרונות נישט געשטאַנען אין די ווינקלען פון
לאַנדשאַפט, וואו איך האָב מיך געראַנגעלט מיט'ן טייוועל, וואָס
וויינט אין דעם מענשענס האַרץ. איהר וויזיט און די זיכערקייט,

אַז איך וועל זי זעהן, האָבען מיר צוריק אומגעקעהרט דאָס לעבען אוף שכל.

VII.

פון דער פראַקטיק האָב איך געוואוסט, אַז דער, וואָס קעהרט זיך אום צוריק אונגעריכטערהייד, איז נישט קיין געווינשטער גאַסט. און דעריבער, אַז איך האָב מיך צוריקגעקעהרט קיין שטאָקהאָלם, האָב איך מיך לאַנג געקווענקעלט און געמאַכט שהיות, ביז איך האָב מיך בעשלאָסען זיך צו ווייזען אין דער באַראָנעסע׳ס הויז.

אין גערטענדעל האָט אַלץ עדות געזאָגט דערויף, אַז דער ווינטער קומט-אָן. די בוימער זענען נאַקעט געוואָרען, קיין בענק זענען נישט געווען, דאָס טהירעלע פון גאָרטען-פאַרקאַן איז אַראָבגענומען געוואָרען פון די שלייפען, די אַראָבגעפאַלענע בלעטער האָבען געטאַנצט אין ווינד, די ווענטילאַציעס פון די קעלערס זענען געווען פערשטאָפּט מיט שטרוי. אַריין אין גאַסטצימער, האָב איך מיך שיער נישט דערשטיקט פון שלעכטער לופט, וואָס איז אָנגעוואַרימט געוואָרען פון די קאַפעל-אויווענס. די אויווענס זענען עהנליך געווען צו ליילעכער, וואָס העגגען-אַראָב פון סאַמע באַלקען—גרויסע און ווייסע ליילעכער אין דער גאַנצער ברייט פון צימער. עס זענען אַריינגעשטעלט געוואָרען די ווינטער-פענסטער און די שפּאַלטען פערקלעבט מיט פאַפּיר. די שניי-ווייסע וואַטע, וואָס איז אַריינגעלעגט געוואָרען צווישען די שויבען, האָט דעם גרויסען צימער צוגעגעבען דאָס אויסזעהן פון אַ מתים-שטיבעל. איך האָב מיך געפּרובט בעפרייען פון דעם איינדרוק, וואָס אויף מיר האָט געמאַכט די האַלב-פריצ׳ישע אויסשטאַטונג און אַרויסגערופען אין די ערינערונגען די פריהערדיגע בורזשואַזע שטרענגקייט: אין יענער צייט זענען די ווענד געווען הייל, די פּאָדלאָגע פון פשוט׳ען האָלץ. איבער׳ן שוואַרצען טיש, אָהן אַ טישטוך, וואָס האָט מיט זיינע אַכט פיס אויסגעזעהן, ווי

אַ שפּין, זענען אַדורכגעשוואומען די שטרענגע שטריכען פון מיין פאָטער און שטיפמוטער.

די באַראָנעסע האָט מיך וואַרים בעגעגענט, אָבער דאָס אומעטיגע געזיכט איהרס האָט דערצעהלט פון עפּיס אַ זאָרג. דאָ זענען אויך געווען דער שוועהר און דער פעטער: אין דעם זייטיגען צימערל האָבען זיי מיט׳ן באַראָן געשפּיעלט אין קאָרטען. איך האָב מיך בעגריסט מיט די שפּיעלער און פערבליבען אַליין מיט דער באַראָנעסע אין גאַסטצימער. זי האָט זיך אַנידערגעזעצט אין פאָטערשטוהל נעבען לאָמפּ און גענומען נייהען. אַ שווייגענדיגע, אַ טריבע און אַ מאוס׳ע, האָט זי אויף מיר אַרויפגעוואָרפען די לאַסט פון געשפּרעך, וואָס האָט זיך פערוואַנדעלט אין אַ מאָנאָלאָג, מחמת קיין ענטפער האָב איך נישט בעקומען. איך האָב מיך פערשלאָגען אין ווינקעל, נעבען אויווען, און געקוקט אויף איהר. זי האָט זיך איבערגעבויגט איבער דער אַרבייט און נישט אָבגעקעהרט דעם קאָפּ. אַנ׳אונפערשטענדליכע, אַנ׳איינגעשלאָסענע אין זיך, האָט זי מינוטענווייז אַזוי ווי גאָר פערגעסען אָן מיר. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך בין געקומען נישט צו דער צייט. עס האָט אויסגעוויזען, אַז מיין צוריקקעהר האָט געמאַכט יענעם שלעכטען איינדרוק, פאַר וועלכען איך האָב מיך געשראָקען. פּלוצלונג איז מיין מידער בליק געפאַלען אויף דער פאָדלאָגע, און אונטער׳ן סערוועט האָב איך בעמערקט איהר פוס, וואָס האָט זיך אַרויסגעזעהן צוליעב איהר אויפגעהויבענעם קליידעל. איך האָב דערזעהן אַ רייצענדיג פיסעל. דער ווייסער זאָק האָט עס גלאַט אַרומגענומען, דאָס קאָלירטע זאָקן-בענדעל האָט בעצייכענט דעם כשופ׳דיגען מוסקול פון דער איקרע, וואָס פערדרעהט אונז דעם קאָפּ, ווייל ער דערלויבט דעם דמיון צו בויען דעם גאַנצען קערפּער לויט אַ געוויסער גרויס. דער פוס איז געווען אויסגעבויגט, האָט זיך בולט פערנומען העכער און געטראָגען אַ אַ קליין אַש-שיכעלע.

אין דערדאָזיגער מינוט האָב איך געטראַכט, אַז דאָס איז פּשוט אַ צופעליגע זאַך. דערנאָך האָב איך מיך איבערצייגט, אַז די פרוי ווייס אויסגעצייכענט גוט, אַז זי זועט אָבסערווירט.

בשעת זי בעווייזט דעם פוס העכער פון פוסקנעכעל, עטוואָס צו-
דולט פון דעמדאָזיגען בילד, האָב איך איבערגעריסען די טעמע
און מיט אַ געשיקטער ווענדונג אַרויפגעפיהרט דעם שמועס אויף
מיין כלומר'שטער ליעבע.

—איהר קאָנט זיך גרויסען, אַז איהר זענט בעשטענדיג אין
אייערע געפיהלען!

מיינע אויגען האָבען פער'עקשנ'ט געבלאָנדזשעט אונטער'ן
סערוועט פון דעם נייה-טישעל, וואו עס האָט זיך געזעהן דאָס
שניי-ווייסע פיסעל מיט אַ קאָרש-רויטען זאָקען-בענדעל. צולעצט,
האָב איך אָבגעריסען מיין אויג, בעהעפט עס מיט דער באַראָ-
נעסע'ס שוואַרצאַפּלען, וואָס האָבען זיך געגרעסערט אינ'ם ליכט
פון לאָמפּ, און איהר געענטפערט מיט אַ פעסטען קאַטעגאָרישען
טאָן:

—צום בעדויערן—יאָ

די קנאַקעריי פון קאָרטען און די אויסגעשרייען פון די
שפּיעלער האָבען בעגלייט מיין קורץ וואָרט.

אַריינגעטראָטען אַ פיינליכע פויזע. זי האָט זיך גענומען צו
דער אַרבייט און מיט אַ פוס-בעוועגונג אַראָבגערוקט דאָס קליי-
דעל אויף די פיס. דער כשוף איז פערשוואונדען געוואָרען. פאַר
מיר איז געזעסען אַ גלייכגילטיגע פרוי, דערצו נאָך שלעכט אָנ-
געטהאָן. אין אַ פיערטעל שעה אַרום האָב איך מיך צוזעגענט אונ-
טער'ן אויסריד, אַז איך פיהל מיך נישט גוט.

געקומען אַהיים, האָב איך אַרויסגעשלעפּט פון שופלאָד מיין
דראַמע מיט'ן פעסטען בעשלוס איבערצומאַכען זי און דורך פער'-
עקשנ'טער אַרבייט פערטרייבען מיין ליידענשאַפט, וואָס האָט קיין
שום האָפנונג נישט. אַנישט וועט זיך די זאַך ענדיגען מיט זינד,
וואָס איך האָב עס אויסגעמידען פון עקעל, לויט'ן אינסטינקט,
לויט די טראַדיציעס, לויט דער געוועהנהייט פון דערציהונג. איך
האָב פעסט בעשלאָסען צו מאַכען אַנ'עק מיט דערדאָזיגער, מעהר
ווי געפעהרליכער בעקאַנטשאַפט.

אַנ'אומגעריכטער צופאַל איז מיר געקומען צו הילף: שפּע-
טער מיט אַ צוויי טעג האָט מען מיר פאָרגעלעגט צוזאַמענצו-

שטעלען פאַר אייגעם אַנ'אַמאַטאָר, וואָס וואוינט אויסער'ן שטאָדט, אַ קאַטאַלאָג פון דער ביבליאָטעק.

און אָט האָב איך מיך בעזעצט אין זאַל פונ'ם אַלטפרענקישען הויז פון XVII טען יאָהרהונדערט, וואָס איז פון אויבען ביז אַראָב אָנגעשטאָפט געווען מיט ביכער. דאָ האָב איך מיר געקאָנט פאָרנעהמען אַ רייזע איבער אַלע עפּאָכעס פון דער הײמישער געשיכטע; דאָ איז צונויפגעזאַמעלט געוואָרען די גאַנצע שוועדישע ליטעראַטור, פון די סאַמע עלטסטע ביכער ביז די לעצטע נייעס פון טאָג. האָב איך מיך פערטיעפט אין זיי, צו פערגעסען זיך, און דאָס איז מיר געלונגען. אַוועק די ערשטע וואָך, און איך האָב נאָך קיין איין מאָל נישט געפיהלט, אַז מיר פעהלען די פריינד. שבת, דער אויפנאַהם-טאָג פון דער באַראָנעסע, האָט מיר אַ גוואַרדיע-סאָלדאַט געבראַכט אַ פאָרמעלע איינלאַדונג פון באַראָן מיט פריינדליכע פאָרוואורפען דערפאַר, וואָס איך פערגעס מיך אָן זיי. מיט אַ זיס-זויערער מינע האָב איך זיי צוגעשיקט אַ העפליכען אָבזאָג, אין וועלכען איך האָב אויסגעדריקט די בעדויערונג, אַז איך בין נישט קיין בעל-הבית איבער דער צייט.

אַוועק נאָך אַ וואָך און אַ נייער גוואַרדיע-סאָלדאַט, אין די פולע פּאַראַד-קליידער, האָט מיר געבראַכט אַ צעטעלע, דאָסמאָל שוין פון דער באַראָנעסע.

אין גאַנץ שאַרפע אויסדריקען האָט זי מיך געבעטען, איך זאָל בעזוכען דעם באַראָן, וואָס האָט זיך צוגעקיהלט און ליעגט אין בעט. זי האָט אויך געבעטען, איך זאָל איהר, לפּחות, געבען צו וויסען וועגען זיך. אוממעגליך געווען זיך אָבצוזאָגען און איך בין באַלד אַוועק צו זיי.

די באַראָנעסע האָט אויסגעזעהן אויף צרות און דער צוגעקיהלטער באַראָן האָט זיך געלאַנגווייליגט אין בעט. ער איז געלעגען אין שלאָפצימער, וואו מען האָט מיך אַריינגעפיהרט. דאָס אויסזעהן פון דעמדאָזיגען טעמפּעל, וואָס איז ביז איצט געווען בעהאַלטען פאַר מיינע אויגען, האָט אין מיר פון דאָסניי דערוועקט דעם אינסטינקטיווען עקעל צו וואוינען נאָך דער חתונה

אין אַנ׳אַלגעמיינעם צימער. מאַן און ווייב ווייזען זיך דאָ איי-נער דעם צווייטען אין טויזענדער סיטואַציעס, וואָס פאָדערן אַב-סאָלוטע איינזאַמקייט. די ברייטע בעט, אין וועלכער עס איז גע-לעגען דער באַראָן, האָט אויפגעדעקט די גאַנצע אונפערשעמט-קייט פון אינטימען לעבען, און דער באַרג מיט קישענס, וואָס איז געלעגען ביי דער זייט פון באַראָן, האָט חוצפה׳דיג אָנגע-וויזען דאָס אָרט פון דעם ווייב. דאָס טואַלעטען-טישעל, דאָס וואַש-טישעל, דאָס האַנדטוך—דאָס אַלץ האָט אויסגעוויזען שמו-ציג. איך האָב מיך געסטאַרעט נישט צו בעמערקען עס און האָב זיך קוים איינגעהאַלטען פון עקעל.

נאָך אַ קורצען שמועס ביים קראַנקענס בעט, האָט מיך די באַראָנעסע פערבעטען אין גאַסטצימער—אויסטרינקען אַ גלעזעל לי-קער. אַז מיר זענען געבליבען אַליין, האָט זי אָנגעהויבען ריי-דען, פונקט ווי זי וואָלט פערשטאַנען מיינע רעיונות. אין אָבגע-ריסענע פראַזען האָט זי אויסגעגאָסען איהר אָנגעוועהטאָגט האַרץ.

—איז עס נישט שרעקליך?

—וואָס אַזוינס?

—אָ, איהר פערשטעהט מיך אויסגעצייכענט... דאָס לעבען אין אַ פרוי—אָהן אַ ציעל, אָהן אַ צוקונפט, אָהן אַנ׳אַרבייט! שטאַר-בען ווילט זיך מיר!

—און אייער קינד, באַראָנעסע, וואָס אינגיכען וועט איהר זיך בעדאַרפען בעשעפטיגען מיט זיין דערציהונג. און די אַנדע-רע קינדער, וואָס וועלען זיין...

—איך וועל מעהר קיין קינדער נישט האָבען. בעדאַרף איך דען זיין אַנ׳אייביגע אַם?

—נישט קיין אַם, נאָר אַ מוטער, מיט עכטען טאַלענט דער-צו, אין בעסטען זין פון דעמדאָזיגען וואָרט.

—אַ מוטער אָדער אַ בעל-הבית׳טע! איך דאַנק אייך זעהר, אַ בעל-הבית׳טע קאָן מען אָנדינגען! דאָס איז בעקוועמער. אָבער וואָס זאָל איך טהאָן? איך האָב צוויי מיידלעך, וואָס קאָנען מיך גרויסאַרטיג פערבייטען. ניין, איך וויל לעבען...

—איהר ווילט ווערען אַנ׳אַקטריסע?

—יאָ.

—אָבער אַלע אייער'ע אומשטענדען זענען געגען דעם.

—אַך, איך ווייס עס צו-גוט! אָט דאָס טאַקי שלאָגט מיך אַראָב פון מוט... מאַכט מיך משוגע... דענערווירט!

—און די ליטעראַטור? דידאָזיגע בעשעפטיגונג האָט נישט אַזאַ שלעכטען שם, ווי די סצענישע קונסט.

—די קונסט פון וואָרט האַלט איך פאַר דער העכסטער פון אַלע קונסטען. זאָגט אייך, וואָס איהר ווילט, איך וועל מיך קיינמאָל נישט אויפהערען צו פייניגען דערפאַר, וואָס איך האָב מיך נישט אָבגעגעבען מיין בערוף. און וואָס האָב איך אָנשטאָט דעם?.. בלויז ענטטוישונגען!

אין דעררדאָזיגער מינוט האָט אונז אַ רוף געטהאָן דער באַראָן.

—וועגען וואָס דערצעהלט זי?—האָט ער מיך געפרעגט.

—מיר שמועסען פון טעאַטער,—האָב איך געענטפערט.

—זי איז פון זינען אַראָב!

—זי איז גאָרנישט אַזוי משוגע, ווי מאַנכע מיינען—האָט די באַראָנעסע געזאָגט און אַ קלאַפּ געטהאָן מיט'ן טהיר.

—זי שלאָפט נישט גאַנצע נעכט—האָט דער באַראָן מודה-געווען.

—מיט וואָס בעשעפטיגט זי זיך אין אַזוינע מינוטען

—זי שפּיעלט אויפ'ן קלאַוויר, וואַלגערט זיך אויפ'ן דיוואַן אָדער זי קוקט-איבער די חשבונות אין דערווירטשאַפט. זאָגט מיר, מיין יונגער געלעהרטער, וואָס זאָל איך טהאָן, ווי מאַכט מען אַ סוף מיט דעמדאָזיגען ווילדען צושטאַנד?

—זי בעדאַרף האָבען אַ קינד! און נישט איינס—אַ קופּע קינדער בעדאַרף זי האָבען!

ער האָט פערקנייטשט דעם שטערען, אָבער ער האָט זיך געפּרובט בערוהיגען.

—דער דאָקטאָר האָט עס איהר שטרענג פערווערט. דאָס ערשטע קינד האָט זי געהאַט נישט גאָר בשלום... און ווידער, קינדער קאָסטען טייער... איהר פערשטעהט?

איך האָב פערשטאַנען און בעשלאָסען מעהר נישט אָנצוריהרען דאָסדאָזיגע קראַנקע אָרט. איבעריגענס, בין איך נאָך געוועזען זעהר יונג און גאָרנישט חושד־געוועזען, אַז יונגע פרויען ווייזען־אָן די דאָקטוירים, וואָס זיי זאָל צוגעשריבען ווערען.

די באַראָנעסע האָט זיך ווידער בעוויזען, צו לעגען שלאָפען דאָס מיידעלע אין דעם אייזערנעם בעטעל, וואָס איז געשטאַנען נעבען דעם באַראָנס בעט. דאָס עופה׳לע האָט זיך נישט געוואָלט לעגען און האָט געמאַכט געוואַלדען. אַז מען האָט זי נישט געקאָנט בערוהיגען, האָט די מוטער גענומען אַ רוט.

איך קאָן נישט צוזעהן אָהן ווילדען כעס, ווי מען שלאָגט קינדער. אין אַזאַ פאַל האָב איך אפילו אויפגעהויבען די האַנד אויף מיין אייגענעם פאָטער.

איך בין אַריינגעפאַלען אין גרימצאָרן, וועלכען איך האָב נישט געקאָנט פערבאָרגען, און האָב מיך אַריינגעמישט.

—זענט מוחל,—האָב איך געזאָגט,—מיינט איהר דען, אַז דאָס קינד וויינט אָהן שום סבה?

—זי וויינט מיר אויף צו להכעיס!

—הייסט עס, אַז זי האָט דערצו אַ סבה. אפשר איז זי שלעפעריג און עס שטערט איהר אונזער געזעלשאַפט און דער שיין פון לאָמפ?

זי האָט מיר נאָכגעגעבען, זיך פערשעמט און מעגליך אָנערקענט, אַז פאַר איהר איז נישט בעקוועם צו שפּיעלען אַ ראָל פון אַ מעגערע.

איך בין באַלד אַוועקגעגאַנגען.

דאָסדאָזיגע בילד פון אַנ׳אינטימער סיטואַציע, וואוהין איך בין אומגעריכט אַריינגעפאַלען, האָט מיך אויף עטליכע וואָכען צייט אויסגעהיילט פון מיין ליעבע. איך בעדאַרף מיך מודה־זיין, אַז די סצענע מיט׳ן רוט האָט נישט וועניגער מיטגעווירקט דעם אונאָנגענעהמען רושם, וואָס אויף מיר האָט געמאַכט דערדאָזיגער אָוועגד.

דער הערבסט האָט זיך טריב געצויגען. עס האָבען זיך דערנעהנט די וויינאַכטען. געקומען עפּיס אַ יונג פּאָרל (נאָר-וואָס התונה-געהאַט, פון דער באַראָנעסע׳ס פריינד אין פינלאַנד) און זיי האָבען אַריינגעטראָגען עטוואָס לעבען אין אונזערע בעציהונ-גען, וואָס האָבען פערלאָרען דעם פריהערדיגען רייץ. איך האָב עפּטער אָנגעהויבען בעקומען פון דער באַראָנעסע איינלאַדונגען און פלעג קומען אין אַ שוואַרצען סורטוק אויף די אָוענד-ברוי-טען, מיטאָגען און זאָגאַר טאַנץ-פערוויילונגען.

דרעהענדיג זיך אין דערדאָזיגער געזעלשאַפט, וואָס איהר וואוילדערצויגענקייט איז נישט געשטאַנען אויף דער נויטיגער הויכער מדרגה, האָב איך בעמערקט, אַז די באַראָנעסע, מאַכענ-דיג אַ תמ׳עוואַטע מינע, האָט גאַנץ אונפערשעמט קאָקעטירט מיט יונגע מענער; דערווייל האָט זי ווייעלעוויז געוואָרפען אויף מיר אויגען פון דער זייט, צו זעהן, וואָס פאַר אַן׳איינדרוק עס מאַכט אויף מיר איהר אויפפיהרונג. דערדאָזיגער הוצפּה׳דיגער פלירט האָט מיך געטריבען פון דער הויט. איך האָב איהר געענטפערט מיט אַ בעליידיגענדער איינגעהאַלטענקייט—עס האָט מיר געעקעלט פון יעדען מין באַנאַליטעט און עס האָט וועה געטהאָן, וואָס מיין פערגעטערט וועזען לאָזט זיך אַראָב צו דער ראָל פון אַ געוועהנליכער קאָקעטין.

זי האָט געמאַכט אַנ׳אָנשטעל, ווי דאָס אַלץ וואָלט זי זעהר געוויילט און עפּטער פלעגט זי אויפהאַלטען די געסט טיעף אין נאַכט אַריין. אין מיר האָט זיך געשטאַרקט דער חשד, אַז דאָס איז אַ פרוי מיט אונדערמידליכע בעגעהרן, אַז איהר איז לאַנג-וויילינ אין איהר פאַמיליע, אַז איהר שטרעבונג צו דער סצענע ווערט געשטיצט דורך דער נעבעכדיגער אויגענליעבע, דורכ׳ן דורשט צו ווייזען זיך פאַר מענשען און נעהמען ביים לעבען וואָס מעהר פערגעניגען. ווילד-ריהרעוודיג, שטענדיג אין בעווע-גונג, איז זי אויסגעצייכענט גוט בעזעסען די קונסט צו שיינען. אין דער געזעלשאַפט פון געסט איז זי שטענדיג געווען דער צענטער, אָבער גיכער צוליעב דעם, וואָס זי האָט געקאָנט אַרומ-זאַמלען אַרום זיך מענשען, איידער צוליעב איהר אָנגעבוירענעם

רייך. איהר לעבענסלוסטיגקייט און די נערוועזע עקסטראוואגאנץ-טעט האבען געצוואונגען די סאמע הארטעסטע צו בויגען זיך פאר איהר, אונטערצושניידען זי פון אנדערע. און אט וואס איך האב בע-מערקט: באלד ווי איהר נערוועזע אנשטרענגונג פלעגט אבגעשוואכט ווערען, פלעגט פערשווינדען דער גאנצער רייך. ווען זי פלעגט אין אזויגע מינוטען בלייבען זיצען אין א טונקעלען ווינקעל, פלעגט שוין קיינער צו איהר נישט צוגעהן. שטרעבענדיג שטארק צו מאכט, האט דידאזיגע פרוי, קענטיג אהן א הארץ, אנגעווענדט אלע קרעפטען דערצו, אז אלע יונגעלייט זאלען מיט איהר ראָ-מאנסירען, און די פרויענגעזעלשאפט האט זי נישט ליעב געהאט.

זי האט זיך, אפנים, אריינגעשלאגען אין קאפ אריין צו זעהן מיך ביי די פיס—א פערליעבטען, א געהארכזאמען, א ליידענ-דיגען—עס מעג די וועלט אונטערגעהן. אייגמאל, נאך אנ'אווענד פון טריאומפען, האט זי אין עקסטאז פון נארישער פערבלענדונג זיך מודה-געווען פאר איהרער א פריינדין, אז איך בין אין איהר שרעקליך פערליעבט. אז איך בין געקומען אין א געוויסער צייט ארום מיט א וויזיט צו העדאזיגער פריינדין, בין איך געווען נישט גענוג פארזיכטיג און בעמערקט, אז איך האף דא צו טרע-פען די בארא‌נעסע.

—אהא!—האט זיך געריצט מיט מיר די בעל-הבית'טע פון שטוב,—זענט איהר דאס געקומען נישט צוליעב דעם, איהר זאלט מיך קאנען זעהן! זעהר שען פון אייער זייט!

—גארנישט אזוי! דעם אמת געזאגט, האט מען מיך גע-בעטען היינט זיין ביי אייך.

—הייסט עס, א ראנדעוואו?

—קלערט אייך, ווי איהר ווילט, אבער איהר דארפט, לפחות, בעשטעטיגען, אז איך בין פינקטליך.

און ווירקליך, דאס האט זי איינגעארדענט דעמדאזיגען ווי-זיט. איך האב איהר געפאלגט. זי האט מיך פשוט ארויסגערוקט, כדי זי זאל זיך קאנען בעסער פערבארגען אליין.

פאר דאסדאזיגע שפיצעל האב איך איהר בעצאהלט: איך האב איהר קאליע געמאכט א היבש ביסעל אווענדען. צוליעב

דעם, וואָס איך פלעג בישט קומען, פלעגט זי זיך נישט קאָנען אָנ׳שכור׳ען מיט מיינע ליידען. אָבער וואָס פלעג איך איבערלעבען דערביי! בלאָנקענדיג איבער די גאַסען, אונטער די פענסטער פון די הייזער, אין וועלכע—איך האָב עס געוואוסט—זי האָט זיך געפונען, פלעג איך איבערדרעהען דעם מעסער אין מיין וואונד, פלעג זיך צאַפּלען פון אויפעריגקייט, בשעת זי פלעגט, אין די אָרעמס פון אַ טענצער, זיך דורכטראָגען פאַרביי אין איהר טונקעלבלויען זיידענעם קלייד, מיט די צופאַלענע בלאָנדע לאָקען, בשעת איך פלעג זעהן דעם רייצענדיגען קערפער, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף דעם שענסטען פיסעל אין דער וועלט.

VIII.

דאָס ניי-יאָהר איז שוין לאַנג אַוועק, עס געהט צו פריהלינג. זעלבעדריט האָטען מיר פערבראַכט די צייט אין פיינליכער לאַנגווייליגקייט און טריבער איינטימליכקייט. מיר פלעגען זיך קריעגען און כלומר׳שט שלום ווערען; נאָך אַ צוזאַמענשטויס פלעגט קומען אַ וואָפענשטילשטאַנד; מיר פלעגען אויפרעגען איינאַנדער און פון דאָסניי ווערען פריינד. דאָ פלעג איך אויפהערן זיי צו בעזוכען, דאָ פלעג איך קומען פון דאָסניי.

עס האָט זיך דערנעהנט דער חודש מערץ—אַ שרעקליכער חודש אין די צפון-לענדער: אין דערדאָזיגער צייט הערשט משוגע׳נערווייז די ליעבע און דער גורל פון די ליעבענדיגע ווערד דורך זיך אַליין בעשטימט. עס ווערען געבראָכען שבועות, עס ווערען געריסען די פעדעם פון עהרע, פאַמיליע און פריינדשאַפט.

אין איינעם פון די ערשטע מערץ-טעג איז אויסגעפאַלען דעם בּאַראָנס טאָגדייענסט און ער האָט מיך איינגעלאַדען צו פערברענגען מיט איהם אַנ׳אָווענד אויף דער וואַך. די איינלאַדונג האָב איך אָנגענומען. דעם זוהן פון אַ געוועהנליכען בעל-הבית, דער אָבשטאַמונג פון אַ קליין-בורזשואַזער פאַמיליע האָבען די

צייכענס פון העכסטער מאכט געקאנט בלויז גורם-זיין אכטונג. איך בין געגאנגען איבער די קארידארען זייט-ביי-זייט מיט מיין פריינד, ווילעוויילעס בעגריסט דורך אפיצירען, געהערט דעם קלאנג פון שווערדען, די אויסרופען פון וואך-סאלדאטען, די קנאקעריי פון באראבאנעס. מיר זענען אריין אין זאל. די מיליטערישע דעקאראציעס רעגען מיך, די פארטרעטען פון די בעריהמטע גענעראלען צווינגען מיך נישט-ווילענדיג איינצובויגען דעם רוקען. פאהנען, וואס זענען דערוואָרבען געווארען אונטער ליצין, לייפציג, גייע שטאנדארטען, ביוסטען פון הערשענדיגען קעניג, גלאנצענדיגע פאנצערס, פלאגען פון שלאכטען—דאס אלץ רופט אין מיר ארויס אנ׳אונרוהיגקייט, וואס די נידעריגע קלאסען שפירען פאר די צייכענס פון דער בעפעהלענדיגער מאכט.

אין דערדאזיגער ווירקענדיגער סביבה וואקסט-אויס אין מיינע אויגען דער קאפיטאן. איך האלט מיך נעהנטער צו איהם— איך זאל מיך קאנען ווענדען צו איהם נאך הילף, אויב דאס וועט נויטיג זיין.

אז דער באראן קומט-אריין אין זיין צימער, ציהט זיך אויס א לייטענאנט ווי א סטרונע און סאלוטירט פאר איהם. איך פיהל מיך אויך העכער פאר דעמדאזיגען לייטענאנט: ווי בעוואוסט, זענען די לייטענאנטען די סאמע ערגסטע פיינד פון פאלק און פאר ליטעראטען געפעהרליכע געגנער בנוגע צו דאמען.

א סאלדאט ברענגט אונז א פלאש פאנש און מיר פעררויכערן ציגארען. כדי איך זאל מיך ווײלען, בעווייזט מיר דער באראן דאס גאלדענע בוך פון פאלק, אנ׳אלבאם פון עסקיזען, אקווארעלען, צייכנונגען, וואס שילדערן פערשידענע אנגעזעהענע אפיצירען, וועלכע האבען די לעצטע צוואנציג יאהר געדיענט אין דער קעניגליכער גווארדיע; די פארטרעטען פון יענע, וואס אין מיין צייט האבען זיי די גימנאזיסטען אזוי מקנא-געווען, אזוי זיך ענטציקט מיט זיי און זיך געסטארעט נאכצומאכען זיי אינ׳ם שפיעל „אין גווארדיע”. בשעת איך קוק אויף די אלע גרויסע לייט, וואס זענען דא קאמיש געשילדערט געווארען, ווערט מיין קליין בורזשואזיש געפיהל אונטערגעווארימט. מיינענדיג, אז איך

וועל דערמיט אויסלעהמען ביים דעמאָקראַטיש-געשטימטען באַראָן, דערלויב איך מיך צו חוזק'ן איבער דיזאָזיגע אויסגעפוצטע פיינד. אָבער די דעמאַרקאַציאָנס-ליניע פון באַראָנ'ס דעמאָקראַטיזם געהט־ז'ורך עטוואָס רעכטער פון מיינער, און מיינע ווערטלעך מאַכען אַ שלעכטען איינדרוק. אין איהם כאַפּט זיך אויף דאָס קאָרפּאָראַ-טיווע געפיהל: ער הויבט-אָן בלעטערן די זייטלעך און שטעלט זיך אָב בלויז ביי אַ גרויסער צייכנונג, וואָס שטעלט-פאָר דעם אויפשטאַנד פון יאָהר 1868.

—זעהט-נאָר, - זאָגט ער מיט נישט קיין גוטען שמייכעל— ווי מיר האָבען געהאַקט דעמדאָזיגען המון.

—און איהר זענט דאָרט אויך געוועז?

—צי איך בין דאָרט געוועז? איך בין געשטאַנען אין פּאַ-טרול און בעקומען אַ בעפעהל אָבצוהיטען די טריבונע געגען דענקמאָל, וואָס דער עולם איז איהם בעפאַלען. אַ שטיין איז גע-פאַלען אויף מיין קעפּי. האָב איך פונאַנדערגעטיילט פּאַטראָנעס, אָבער דער עלטסטער אַדיוטאַנט פון קעניג האָט פערוועהרט מיין אָטריאַד צו שיסען. בין איך געבליבען שטעהן אויף אַ הויכען אָרט, ווי אַ לעבעדיג ציעלברעט פאַר די שטיינער פון המון.

און, צוגעשוויגען עטוואָס, האָט ער ווייטער דערצעהלט מיט געלעכטער און זיך געסטאַרעט אַריינצוקוקען מיר אין די אויגען אַריין:

—און איהר געדענקט דידאָזיגע געשיכטע?

—איך געדענק זי אויסגעצייכענט. איך האָב מיך בעטיי-ליגט אין דער פּראָצעסיע פון סטודענטען.

איך האָב איהם נישט געזאָגט, אַז איך האָב טאַקי געהערט צו יענעם המון, אין וועלכען ער האָט געוואָלט שיסען. איך בין אויפגעקאָכט געוואָרען, בשעת איך האָב געזעהן, ווי די מאַכט איז איבערגעגעבען געוואָרען צו די מקורבים און דאָס פאָלק איז בעזייטיגט געוואָרען פון פאָלקס-יום-טוב. אין דערדאָזיגער צייט האָב איך מיך פעראייניגט צו די אָנפאַלער און געדענק זעהר גוט, וואָסערע שטיינער איך האָב געוואָרפען אין די גוואַרדיע-סאָלדאַטען.

און איצט, אַז איך האָב דערהערט דאָס וואָרט „המון", וואָס דער באַראָן האָט אַרויסגעזאָגט מיט אַנ'אַריסטאָקראַטישען טאָן, האָב איך פערשטאַנען דעם אונגערנדיגען שרעק, וואָס מיך איז בעפאַלען, בשעת איך האָב געוואָלט אַריינדרינגען אין דערדאָזיגער פעסטונג פון שונא. די צוקריפּעלטע פּנים-שטריכען פון מיין פריינד האָבען מיר גורם-געווען נאָכמעהר שרעק. ווי אַ הויכע וואַנד האָט זיך צווישען אונז געשטעלט די פיינטשאַפט פון ראַסע און שטאַנד, דער האַס פון טראַדיציעס. זעהענדיג, ווי אַזוי ער האַלט צווישען די קניה דעם שווערד — דעם בכבוד'יגען שווערד, וואָס זיין הענדטעל איז געווען בעפוצט מיט די קייזערליכע איניציאַלען פון דעם מתנה-געבער—האָב איך דייטליך געפיהלט, אַז אונזער פריינדשאַפט איז געקינסטעלט, אַז זי איז אַנ'אַרבייט פון אַ פרוי, וואָס זי איז דאָס איינציגע בינד-רינגעלע צווישען אונז. זיין גאוה'דיגער טאָן, דער אויסדרוק פון זיין פּנים האָבען אַלץ מעהר האַרמאָנירט מיט דער אויסשטאַטונג, אין וועלכער מיר האָבען זיך געפונען, און זיי האָבען מיך דערווייטערט פון איהם. איך האָב איבערגעביטען דעם שמועס און כמעט ווי פּלוצלונג אַ פרעג-געטהאָן וועגען דעם געזונד פון דער באַראָנעסע און זיין טאָכטער. זיין פּנים האָט זיך אויסגעלייטערט, אויסגעגלעט און פון דאָסניי אָנגענומען דעם געוועהנליכען אויסדרוק פון גוטמוטיגקייט. דערשפּירט זיך ווידער אויף דעם פריהערדיגען באָדען, האָב איך, אונטער דעם וואוילגעגנויגטען בליק פון אַ מענשענפרעסער, וואָס צערטעלט אַ קאַרליק, זיך דערוועגט אַרויסצורייסען דריי האָהר פון זיין באָרד.

— נישט וואָהר, מיין ליעבער? — האָב איך אַרויסגעזאָגט — פּסח וואַרט איהר אויף אייער קוזינע מאַטילדע?

— מיר וואַרטען.

— איך האָב אין זינען צו ראָמאַנסירען מיט איהר, — האָב איך געזאָגט, דרייסטער ווערענדיג.

— פּרובט.

— פּרובען? איז זי דען נישט פריי?

— ניין... פון וואַנען זאָל איך וויסען? און, איבריגענס...

מיר דאַכט זיך, אַז... אָבער איהר פּרובט פונדעסטוועגען!
און ער האָט צוגעגעבען מיט אַ טאָן פון טיעפער איבער-צייגונג:
—איהר וועט זעהן, וואָס דאָס איז ווערט!
און אין דעם אונ׳ברחמנות׳דיגען אורטייל האָב איך גע-שפירט פעראַכטונג, און דערדאָזיגער חוזק האָט דערוועקט אין מיר אַ שטאַרקען חשק אַראָבצושלאָגען די גאוה פון דעמדאָזיגען אָנגעבלאָזענעם פּריץ. גלייכצייטיג האָב איך מיך אויך געוואָלט בע-שיצען פון פעררברעכערישער ליעבע, איבערטראָגענדיג זי אויף אַ צווייטער פערזאָן: כלעבען, אַ גליקליכער געדאַנק! צולעצט וועל איך געבען אַ בעפרידיגונג דער באַראָנעסע, וואָס איז בעליידיגט אין איהרע געזעצליכע געפיהלען.
געוואָרען נאַכט. איך האָב מיך אויפגעהויבען—מען בעדאַרף געהן אַהיים. דער קאַפּיטאַן האָט מיך בעגלייט פאַרביי די וואַכ-פּאָסטענס. מיר האָבען געדריקט איינאַנדער די הענד, און די גע-פלאָכטענע טהיר איז הינטער מיר פערהאַקט געוואָרען מיט עפּיס אַג׳אַרויסרופענדיגען גערודער.

---

פריהלינג געקומען. דער שניי צוגעהט, די גאַסען ווערען בעפרייט פון אייז. אַרומגעריסענע קינדער פערקויפען שוין אויף די ראָגנגאַסען בוקעטען בלומען. אַזאַליען, ראָדאָדענדראָנעס לייכ-טען מיט זייערע פאַרבען אין די שוי-פענסטער פון די בלומען-קראָמען. אַפּעלסינען קוקען אין די פענסטער פון די פרוכט-גע-ווע̇לבער. ים-קרעבסען, רויטע רעטעכלעך און פאַרביגען קרויט פון אַלושיר קאָן מען זעהן אויף די הענד פון די גאַסענהענדלער. אונטער דער צפונ׳דיגער בריק שפּיעלט די זון אויף די שפּי-צען כוואַליעס. אין די האַפענס בענייען אַרבייטער די שיפען און פאַרבען זיי אויף גרין און פורפור-פאַרבען. די פנים׳ער פון מענ-שען, וואָס זענען בלאַסער געוואָרען פון דער ווינטערדיגער כמאַ-רע, ווערען בעגאָסען מיט אַ רויטקייט אונטער די שטראַהלען פון דער זון, און די חיה אין מענשען הויבט-אָן פיהלען דאָס שפּי-

זעל פון ליעבע-וועהען. וועה צו די שוואַכֿע, בשעת עס הערט פאַרקומען דער נאַטירליכֿער אויסוואַהל, בשעת די ליעבע ווערט אויף לאַנג בעפרייען די איינגעהאַלטענע תאוות!

די שענע מכשפה איז שוין געקומען. זי וואוינט ביים באַראָן.

איך בין געוועזן אונגעוועהנליך ליעבליך מיט איהר. אָבער זי ווייס, אַפנים, וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך, מחמת זי שפּאַסט איבער מיר. איינמאָל האָבען מיר זיך געזעצט עפּיס שפּיעלען אין פיער הענד. האָט זי זיך צוגעדריקט מיט דער ברוסט צו מיין לינקען אַקסעל. די באַראָנעסע האָט עס בעמערקט און, אַפנים, געליטען. דער באַראָן ווערט משוגע פון אויפערן. ער מעסט מיך אויס מיט בלוטדורשטיגע אויגען. דאָ פאַלט ער אָן אויף זיין פריינדין, דאָ קלאָגט ער זיך מיר אויף דער קוזינע. אַז ער פערלאָזט דאָס ווייב, צו סוד'ען זיך מיט'ן יונגען מיידעל אין אַ ווינקעל, ווייל איך מיך מיט זיין אָוועקגעוואָרפענער פרוי, הערט ער אויפגערעגט און וואַרפט אונז צו עפּיס אַנ'אונגעלונגענע פראַגע, מיט וועלכער ער האַקט-אונטער אונזער שמועס. איך ענטפער איהם מיט אַ שמייכֿעל פון פעראַכטונג, און טיילמאָל לעג איך אויף איהם גאָר קיין שום אַכט נישט.

---

איינמאָל אין אָווענד איז ביים באַראָן געגעבען געוואָרען אַנ'אָוועגדבראוט פאַר אַנ'אינטימען קרייז. דאָ איז אויך געוועזן דער באַראָנעסע'ס מוטער. איך בין איהר געפעלען געוואָרען, אָבער זי, אַ ציטריגע, ווי אַלע אַלטע ווייבער, האָט עפּיס חושד-געוועזן.

שפּירענדיג עפּיס אַנ'אויסגעטראַכֿטע געפאַהר, האָט זי מיך אין עקסטאַז פון מוטערליכֿער ליעבע אָנגעכֿאַפּט ביי די הענד, מאַגנעטיזירט מיך מיט'ן אויג און אַרויסגעזאָגט:

— איך בין זיכֿער, אַז איהר זענט אַנ'אָרענטליכֿער מענש. איך ווייס נישט, וואָס אַזוינס קומט-פאָר אין דעמדאָזיגען הויז. יעדענפאַלס, גיט מיר אייער וואָרט, אַז איהר וועט היטען מיין

טאָכטער, מיין איינציג קינד. און אויב עס וועט געשעהן דאָס... וואָס בעדאַרף נישט געשעהן, טאָ זענט מיר מבטיח, אַז איהר וועט קומען צו מיר און אַלץ דערצעהלען!

—איך גיב אייך מיין וואָרט,—האָב איך געענטפערט און געקושט איהר די האַנד לויט'ן רוסישען מנהג: זי האָט אַמאָל חתונה-געהאַט מיט אַ רוס, וואָס איז געשטאָרבען מיט עטליכע יאָהר צוריק.

איך וועל האַלטען מיין וואָרט!

---

מיר טאַנצען אויפ'ן שפּיץ פון אַ פייערשפּייענדיגען באַרג. די באַראָנעסע ווערט בלאַסער, אָבגעצעהרט און ווערט אַזוי מאוס, אַז עס איז אַ רחמנות צו קוקען אויף איהר. דער באַראָן איז אויפּעריג, גראָב און נישט הֲפליך מיט מיר. אַז איך געה-אַוועק, שיקט מען נאָך מיר באַלד צומאָרגענס, מען בעגעגענט מיך מיט פונאַנדערגעשפּרייטע אָרעמס און מען דערקלערט מיר אַלץ מיט אַ טעות. אָבער מיר פערשטעהען גוט איינאַנדער.

איין גאָט ווייס, וואָס עס געשיהט אין דעמדאָזיגען הויז! איינמאָל אין אָוועגד איז די רייצענדיגע מאַטילדע אַוועק אין שלאָפצימער אָנמעסטען דאָס באַלקלייד. דער באַראָן איז פּאַוואָ-ליע אַנטרונען געוואָרען און מיך איבערגעלאָזט אַליין מיט זיין ווייב. געכאַפּט אַ שמועס מיט איהר אַ וואָסער האַלבע שעה, פרעג איך, וואוהין איז אַוועק דער באַראָן.

—ער פילט-אויס פּאַר מאַטילדע'ן די ראָל פון אַ שטובמיי-דעל,—האָט די באַראָנעסע געענטפערט.

געהם איך עס מיר אַריין אין זינען, אָבער זי האָט שוין חרטה אויף די ווערטער, וואָס האָבען זיך איהר אַרויסגעריסען, און זי גיט-צו:

—אָבער צווישען קרובים איז עס אַ געוועהנטע זאַך. דעריין בעדאַרף מען נישט זעהן קיין שום שלעכטעס.

דערנאָך ענדערט זי דעם טאָן:

—איהר זענט אויפּעריג?

—און איהר, באַראָנעסע?

-מעגליך, אַז איך וועל איננגיכען דערגעהן דערצו.

—זאָל גאָט געבען, אַז דאָס זאָל געשעהן צו דער צייט. דאָס ווינשט אייך אַנ׳אמת׳ער פריינד!

עס קומט אַריין דער באַראָן און צוזאַמען מיט איהם די יונגע גאַסט אין אַ העלגריגעם באַלקלייד, מיט אַנ׳אויסגעשניטע-נעם ביוסט.

פערשטעלענדיג מיט דער האַנד די אויגען, מאַך איך מיך, אַז איך בין כלומר׳שט פערבלענדט און שריי-אויס:

—ווייסט איהר פריילין, אַז אויף אייך איז געפעהרליך צו קוקען?

—זי איז זעהר רייצענדיג, נישט וואָהר?—פרעגט די באַ-ראָנעסע מיט עפּיס אַ בעזונדערן טאָן.

פיהרט דער באַראָן אַוועק די בעבי און איך פערבלייב פון דאָסניי מיט זיין ווייב.

—פאַרוואָס בעציהט איהר זיך צו מיר אַזוי גראָב פון אַ געווי̇סער צייט—פרעגט די באַראָנעסע מיט אַ קול, אין וועלכען עס פיהלען זיך טרעהרען און זי קוקט אויף מיר מיט אויגען פון אַ געשלאָגענעם הונד.

—איך? אָבער איך האָב גאָרנישט בעמערקט אַזוינס...

—איהר האָט געענדערט אייער בעציהונג צו מיר. אָבער איך וואָלט געוואָלט וויסען פאַרוואָס?.. אויב איך בין עפּיס שול-דיג...—זי דערנעהנט איהר שטוהל צו מיינעם, קוקט אויף מיר מיט אַ הייסען קוק, ציטערט און... איך שטעה-אויף.

—געפינט איהר נישט אייך, אַז דאָס, וואָס דער באַראָן איז נישטאָ, איז עטוואָס משונה? זיין צוטרוי צו מיר בעליידיגט מיך...

—וואָס נאָך אַזוינס?

—אַ ווייב לאָזט מען נישט איבער אַליין מיט אַ יונגענמאַן, בעזונדערס דעמאָלט, בשעת מען פערשפּאַרט זיך מיט אַ יונגען מיידעל ביי איהר אין צימער...

—איהר זענט גערעכט, דאָס איז אַ בעליידיגונג פאַר מיר... אָבער אייערע מאַנירען...

—צו וואָס מיינע מאַנירען? דאָס עקעלט מיר. איך וועל

אייך פערמאַכטען, אויב איהר וועט שטאַרק נישט אָבהיטען אייער כבוד. וואָס טהוען זיי דאָרטען זאַלבענאַנד?

—ער בעשעפטיגט זיך מיט מאַטילדעס טואַ'לעט—ענטפערט זי מיט אַ תמ'עוואַטער מינע און שמייכעלט קוים-קוים צו זעהן.—וואָס קאָן איך טהאָן?

—זי איז נאָך אַ קינד,—פערזיכערט זי,—און זעהט אין איהם פשוט אַ „פּאַפּאַ".

—איך וואָלט קיינמאָל נישט דערלויבט מיינע קינדער צו שפּיעלען אין „טאַטע-מאַמע" און בעזונדערס—גרויסע קינדער.

די באַראָנעסע לאָזט זיך אַוועק זוכען דעם מאַן און קעהרט זיך אום צוזאַמען מיט איהם.

דאָס לעצטע ביסעל צייט בעשעפטיגען מיר זיך מיט איבונגען אין מאַגנעטיזם. איך גלעט דער באַראָנעסע איבער'ן שטערען, און זי פערזיכערט, אַז דאָס בערוהיגט איהר די נערווען, און פלוצלונג, אַקוראַט פאַר דעם, ווי זי בעדאַרף אַריינפאַלען אין אַ מאַגנעטישען שלאָף, ציטערט זי אויף, גלייכט זיך אויס און קוקט פערשעמט אויף מיר.

—לאָזט מיך, איך וויל נישט!—שרייט זי—איהר פער'כשופ'ט מיך!

—אויב אַזוי, בעדאַרפט איהר אויספּרובען אייער מאַגנעטישע קראַפט,—זאָג איך.

טהוט זיך איבער מיר אויך דיזעלבע מאַניפּולאַציעס, וואָס איך האָב געמאַכט איבער איהר.

לאָז איך אַראָב די אויגען און זאָג, אַז אויף יענער זייט קלאַוויר האָט מען שוין לאַנג גאָרנישט געהערט.

איך וואַרף אַנ'אויג אויף די פיסלעך און דעם לירע-אַרטיגען פעדאַל פון אינסטרומענט און... מיר הויבט זיך אָן דאַכטען, אַז איך חלום. מיט איין שפּרונג בעפריי איך מיך פון מיין שטוהל. אין דער אייגענער רגע הויבט זיך אויף דער באַראָן הינטער'ן קלאַוויר און לעגט מיר פאָר, איך זאָל אויסטרינקען אַ גלאָז פּאָנטש.

הויבען מיר אַלע אויף די גלעזער, אָנצוקלאַפּען, און דער באַראָן זאָגט דער באַראָנעסע:

— טרינק לחיים פאַר דיין שלום-ווערען מיט מאַטילדע׳ן!

— לחיים, קלייניטשקע כשוף-מאַכערין, — זאָגט די באַראָנעסע מיט אַ שמייכעל.

און גיט-צו, ווענדענדיג זיך צו מיר:

— שטעלט אייך פאָר, מיר האָבען זיך צוקריעגט צוליעב אייך.

אין דער ערשטער מינוט ווייס איך נישט, וואָס מען ענטפערט, דערנאָך זאָג איך:

— איך וואָלט אייך געווען זעהר דאַנקבאַר, באַראָנעסע, ווען איהר וואָלט זיך דייטליכער אויסגעדריקט.

— ניין, ניין, קיין שום קאָמענטאַריעס! ענטפערן אַלע מיט אַמאָל.

— אַ שאָד! — זאָג איך — מיר דאַכט זיך, אַז מיר האָבען צו-לאַנג געשוויגען.

דער אָווענד ווערט פערענדיגט מיט אַן אַלגעמיינער שמע-ריי, און איך געה-אַוועק אַהיים...

— צוליעב מיר! — חזר איך איבער, גריבלענדיג זיך אין מיין געוויסען.

וואָס האָט עס געקאָנט בעדייטען? איז דאָס געווען אַ נאַ-איווער קאַפּריז פון אַ פאַנטאַזיאָרין? צוויי פרויען האָבען זיך צו-קריעגט צוליעב אַ מאַנספערשוין? הייסט עס, אַז זיי אויפערן ביי-דע דעמדאָזיגען מאַנספערשוין. האָט דען די באַראָנעסע געקאָנט טהאָן אַזאַ נאַרישקייט, אַז זי זאָל זיך אויסגעבען? אודאי נישט! דאָ מוז זיין עפּיס אַן אַנדער זאַך.

— וואָס קומט-פאָר אין דעמדאָזיגען הויז? — פרעג איך זיך, דערמאָנענדיג דאָס משונה׳דיגע בילד, וואָס האָט מיך אין אָנהויב אָווענד דערשראָקען. און איך קאָן אפילו נישט זאָגען, אַז איך האָב געזעהן עפּיס ציניש׳עס — אַזוי ווייט האָט עס מיר אויסגעזעהן אונגלויבליך.

דידאָזיגע אונזינליכע אויפעריגקייט, דאָס, וואָס די אַלטע מוטער

שרעקט זיך, דער באַראָנעסע׳ס ליעבע-היץ, וואָס איז דערוועקט געוואָרען דורך דער פרי׳הלינגסלופט,—דאָס אַלץ האָט זיך פערפלאָנ-טערט אין מיין מח. דאָס אַלץ האָט געשוימט און געזאָדען. פער-בראַכט אין מחשבות די גאַנצע נאַכט, האָב איך פון דאָסניי אָנ-גענומען אַ בעשלוס נישט צו בעזוכען זיי מעהר, כדי אויסצומיי-דען די צרה, וואָס מען וועט דערנאָך נישט קאָנען אויסבעסערן.

מיט דערדאָזיגער כונה בין איך אויפגעשטאַנען אינדערפריה און אָנגעשריבען אַ קלוגען, אויפריכטיגען און גלייכצייטיג אויך אַ וואַרימען בריף. אין איידעלע אויסדרוקען האָב איך אָנגעוויזען אויף דער געפאַהר פון אַ צו-הייסער פריינדשאַפט. בעשטימט, אָבער נישט-אַריינגעהענדיג אין דערקלערונגען, האָב איך געבע-טען, מען זאָל מיר מוחל-זיין מיינע אַלע הטאים, זיך בעשולדיגט דערין, אַז איך האָב געזייהט קריעג צווישען די קרובים—און שוואַרציאָהר ווייס, וואָס איך האָב דאָרטען נאָך אָנגעקאָטעוועט!

דער רעזולטאַט איז געווען אַזאַ, אַז די באַראָנעסע איז מיר אַזוי ווי אונגערן געקומען אַנטקעגען, בשעת איך בין אין דער געוועהנליכער שעה אַרויס פון דער ביבליאָטעק. זי איז געבליבען שטעהן אויף דער צפון׳דיגער בריק, האָט מיך פערהאַלטען און אָבגעפיהרט אין דער זייט אין איינע פון די אַלעען אויפ׳ן פלאַץ פון קאַרל דעם XII-טען. כמעט ווי וויינענדיג, האָט זי מיך גע-בעטען, איך זאָל מיך אומקעהרן, נישט פאָדערן קיין שום דער-קלערונגען און געהערן זיי, ווי פריהער.

ווי רייצענדיג זי איז געווען אין דעמדאָזיגען טאָג! אָבער איך האָב זי צו-שטאַרק ליעב געהאַט, איך זאָל זי אומגליקליך מאַכען.

—לאָזט מיך אַוועק! איהר מאַכט קאַליע אייער רעפּוטאַ-ציע, האָב איך אַלץ גע׳טענה׳ט און בעקוקט די פאַרבייגעהענדי-גע, וואָס האָבען מיך פערשעמט מיט זייערע בליקען—אָדער געהט איצט אַהיים, אָדער איך וועל אייך דאָ איבערלאָזען!

דער אויסדרוק פון אידהרע אויגען, וואָס האָבען געקוקט אויף מיר, איז געווען אַזאַ נעבאַכדיגער, אַז איך בין געווען

גרייט צו פאַלען פאַר איהר אויף די קניה, קושען איהר די פיס, בעטען, זי זאָל מיר ענטשולדיגען.

אָבער איך האָב מיך אומגעקעהרט צו איהר מיט'ן רוקען און זיך דערווייטערט מיט אַ זייטיגען שטעגעל.

אַרומבלאָנקענדיג איבער די גאַסען, בין איך אַרויף צו זיך אויפ'ן בוידעם מיט'ן בעוואוסטזיין, אַז מיין פליכט האָב איך דערפילט, אָבער דאָס האַרץ איז מיר געוועזען צוריסען, אָ, ווי די דאָזיגע פרוי האָט געקאָנט קוקען אויף אַ מאַנספערשוין.

דער קליינער אָברוה האָט מיר צוריקגעקעהרט די כחות. איך בין אויפגעשטאַנען און אַ קוק געטהאָן אויפ'ן וואַנדקאַלענדאַר; געוועזען דער דרייצעהנטער מערץ.

„זאָלסט זיך היטען פאַר די מערץ-ליעבעס!" דידאָזיגע בעריהמטע ווערטער, וואָס שעקספיר ברענגט אין יוליוס צעזאַר, האָבען נאָך געקלונגען אין מיינע אויערן, בשעת עס איז אַריין דאָס מיידעל און דערלאַנגט מיר אַ צעטעלע פון באַראָן. איך וועל איהם כלומר'שט טהאָן אַ גרויסע טובה, אויב איך וועל פערברענגען מיט איהם אַנ'אָוועגד, ווייל די באַראָנעסע איז נישט געזונד און מאַטילדע איז נישטאָ אין דערהיים. נישט געהאַט קיין כח זיך אָבצוזאָגען, האָב איך אָנגענומען די איינלאַדונג.

די באַראָנעסע, גיכער אַ טויטע, איידער אַ לעבעדיגע, קומט מיר אַרויס אַנטקעגען, דריקט מיינע הענד צום האַרצען און דאַנקט מיט אַ פערפלייצונג פון וואַרימע ווערטער,—דאַנקט דערפאַר, וואָס איך האָב ביי איהר נישט צוגענומען אַ פריינד, אַ ברודער צוליעב אַ נאַרישקייט און אַ מיספערשטענדניש.

—זי איז משוגע געוואָרען,—זאָגט מיט חוזק דער באַראָן און בעפרייט מיך פון איהרע אָרעמס.

—יאָ, איך בין פון זינען אַראָב, דאָס איז אמת! פון שמחה, וואָס איך זעה פון דאָסניי אונזער פריינד, וואָס האָט געוואָלט אויף שטענדיג אַוועקגעהן פון אונז...

און זי האָט זיך שטאַרק צעווייינט.

—זי האָט זעהר געליטען,—דערצעהלט דער באַראָן, אַ פערשעמטער דורך דערדאָזיגער האַרצרייסענדיגער סצענע.

די אָרימע פרוי זעהט-אויס, ווי אין אַ היצקראַנקהייט. די אויגען פינקלען איהר מיט אַ מרה-שחורה׳דיגען גלאַנץ און פערנעהמען כמעט אַ האַלב געזיכט, און די באַקען האָבען בעקומען אַ גרינליכע שאַטירונג. מיר איז שווער צו קוקען אויף איהר. עס פייניגען זי שווערע הוסט-אַטאַקען, וואָס צוטרייסלען איהר שוואַך קערפּערל.

פלוצלונג קומט דער פעטער און די מוהמע. אין אויוען האָט מען פערלעגט אַ גרויס פייער, צו קוויקען זיך מיט׳ן בין-השמשות און דעם לאָמפּ האָט מען נישט אָנגעצונדען.

זי זעצט זיך נעבען מיר, און די דריי מאַנסלייט הויבען זיך אָן שפּאַרען איבער פּאָליטיק.

איך זעה, ווי איהרע אויגען לייכטען אינ׳ם האַלב-פינסטערניש. איך פיהל, ווי פון איהר קערפּער שטראַהלט-אַרויס אַ וואַרימקייט, וואָס ווערט בעפרייט דורך אַ היסטערישער אַטאַק.

איהר קלייד בעריהרט מיינע פיס, זי נויגט זיך אָן צו מיין אָקסעל, צו זאָגען מיר עפּיס בסוד, אַז קיינער זאָל נישט הערען, און איך הער אַנ׳אונגעריכטע פראַגע:

—איהר גלויבט אין ליעבע?

—ניין!

און דאָסדאָזיגע „ניין” פאַלט ווי אַ קלאָץ אויף איהר קאָפּ, וואָרום איך שטעה-אויף איבערצוטרישען דאָס אָרט.

—זי איז אַ משוגע׳נע, זי איז אַנ׳עראָטאָמאַנין! זאָג איך זיך, און אין שרעק—עס זאָל נישט אַרויסקומען עפּיס אַ סקאַנדאַל, ראַט איך איהר אָנצוצינדען דעם לאָמפּ.

ביים אָוועגדבריום געהט אַ געוואַלטיגער שמועס ביים פעטער מיט׳ן שוועהר וועגען די מעלות פון דער קוזינע מאַטילדע; זיי ענטציקען זיך מיט איהר אָנזעהן, מיט איהר קונסט אין פרויענהאַפטונג. דער באַראָן, וואָס האָט אויסגעטרונקען נישט איין גלאָז פּאָנש, האָט זיך צושאָטען אין פאַנטאַסטישע שבחים און מיט שכור׳ע טרעהרען אויף די אויגען קלאָגט ער זיך דערויף, וואָס דאָסדאָזיגע קינד בעדאַרף אַזויפיעל אויסשטעהן ביי די עלטערן אין דערהיים. דאָס שטערט איהם נישט פונדעסטוועגען אין

רעכטען ברען פון בעדויערן אַרויסצוגעהמען פון קעשענע דעם זייגער און פלוצלונג אונז איבערלאָזען, פונקט ווי ער וואָלט גע-האַט צו טהאָן זעהר אַ וויכטיגע זאַך.

— ענטשולדיגט מיך מיינע הערן! איך האָב צוגעזאָגט דער בעבי קומען נאָך איהר. האָט נישט קיין האַרצוועהטאָג, אין אַ שעה אַרום בין איך אין דערהיים.

דער אַלטער באַראָן, זיין פאָטער, פרובט זיך אומזיסט איהם אָבצוהאַלטען. דער ליטרער יונג ווערט אַנטרונען מיט'ן אויסרייד, אַז ער בעדאַרף האַלטען וואָרט און בעט מיך שטאַרק, איך זאָל וואַרטען, ביז וואַנען ער וועט זיך צוריקקעהרען.

ביי אַ פיערטעל שעה זיצען מיר נאָך ביים טיש, דערנאָך געהען מיר איבער אין גאַסטצימער. די אַלטע האָבען אַ נויטווענ-דיגקייט צו בלייבען אַליין און געהען-אַוועק אין צימער פון פע-טער, וואָס האָט זיך פון אַ געוויסער צייט בעזעצט ביים פלי-מעניק.

איך פערשילט דעם מזל, וואָס האָט מיך אַרייגעוואָרפען אין אַ נעץ, וואָס איך האָב אַזוי פּאָרזיכטיג אויסגעמידען. איך סטאַרע מיך צו פערפאַנצערן מיין צאַפּלענדיג האַרץ; איך הויב-אויף דעם קאָפּ, פונקט ווי אַ האָהן, וואָס שטעלט-אויף דעם קאָם. איך צופּלאָנטער מיינע האָהר, ווי אַ גאַסהונד זיין פעל, כדי פריי-ער אָבצושלאָגען יעדע פראָבע פון אַ טרעהרען- אָדער ליעבע-סצענע.

אָנגעשפּאַרט זיך אָן אויוען, רויכער איך [illegible], אַ שוויי-גענדיגער, אַ קאַלטער און אַנ'אונבעוועגליכער, און וואַרט, וואָס עס וועט זיין.

די באַראָנעסע הויבט די ערשטע אָן צו ריידען:

— פאַרוואָס האָט איהר מיך פיינט?

— איך האָב אייך נישט פיינט.

— גיט נאָר אַ טראַכט, ווי אַזוי האָט איהר מיך אינדערפריה בעגעגענט!

— לאָמיר עס לאָזען.

דידאָזיגע אונגעוועהנליכע גראָבקייט פון מיינע תשובות,

וואָס האָט קיין שום באָדען אונטער זיך נישט,—איז זיכער אַ פעהלער. זי פערשטעהט מיך און גיט זיך אונטער.

—איהר האָט געוואָלט אַנטלויפען פון מיר,—זאָגט זי ווייטער,—ווייסט איהר, וואָס מיך האָט געצוואונגען פּלוצלונג אַוועקצופאָהרען קיין מאַריאַפרעד?

אַ צוויי רגעים שווייגען מיר. דערנאָך זאָג איך:

—אַפנים, דאָס אייגענע, וואָס האָט מיך געטריבען קיין פּאַריז...

—הייסט עס, אַז די זאַך איז קלאָר,—זאָגט זי אַרויס.

—וואָס-זשע איז ווייטער?

איך וואַרט אויף אַ סצענע, אָבער זי איז רוהיג און קוקט מיך אָן מיט אַן׳אומעטיגען בליק. איך שפּיר אַ נויטווענדיגקייט איבערצורייסען דאָסדאָזיגע שטילשווייגען, וואָס איז געפעהרליכער פון אַלע ווערטער.

—איצט, אַז איהר האָט אַרויסגעריסען ביי מיר מיין סוד, טאָ לאָזט מיר זאָגען איין וואָרט. אויב איהר וועט מיך זעהן ביי זיך אפילו נישט אָפט, זאָלט איהר זיין קלוג. מיין ליעבע איז אַזוי הויך, אַז איך וואָלט געקאָנט לעבען אַרום אייך, גאָרנישט פאָדערנדיג—בלויז זעהן אייך! אויב איהר וועט פערגעסען אייער הוב, אויב איהר וועט אַרויסגעבען מיט אַ מינע אָדער אַ זשעסט דאָס, וואָס איז פערבאָרגען אין אונזערע הערצער, וועל איך דעמאָלט אַלץ אויסזאָגען אייער מאַן און זאָל זיין, וואָס עס וויל זיך.

זי הויבט-אויף די אויגען צום הימעל אין עפּיס אַ פערטרוימטען עקסטאַז.

—איך שווער אייך דערין!.. וואָס פאַר אַ גוטער און שטאַרקער איהר זענט!.. ווי איך וואונדער מיך אויף אייך!.. אָ! איך שעם מיך! איך האָב בעדאַרפט זיין עהרליכער פאַר אייך, איך האָב בעדאַרפט... ווילט איהר, וועל איך אַליין אַלץ זאָגען גוסטאַוון?

—ווי איהר ווילט!. אָבער דעמאָלט וועלען מיר זיך מעהר נישט זעהן, איבעריגענס, צו איהם געהערט עס נישט—אין די גע-

פיהלען, וואָס מאַכען פול מיין האַרץ, איז נישטאָ קיין שום פּער־ברעכערישעס. און וואָלט ער אפילו פון אַלץ געוואוסט. וואָלט ער דען זיין בכח צו דערשטיקען מיינע געפיהלען? ניין: איך האָב ליעב אַ פרוי, וואָס איז מיר געפעלען—דאָס איז מיין זאַך, כל־זמן די לידענשאַפט טרעט נישט אַריבער יענעמס רעכט. אי־בעריגענס, איז ווי איהר ווילט. איך בין גרייט אויף אַלץ.

—ניין, ניין. ער טאָר גאָרנישט וויסען, אגב זוכט ער אַליין אויך די־יעניגע, וואָס זענען איהם געפעלען...

—ענטשולדיגט, מיין מיינונג איז אַנ׳אַנדערע! איך בין אינ־גאַנצען נישט מסכים מיט אייך, פונקט ווי דאָס וואָלטען זיין די־זעלבע פאַלען. זאָל ער זיך אַרויבלאָזען: דאָס איז ערגער פאַר איהם. אָבער דאָס איז נישט קיין סבה, אַז אויך מיר... ניין, ניין...

דער עקסטאַז איז אויסגעלאָשען געוואָרען: מיר זענען צוראָבגעפאַלען אויף דער ערד.

—ניין, ניין!—טענה איך.—איהר בעדאַרפט, לפחות, איינשטי־מען, אַז דאָס איז שען, ניי, כמעט אָריגינעל! מענשען האָבען ליעב איינאַנדער און זיך דערקלערט דערין—און נישט מעהר!

—דאָס איז גוט, ווי אין ביכער!—האָט זי אויסגעשריען, קלאַפענדיג, ווי אַ קינד, אין לאַדאָן אַריין.

—אָבער אין די זשורנאַל־ראָמאַנען איז עס געוועהנליך נישט פאַרהאַן.

—אָבער ווי גוט דאָס איז צו בלייבען עהרליך!

—דאָס איז דאָס סאַמע לייכטעסטע מיטעל פון די אַלע, וואָס זענען דאָ.

—און מיר וועלען זיך אַלעמאָל זעהן, ווי ביז אַהער, אָהן שרעק...

—און אָהן פאָרוואורף...

—און אָהן מיספערשטענדנישען!

—אָבער דאָס איז אמת, אַז איהר... מאַטילדע׳ן נישט...

—שווייגט!

עס עפענט זיך די טהיר. וואָס פאַר אַ באַנאַל בילד. עס

קומען די אַלטע: זיי געהען פון עפּיס אַ פערבעהאַלטען ערטעל מיט אַ סעקרעט-לאַמטערנע אין דער האַנד. זיין געהען פאַרביי דאָס גאַסטצימער צו זיך אין צימער אַריין.

— בעמערקט, — זאָג איך איהר, — אַז דאָס לעבען ווערט צו-זאַמענגעשטעלט פון קליינינקע דאגות און שיינע מאָמענטען, אַז די ווירקליכקייט איז ווייט פון פּאָעזיע. וואָלט מען געקאָנט אין עפּיס אַ ראָמאַן, אין אַ דראַמע שילדערן אַזאַ נאַטירליכע סצענע און דערביי נישט אַריינפאַלען אין באַנאַליטעט? גיט נאָר אַ טראַכט: אַ ליעבע-דערקלערונג אָהן אַרומגעהמענישען, אָהן פאַלען אויף די קניה, אָהן הויכע פראַזען, ווערט פערענדיגט דערמיט, וואָס עס ווייזען זיך אַלטינקע, וועלכע וואַרפען אויף די פער-ליעבטע דאָס ליכט פון אַ סעקרעט-לאַמטערנע. דער גאַנצער סוד פון שעקספּירס גרויסקייט ליעגט דערין, וואָס ער האָט אונז בע-וויזען אַ יוליוס צעזאַר אין אַ שלאָפראָק און שטעקשיך, אין אַ מאָמענט פון נאַכטשרעק פון קינדערשע חלומות.

מען האָט אָנגעקלונגען. דאָס איז געוועזען דער באַראָן מיט זיין שענער מאַטילדע. ער פערשיט אונז מיט ליעבליכקייטען — אַמינה, זיין געוויסען איז נישט ריין. אָבער איך האָב שטאַרק געוואָלט וואָס גיכער צושטערען צו מיין ראַל און זאָג איהם העזה׳דיג אַ ליגען:

— און מיר מיט דער באַראָנעסע האָבען זיך דאָ אַ גאַנצע שעה געקריעגט!

מיט אַ שלעכטען קוק בעטראַכט ער אונז פאָרשענדיג, שמעקט די לופט, ווי אַ יאַגדהונד און וואַרפט זיך קענטליך אויף אַ פאַלשען שפּור, וואָס איך האָב איהם אָנגעוויזען.

איך בין אַוועק.

## IX.

דאָס פאַר אַ מין געוואַלטיגע תמימות — גלויבען אין ליעבע-אונשולד. דער סוד אַליין, וואָס מיר היטען-אָב, טראָגט אין זיך אַ סכנה. דערדאָזיגער סוד — איז די התחלה פון קינד: נאָכדעם,

ווי אונזערע נשמות האָבען זיך פעראייניגט, איז דאָס קינד פאָרמירט געוואָרען און וויל געבוירען ווערען אויף גאָטס וועלט!

נאָך שטאַרקער ווי פריהער ציהט אונז צו זעהן זיך, איבערצוגעבען נאָכאַמאָל דאָסדאָזיגע יאָהר, אין וועלכען מיר האָבען זיך אַראָבגעשלאָגען פון וועג. מיר געברויכען פערשידענע הינטערוועגלעך: איך שטעל זי פאָר מיין שוועסטער, וואָס האָט חתונה-געהאַט פאַר'ן עלטסטען לעהרער, וועלכער געהערט טיילווייז צו דער באַראָנעסעס קרייז: זיין פאַמיליע איז אַנ'אַלטע אַדעל-פאַמיליע.

מיר בעשטימען איינאַנדער ראַנדעוואוס, לכתחילה גאַנץ אונשולדיגע; אָבער זיי ווערען אַלץ וואַרימער און אין אונז דערוועקען זיך בעגעהרען.

אין די טעג, וואָס קומען נאָך אונזער דערקלערונג, גיט זי מיר איבער אַ פּאַק בריף, וואָס זענען טיילווייז געשריבען געוואָרען ביז'ן דרייצעהנטען מערץ, טיילווייז נאָך אונזער ליעבעדערקלערונג. דידאָזיגע בריף, דידאָזיגע עדות פון איהרע אַנגסטען און ליעבע, וואָלט איך אין אַנ'אַנדער פאַל נישט בעקומען!

מאָנטאָג.

טייערער פריינד!

היינט, ווי אַלע טאָג, בענק איך נאָך דיר. איך דאַנק דיר דערפאַר, וואָס דו האָסט מיר נעכטען דערלויבט צו ריידען מיט דיר און דו האָסט דערביי נישט געמאַכט קיין סאַרקאַסטישע מינע, וואָס איז געוואָרען דיין טבע. צוליעב וואָס איז עס ווען דו וואָלסט געוואוסט, ווי דאָס ערגערט מיך. מיט צוטרוי ווענד איך מיך צו דיר אין אַ מינוט, ווען דיין פריינדשאַפט איז מיר בעזונדערס נויטיג, און דו פערדעקסט דאָס געזיכט מיט אַ מאַסקע. פאַרוואָס? בעדאַרפסט דען מאַכען אַנ'אָנשטעל פאַר מיר? זיין איין בריף האָסטו זיך אפילו מודה-געווען, אַז דאָס איז אַ מאַסקע. איך גלויב עס און זעה עס. אָבער מיר איז עס פּערזענליך—טראַכט איך פון דעם, אַז איך האָב שוין ווידער געמאַכט עפּיס אַ צרה און איך פערגיב מיר אַ פראַגע: וואָס וועט ער ווענען מיר טראַכטען?

איך בין אויפעריג צו דיין פריהערדיגער פריינדשאַפט, איך האָב מורא אַרויסצוציהען אויף זיך דיין פעראַכטונג. אָבער די פעראַכטונג איז דאָך נישטאָ, נישט וואָהר? דו דאַרפסט זיין אָפענהערציג און צערטליך מיט מיר! דאַרפסט פערגעסען, אַז איך בין אַ פרוי — פערגעס איך עס נישט אַליין צו-אָפט?..

איך בין נעכטען נישט בייז געוואָרען אויף דיר פאַר דיינע ווערטער, אָבער זיי האָבען מיך איבערראַשט און שטאַרק מצער-געווען. מיינסטו דען, אַז איך בין פעהיג אונטערצוהעצען די אויפעריגקייט אין מאַן און נעהמען נקמה פאַר זיך אויף אַזאַ נישט אָרענטליכען וועג? דו גיב נאָר אַ טראַכט, וואָס פאַר אַ סכנה איך וואָלט זיך אונטערגעוואָרפען, ווען איך וואָלט וועלען דערגרייכען דעמדאָזיגען צוועק און אומגעקעהרט מיר דעם מאַן דורך דער הילף פון אויפערן! וואָס וואָלט איך געווינען דערמיט? ער וואָלט בייז געוואָרען אויף מיר, און מיר וואָלטען זיך מעהר נישט געזעהן!.. און וואָס וואָלט געוואָרען פון מיר אָהן דיין געזעלשאַפט, וואָס איז מיר טייערער פון לעבען?

איך האָב דיך ליעב מיט דער גאַנצער צערטליכקייט פון אַ שוועסטער, אָהן קאַפּריזען פון אַ קאָקעטין... אמת, עס זענען געווען מאָמענטען, ווען איך האָב געבענקט, ווען איך האָב געהאַט אַ פערלאַנג צו נעהמען דיין שענעם קאָפּ אין די הענד אַריין און טיעף אַריינקוקען זיך אין דיינע אויפריכטיגע און קלוגע אויגען; איך וואָלט אָהן שום צווייפעל אָנגעזיגעלט אַ קוש אויף דיין בלאַסען שטערען, אין וועלכען איך בין פערליעבט — דערדאָזיגער קוש וואָלט געווען דער סאַמע ריינסטער, וואָס דו האָסט ווען-עס-איז בעקומען.

דאָס ליעגט אין מיין ווייבער נאַטור; און ווען דו וואָלסט געווען אַ פרוי, וואָלט איך דיך נישט וועניגער ליעב געהאַט — ווען איך וואָלט געקאָנט אַזוי אַכטען אַ פרוי, ווי איך שעץ דיך...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

ווי איך בין גליקליך, וואָס איך ווייס דיין קוק אויף מאַטילדע'ן. צו פרעהען זיך דערמיט, בעדאַרף מען זיין אַ פרוי. וואָס אָבער ווילסטו? גיב נאָר אַ טראַכט, אין וואָס פאַר אַן'אומשטענדען

איך פאַל-אַריין, בשעת זיי אַלע לויפען אונטער איהר פאָהן? און איך בין אויך שולדיג דערין, וואָס עס קומט-פאָר. דיזאָזיגע ניי-גונג האָב איך געהאַלטען פאַר נאַטירליך און אין אָנהויב האָב איך דערין בלויז געזעהן אַ קינדער-שפּיעל. איך בין געוועזען זי-כער, אַז איך בעזיץ דאָס האַרץ פון מיין מאַן און האָב איהם געגעבען פרייהייט. די געשעהענישען האָבען בעוויזען עפּיס אַנ-דערש...

---

מיטוואָך.

ער איז פערליעבט אין איהר און האָט זיך מיר מודה-גע-ווען דערין. די זאַך איז אַריבער אַלע גרעניצען, און איך האָב מיר געגונג אָנגעלאַכט!.. גיב נאָר אַ טראַכט: בעגלייטענדיג דיך ביז דער טהיר, קעהרט ער זיך אום צו מיר, דריקט מיר די האַנד, קוקט מיר אין די אויגען אַריין—און מיך בעפאַלט אַ שרעק, ווייל מיין געוויסען איז נישט ריין—און בעט זיך מיט תחנונים: „מאַריע, זיי נישט בייז, אָבער דערלויב מיר היינט אין אָווענד געהן צו מאַטילדע'ן אין צימער. איך בין צופיעל פער-ליעבט אין איהר.” וואָס טהוט מען דאָ? וויינען אָדער לאַכען? מיך בעט ער וועגען דעם מיך, וואָס איך ווער צופליקט דורך די פאָרוואורפען פון געוויסען, מיך, וואָס איך בין געוואוינגען צו ליעבען פון דערווייטען, אָהן האָפנונג. דיר צו געהערן! צו וואָס דיזאָזיגע נאַרישע בעגריפען וועגען עהרליכקייט! זאָל ער שטילען זיינע געשלעכטס-בעגעהרן! דו וועסט שטענדיג בלייבען מיין ליעבע, און מיינע פרויען-פערלאַנגען זענען שוין גאַרנישט אַזוי שלעכט, אַז איך זאָל קאָנען פערגעסען מיינע פליכטען אַלס מוטער און פרוי. אָבער דו נעהם אין אַכט, ווי מיינע געפיהלען זענען געגענזעצליך, צווייזייטיג... איך האָב אייך ביידען ליעב און וואָלט נישט געקאָנט לעבען אָהן איהם, אָהן דעמדאָזיגען מענליכען, עהרליכען, האַרציגען פריינד... דאָס אייגענע קאָן איך אויך אָהן דיר נישט לעבען...

---

פרייטאָג.

צולעצט, האָסטו אַראָבגעריסען דעם שלייער, וואָס האָט פערהילט דעם סוד פון מיין האַרצען — און דו פערהאַסט מיך נישט! גרויסער גאָט!.. דו האָסט מיך אפילו ליעב! דו האָסט אַרויסגעבּרענגט אַ וואָרט, וואָס דו האָכט נישט געוואָלט זאָגען. דו האָסט מיך ליעב! און איך — די שולדיגע, די פערברעכערין, האָט דיך ליעב, דיך. גאָט, זיי מיר מוחל! וואָרום אויך איהם האָב איך ליעב אין אַ גלייכער מאָס, און איך וואָלט מיך נישט געקאָנט מיט איהם שיידען!

ווי דאָס איז מאָדנע!.. זיין געליעבט, זיין צערטליך געליעבט דורך איהם און דיר! איך פיהל מיך אַזוי גליקליך, אַזוי רוהיג, אַז מיין ליעבע קאָן נישט ווערען קיין פערברעכערישע. עס וואָלטען מיך געפייניגט געוויסען-יסורים. בין איך דען אַ פערדאָרבענע?

ווי עס מאַטערט מיך די בושה! איך האָב מיך בעדאַרפט די ערשטע זיך ז'ערקלערן אין ליעבע!.. אַקוראַט אין דער איינענער רגע עפענט מיר גוסטאַוו פונאַנדער זיינע אָרעמס און איך נעהם איהם אַרום. בין איך אַנ'אויפריכטיגע? יאָ! פאַרוואָס האָט ער מיך נישט אָבגעהיט, בשעת עס איז נאָך נישט געוועזן שפעט? דאָס אַלץ איז עהנליך צו אַ ראָמאַן, מיט וואָס וועט ער זיך ענדיגען? צי וועט שטאַרבען די העלדין? צי דער העלד וועט חתונה-האָבען מיט אַ צווייטער? וועלען זיי זיך שיידען און דער פינאַל וועט זיין מאָראַליש בעפרידיגט!..

ווען איך וואָלט אין דער רגע זיין מיט דיר, וואָלט איך בעקושט דיין לייב מיט אַזאַ יראה, מיט וועלכער דער טרוימער קושט דעם צלם און איך וואָלט אַראָבגעוואָרפען פון זיך דאָס שלעכטע, דאָס אוננאַטירליכע, וואָס אין מיר איז פאַרהאַן.

..וואָס איז דאָס אַנ'אָנשטעל אָדער אַליינגענאַרעריי? קומט עס בלויז פון גלוסטען, פון יענע האַלב-רעליגיעזע חלומות, אונמער וועלכע עס נעכטיגען זיך קערפערליכע תאוות? ניין, נישט

בלויז דערפון. דער פערלאַנג פאַרטצווזעצען דאָס בעקומענע לע-
בען איז קאָמפּליצירטער געוואָרען, און אפילו ביי חיות ווערען
דורך ליעבע פערמעהרט די גייסטיגע אייגענשאַפטען. הייסט עס,
אַז עס פערליעבט זיך אי דער גוף, אי די נשמה, און אייגער
אָהן דעם צווייטען איז גאָרנישט. אויב דאָס איז פיזישע ליעבע,
טאָ פאַרוואָס בעגעהרט זי בעסער דאָס שוואַכע, נערוועזישע קראַנ-
קע יונגעל, ווי איך בין, איידער דעם ריז, ווי דער באַראָן. אויב
דאָס איז, ווידער, גייסטיגע ליעבע, טאָ פון וואַנען נעהמט זיך
דערדאָזיגער דורשט צו קושען, פון וואַנען נעהמט זיך די פער-
געטערונג פון מיינע קליינע פיס, פון מיינע שענע הענד, מיינע
ראָזע נעגעל, מיין בולט׳ן שטערען און מיינע געדיכטע האָהר?
אָדער דידאָזיגע האַלוצינאַציעס זענען אפשר אַרויסגערופען גע-
וואָרען דורך דער תאוה׳דיגער פער׳שכור׳ונג פון דעם מאַנס הא-
מעטנע לאַסקעס? אָדער פיהלט זי אינסטינקטיוו, אַז מיין יונגעלש
פייער קאָן איהר געבען מעהר פערגעניגען, איידער די שלעפע-
ריגע נאַטור פון איהר מאַן? זי אויפערט שוין נישט דעם גוף
פון איהר מאַן, הייסט עס, אַז זי האָט איהם שוין נישט ליעב
ווי אַ געליעבטען. דערפאַר איז זי אויפעריג צו מיין פערזאָן,
הייסט עס, אַז זי האָט מיך ליעב...

---

איינמאָל, בשעת מיר זענען געזעסען צו-גאַסט ביי מיין
שוועסטער, איז מיט דער באַראָנעסע געשעהן אַ היסטערישע
אַטאַק. זי וואַרפט זיך אויף דער קאַנאַפּע און ווערט בעגאָסען
מיט טרעהרען. עס ברענט אין איהר דער גרימצאָרן, נאָר דער
מאַן פערברענגט דעמדאָזיגען אָוונד אויפ׳ן באַל פון פּאָלק צו-
זאַמען מיט דער קוזינע.

אין עקסטאַז פון ליידענשאַפטליכער ליעבע כאַפּט זי זיך
מיר אַרויף אויפ׳ן האַרצען און קושט מיר אין שטערען. קעהר
איך איהר אום דעם קוש! זאָגט זי מיר דו. אונז פעראייניגט
איין אַלגעמיין געפיהל, און איך בעגעהר זי משוגע.

פאַר דער צייט פון אָוונד דעקלאַמיר איך איהר אַ ליעד

פון לאָנגפעלאָ Excelsior. נאָכאַנאַנד געריהרט דורך דידאָזיגע וואונדערליכע ליעדער, בעריהר איך זי מיט מיינע בליקען, און איהר געזיכט, ווי דאָס פנים פון אַ היפּנאָטיזירטען, שלאָגט אויף זיך אָב די אַלע שאַטירונגען, דאָס גאַנצע שפּיעל פון אויסדרוקען אויף מיין פנים. זי האָט אַנ׳אויסזעהן פון אַ משוגע׳נע, פון אַ נאַכטוואַנדערין.

נאָכ׳ן אָוועגדבּרויט זעצט איהר שטובּמיידעל זי אַריין אין אַ פערמאַכטער קאַרעט, אַוועקצופאָהרען אַהיים. איך דאַרף פערבלייבען אויף דער גאַס. בעפעהלט זי, איך זאָל אַריין אין קאַרעט און הייסט דאָס מיידעל, זי זאָל זיך אַנידערזעצען מיט׳ן פוהרמאַן, הגם יענע פּראָטעסטירט געגען דעם גאַנץ שטאַרק. געבליבען אַליין אין דער קאַרעט, נעהמען מיר זיך שווייגענדיג אַרום. איך פיהל, ווי איהר צאַרטער קערפּער שלענגעלט זיך, צאַפּעלט זיך אונטער מיינע קושען. סוף-כל-סוף איז זי גרייט זיך מיר אָבצוגעבען, אָבער איך שרעק מיך פאַר׳ן חטא—ווי צורייסט מען די פאַמיליען-פעדעם?—און ביי איהר טהיר לאָז איך זי אַוועק אַ נישט-אָנגעריהרטע, אַ פערשעמטע—אפשר אַ פערדראָסיגע.

די ספקות זענען צורונען געוואָרען. איך זעה דייטליך, ווי זי וויל מיך פערפיהרען. זי האָט די ערשטע מיר געגעבען אַ קוש, די ערשטע שריט האָט זי געמאַכט, אָבער פון דערדאָזיגער רגע נעהם איך אויף זיך די ראָל פון אַ פערפיהרער, וואָרום איך בין נישט קיין יוסף, הגם אין די פראַגען פון עהרע האָב איך מיר מיינע פעסטע איבערצייגונגען.

מיר בעשטימען אויף מאָרגען אַ ראַנדעוואו אין נאַציאָנאַלען מוזעאום. איך האָב זי פערגעטערט אַזאַ, ווי זי האָט זיך אויפגעהויבען אויף די מאַרמאָרנע טרעפּ אונטער דעם בעגולטען באַלקען, בשעת איהרע קליינע פיסלעך האָבען געקלאַפּט איבער די שטיינערנע פליטעס, בשעת איהר מאַיעסטעטישע פיגור, איינגעהילט אין אַ שוואַרצען סאַמעטענעם קלייד מיט הוזאַרישע לאַצען, האָט זיך דערנעהנטערט צו מיר. איך בין געגאַנגען איהר אַנטקעגען און זי בעגריסט, נויגענדיג פאַר איהר די קניה, ווי אַ פּאַזש. איהר שענקייט, וואָס האָט זיך צובליהט אונטער מיינע

קושען, האָט העל געשטראַהלט, די דורכזיכטיגע הויט אויף די בעקען האָט זיך דורכגעלויכטען מיט אָדערלעך פון הייסען בלוט: דידאָזיגע סטאַטוע, כמעט ענהליך צום אַלטען מיידעל, איז אויסגעלעבט געוואָרען אונטער מיינע צערטליכקייטען, איז דערוואַרימט געוואָרען מיט דער וואַרימקייט פון לעבען. פּיגמאַליאָן האָט אַנ'אָטעם געטהאָן אויפ'ן מאַרמאָר און בעקומען אין בעזיץ אַ געטין.

מיר זעצען זיך פאַר פסיכעס סטאַטוע, וואָס איז דערוואָרבען געוואָרען אין דעם דרייסיגיעהריגען קריעג. איך קוש אידרע בעקען, אויגען, ליפּען, און זי נעהמט-צו מיינע קושען מיט אַ שמייכעל און אַ מין שכרות פון גליק. איך שפּיעל די ראָל פון אַ פערפיהרער, אימפּראָוויזיר פערשידענע קאָקעטאַרישע סאָפיזמען, געברויך אַלערליי שפּיעלעך פון אַ דיכטער: לאָזט,—זאָג איך—דאָסדאָזיגע הויז פון זנות: אַנטלייפט פון דעמדאָזיגען פערשמוצטען צימער. רייסט-איבער דאָסדאָזיגע לעבען זאַלבעדריט—אַנישט וועט איהר אַרויפציהען אויף זיך מיין פעראַכטונג (איך וויל איהר נישט זאָגען דו, ווייל דאָס וואָלט זי דערווידערט). קעהרט זיך אום צו אייער מוטער, גיט זיך אָב דער הייליגער קונסט. איהר וועט זיין פריי און וועט לעבען מיט אייער לעבען!

זי קושט מיך און אין צינד מיך אָן. גיס איך אַרויס אַ גאַנצען ים מיט ווערטער, סטאַרע מיך, זי זאָל מיר צוזאָגען, אַז זי וועט אַלץ דערצעהלען דעם מאַן—און דעמאָלט וועלען מיר נישט זיין פעראַנטוואָרטליך פאַר די פאָלגען!

—און צו דאָס וועט זיך שלעכט ענדיגען? בעמערקט זי.

—זאָל אַלץ געהן צו גרונד: איך וואָלט אייך נישט געקאָנט ליעב האָבען, נישט-שעצענדיג אייך און זיך. שרעקט איהר זיך דען? איהר ווילט בעליידיגונג אָהן אַנ'אָפּשער? זענט אויך אַזוי אײדעל, ווי אייער שענקייט, בעשליסט זיך אויף אַ געפעהרליכען שפּרונג. זאָל דאָס אפילו גראָזיען מיט טויט! אַלץ פערלאָרען, אויסער עהרע. אויב די זאַך וועט אַזוי געהן ווייטער, איז נאָך עטליכע טעג און איך וועל אייך פערפיהרען. זענט זיכער דערין. ווארום מיין ליעבע איז ווי אַ פייל, וואָס קאָן אייך טרע-

פען, איך האָב אייך ליעב, ווי די זון האָט ליעב דעם טוי... אויסטרינקענדיג איהם. אַלזאָ, שנעלער אויפ׳ן עשאַפאָט! לעגט־אַוועק דעם קאָפּ, אָבער האַלט ריין די הענד! מיינט נישט, אַז איך וועל מיך אַרױבלאָזען אַזוי ווייט, אַז איך זאָל אייך טיילען מיט עמיצען—קיינמאָל נישט! אינגאַנצען אָדער גאָרנישט!

זי מאַכט אַ מינע, ווי זי וואָלט זיך געוועהרט, אָבער אין דער ווירקליכקייט שיט זי צו פולווער צום פלאַקער. זי קלאָגט זיך אויף דעם מאַנס געוואַלט און עפענט די טהיר אין שלאָפצימער אַריין. דער איין געדאַנק וועגען דעם ברענגט מיך אַרויס פון די כלים.

ער, דער אידיאָט, וואָס איז אויך אַזוי אָרים, ווי איך, דערלויבט זיך צו האָבען צוויי געליעבטע—אָבער איך בין אַ טאַלענטירטער מענש, אַן׳אַדעלמאַן פון דער צוקונפט, געה־אויס פון די כחות און ווער אויסגעצעהרט אין דעם פלאַם פון׳ם אייגענעם בלוט!

נאָר פלוצלונג געהט זי איבער צו אַן׳אַנדער עקסטען געדאַנק און פרובט מיך בערוהיגען: זי דערמאָנט מיר אָן דעם נדר, וואָס מיר האָבען זיך געגעבען—בלייבען ברודער און שוועסטער...

—ניין, נאָר נישט דאָס געפעהרליכע שפיעל אין ברודער און שוועסטער! מיר ווע׳לען זיין מאַנסביל און פרוי, געליעבטער און געליעבטע! דאָס וועט זיין אמת! איך פערגעטער אייך, איך פערגעטער אין אייך אַל׳ץ—דעם קערפער און די נשמה, די העלבלאָנדע האָהר און דעם אָפענעם שכל, די סאַמע קלענסטע פיסעלעך אין שוועדען, אייער אויפריכטיגקייט, אייערע אויגען, וואָס ווערען פערלאָרען אין דער טונקעלקייט פון דער קאַרעט, אייער כשופ׳דיגען שמייכעל, אייער ווייסען זאַק און דאָס קאַרשענרויטע זאַק־בענדעל...

—וואָס אַזוינס?

—יאָ, צויבער־פרינצעסין, איך האָב אַל׳ץ געזעהן! מיר ווילט זיך איינזאַפען מיט די ליפען אין דער פערטיעפונג אויף דער ברוסט, אינ׳ם גריבעלע פון ליעבע. איך בין אייך מבטיח

צו דערשטיקען מיט מיינע קושען, פערדריקען אין מיינע אָרעמס, ווי אין אַ האַלזבאַנד! ווען איך בעגעהר אייך, בעקום איך כחות פון אַ גאָט און איהר האַלט מיך אפשר פאַר אַ שוואַכינקען. איך בין כלומר'שט קראַנק געוועזן, איך האָב געמאַכט אַנ'אָנשטעל! היט זיך פאַר אַ פערליעבטען גייב! נישט דערנעהנטערט זיך צו זיין הייל, ער וועט אייך פערצערטלען ביז טויט! אַראָב מיט די נישט-עהרליכע מאַסקעס! איך בעגעהר אייך! איך בעגעהר אייך און וויל אייך בעזיצען, ווי איך האָב אייך בעגעהרט פון דעם ערשטען קוק, און די געשיכטע מיט סעלמע'ן, מיט דערדאָזיגער פינלענדערין, איז אַ קינדיש מעשה'לע... די פריינדשאַפט פון אונ-זער ליעבען באַראָן איז-ליגען... ער האָט פיינט אַ מיטעלען בעל-הבית, אַ פראָווינצער, אַ מענשען פון אַ נידעריגען קלאַס, ווי איך האָב איהם, דעם אַדעלמאַן, פיינט!

ווי עס לאָזט זיך זעהן, האָט זי אַ האָהר נישט צורודערט דערדאָזיגער שטראָם פון ענטדעקונגען, וואָס האָבען איהר גאָר-נישט ענטדעקט; מיר האָבען אַלץ געוואוסט און איינער דעם צווייטען נישט אויסגעזאָגט דערפון.

און מיר האָבען זיך צושיידט מיט'ן פעסטען בעשלוס נישט צו זעהן זיך פריהער, כל-זמן זי וועט אַלץ נישט זאָגען דעם מאַן.

---

אַלע נאָכמיטאָג פערברענג איך ביי זיך אין, דערהיים אין אַ שרעקליכער אונרוהיגקייט, וואַרטענדיג אויף דעפעשען פון קאַמפסטעלד. צו פערטרייבען די צייט, שיט איך אויס פון אַ זע-קעל אויף דער פאָדלאָגע אַ קופע פאַפירען און אַלטע ביכער און ליעג איבער דערדאָזיגער קופע: איך וויל זי ברענגען אין אָנ'-אָרדנונג. אָבער איך קאָן נישט קאָנצענטרירען מיינע געדאַנקען בשעת דער אַרבייט: איך דרעה מיך איבער און לעג זיך אויפ'ן רוקען. אונטערגעלעגט די הענד אונטער דער פאַטילניצע, שטעל איך אויס די אויגען, ווי אַ היפנאָטיזירטער, אויף די ליכט, וואָס ברענען אין מיין צאַלטער לוסטרע און פערליר מיך אין חלומות.

איך בין ליידענשאַפטליך דורשטיג נאָך איהרע קושען און בוי־פלענער פון נאָהנטע פערגעניגענס. זי איז זעהר אַ פיהלבאַר און אַנ'אייגענאַרטיג וועזען און די זאַך דאַרף מען אַזוי־וועקשטעלען זעהר געשיקט. אַלץ בעדאַרף איינגעאָרדענט ווערען פון זיך גופא. איין נישט־געשיקטער שריט, און אַלץ איז פערפאַלען

פעררויכערט אַ ציגאַר, שטעל איך מיר פאָר, אַז איך ליעג אויף אַ וואַלדלאָנקע. מיט גרויס אינטערעס הויב איך אָן בעקו־קען מיין צימער פון אונטען — אַלץ זעהט מיר אויס אַזוי נײַ. דער דיוואַן, דערדאָזיגער עדות פון אַזויפיעל ליעבע־נצחונות גיט מיר איין מחשבות וועגען געשלעכטס־תענוגים, וואָס ווערען אָבער גיך פּאַראַליזירט דורך דעם שרעק, אַז פון אַלץ קאָן זיך אויסלאָזען אַ בוידעם צוליעב מיינע פער'עקשנ'טע בעגריפען וועגען עהר־ליכקייט.

אַנאַליזירענדיג דעם געדאַנק, וואָס האַלט אין צוואַנג מיין אונרוהיגען גייסט, געפין איך אין איהם, אין דעמדאָזיגען געדאַנק, פחדנות און שרעק פאַר די פאָלגען: עטוואָס אַזוינס פון מיטלייד צו אַ מענשען, וואָס איז אונטערגעוואָרפען דער געפאַהר אויסצו־האָדעווען אַ פרעמד קינד; אַ געוויסען עקעל צו אונריינע בעצי־הונגען; טיילווייז אמת'ע אַכטונג צו אַ פרוי, וואָס איך וואָלט נישט געוואָלט זעהן אין צער; עטוואָס מיטלייד צו איהר טעכ־טערל; אַ קליין טראָפּעלע רחמנות צו דער מוטער פון דער גע־ליעבטער, אויב די זאַך וועט דערגעהן צו אַ סקאַנדאַל; און איפ'ן סאַמע לעצטען פּלאַן פון מיין צרה'דיגען האַרץ — אַנ'אונ־בעשטימט פאָרגעפיהל פון שוועריגקייטען, וואָס קאָנען קומען דערנאָך, אויב איך וועל מיך וועלען בעפרייען פון דער געליעב־טער, וואָס איז אויף אַזאַ אופן דערגרייכט געוואָרען.

— ניין, — זאָג איך זיך, — אַלץ אָדער גאָרנישט! בעזיצען זי איינגאַנצען און אויפ'ן גאַנצען לעבען!

אַ לייכטער קלאַפּ אין טהיר פיהרט מיך אַרויס פון דידאָ־זיגע געדאַנקען. אין דער געעפענטער טהיר בעווייזט זיך באַלד אַ פיין קעפּעל, פון וועלכען עס ווערט ליכטיגער אין מיין צי־מערל, און אַ ליבטזיניג שמייכעלע רייסט מיך אָב פון מיינע

פאַפּירען און ביכער און וואַרפט מיך אַריין אין די כשוט'דיגע אָרעמס פון מיין געליעבטער פרוי, נאָך אַ גאַנצען האָגעל פון קושען, וואָס שיטען זיך קלינגענדיג פון איהרע פרישע ליפּען פון קעלט, פרעג איך:

—נו, וואָס האָט ער בעשלאָסען?

—גאָרנישט! איך האָב איהם גאָרנישט געזאָגט.

—אויב אַזוי, זענט איהר אַ פערפאַלענע, אַנטלויפט פון מיר, אומגליקליכע!

און האַלטענדיג זי פעסט, ציה איך אַראָב פון איהר דאָס מונטערל, פיהלענדיג פאָראויס די אונפערמיידליכע נאַקעטקייט. איך נעהם-אַראָב פון איהר דעם קאָפּ-פוץ, וואָס איז בעשטאָטען מיט פּערל און פיהר זי צום דיוואַן, זי שרייט-אויס:

—איך האָב נישט געהאַט קיין מוט... איך האָב אייך געוואָלט זעהן נאָכאַמאָל, ביז וואַנען דאָס געוויטער וועט זיך פונאַנדערשפּיעלען, וואָרום גאָט ווייס, צי וועט עס זיך נישט ענדיגען מיט צושיידען זיך.

איך פערדריק איהר דאָס מויל, שטעל-אַנידער פאַר איהר אַ טישעל, נעהם-אַרויס פון שאַנק אַ פלאַש גיטען וויין און צוויי גלעזער, דערביי שטעל איך אַוועק אַ קאָרב מיט רויזען, צוויי ברענענדיגע ליכט און מאַך עפּיס אַזוינס, וואָס איז ענליך צו אַ מזבח. אונטער די פיס, אָנשטאָט אַ בענקעלע, לעג איך אַוועק צוויי אַנ'אַלטע טייערע גרויסע אויסגאַבע פון האַנס זאַקס, וואָס דער לעדערנער בונד מיט די גאָלדענע קלאַמערן איז בעפּוצט מיט לוטערס פּאָרטרעט. דידאָזיגע אויסגאַבע האָב איך גענומען אין דער קעניגליכער ביבליאָטעק.

איך גיס-אָן וויין, נעהם אַ רויז, שטעק זי אַריין אין דער העלבלאָנדער געדיכטעניש פון איהרע האָהר, און, בענעצענדיג מיינע ליפּען אין גלאָז, וואָס איז אויפגעהויבען געוואָרען פאַר איהר געזונד און פאַר אונזערע ליעבע-פלאַמען, פאַל איך פאַר איהר אויף די קניה און בין מתפלל

—ווי איהר זענט שען!

דאָס ערשטע מאָל זעהט זי אין מיר אַנ'עכטען געליעבטען.

זי איז ענטציקט, זי נעהמט מיין קאָפּ, קושט איהם און פיהרט מיט'ן פינגער איבער די לאַנגע לאָקען פון מיין פער'עקשנ'טער שעוועליור.

איהר שענקייט איז מיר גורם אַ געפיהל פון אַלטונג. זי איז פאַר מיר אַ הייליגקייט, פאַר וועלכער איך האָב גרויס יראה; זי איז פער'כשופ'ט דערמיט, וואָס זי זעהט מיך אָהן דער פער-האַסטער מאַסקע פאַר איהר; זי איז פער'כשופ'ט דורך מיינע ווער-טער און פערליעבט זיך אין מיר ביז משוגעת, זייענדיג איבער-צייגט, אַז איך בין פעהיג אויף אַ וואַרימע און גלייכצייטיג — אַ שענע און אַ פלאַמענדיגע ליעבע.

איך קוש איהרע פיס, שמוצענדיג מיינע ליפען. איך נעהם-אַרום איהרע קניה, נישט-אָנריהרענדיג די ברעגען פון איהר קלייד. איך האָב זי ליעב אַזאַ, ווי זי איז, אינגאַנצען אַנ'אָנגע-טהאָנענע, אַנ'אונשולדיגע, ווי אַ מלאך. פונקט ווי זי וואָלט אַנ'-אָנגעטהאָנענע געקומען אויף דער וועלט און אויף די קליידער האָט זי פליגלען.

איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר מיינע אויגען פילען זיך פלוצלונג אָן מיט טרעהרען.

— איהר וויינט? — פרעגט זי, — וואָס איז מיט אייך?

— איך קאָן עס נישט דערקלערן. איך בין גליקליך, דאָס איז גאָר.

— הייסט עס, אַז איהר קאָנט וויינען!.. איהר!.. דער איי-זערנער מענש!..

— צום אומגליק, ווייס איך צו-גוט די בעדייטונג פון טרעהרען!

ווי אַ דערפאַהרענע פרוי, מיינט זי, אַז איהר איז נישט שווער צו געפינען אַ געהיים מיטעל געגען מיינע געהיימע ליי-דען! זי שטעהט-אויף און מאַכט אַנ'אָנשטעל, ווי עס אינטערע-סירען זי כלומר'שט די צעוואָרפענע פּאַפּירען אויף דעם פּאַדלאָגע, דערנאָך זאָגט זי מיט אַ לייכטזיניגען תנועה'לע:

— בשעת איך בין אַריין, זענט איהר געלעגען גאָר אַזוי ווי

אין גראָז. און ווי דאַרף עס זיין פרעהליך, ווען מען זאָל וויב-טער נאָכמאַכען, ווי מען שניידט היי!

זי האָט זיך אויסגעגליטשט אויף דער קופּע פּאַפּירען, און איך זעץ מיך נעבען איהר. אַ נייער האָגעל מיט קושען. די געטיז נויגט זיך אָן און מיר פֿאַלען.

איך ציה זי צו זיך, נישט אָברייסענדיג זי פון די ליפּען און נישט געבענדיג איהר קיין צייט, זי זאָל קומען צו זיך פון מיין שכור'דיגען אויגען-גלאַנץ און דעם פייער פון מיינע ליפּען. איך כאַפּ זי אַרום ווי אַ שלאַנג און מיר ציהען זיך אויס אויפ'ן „גראָז", ווי געליעבטע, אָבער מיר גיבען זיך אָב איינאַנדער, ווי הימעלאייבוואוינער, אין די זאַכען.

מיר שטעהען-אויף צופרידענגעשטעלט, איבערגעזעטיגט, אָהן פּאָרוואורפען פון געוויסען: מיר זענען נישט געפאַלען.

די ליעבע איז דערפינדעריש! מיר האָבען געזינדיגט, נישט-זינדיגענדיג. מיר האָבען זיך אָבגעגעבען איינאַנדער, נישט-אָבגעבענדיג זיך. ווי זיס איז די ליעבע פון אַ דערפאַהרענער פרוי! זי האָט פערגעניגען צו געבען, נישט צו נעהמען.

פלוצלונג קומט זי צו זיך, דערמאָנט זיך אָן דער ווירקליכקייט און איילט אַהיים.

— אַליזאָ, ביז מאָרגען!

— ביז מאָרגען.

X.

ר האָט זיך איהם אין אַלץ מודה-געווען. איצט האַלט זי זיך פאַר שולדיג, וואָרום ער האָט געוויינט. ער האָט געוויינט מיט ביטערע טרעהרען! איז ער אַ תם, אַ נאַר אָדער אַ כיטרער יונג? אָהן אַ ספק, אי דאָס אי יענץ. די ליעבע בעשאַפט אי-לוזיעס, און דאָס אורטיילען וועגען זיך גופא איז טיילמאָל גאַנץ נישט ריכטיג.

איבעריגענס, איז ער נישט בייז אויף אונז, און איז נישט

געגען דעם, אונזער הייסע פריינדשאַפט זאָל זיך ווייטער ציהען, אָבער מיט דעם בעדינג, מיר זאָלען בלייבען אונשולדיג-ריין!

—ער איז איידעלער און גרויסמוטיגער פון אונז,—שרייבט זי מיר—ער האָט נאָך אַלץ ליעב אונז ביידען.

וואָס פאַר אַ מין שמאַטקעלע! לאָזט-אַריין צו זיך אין שטוב אַ מענשען, וואָס בעשיט זיין ווייב מיט קושען. ער האַלט אונז אַזוי געשלעכטלאָז, אַז ער גלויבט אין דער מעגליכקייט פאַר אונז פאָרטצוזעצען די בעציהונגען פון „ברודער און שוועסטער".

דערמיט בעליידיגט ער אין מיר דעם מאַנסביל און איך ענטפער איהם מיט אַן ענטגילטיגען זיי-געזונד אויף שטענדיג!

---

אין דעמדראָזיגען פריהמאָרגען בלייב איך אין מיין צימער און לעב-איבער יסורים פון שווערען יאוש. איך האָב נאָר אָנגעביסען דעם עפּעל, ווי מען נעהמט מיר איהם שוין צו. זי, די שטאָלצע פרוי, האָט חרטה; זיליידט פון געוויסען, וואָס מאַטערט זי. זי פערוואַרפט מיך מיט פאָרוואורפען, זי, די פערפיהרערין! עס קומט מיר אויפ'ן זינען אַ טייוועלשער געדאַנק. שוין-זשע האָט זי איינגעפונען, אַז איך בין אַ צו-איינגעהאַלטענער, שוין-זשע געהט זי אַוועק צוליעב מיין ציטערן? און אַזוי ווי עס בעאונרוהיגט זי גישט דער געדאַנק וועגען פערברעכען, פאַר וועלכען איך שרעק מיך, הייסט עס, אַז איהר ליעבע איז שטאַרקער פון מיינער. קום נאָכאַמאָל, שענהייט, און דו וועסט זעהן!

אַ זייגער ניין אינדערפריה בעקום איך אַ צעטעלע פון באַראָן—ער בעט מיך קומען צו דער באַראָנעסע, וואָס איז, וואַרשיינליך, שטאַרק קראַנק געוואָרען. איך ענטפער מיט דער בקשה, מען זאָל מיך לאָזען צורוה. „גענוג מיר צו שטערען די רוה פון אייער צוזאַמענלעבען. פערגעסט מיך, ווי איך האָב אייך פערגעסען".

צו האַלבען טאָג בעקום איך אַ צווייטען בריף.

„לאָמיר בעניי‌ען אונזערע אַמאָליגע האַרציגע בעציהונגען. איך האָב אייך שטענדיג זעהר געשעצט, וואָרום נישט-געקוקט אויף קיין זאַך, בין איך פעסט איבערצייגט, אַז איהר האָט גע-האַנדעלט, ווי אַנ׳עהרליכער מאַן. קיין שום וואָרט וועגען דער פערגאַנגענהייט. קומט, ווי אַ ברודער, אין מיינע אָרעמס אַריין, און מיר וועלען פערגעסען וועגען דעם.”

די ריהרענדיגע פשטות, דער שטאַרקער צוטרוי פון דעם-דאָזיגען מענשען מאַכען מיר ווייך דאָס האַרץ. שיק איך אַ בריף, אין וועלכען איך גיב איבער מיינע ספקות און בעט, מען זאָל זיך נישט שפּיעלען אין ליעבע און געבען מיר פרייהייט.

דריי אַ זייגער נאָך האַלבען טאָג די לעצטע בקשה: די באַראָנעסע ליעגט אַ גוסס׳ע. דער דאָקטאָר איז נאָר-וואָס אַוועק פון איהר און זי גאַרט מיך צו זעהן. דער באַראָן פערלאַנגט זעהר, איך זאָל קומען, און איך געה-אַוועק. וועה צו מיר, אָרימער!

איך קום-אַריין. אין צימער שמעקט מיט כלאָראָפאָרם. דער באַראָן האַלזט מיך מיט געוויין.

—וואָס איז מיט איי‌ך?—פרעג איך אַ קאַלטער, ווי אַ דאָקטאָר.

—איך ווייס נישט, זי איז געוועזען אויף אַ האָהר פון טויט, און דער דאָקטאָר...

—וואָס האָט ער געזאָגט?

—ער האָט אַ שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ און געזאָגט: „אין אַזוינע פאַלען בין איך מאַכטלאָז.”

—ער האָט גאָרנישט פערשריבען?

—גאָרנישט.

ער פיהרט מיך אין עסצימער, וואָס איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ שפּיטאָל-פּאַלאַטע. זי ליעגט אויפ׳ן קושעטקע אַ פערגליווערטע, אַנ׳אויסגעפייניגטע; די האָהר פונאַנדערגעלאָזט, די אויגען ברענען ווי קויהלען. זי ציהט מיר אויס די האַנד, וואָס דער מאַן לעגט-אַריין אין מיינער. דערנאָך געהט ער אַרויס אין גאַסטצימער און לאָזט אונז איבער זאַלבענאַנד.

מיין האַרץ בלייבט קאַלט. איך גלויב נישט מיינע אויגען, האַלט מיך אין דער זייט ביי אַזאַ אונגעוועהנליכען בילד.

— ווייסט איהר, אַז איך בין שיער נישט געשטאָרבען?

— יאָ.

— און דאָס צווינגט אייך נישט צו ליידען.

— צווינגט.

און איהר זענט אַזוי קאַלט, אין אייער קוק איז נישטאָ קיין מיטלייד. איך הער נישט קיין וואָרט פון ליידען.

— אייער מאַן איז דאָ!

— האָט ער אונז דען אַליין נישט צוזאַמענגעפיהרט?

— אויף וואָס ליידט איהר, באַראָנעסע?

— איך בין זעהר קראַנק. איך בעדאַרף מיך בעראַטען מיט אַ ספּעציאַליסט איבער פרויענקראַנקהייטען.

— גאָר אַזוי.

— דאָס שרעקט מיך, דאָס איז אַזוי שרעקליך! ווען איהר וואָלט געוואוסט, וואָס פאַר אַ שרעקליכע שעה'ן איך האָב איבערגעלעבט... לעגט-אַוועק אייער האַנד אויף מיין שטערען... אַך, ווי גוט... וועט איהר מיר איצט נישט אַ שמייכעל טהאָן... אייער שמייכעל קעהרט מיך אום צוריק צום לעבען!..

— דער באַראָן...

— איהר ווילט אַוועקגעהן... איבערלאָזען מיך!

— מיט וואָס קאָן איך אייך דיענען, באַראָנעסע?

זי צעוויינט זיך שטאַרק.

— איהר קאָנט דאָך נישט וועלען,—זאָג איך האַסטיג,—אַז איך זאָל דאָ, אויפ'ן אָרט, אַ טהיר נעבען אַ טהיר מיט איהר קינד און מאַן, שפּיעלען אַ ראָל פון אַ געליעבטען!

— איהר זענט אַ מערדער! איהר זענט אַ מענש אָהן אַ האַרץ, איהר...

— אַדיע, באַראָנעסע!

איך געה-אַוועק.

דער באַראָן פיהרט מיך דורכ'ן אויפנאַהמצימער, אָבער נישט זעהר געשווינד, אַזוי, אַז איך בעמערק אַ בריעף פון

פרויענקלייד, וואָס איז פערשוואונדען געוואָרען אין טהיר פון אַ צימער. דאָסדאָזיגע פרויענקלייד דערוועקט אין מיר אַ חשד, אַז מען האָט מיט מיר געשפּיעלט אַ קאָמעדיע.

דער באַראָן פערהאַקט הינטער מיר די טהיר אַזוי שטאַרק, אַז עס קלינגט-אָב אין דרויסען, און איך האָב אַ געפיהל, ווי איך וואָלט אַרויסגעשליידערט געוואָרען.

איך נאַר מיך נישט: איך בין נאָר-וואָס געווען אַנ׳עדות פון אַ מעלאָדראַמע מיט אַ [illegible]פּעלען פינאַל.

וואָס איז דאָס פאַר אַ געהיימע קראַנקהייט? היסטעריע? ניין, דאָס איז דער שטורמישער פערלאַנג צו זיין אַ מוטער, וואָס איז אין איין שענעם טאָג פערענדיגט געוואָרען מיט פעררעט.

אַ פרוי לעבט אין אַ האַלבען מאַן-און-ווייב-לעבען, האָט שטענדיג מורא צו פערטראָגען זיך, שרעקט זיך פאַר אַ ניי קינד, ווערט קיינמאָל נישט צופרידענגעשטעלט דורך פולע האַלזעניסען. דאָס שטויסט זי צו אַ געליעבטען, צו פעררעט, וואָרום איהרע פערלאַנגען זענען נישט געשטילט געוואָרען, און אַקוראַט אין דעם מאָמענט, ווען דער געליעבטער בעדאַרף איהר געהערען, ווען ער איז שוין פאַרהאַן, בעדאַרף ער אַוועקגעהן און זי איבערלאָזען נישט-צופרידענגעשטעלט.

וואָס פאַר אַ מין אומגליקליך מאַן-און-ווייב-לעבען, וואָס פאַר אַ טרויעריגע ליעבע!

געמאַכט דעמדאָזיגען אַנאַליז פון דער סיטואַציע, קום איך צו אַזאַ מיינונג: די צוטרויסעלטע ליעבע פון דעמדאָזיגען צוזאַמענלעבען האָט יעדען צד געטריבען צו אַנ׳אַנדער מענשען, וואָס זאָגט-צו פולע בעפרידיגונג. די ענטטוישונג, וואָס זי האָט דערשפירט נאָך מיין אַוועקגעהן, האָט זי צוריקגעקעהרט צום מאַן. איצט האָט דער לעצטער גיכער געקאָנט אויספילען די מאַן-פליכטען, ווייל זי איז איהם ליעבער געוואָרען נאָכדעם, ווי דער געליעבטער האָט זי צוגעגרייט.

אויף אַזאַ אופן איז אַ סוף צו אַלץ, וואָרום זיי זענען שלום-געוואָרען.

דערשטיקט זאָל ווערען דער שטן המשחית!
דער פאָרהאַנג פאַלט.

———

ניין, דאָס איז נאָך נישט דער סוף. זי בעזוכט מיך ווי-דער אין מיין צימער, און איך רייס ביי איהר אַרויס אַ פולע דערקלערונג, וואָס איז אָפענהאַרציג ביז רציחה.

אין דעם ערשטען יאָהר נאָך דער חתונה האָט זי גאָרנישט פערשטאַנען אין די פערגעניגענס פון ליעבע, אינ'ם שכרות פון מאַן-און-ווייב-לעבען. נאָכדעם, ווי זי האָט געהאַט דאָס קינד, איז דער מאַן קאַלט געוואָרען און אויס מורא פאַר נייער שוואַנגער-שאַפט, האָט ער איהר אָבגעזאָגט אינגאַנצען צופרידענצושטעלען.

—הייסט עס, אַז דערדאָזיגער מאַן, אָט דער ריז אויסער-ליך האָט קיין איין מאָל נישט געמאַכט אייך גליקליך?

—כמעט קיינמאָל נישט!.. אָדער זעהר זעלטען.

—און איצט?

זי רויטעלט זיך.

—איצט האָט איהם דער דאָקטאָר געהייסען, ער זאָל זיך בשום אופן נישט איינהאַלטען.

זי שפאַרט זיך אָן אויפ'ן דיוואַן און פערדעקט מיט די הענד דאָס פּנים.

אויפגערעגט דורך דידאָזיגע אינטימע דערקלערונגען, נעהם איך זי ווייך אַרום. זי זאָגט זיך נישט אָב, אָטעמט שווער און ציטערט, אָבער אין דעם ענטשיידענעם מאָמענט שטויסט זי מיך אָב, פונקט ווי דאָס געוויסען וואָלט זי גענומען פלוצלונג מאַטערן.

דידאָזיגע מאָדנע אונפערשטענדליכע אויפפיהרונג הויבט מיך אָן אויפרעגען.

וואָס וויל זי פון מיר? אַלץ! אָבער זי שרעקט זיך פאַר אַנ'אונגעזעצליך קינד!

איך נעהם זי אינגאַנצען אַרום, בעדעק זי מיט קושען, צו פערדולען זי—אָבער אומזיסט. נאָר איצט איז זי וועניגער ענט-טוישט, ווי פריהער.

וואָס-זשע בעדאַרף מען איצט טהאָן? דערצעהלען אַלץ דעם מאַן?—דאָס איז שוין געווען.

דערצעהלען איהם פּרטים?.. צו וואָס?.. קיין פּרטים זענען דאָך נישט געווען!

---

זי בעזוכט מיך נאָך אַלץ.

אַלע טאָג זעצט זי זיך אויף מיין דיוואַן מיט'ן אויסרייד, אַז זי איז קרענקליך מיד.

עס ווערט מיר מאוס צו שפּיעלען די ראָל פון אַ שעמערי-גען. עס רייצט מיך אויף מיין דערנידערונג; איך וויל נישט גע-בען קיין געלעגענהייט, מען זאָל מיך חושד-זיין אין שוואַכקייט— און אין איין שענעם טאָג נעהם איך זי מיט געוואַלט—אויב דאָס הייסט נעהמען מיט געוואַלט. איך הויב מיך אויף אַ שטאָלצער, אַ גליקליכער, אַ צופרידענער מיט זיך, פּונקט ווי איך וואָלט בע-צאָהלט אַ פרוי איהר חוב.

אָבער זי האָט אַ צומישטע פערדריסליכע מינע אויפ'ן פּנים און זי זיפצט-אָב.

וואָס איז דאָס געוואָרען מיט דער שטאָלצער בּאַראָנעסע?

עס פייניגט זי דער שרעק פאַר די פאָלגען. איהר פער-קומערט געזיכט זעהט-אויס ביטערליך ענטטוישט, אַ זאַך, וואָס קומט שטענדיג, ווען די געניסט פון ליעבע צופעליג אָדער אָהן דער נויטיגער רוהיגקייט.

און דאָס איז גאָר?

לאַנגזאַם דערוויטערט זי זיך; פון פענסטער קוק איך איהר נאָך, ווי זי פערקירעוועט זיך אין ראָג גאַס, און איך זיפץ אויך אָב.

און דאָס איז גאָר?

דער זוהן פון פאָלק האָט מנצח-געווען דעם ווייסען בּיין, דער קליין-בירגער האָט דערגרייכט די ליעבע פון אַ יחוס'דיגער פרוי, אַ פאַסטוך פון חזירים האָט צונויפגעמישט זיין בלוט מיט'ן בלוט פון אַ פּרינצעסין—אָבער דורך וואָס פאַר אַ פּרייז!

...עס הויבט זיך אויף אַ שטורם, אַ געוויטער פון רכילות. דער באַראָנעסעס רעפּוטאַציע האָט געליטען.

איהר מוטער בעט, איך זאָל זי בעזוכען. געה איך אַוועק צו איהר.

—איז וואָהר, אַז איהר ליעבט מיין טאָכטער?

—דאָס איז אמת.

—און אייך איז נישט מאוס?

—און האַלט עס פאַר אַ כבוד פאַר זיך.

—זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי איז פערליעבט אין אייך.

—איך האָב מיך געריכט דערויף. איך זאָג אייך אָפענהאַר־ציג, אַז זי טהוט מיר באַנג, איך בעדויער זעהר די פאָלגען, וואָס קאָנען קומען. אָבער וואָס זאָל איך טהאָן? מיר האָבען ליעב איינאַנדער. מען קאָן עס אודאי בעדויערן, אָבער מיר זע־נען דערין נישט שולדיג—נישט איך, נישט זי. באַלד ווי מיר האָבען בעמערקט די געפאַהר, האָבען מיר מתרה-געווען דעם באַ־ראָן. האָבען מיר דען געהאַנדעלט נישט אָנשטענדיג און נישט אויסגעפילט אַלע פאָרמאַליטעטען?

—געגען אייער אויפפיהרונג קאָן מען ווירקליך גאָרנישט אויסזעצען. אָבער איך בעדאַרף דאָך אָבהיטען דעם כבוד פון מיין טאָכטער, פון איהר קינד, פון דער גאַנצער פאַמיליע! איהר וועט דאָך נישט פערלאַנגען, מיר זאָלען אומקומען.

די אָרימע זקנה הויבט-אָן וויינען. זי האָט אַוועקגעשטעלט איהר גאַנץ לעבען אויף אָט דער איינציגער קאָרט: חתונה-צו־מאַכען איהר טאָכטער מיט אַן׳אַדעלמאַן, צוצוגעבען יחוס דעם פאַמיליע-נאָמען. זי דערוועקט אין מיר רחמנות, און איך גיב מיך אונטער.

—איהר הייסט, מאַדאַם, איך וועל אייך פאָלגען.

—אַנטלויפט פון דאַנען, בעהאַלט זיך, געהט אַוועק!

—איך גיב אייך מיין וואָרט, נאָר מיט איין תנאי.

—מיט וואָס פאַר אַ תנאי?

—מיט דעם תנאי, איהר זאָלט בעטען דאָס פריילין מאַ־טילדע, זי זאָל זיך אומקעהרן אַהיים.

—דאָס איז אַנ׳אָנקלאָג?

—נאָכמעהר—אַ מסירה! ווארום איך בין איבערצייגט, אַז איהר זיין ביים באַראָן אין הויז גיט נישט צו קיין פאַמיליען-גליק.

—איך בין מסכּים. און איך וועל זאָגען מיין מיינונג גלייך אין די אויגען אַריין דעמדאָזיגען מיידעל! און איהר פאָהרט מאָרגען אָב?

—היינט אין אָוועגד.

אין דער אייגענער מינוט קומט-אַריין די באַראָנעסע און מישט זיך גלייך אַריין אין אונזער שמועס.

—איהר פערבלייבט. איך וויל עס!—בעפעהלט זי.—זאָל מאַטילדע אַוועקפאָהרען!

—צו וואָס?—פרעגט די מוטער פערוואונדערט.

—דערפאַר, וואָס איך האָב מיך בעשלאָסען צו גט׳ן. גוסטאַוו האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר מאַטילדעס שטיפפאָטער ווי אַ פערלאָרענע. איך וועל זיי ווייזען, אַז זיי האָבען אַ טעות.

וואָס פאַר אַ האַרצרייסענדיגע סצענע! איך וויים נישט, צי קאָן אַ כירורגישע אָפעראַציע זיין פיינליכער, ווי דער ריס פון די גידים, וואָס בינדען-צוזאַמען די גלידער פון איין פאַמיליע! דאָ רייסען זיך אַרויס אַלע ליידענשאַפטען, עס שווימט-אַרויס די גאַנצע שמוץ, וואָס איז געלעגען בעהאַלטען אויפ׳ן דעק פון דער נשמה.

די באַראָנעסע פיהרט מיך אָב אין אַ זייט און גיט מיר איבער דעם אינהאַלט פון אַ בריף, וואָס דער באַראָן האָט געשריבען צו מאַטילדע׳ן. אינ׳ם בריף זידעלט ער אונז אויף וואָס די וועלט שטעהט און דערקלערט זיך פאַר׳ן מיידעל אין איבערגער ליעבע, אָבער אין אַזוינע אויסדרוקען, וואָס בעווייזען, אַז ער האָט אונז גענאַרט פון דער ערשטער מינוט...

דער שטיין איז געוואָרען אַ גרויסער פעלז; ער האַלט זיך נאָך אַלץ אין קייקלען אַראָב און דריקט אויפ׳ן וועג געדעכטע און אונגעריעכטע.

די מהומה ציהט זיך נאָך אַלץ, און מיר קאָנען צו קיין שום בעשלוס נישט קומען.

אַ ניי אומגליק בעווייזט זיך אויפ'ן האָריזאָנט; אין דעמ-דאָזיגען יאָהר גיט די באַנק נישט קיין דיווידענדען, און עס האַלט דערביי, זיי זאָלען רואינירט ווערען. זיי בענוצען זיך מיט דעמדאָזיגען אומשטאַנד, צו דערשלאָגען זיך אַ גט, וואָרום דער באַראָן האָט שוין נישט קיין מעגליכקייט אויסצוהאַלטען די גאַנ-צע פאַמיליע. כּדי צו פערכאַפּען פּאָראויס, פרעגט-נאָך דער באַראָן ביי זיין נאַטשאַלניק, צי ער וועט קאָנען פערבלייבען אין פּאָלק, אויב זיין פרוי וועט אויפטרעטען אויף דער סצענע. דער לעצ-טער גיט איהם צו פערשטעהן, אַז דאָס איז אַן'אונמעגליכע זאַך. אָט איז אַ גרויסאַרטיגע בעלעגענהייט אַרויסצוטרעטען געגען די אַריסטאָקראַטישע פּאָראורטיילען!

די באַראָנעסע, וואָס היילט זיך פון עפּיס אַ פרויענקראַנק-הייט, פערבלייבט דערווייל ביים מאַן אין הויז, אָבער זי לעבט נישט מיט איהם. קראַנק, אויפגערעגט, מרה-שחורה'דיג, לאָזט זי זיך נישט, איך זאָל זי אויפמונטערן, און איך טהו אַלץ דערויף, איהר זאָל איבערגעגעבען ווערען עטוואָס פון מיין יונגער זי-כערקייט אין זיך. איך מאָל איהר די צוקונפט פון אַ קינ-סטלער—אַ פריי לעבען אין אַן'אייגענעם צימער, ווי מיינס, דהיינו: איך שטעל איהר פאָר דעם גאַנצען רייץ פון פרייהייט סיי מיט'ן גוף און סיי מיט דער נשמה. זי הערט מיך אויס, אָבער זי ענטפערט מיר נישט, און דער שטראָם פון מיינע ווערטער גאַל-וואַניזירט זי, ווי אַן'עלעקטרישער שטראָם.

דעם גט מיינט מען אַזוי איינצואָרדנען. נאָכדעם, ווי עס וועלען אויסגעפילט ווערען אַלע פאָדערונגען פון געזעץ, וועט די באַראָנעסע אַוועקפאָהרען קיין קאָפּענהאַגען, וואו עס וואוינט איהר פעטער. דאָס פערלאָזען כּלומר'שט דאָס הויז וועט דאָרט בע-שטעטיגט ווערען דורכ'ן אָרטיגען שוועדישען קאָנסול, און די וועט איהם זאָגען איהר פערלאַנג, אַז זי וויל זיך גט'ן.

נאָכדעם וועט זי מעגען טהאָן, וואָס זי וועט וועלען און וועט זיך אומקעהרען צוריק קיין שטאָקהאָלם. דער נדן און טייל-

זויך דאָס מעבעל געהערט צום מאַן; דאָס קינד וועט דער באַראָן איבערלאָזען ביי זיך, ביז ער וועט אַ צווייט מאָל חתונה־האָבען, און די באַראָנעסע וועט זיך יעדען טאָג מעגען זעהן מיט'ן קינד.

אָבער אַז די זאַך איז דערגאַנגען צו דער געלד־פראַגע, האָט זיך אויפגעהויבען אַ שטורם. דער באַראָנעסעס פאָטער האָט, כדי צו ראַטעווען דאָס לעצטע ביסעל פונ'ם פערשוואונדענעם פערמעגען, איבערגעלאָזט אַ צוואה לטובת דער טאָכטער. מיט דער הילף פון אינטריגעס האָט די מוטער אויסגעשפּיעלט דאָס רעכט אויף דער צוואה, אויסצאָהלענדיג דעם איידעם אַ געוויסען פּראָצענט. אַזוי ווי דידאָזיגע מאַכינאַציע איז נישט אינגאַנצען געזעצליך, פאָדערט איצט דער באַראָן, אַז די צוואה זאָל געזעצליך אויסגעפילט ווערען. אויף אַזאַ אופן וואָלט דער אַלטער שוויגער אָנגעקומען אַ קליינע רענטע אויף איהר הלק, און אין גרויס גרימצאָרן פער'מסר'ט זי פאַר איהר ברודער, דעם פאָטער פון דער שענער מאַטילדען, מכּה די אַמור־געשעפטען צווישען דעם איידעם און זיין טאָכטער. עס הויבט זיך אָן אַ גרויסער שטורם. די נאַטשאַלסטוואָ סטראַשעט דעם באַראָן מיט דימיסיע. אין עתיד שמעקט מיט אַ פּראָצעס.

איצט שטרענגט זיך שטאַרק אָן די באַראָנעסע, מציל־צו־זיין דעם פאָטער פון איהר קינד. צו דעמדאָזיגען צוועק וואַרפט מען אויף מיר אַרויף די אונדאַנקבאַרע ראָל פון אַ כפרה־הינדעל.

סוף־כל־סוף געלינגט זיי מיך צו צווינגען, איך זאָל אָנשרייבען צום פעטער אַ בריף, אין וועלכען איך נעהם אויף זיך די שולד און די אחריות פאַר די אלע פורענויות'ן; איך בעשטעטיג פאַר אַלעמען די אונשולד פון דעם באַראָן און דער קוזינע און בעט ביים פערדריסליכען פעטער מחילה פאַר די אַלע מעשים, וואָס איך האָב בעגאַנגען און וואָס איך האָב אויף זיי גרויס חרטה.

דאָס איז געווען אַ גוטע און אַ שענע טאַט. נאָכדעם ליעבט מיך די באַראָנעסע, ווי אַ ווייב האָט ליעב יענעם מאַן, וואָס האָט בעטראָכטען מיט די פיס, אויף די אויגען פון דער געליעבטער,

זיין עהרע, זיין אַכטונג צו זיך, זיין רעפּוטאַציע.

נישט-געקוקט דערויף, וואָס איך האָב בעשלאָסען צו האַל-טען זיך ווייטער פון די אַלע פאַמיליען-געשעפטען, בין איך סאָרט געצוואונגען געוועזן צו מאַכען אַ נישט-געווינשטען שריט.

די שוויגער מאַכט מיר אַ וויזיט נאָך אַ וויזיט, דערמאָהנט מיר אָן דער ליעבע צו איהר טאָכטער, העצט מיך געגען באַראָן, אָבער דאָס אַלץ איז אומזיסט, וואָרום איך פאָלג בלויז דער באַ-ראָנעסעס אינסטרוקציעס. איך שטעל מיך, איבעריגענס, אויף דעם פאָטערס צד. אַזוי ווי ער נעהמט צו זיך דאָס קינד, געהערט איהם אַליין די צואה, צי אַנ'אמת'ע אָדער אַ פאַלשע.

אַך, דערדאָזיגער חדש אַפּריל, אָט דער פריהלינג פון ליע-בע! אַ קראַנקע געליעבטע, אונדערטרעגליכע זיצונגען, וואו צוויי משפחות וואַשען-איבער זייער שמוציגע וועש, וואָס איך וואָלט, נאַטירליך, נישט געוואָלט זעהן; טרעהרען, גראָבקייט; אַ מהומה, אַ בהלה, וואו עס טרעטען-אַרויס אין שיין די אַלע פערגאַנגענע סודות,—מיש זיך בעסער נישט אין פרעמדע ענינים.

געוויס, דערביי האָט געליטען די ליעבע. בשעת די גע-ליעבטע איז אויסגעמוטשעט דורך רייסעניש און קריגעניש, בשעת פון איהרע ליפען געהען נישט אַראָב קיין יורידישע טערמינען,— דעמאָלט קאָנען קיינמאָל נישט פערשטאַרקט ווערען די ליעבע-פערגעניגענס.

שטענדיג גיב איך איהר צו טרייסט און האָפנונג, הגם זיי זענען עפּטער גאַנץ געקינסטעלט, ווייל ביי מיר זענען שוין אויס-געשעפּט געוואָרען אַלע נערוועו-זאַפטען. אָבער זי נעהמט עס אַלץ צו, זויגט-אויס מיין מח, פרעסט-אויף מיין האַרץ! און אַלס לוין דערפאַר מאַכט זי פון מיר אַ מיסטקאַסטען, וואוהין זי וואַרפט-אַריין איהר גאַנץ מיסט, איהרע אַלע ערגערנישען, איהר פערדרוס און זאָרג. איך לעב אין דער לופט פון אַ גיהנם. מיין לעבען איז גאָרנישט ווערט. איך פאַל-אַוועק אונטער דער משא פון אַרבייט.

אַז זי קומט צו מיר אין אָווענד און טרעפט מיך ביי דער אַרבייט, הויבט זי זיך אָן צו בלאָזען. אין אַ צוויי שעה צייט

קומט מיר אויס צו בעשיטען זי מיט טרעהרען און קושען און פערזייכערן זי אין מיין ליעבע.

מיין ליעבע צו איהר האָט זיך איצט פערוואַנדעלט אין פערגעטערונג, אין קנעכטישער געהאָרכזאַמקייט, אין אייביגער מסירת-נפש.

איך פאַל-אַוועק אונטער'ן יאָך פון שווערער פעראַנטוואָרטליכקייט, איך זעה פאָראויס אַ מאָמענט, בשעת אַ קאַטאַסטראָפע אָדער אַ קימפעט וועט מיר אַריינוואַרפען אין די אָרעמס אַ פרוי. אויפ'ן גאַנצען יאָהר האָט זי אָבגעלעגט בלויז דריי טויזענד פראַנק, און מיט דעמדאָזיגען געלד בעדאַרף אויך אָבגעצאָהלט ווערען איהר פאָרבערייטונג צו דער סצענע. און איך שרעק מיך פאַר איהר סצענישער קאַריערע. אין איהר אויסשפּראַך הערט זיך נאָך אַלץ דער פינישער אַקצענט. איהרע געזיכטס-שטריכען זענען נישט קיין מעסיגע און דאָס איז אויך אַ חסרון פאַר דער סצענע. איך צווינג זי צו דעקלאַמירען ליעדלעך—זי זאָל ווערען אַ ביסעלע מונטערער. אָבער זי איז צופיעל בעשעפטיגט מיט איהר צער, און, ווידער, יענע קליינינטשקע ערפאָלגען, וואָס זי מאַכט, ווי זי אַליין זעהט-איין, ביי די פראָבעס, נעהמען איהר צו די לעצטע האָפנונג.

ווי טריב איז אַזאַ ליעבע! איהר אייביגער שרעק מעוברת צו ווערען און דאָס, וואָס איך בין נישט-פראַקטיש אין די געהיימע מאַן-און-ווייב-עסקים מאַכען פון אונזער ליעבע אַ גיהנם— פון אונזער ליעבע, וואָס האָט בעדאַרפט זיין פאַר מיר אַ קוואַל פון יונגע כחות, וואָס זענען אַזוי נויטיג ביי שווערע אומשטענדען.

דער עקסטאַז, נאָך איידער ער ווערט געבוירען, ווערט ער שוין אויסגעלאָשען, איהר שרעק גיט זיך אויך מיר איבער. און מיר צושיידען זיך אונצופרידענע, אָבגענאַרטע אין אונזערע האָפנונגען, אַז מיר ווע לען געניסען אַ סך גליק, וואָס האָט זיך אונז טאַקי לחלוטין נישט איינגעגעבען.

פאַרהאַן מאָמענטען, בשעת איך טראַכט פון געקויפטע לאַסקעס. אָבער מיין פיעל גאַמען-נאַטור איז עס דערווידער. ווי עס זענען נישט פאָלקאָמען לויט'ן מהות אונזערע צערטליכקייטען, גי-

בען זיי אונז דאָך אַ היבש ביסעל פרייד, און דאָס אונגעשטילטע לעכצען נאָך זיי איז אַ גאַראַנטיע, אַז אונזער ליעבע איז אַ פעסטע.

---

## XI.

דעם ערשטען מאַי זענען שוין אַלע נויטיגע פאַפּירען אונטערגעשריבען געוואָרען. איבערמאָרגען פאָהרט זי אַוועק. קומט זי צו מיר און פאַלט מיר אויפ'ן האַלז.

—איצט געהער איך דיר איינעם: נעהם מיך!

אַזוי ווי מיר האָבען קיינמאָל נישט גערעדט פון חתונה־האָבען, ווייס איך נישט וואָס זי מיינט דערמיט. אָבער איצט זעה איך איין אַ נויטווענדיגקייט דערין, זי זאָל פערלאָזען איהר אַלטע היים. פערטראַכט און טרויעריג זיצען מיר אין מיין ציגערל. איצט איז אונז אַלץ דערלויבט, אָבער דערפאַר איז שוין דער נסיון אַ קלענערער. זי זאָגט, אַז איך בין קאַלט, איך דערווייז איהר דאָס אומגעקעהרטע. הויבט זי אָן צו קלאָגען, אַז אין מיר איז צו־שטאַרק דאָס מאַן־געפיהל. פערגעטערונג, שענע רייד—אָט וואָס זי וואָלט וועלען.

הויבט זיך אָן אַ קריעג, און אין גרויס היסטעריע שרייט זי, אַז איך האָב זי נישט ליעב. און פונדעסטוועגען געהט אַריבער אַ שעה אַ גאַנצע אין סוד'ען זיך און לאַסקעס. דער שכל קעהרט זיך איהר אום צוריק, אָבער זי קומט פאָלקאָם צו זיך נאָר דעמאָלט, ווען זי דערפיהרט מיך צו אַזאַ יאוש, אַז איך צעוויין מיך. וואָס מעהר זי דערנידעריגט מיך, אַלץ לענגער שטעה איך פאַר איהר אויף די קניה און אַלץ מעהר פערגעטערט זי מיך. זי וויל נישט, איך זאָל זיין מעגליך און שטאַרק. כדי זי זאָל מיך ליעב האָבען, בעדאַרף איך מאַכען אַנ'אָנשטעל פון אַ פער'יתומ'טען און אַנ'אומגליקליכען: דאָ ווייזט זי אַרויס איהר אויבערהאַנד איבער מיר, הויבט־אָן שפּיעלען אַ ראָל פון אַ מאַמעשי און טרייסט מיך.

מיר מיטאָגען ביי מיר; זי דעקט דעם טיש און בעל־

הבית׳עוועט ביים מיטאָג. אַז עס ווערט נאַכט, דיקטיר איך מיי-נע רעכט.

דאָס איז די אויפלעבונג פון ליעבע, וואָרום אין מיינע אָרעמס ציטערט אַ מיידעל, אַ מיידעלע. ווי צערטליך און אונשול-דיג ווערען די גראָבקייטען, בשעת דו האָסט אינטימע בעציהונ-גען מיט אַ פרוי, וואָס דו האָסט ליעב. כלעבען, אין דעמדאָזי-גען צונויפגיסען זיך פון נשמות בעטייליגט זיך נישט די חיה, און צי קאָן מען דאָ סתם זאָגען, וואו עס ענדיגט זיך איינס און עס הויבט זיך אָן דאָס צווייטע?

דער דאָקטאָר האָט זי אינגאַנצען בערוהיגט בנוגע צו איהר צושטאַנד און איצט גיט זי זיך מיר אָב להלוטין. זי איז צו-פרידען און דאַנקבאַר, די שענקייט איהרע פערבלענדט און פון די אויגען שיינט איהר אַרויס דאָס גליק. מיין אָרים צימערל ווערט פערוואַנדעלט אין אַ טעמפעל, אין אַ גלאַנצפולען פּאַלאַץ. איך צינד-אָן מיינע צובראָכענע קאַנדעליאַברעס, דעם אַרבייטס-לאָמפּ, ליכט און בעלייכט דאָסדאָזיגע גליק, דידאָזיגע פרייד פון ליעבען—די איינציגע פרייד, צוליעב וועלכער עס לוינט זיך צו ליעבען.

וואָרום אויפ׳ן וועג פון פיין בעגלייטען אונז דידאָזיגע כשוף׳דיגע מאָמענטען פון צופרידענגעשטעלטער ליעבע. די זכרונות פון די קורצע פריידען, וואָס ווערען טיילמאָל פערטונקעלט בלויז דורך קנאה, צווינגען אונז צו לעבען. זיי זענען ריינע ליעבע!

—וועגען ליעבע זאָלסטו מיר שלעכט נישט ריידען,—זאָג איך איהר,—זאָלסט האַלטען טייער די נאַטור און איהרע קרעפ-טען. לויב גאָט, וואָס האָט אונז געמאַכט גליקליך אויף צו להכעיס אונזער רצון.

זי ענטפערט גאָרנישט, וואָרום זי איז גליקליך. די בעגעהרן זענען געשטילט געוואָרען. איהר געזיכט ווערט בלאַס און רוי-טעלט זיך אונטער דעם דרוק פון בלוט, וואָס דאָס הארצקלאַ-פּעניש טרייבט-פונאַנדער אין די הייסע מאָמענטען פון האַלדזען זיך; דער בלאַס פון די ליכט שפּיגעלט זיך אָב אין איהרע אוי-גען, וואָס זענען פייכט פון טרעהרען און אונגעוועהנליכער תאוה;

די גרינע פאַרבען פון איהרע אָדערלעך ווערען בעלעבטער, פונקט ווי די פעדערלעך פון פויגעל אין דער געבענשטער צייט פון ליעבע. זי ווערט עהנליך צו אַ מיידעלע פון זעכצעהן יאָהר— אַזוי צאַרט און ריין זענען די ליניעס איהרע. דאָס חנ׳עוודיגע קעפעל, צוגעדריקט צום קישען, איז אינגאַנצען פערגראָבען אין צעוואָרפענע האָהר, וואָס זענען עהנליך צו צייטיגע זאַנגען—און זעהט-אויס ווי אַ קעפעל פון אַ קינד. איהר קליין קערפערל, וואָס איז גיכער לופטיג, ווי מאָגער, איז האַלב בעדעקט מיט׳ן באַטי-סטען-העמדעל, עהנליך צום גריכישען ביטאָן, וואָס איז צונויפ-געננומען ביים טאַליע אין אונצעהליגע פאַלדען; זי בעדעקט די לענדען און דעקט-אויף די קניה, וואו די רייצענדיגע מוסקולען, אָדערן און בייהנשלעסער דערמאָהנען, לויט׳ן שפיעל פון די לי-ניעס, דעם דעק פון אַ פערלמוטערדיגען מויערקעפעל. די שפי-צען בעדעקען די ברוסט, פונקט ווי צוויי ציגעלעך וואָלטען אַרויסגעשטעלט זייערע ראָזע מיילעכלעך דורך אַ שיטערן צוים; די אַקסלען זענען אַזוי ווי פון עלפאַנדביין... זי ליעגט ווי אַ געטין, פאַר ווערכער איך בוק מיך. זי ציהט זיך אויס, רייבט די אויגען און וואַרפט מיר צו האַלבפערשעמטע, האַלברופענדיגע בליקען.

ווי אונשולדיג איז די געליעבטע פרוי אין איהר נאַקעט-קייט, בשעת זי גיט זיך איבער איהר געליעבטען! און דער מאַנסביל, וואָס איז העכער פאַר דער פרוי מיט׳ן גייסט, איז גליקליך, ווען ער קאָן זיך בעהעפטען מיט אַ פרוי, וואָס איז גלייך צו איהם. מיינע פריהערדיגע בעציהונגען מיט פרויען פון נידעריגען קרייז זעהען מיר איצט אויס, ווי אַ מאוס פערברעכען, ווי אַ דערנידערונג פון דער ראַסע. שוין-זשע איז אָט די ווייסע הויט, אָט די חנ׳עוודיגע פיסלעך, אָט די ראָזע נעגעל, וואָס מיט זייער סימעטרישער מעסיגקייט זענען זיי עהנליך צו קלאַוווישען פון אַ פאָרטעפיאַן, און אָט די הענד, וואָס ווייסען נישט פון שווע-רער אַרבייט—שוין-זשע זענען דאָס אַלץ סימנים פון אויסשטאַר-בונג? נעהמען מיר די ווילדע חיה מיט׳ן גלאַנציגען פעל, מיט די דינע פיס, וואָס האָט אַזוי ווענינ מוסקולען און אַזויפיעל

נערוועך! די שענקייט פון אַ פרוי—דאָס איז אַ סכום פון מעלות, וואָס זענען ווערט פערמעהרט צו ווערען צוזאַמען מיט'ן מאַנספערשוין, וועלכער קאָן אַמבעסטען אָבשאַצען דידאָזיגע מעלות. דער מאַן האָט אָבגעשטויסען דידאָזיגע פרוי; פון דעמאָלט-אָן האָט זי אויפגעהערט איהם צו געהערן, מחמת זי האָט איהם אויפגעהערט צו געפעלען. איהר שענקייט איז שוין פערשוואונדען געוואָרען פאַר איהם און מיר איז בעשערט געווען צו מאַכען אַזוי, אַז דאָסדאָזיגע בלימעל, וואָס קאָן נאָר געזעהן ווערען פון אויסדערוועהלטע, זאָל זיך פונאַנדערבליהען.

ווי ריין איז דאָס געוויסען, בשעת דו בעזיצסט די געליעבטע! איך האָב אַזאַ שפירונג, ווי איך וואָלט דערפילט אַ חוב, און דאָס ווערט אָנגערופען חטא! אַ ליעבער חטא, אַ זיסע נישט-געזעצליכקייט, אַ געטליכע נישט-עהרליכקייט!

עס שלאָגט צוועלף אַ זייגער! אין די שכנ'ישע קאַזאַרמעס הערט זיך דער אויסגעשריי פון די וואַכסאָלדאַטען. איך בעדאַרף בעגלייטען אַהיים מיין געליעבטער!

אין גאַנצען לאַנגען וועג האַלט איך זי אין איין ברענען מיט'ן פייער פון מיינע האָפנונגען, מיינע נייע חלומות. זי גאַפט פון מיינע פלענער, וואָס צופליהען זיך אין דער וואַרימקייט פון אונזערע צערטליכקייטען. זי דריקט זיך צו צו מיר, פונקט ווי אין דער בעריהרונג מיט מיר וואָלט זי וועלען שעפען נייע כחות, און איך קעהר איהר אום דאָס, וואָס איך האָב בעקומען פון איהר.

אַז מיר קומען צו דעם הויכען געפלאָכטענעם פאַרקאַן, בעמערקט זי, אַז זי האָט פערגעסען צו נעהמען דעם שליסעל. סאַראַ מין נאַכלעסיגקייט! וויל איך איהר ווייזען מיין דרייסטקייט, וויל איך מיך וואַרפען אין דער נאָרע פון אַ לייב, קריך איך איבער דעם צוים, לויף-איבער דעם הויף און קלאַפ אין דער פראָנט-טהיר, גרייט-צו אַ שטאַרקען געפעכט מיט'ן באַראָן. מיין אויפגערעגטער גייסט ווערט בעלעבט דורכ'ן געדאַנק, אַז איך וועל מיך שלאָגען מיט'ן געגנער אויף די אויגען פון מיין געליעבטער. דער געליעבטער פון אַ פרוי ווערט פערוואַנדעלט אין אַ

העלד! צום גליק, עפענט די דיענסט די טהיר, מיר צושיידען זיך רוהיג, און דאָס מיידעל, וואָס האָט נישט געענטפערט אויף אונזער בעגריסונג, קוקט אונז אָן דערוויייל מיט חשד.

---

איצט איז זי זיכער אין מיין ליעבע און טהוט, וואָס זי וויל.

היינט האָט זי מיך געזוכט. זי האַלט אַלץ אין לויבען איהר פריהערדיגען מאַן. טיעף געערגערט דורכדעם, וואָס מען האָט דערוויייטערט פון איהם די קוזינע, האָט ער נאָכגעגעבען דער באַראָנעסע און צוגעזאָגט צו שוינען איהר כבוד און אָב-פיהרען זי צום וואָקזאַל. דאָרטען וועלען מיר, דאָס הייסט, איך און דער באַראָן, זיין ביי איהר אָבפאָהר, און צוליעב דעם וועט עס נישט אויסווייזען, אַז זי אַנטלויפט. אויסערדעם, וויל מיך דער באַראָן, וואָס איז שוין מעהר נישט אין כעס אויף מיר, אויפנעהמען היינט אין אָווענד ביי זיך אין הויז, און, כדי צו מאַכען אַ סוף מיט די רכילות׳ן, וויל ער אינגיכען זיך ווייזען צוזאַמען מיט מיר אין עפענטליכע ערטער.

מחמת איך שעץ די איידעלקייט פון דעמדאָזיגען תמימות-דיגען ריז, וואָס האָט אַנ׳עהרליך הארץ, שטים איך נישט איין מיט זיין פלאַן טאַקי פון זיין טובה-וועגען.

—צוליעב וואָס זאָלען מיר אַרויפציהען אויף איהם אַזאַ חרפה? דאָס וועט קיינמאָל נישט געשעהן!

—אָבער בעדאַכט זיך נאָר, דאָ האַנדעלט זיך דאָך וועגען דעם כבוד פון מיין קינד,—ענטפערט זי.

—אָבער זיין כבוד איז דאָך אויך עפּיס ווערט!

נו, בנוגע צו דעם כבוד פון אַנדערע, טראַכט זי זעהר וועניג. וואָס פאַר אַ מין נאַר איך בין, כלעבען!

--דאָס איז שוין צופיעל! דו הרג׳עסט-אַוועק מיין רעפּו-טאַציע, מאַכסט אונז אַלעמען קאַליע דעם שם. דאָס איז דאָך פשוט נאַריש, מאוס!—שריי איך אויס.

אָבער, צום בעדויערן, איז זי שטאַרקער פון אונז אַלעמען. זי פיהרט אונז פאַר דער נאָז, ציהט אויך אונז אַרויף שאַנד

און שפּאָט. צו וואָס בעדאַרף זי עס, איך זאָל מיט׳ן באַראָן ווערען שלום? שוין-זשע שרעקט זי זיך, אַז צווישען מיר מיט׳ן באַראָן וועט זיך פערקאָכען אַ קריעג נישט אויף לעבען, נאָר אויף טויט און דערביי וועלען אויפגעדעקט ווערען מאַנכע זאַכען, וואָס זענען נישט געוואונשען?

...אָבער צו וואָס פאַר אַ טויטשטראָף האָט זי מיך פערמשפּט, בעפעהלענדיג, איך זאָל פון דאָסניי בעזוכען איהר וויסט הויז! איהר, דערדאָזיגער אַכזריות׳דיגער עגאָאיסטין, געהען גאָר נישט אָן יענעמס געפיהלען. איך האָב איהר געשוואָרען, אַז איך וועל אָפּלייקענען די געשיכטע וועגען די אונגעזועצליכע בעציהונגען צווישען באַראָן און דער קוזינע; זי וויל אַלעמען פערזיכערן, אַז זיי זענען ביידע נישט שולדיג. מיט אַ שווערען האַרץ און מיט נישט זיכערע טריט לאָז איך מיך אַוועק צום באַראָן אין שטוב.

אָט איז פאַר מיר דאָס גערטענדעל מיט די בליהענדיגע קאַרשען און פונאַנדערגעלאָזטע נאַרציסען. דידאָזיגע כשופ׳דיגע קוסטעס, וואוהין זי האָט מיך פערנאַרט, האָבער ווידעראַמאָל געגרינט. און איך שטעל מיך פאָר, ווי דאָס פערלאָזטע קינד געהט-אַרום אַליין און חזר׳ט די לעקציעס נעבען דער זאָרגלאָזער דיענסט; ווי דאָס קינד וואַקסט-אונטער, ענטוויקעלט זיך, נאָר אין אַ שענעם טאָג דערוויסט עס זיך, אַז די מוטער האָט עס אַוועקגעוואָרפען!

איך געה אויף די טרעפּ פון דעמדאָזיגען צרה׳דיגען הויז, וואָס איז אויסגעבויט אויפ׳ן ברעג פון אַ זאַמדיגער גרוב און וואָס וועקט אין מיר זכרונות פון מיין יוגענד. פריינדשאַפט, וואַרימע געפיהלען, ליעבע—דאָס אַלץ איז געשטעלט געוואָרען אין קאָן, אָבער די זינד האָט בעשמוצט; די שוועל פון דעמדאָזיגען הויז, כאָטש מיר האָבען זיך געסטאַרעט, אונזער ליעבע זאָל זיין אַ געזעצליכע.

ווער איז שולדיג דערין?

די באַראָנעסע עפענט מיר די טהיר און קושט מיך שטילערהייד, נאָך איידער איך געה-אַריין אין גאַסטצימער. אין אָט

דעם אויגענבליק קריג איך זי פיינט אויף איינע-צוויי סעקונדעס און שטויס זי אַוועק פון זיך. דאָס דערמאָהנט מיר אין די ליעבע-געשעפטלעך פון די דיענסטען אין די הינטער-הויפלעך, און איך דערשפיר אַנ׳עקעל צו איהר. קושען זיך הינ-טער׳ן טהיר! אַ שמוציגע פרוי אָהן שטאָלץ! אָהן אייגענליעבע! זי מאַכט אַנ׳אָנשטעל, ווי איך וואָלט מיך געשראָקען אַריינצו-געהן אין גאַסטצימער, בעט זי מיך הויך אויפ׳ן קול, איך זאָל אַריינגעהן, און דאָס קומט-פאָר אין אַזאַ מאָמענט, ווען איך קאָן נישט אַריבערטראָגען דידאָזיגע לאַגע און איך טראַכט פשוט צו מאַכען פליטה.

די בליצען פון איהר אויג בעזיעגען מיך אינגאַנצען. איך גיב זיך אונטער איהר זיכערקייט, איהר גלויבען אין זיך.

אין גאַסטצימער קאָן מען פון אַלץ בעמערקען, אַז די בעל-הבת׳ישקייט איז זיך אינגאַנצען צופאַלען. אויפ׳ן מעבעל ליעגט אָנגעוואָרפען וועש, קליידער, אונטערשטע קליידלעך, אויפ׳ן קלאַוויר בעמערק איך העמדער מיט שפיצען, וואָס זענען מיר אַזוי גוט בעקאַנט. אויפ׳ן שרייבטיש—אַ באַרג פרויענהויזען און זאָקען: נישט לאַנג האָט עס מיך ענטציקט, איצט עקעלט מיך דערפון. זי געהט-אַרום איבער׳ן צימער, לעגט-צוזאַמען די וועש און דערביי צעהלט זי עס צונויף אָהן חרפה און בושה.

—שוין-זשע האָב איך עס זי קאָליע געמאַכט אין אַזאַ קורצער צייט?—פרעג איך זיך און קוק אויף דערדאָזיגער אויסשטעלונג פון אונטערשטען וועש, וואָס געהערט צו אַנ׳אָנשטענדיגער פרוי.

זי בעקוקט גוט יעדעס שטיקעל וועש און לעגט-אָב אין אַ זייט דאָס, וואָס מען קאָן נאָך פעררריכטען. דאָס אַלץ ווערט גע-טאָן מיט דער גרעסטער רוהיגקייט.

מיר דאַכט זיך, אַז איך געפין מיך אין אַנ׳אָרט, וואו עס ווערט איבער עמיצען אויסגעפיהרט טויט-שטראָף און איך לייד אונגעהויער; אין דערזעלבער צייט אָבער הערט זי זיך צו מיט איין אויער צו די ווערטער, וואָס פאַלען מיר געצוואונגענערהייד פון די ליפען. איך וואַרט אויפ׳ן באַראָן, וואָס האָט זיך פער-שפאַרט אין עס-צימער און שרייבט עפיס.

צולעצט, עפענט זיך די טהיר און איך ציטער-אויף; איך בייט-איבער די פּאָזע, בשעת איך בעמערק דאָס קינד, וואָס וויל וויסען, פאַרוואָס אין שטוב איז אַנ׳אונאָרדנונג.

דאָס מיידעלע געהט מיט דער מאַמעס הינדטעל, קומט-צו צו מיר און שטעלט מיר, ווי געוועהנליך, אויס דעם שטערן צום קושען. איך ווער רויט, עס טהוט מיר עפּיס באַנג און איך זאָג דער באַראָנעסע מיט אַנ׳אויפגערעגטען קול:

—כאָטש פון אָט די יסורים האָט איהר מיך בעדאַרפט בע-פרייען,

אָבער זי פערשטעהט מיך נישט.

—די מאַמע פאָהרט-אַוועק, קינדס מיינס. זי וועט זיך אינ-גיכען צוריקקעהרען און וועט דיר ברענגען אַ סך צאַצקעס!

איצט הויבט זיך אָן דאָס הינדטעל צו מיר לאַשטשען!

און עטוואָס שפּעטער בעווייזט זיך אויך דער באַראָן.

אַ דערשלאָגענער, אַנ׳איינגעבויגענער געהט ער צו מיר און בעגריסט מיך פריינדליך. ער דריקט מיר די האַנד און איז נישט אימשטאַנד אויסצוריידען אַ וואָרט. איך שווייג, אין גרויס דרך-ארץ פאַר דעמדאָזיגען צער, וואָס לאָזט זיך נישט שטילען.

עס ווערט טונקעלער. די דיענסט צינדט-אָן דעם לאָמפּ און בריסט זיך מיר נישט. מען דערלאַנגט צום טיש. איך וויל אַוועק-געהן. אָבער צו דער באַראָנעסעס בקשה ווערט אויך צוגעלעגט דעם באַראָנס בקשה און דערצו אַזוי גרויסמוטיג און האַרציג, אַז איך פערבלייב.

ווי אַמאָל, זעצען מיר זיך איצט צום טיש זאַלבעדריט. אַ פייערליכער, אַנ׳אונפערגעסליכער מאָמענט! מיר ריידען לחלוטין וועגען אַלץ, עס שווימט-אַרויס די פראַגע, ווער איז שולדיג און דערביי ווערען פּייכטליך אונזערע אויגען. קיינער איז נישט שול-דיג,—דאָס מזל, פערשידענע קליינינטשקע צופאַלען, די ווירקונג פון פערשידענאַרטיגע כחות. מיר דריקען איינאַנדער די האַנד, מיר קלאַפּען מיט די גלעזלעך, שווערען זיך אין פריינדשאַפט, פּונקט ווי אין די אַמאָליגע צייטען. בלויז די באַראָנעסע אַליין געפינט זיך אין אַ גוטער שטימונג. זי גיט איבער דאָס פּראָגראַם

פון דעם מאָרגענדיגען טאָג—מען וועט זיך טרעפען אויפ׳ן וואָק-זאַל, דערנאָך אַ שפּאַציר איבער דער שטאָדט—און מיר זענען מסכים אויף אַלץ, וואָס זי וויל.

צולעצט, הויב איך מיך אויף. דער באַראָן בעגלייט אונז אין גאַסטצימער. דאָרט לעגט ער אַריין דער באַראָנעסעס האַנד אין מיינער און זאָגט צו מיר מיט אַ שטאַרק קול:

—זענט איהר פריינד. מיין ראָל איז געענדיגט. היט זי, פערהיט זי פון דער אכזריות׳דיגער וועלט: ענטוויקעלט איהר טאַ-לענט. איהר זענט דערצו פעהיגער, איידער איך—אַנ׳אָרימער סאָלדאַט. און זאָל אייך גאָט פיהרען אויף אייער וועג.

דערנאָך געהט ער אַרויס, די טהיר ווערט פערמאַכט נאָך איהם און מיר בלייבען אַליין.

איז ער געווען אויפריכטיג אין דעמדאָזיגען מאָמענט? אין יענער צייט האָב איך אַזוי געטראַכט און וואָלט איצט אויך גע-וואָלט גלויבען דערין. זיין גוט האַרץ האָט אונז געוואונשען גוטס און ער וואָלט בלא שום ספק נישט געוואָלט זעהן די מוטער פון זיין קינד אין די הענד פון זיין שונא.

מעגליך, אַז שפּעטער, אונטער עמיצענס אַ שלעכטער ווירקונג, האָט ער זיך בעריהמט, אַז ער האָט געשפּיעלט מיט אונז. אָבער דאָס האָט, יעדענפאַלס, נישט האַרמאָנירט מיט זיין פריי-הערדיגען כאַראַקטער. ווי בעוואוסט, וויל זיך קיינער נישט מודה-זיין, אַז מען האָט איהם אויסגענאַרט.

---

זעקס אַ זייגער אין אָוועגד. איך שפּאַן-אַרום אָהן אַנ׳אויפ-הער איבער דעם גרויסען זאַל פון דעם צענטראַל-וואָקזאַל. דער צוג קיין קאָפּענהאַגען געהט-אָב זעקס מיט אַ פיערטעל, און נישט די באַראָנעסע און נישט דער באַראָן זענען נישטאָ.

איך ווער ענהליך צו אַ צושויער פון לעצטען אַקט אין אַ שווערער דראַמע. איך וואַרט אויפ׳ן פינאַל מיטווילדען עקסטאַז. נאָך אַ פיערטעל שעה—און דער שלום וועט זיך צוריקקעהרען צו אונז. מיינע נערוועז, צורודערט דורך דידאָזיגע געשעהענישען,

וואָס זענען געגאַנגגען איינע נאָך די אַנדערע, לעכצען נאָך רוה, אָבער אָט די נאַכט וועט מיר אומקעהרען צוריק אַלץ, וואָס איך האָב צו׳פטר׳ט און אויסגעבראַכט אין דער ליעבע צו אַ פרוי.

נאָר אָט איז זי געקומען. זי איז געפאָהרען אויף אַ דראָזש-קע מיט אַ חלשות׳דיגער שקאַפע, און דער פוהרמאַן האָט גע-צויגען מיט די לייצעס.

זי איז זאָרגלאָז, ווי אַלעמאָל, און פערשפעטיגט, ווי תמיד.

זי וואַרפט זיך צו מיר און פיהרט מיך, ווי אַ משוגענע.

—פעררעטער! ער האָט נישט געהאַלטען וואָרט! ער איז נישט געקומען!—שרייט זי אַזוי הויך, אַז די פאַרבייגעהער קוקען זיך אום.

—דאָס טהוט זעהר באַנג!—אָבער טיעף אין דער נשמה שפיר איך אַכטונג צו דעמדאָזיגען מאַן און, געשטויסען דורכ׳ן טייוועל פון סתירות, זאָג איך:

—ער איז זיך ריכטיג בעגאַנגען. עס האָט איהם געקלעקט שכל דערויף!

—נעהם גיכער אַ בילעט קיין קאָפּענהאַגען, אָדער איך פערבלייב!—ענטפערט זי.

—ניין! אויב איך וועל דיך בעגלייטען, וועט עס הייסען, אַז איך האָב דיך פערפיהרט. מאָרגען וועט זיך דערפון דערווי-סען גאַנץ שטאָקהאָלם!

—דאָס געהט מיך גאָרנישט אָן... גיכער!

—ניין, איך וויל נישט!

אין דעמדאָזיגען מאָמענט דערוועקט זי אין מיר ווירקליך רחמנות און די לאַגע ווערט אונדערטרעגליך. אַ קריעג איז אונ-פערמיידליך—אַ קריעג צווישען געליעבטע.

זי פיהלט עס, כאַפּט זי מיך ביי די הענד, פערברענט מיך מיט׳ן בליק, און דער אייז הויבט-אָן צו שמעלצען. די צויבערין האָט מיך בעזיעגט, זי האָט צובראָכען מיין ווילען און איך בויג מיך פאַר איהר...

—לפחות ביז קאַטרינעהאָלם!

—וואוהין דו ווילסט!

דערווייל גיט זי אָב איהר באַגאַזש.

אַלץ איז פערלאָרען, אפילו די עהרע. און עס שטעהט נאָך פאַר אַ פיינליכע נאַכט.

דער צוג ריהרט זיך. מיר זענען אַליין אין אַ קופּע פון ערשטען קלאַס. דאָס, וואָס דער באַראָן איז נישט געקומען, ער-גערט אונז זעהר שטאַרק. אין קופּע הערשט אַ שווער שטילשוויי-גען, און עמיצער פון אונז מוז עפּיס אָנהויבען ריידען. הויבט זי אָן די ערשטע:

—אַקסעל, דו האָסט מיך שוין נישט ליעב!

—וואַהרשיינליך, נישט,—זאָג איך אַנ׳אויסגעמוטשעטער פאַר דעם לעצטען מאָנאַט.

—איך האָב דיר אַלץ געבראַכט פאַר אַ קרבן!

—אַלץ געבראַכט פאַר אַ קרבן?... דיין ליעבע, אָבער נישט מיר! איבעריגענס, האָב איך דען נישט געאָפּפערט פאַר דיר מיין לעבען? דו ביזט אין כעס אויף גוסטאַוו׳ן און גיסט-אויס דעם גאַנצען כעס אויף מיין קאָפּ... קום אָבער צום שכל!

זי וויינט, זי וויינט! און דאָס איז אַ רייזע צו אַ חתונה! מיינע נערוועז ווערען הארט, איך טהו-אָן אַנ׳אייזערנע מאַסקע; איך פיהל גאַרנישט און פערפאַנצער מיך אינגאַנצען.

—שאַנעווע דיינע געפיהלען! ווער שוין אַמאָל קליגער! וויין, וויין, ביז וואַנען עס וועט זיך אויסנעהמען דער מקור פון טרעהרען. דערנאָך וועסטו קומען צו זיך. דו ביזט פּשוט אַ נאַר, און איך האָב דיך פאַרגעשטעלט ווי אַ קעניגין, ווי אַ הערשערין איבער מיר, ווייל איך האָב מיך געהאַלטען פאַר דעם שוואַכסטען. ווי דאָס טהוט מיר באַנג! דערפיהר מיך נישט דערצו, אַז איך זאָל דיך אָנהויבען פעראַכטען. נישט וואַרף אויף מיר אַליין די גאַנצע שולד. נעכטען אין אָוועגד האָב איך מיך געוואונדערט איבער גוסטאַווס שכל. ער האָט פערשטאַנען, אַז גרויסע זאַכען אין לעבען קומען קיינמאָל נישט בלויז פון איין סבה. ווער איז שולדיג? דו, איך, ער, זי, די רואינירונג, וואָס איז פאָרגעשטאַנען, דיין ליידענשאַפט צו דער סצענע, דיין פרויענקראַנקהייט, די ירושה פון דיין זיידען, וואָס האָט חתונה-געהאַט דריי מאָל; דיין

מוטערס עקעל צו שוואַנגערשאַפט—דאָס האָט דיר געגעבען נישט קיין געשטעלטען כאַראַקטער; דיין מאַנס לעדיגגעהן, ווייל די מיליטער-דיענסט האָט איהם איבערגעלאָזט זעהר אַ סך פרייע צייט; מיינע אינסטינקטען פון אַ מענשען, וואָס שטאַמט-אַרויס פון נידעריגע קלאַסען; די צופעליגע בעקאַנטשאַפט מיט דער פינלענדערין, וואָס האָט מיך געשטויסען צו דיר! אַ סך, אַ סך פערבאָרגענע מאָטיווען, צווישען וועלכע מיר האָבען גאָר ווייניג ענטדעקט. נישט פאַל-אַראָב פאַר דער דאָזיגער מחנה, וואָס קאָן דיך מאָרגען בעשולדיגען פונ׳ם ערשטען וואָרט, נישט טראַכט אויפ׳ן שטייגער פון דידאָזיגע גייסטיגע קבצנים, אַז מיט אַ לייכטער בעציהונג צו געשלעכטס-זינד, צום פערפיהרער קאָן מען פערענטפערן די פערוויקעלטע פראַגע!... איבעריגענס, האָב איך דיך דען פערפיהרט? טאָ זיי-זשע אויפריכטיג מיט זיך, אויפריכטיג מיט מיר, בשעת מיר געפינען זיך אונטער פיער אויגען, אָהן עדות!

אָבער זי וויל נישט זיין אויפריכטיג.

זי קאָן נישט זיין אויפריכטיג!

אויפריכטיגקייט ליעגט גאָרנישט אין דער נאַטור פון פרויען. זי אָנערקענט זיך פאַר שולדיג, איהר פייניגט דאָס געוויסען. זי האָט נאָר איין געדאַנק: פערלייכטערן איהר געוויסען, אַרויפוואַרפען די גאַנצע פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר׳ן געשעהענעם בלויז אויף מיר איינעם.

איך לאָז זי צורוה און פערוויקעל מיך אין מאַנטעל פון בעליידיגטען שוויגען. די נאַכט געהט-דורך; איך לאָז-אַראָב דאָס פענסטער און שטעל מיך ביים טהיר: פון דאַנען קוק איך אויף די פאַרביילויפענדיגע שוואַרצע סאָסנעס, הינטער וועלכע עס ווייזט זיך אַ בלאַסע לבנה; אָט איז אַנ׳אָזערע, אַרומגערינגעלט פון בעראָזעבוימער; אַ שטראָם, בעזעצט מיט אָלכענבוימער; תבואה-פעלדער, לאָנקעס און ווידעראַמאָל סאָסנעס, סאָסנעס אָהן אַ סוף. עס בעפאַלט מיך אַ ווילדער פערלאַנג—וואַרפען זיך צו דער טהיר: איך וויל בעפרייט ווערען פון דער דאָזיגער טורמע, אין וועלכער עס האָט מיך פערמויערט אַ כשוף-מאַכערין און אויף דער וואַך שטעהט מיינער אַ פיינד. אָבער די אימה פאַר איהר

צוקונפט, שטיקט מיך, ווי אַ שד, און איך פיהל מיך פעראַנט־וואָרטליך פאַר דעם גורל פון דערדאָזיגער פרוי, וואָס איז מיר פרעמד, פאַר דעם גורל פון איהרע קינפטיגע קינדער, פאַר איהר מוטער און פאַר איהר גאַנצער משפחה ביז די ווייטסטע דורות.

איך מוז מיך סטאַרען צו שאַפען איהר ערפאָלג אויף דער סצענע. איך וועל ליידען מיט אַלע איהרע ליידען, מיט אַלע איהרע ענטטוישונגען, מיט אַלע איהרע אומגליקען, און זאָל זי מיך אין איין שענעם טאָג אַרויסוואַרפען, ווי אַנ׳אויסגעקוועטשטען לימאָן, אין מיסטקאַסטען אַריין—זאָל זי אַרויסוואַרפען מיך, מיין גאַנץ לעבען, מיין מאַרך, מיינע נערוועז, מיין בלוט. זאָל זי עס טהאָן אַלס לוין פאַר מיין ליעבע, וואָס איך האָב איהר געגעבען, וואָס זי נעהמט־צו און וואָס זי ברענגט מיר, לויט איהר מיינונג, אַלס קרבן. ליעבע־האַלוצינאַציע! פערמעהרונגס־היפּנאָטיזם!

ביז אַ זייגער ניין אין אָוונד בלאָזט זי זיך און ריהרט זיך נישט פון אָרט. נאָך אַ שעה—און מיר בעדאַרפען זיך שיידען.

אָבער זי ענטשולדיגט זיך פאַר מיר און לעגטביידע פיס־לעך אויפ׳ן קישען, וואו איך זיץ: זי זאָגט, אַז זי איז מיעד. איך בין מוטהיג בייגעשטאַנען איהרע זיס־ציהענדיגע בליקען, איהרע טרעהרען: איך בין געווען קאַלטבלוטיג, נישט־געקוקט אויף איהר סאָפיסטישער לאָגיק. אָבער איצט איז אַלץ אומגעפאַלען: איך האָב דערזעהן איהר געטליך שיכעלע און אַ טייל פון איהר זאָק.

שמשון הגבור, אויף די קניה! לעג דיין קאָפּ אויף איהר ברוסט, דריק זיך צו מיט דער באַק צו איהרע לענדען, בעט ביי איהר מחילה פאַר די האַרבע ווערטער, מיט וועלכע דו האָסט זי געשמיסען—און וואָס זי האָט נישט פערשטאַנען! אַך, דו ביזט אַ קנעכט און אַ פחדן! דו פאַלסט פאַר איהר זאָק, וואָס דו האָסט צופעליג דערזעהן און מיינסט, אַז די גאַנצע וועלט איז דיינע. אָבער זי האָט דאָך דיך ליעב בלויז דעמאָלט, בעת דו דערני־דעריגסט זיך. זי קויפט דיך פאַר אַ מינוט תאוה, וואָס זי גיט דיר—און זי קויפט דיך זעהר ביליג. וואָרום זי פערלירט דאָך גאָרנישט, בשעת זי ציהט־אַרויס פון דיר לעבעדיג בלוט.

דער לאָקאָמאָטיוו פייפט: באַלד וועלען מיר זיך שיידען: זי קושט מיך מוטערליך, לאָזט מיך איבער אויף גאָטס באַרימהאַרציגקייט און בעט, איך זאָל מיך היטען און נישט אַריינפאַלען אין יאוש.

דער צוג טראָגט זיך אַוועק אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט, איינהילענדיג מיך אין שטיקענדיגען רויך.

ערשט איצט קאָן איך איינאָטעמען די פרישע לופט פון אָוועגד און געניסען פון דער פרייהייט. ליידער, געדויערט עס בלויז אַ רגע. באַלד ווי איך דערשלאָג מיך צו דער דאָרפישער אכסניא, פיהל איך מיך שוין צובראָכען, צוקלאַפּט פון בענקשאַפט. איך האָב זי ליעב—יאָ, איך האָב זי ליעב אַזאַ, ווי זי איז געווען אין דער מינוט פון אונזער שיידען זיך. ווארום דידאָזיגע מינוט וועקט אין מיר זיסע ערינערונגען פון די ערשטע טעג פון אונזער ליעבע, ווען זי איז געווען אַ גראַציעזע, צאַרטע מוטער, וואָס האָט מיך געצערטעלט און געגלעט, ווי אַ קליין קינד.

און דאָך האָב איך זי ליעב און בעגעהר זי; אָט די ליידענשאַפטליכע פרוי וויל איך ליידענשאַפטליך בעזיצען.

שוין-זשע איז עס אינסטינקט-אַנאָמאַליע? שוין-זשע בין איך בלויז אַ פּרוכט פון נאַטור-קאַפּריזען? שוין-זשע זענען מיינע געפיהלען נישט נאַטירליך בלויז דערפאַר, ווייל איך וואָלט וועלען בעזיצען אַ פרוי-מוטער? איז עס נישט אַנ׳אונבעוואוסטזיניג בלוטגעמיש פון האַרץ?..

...איך הייס דערלאַנגען טינט און שרייב איהר אַ בריף, אין וועלכען איך בעט גאָט, ער זאָל זי בעגליקען.

איהרע לעצטע קושען האָבען מיך אומגעקעהרט צוריק צו גאָט, און אונטער דעם איינדרוק פון דעם לעצטען קוש, וואָס זיין אַראָמאַט לעבט נאָך אויף מיינע ליפּען, זאָג איך מיך אָב פון דעם נייעם גלויבען, וואָס ברענגט פּראָגרעס דער מענשהייט...

דער ערשטער עטאַפּ פון דעם מאַנסבילס ירידה איז פערענדיגט געוואָרען. געוויס, נאָך דעמדאָזיגען עטאַפּ קומען אַנדערע, און אַזוי סאַמע ביז׳ן תהום אַריין, ביז די גרעניצען פון משוגעת.

## 15) זכרונות און אַרטיקלען.......... וו. מעדעם.

מיט דער ביאָגראַפֿיע און בילד פֿון אויטאָר.

(„אַזאַ גלענצענדער שריפֿטשטעלער, ווי מעדעם, האָט געלייענט גישט נאָר ביי זיין אייגענעם פֿאָלק, נאָר אויך ביי אַנדערע פֿעלקער“).

## 16) די נשמה פֿון אַ פּרוי ............ סאַבאַטיי.

(„די פרוי, איהר בלוט, איהר חעלט, איהר מאַכט, איהר ראָל — דאָס זענען די פֿעדעם, פֿון וועלכע עס איז מיט אַזויפֿיל טאַלענט אויסגע-וועבט געוואָרען דערדאָזיגער מערקווירדיגער ראָמאַן“.)

## 17,18,19,20, אַלעקסאַנדער דער ערשטער .....
## .................... ד. מערעזשקאָווסקי.

(„ווייל מען פֿערשטעהן דאָס גרויסע און טראַגישע רוסלאַנד אין זיין ערשטען קאַמף מיט'ן צאַריזם, אין זיין ירידה און גלאַנץ, אין זיין גוטען און שלעכטען, מוז מען לייענען דאָסדאָזיגע גראַנדיעזע ווערק, וואָס איז אַן-אויסער פֿון אונשטערבליכער קונסט“).

## 21) די שטרעמונגען אין דער ליטעראַטור פֿון XIX-טען יאָהרהונדערט.

(„חיינטיגע ציטען איז זיך שווער פֿאָרצושטעלען אַ ליטעראַטור, וואָס אין איהר זאָלען נישט איבערגעזעצט ווערען די טיפֿע און גלאַנצ-לע ווערק פֿון וועלט-בעריהמטען קריטיקער און דענקער“).

## 22) נאַפּאָלעאָן אין רוסלאַנד . . . . היינריך ראָס.

(„היינריך ראָס געהערט נישט צו יענע שרייבער, וואָס וואָלטען גע-אונגען לויבלידער נאַפּאָלעאָנ'ען, נאָר ער געהט איהם בעסער נאָך טריט ביי טריט און דעקט-אויף די אַלע טונקעלע זייטען פֿון'ם גרויסען קריגס-פֿיהרער, אין זיין מלחמה מיט רוסלאַנד. דאָסדאָזיגע בוך איז אונגעווענדער אינטערעסאַנט און שפּאַנענדיג פֿאַר יעדען“).

פערלאג „יודיש“, ווארשא.

## 23) אונטער א ווייסען פארהאנג ..... דוד קאסעל.

(„די גרייס־געשילדערטע לאנדשאפטען, די בולט'ע בילדער, פארבען און געשטאלטען און דער פיינער פסיכאלאגישער אנאליז — דאס אלץ זענען גאר נייע טענער אין דער יודישער ליטעראטור“).

## 24,25,26) דריי דורות ......... יואל מאסטבוים.

(„דאס איז א גרויס ווערק, וואס לאזט־ארום א שטיק לעבען פון דריי דורות מיט זייערע איבערגאנגען און טראגיזם, וואס מאכט א געוואל־טיגען רושם איפ'ן לעזער“).

## 27,28) מאיר יעזעפאוויטש ....... ע. ארזשעסקא.

(„מאנכע האנדלונגען און טיפען פון דעמדאזיגען בוך זענען אזוי שפאנענ־דיג און אזוי שטארק, אז דער איינדרוק בעהערשט דעם לעזער, ווי עפיס אנ'אונגעוועהנליכע מאכט“).

## 29,30) פוילען ..................... נח פרילוצקי.

(„דאס זענען די סאמע ווילדטיגסטע און העכסט־בעלעהרענדיגסטע בילדער וועגען פוילען, און יעדער יוד, וואס וויל זיך אריענטירען אין די פראגען וועגען פוילען, מוז אונבעדינגט זיי האבען אונטער דער האנד“).

## 31) דאס בוך פון דער צייט ....... דוד איינהארן.

(„א שלייער פון פאעזיע ליגט אויף איינהארנס פראזע און די גע־דאנקען לייכטען־ארויס, ווי גאלדענע פונקען“). פרייז 15 פ.

## 32) בעגייסטערונג ............. משה בראדערזאן.

(„די יודישע פאעזיע ווערט דא בערייכערט מיט נייע קלאנגען און פארבען, וואס קומען באמת פון ריינער גאט־געבענשטער בעגייסטערונג“).

פערלאג „יודיש“, ווארשא.

## 33) טורמע־וואנדערונגען ....... וו. קאראלענקא.

(„דאס איז דאס שענסטע און דאס שטארקסטע, וואס דער גרויסער קינסטלער און קעמפער קאראלענקא האט געשאפען אויפ'ן געביט פון טורמע־פיין און סיבירער וואנדערונגען“).

## 34) סיבירער דערציילונגען ... וו. קאראלענקא.

(„קיינער פון די רוסישע קינסטלער האט אזוי טיף און ברייט ניט געשילדערט דאס לעבען און די שטרענג־שעהנע לאנדשאפטען פון דער ווייטער סיביר“).

## 35,36) דאס 93־טע יאהר ........ וויקטאר הוגא

(„וויקטאר הוגא געהערט צו די גרעסטע שטערן פון דער וועלט־ליטעראטור און דאס „93—טע יאהר“—צו די שענסטע ווערק, וואס זיינען איבערגעזעצט געווארען אין אלע שפראכען“).

## 37) סטרונעס ............ ז. סעגאלאוויטש.

(„ז. סעגאלאוויטש איז איינער פון די שענסטע ליריקער אין יודיש, און זיינע לידער, וואס קומען־ארויס אין דעמדאזיגען באנד, זיינען ווירקליך קלאנגען פון צארטע סטרונעס, אמאל מעלאנכאלישע און אמאל אבער שטורמישע, ווי דער ווינד אויפ'ן ים“).

## 38) דאס טעאטער־בוך ..........................

(„א זאמלונג פון די בעסטע איינאקטערס, וואס זיינען געשאפען געווארען אין אלע איראפעאישע שפראכען און געשפילט געווארען אויף די גרעסטע בינעס אין איראפא און אמעריקא“).

## 39) רעגינע (פאעמע) ........ ז. סעגאלאוויטש.

(„אויף א ווונדערליך־שיינעם לייחטענט איז דא ארויסגעמאלט די פויליש־יודישע פרוי, מיט צארטע פארבען איז געשילדערט איהר ליבע און טרוי־מען דערקענט אויך דעם דיכטערס איבערלעבונגען“).

אויגוסט סטרינדבערג.

# די פרוי

יודיש: ב. לאַנדוי.

צווייטעס בוך.



№ 10

# צווייטער טייל.

## I.

אויף מאָרגען נאָך אונזער אָבפאָהר ווייס די גאַנצע רעזידענצשטאָדט, אַז די באַראָנעסע X איז פערפיהרט געוואָרען דורכ'ן ביבליאָטעקאַר פון דער קעניגליכער ביבליאָטעק.

דאָס האָט מען געקאָנט פאָראויסזעהן, דערפאַר האָט מען זיך בעדאַרפט היטען! און איך האָב געוואָלט שוינען איהר רעפוטאַציע! אין אַ מינוט פון שוואַכקייט איז אַלץ פערגעסען געוואָרען.

זי האָט געמאַכט אַ תל פון אַלץ. איך בעדאַרף אויף זיך נעהמען די פאָלגען, וואָס קאָנען קאַליע מאַכען איהר סצענישע קאַריערע: זי וועט קאָנען שפּיעלען נאָר אין איין טעאַטער; די פרייע אויפפיהרונג קאָן נישט דיענען פאַר אַ רעקאָמענדאַציע ביים אַנגאַזשעמענט אינ'ם קעניגליכען טעאַטער.

אינדערפריה, נאָכדעם, ווי איך האָב מיך צוריקגעקעהרט, לאָז איך מיך באַלד אַוועק צום שעף פון דער ביבליאָטעק; ער איז נישט געזונד און זיצט אין דערהיים און איך וויל שאַפען אַנ'אילוזיע פון alibi. דערנאָך לויף איך איבער די הויפטגאַסען

און און דער געוועהנליכער שעה געפין איך מיך שוין אין דער ביבליאָטעק ביי דער אַרבייט. ביינאַכט געה איך אין זשורנאַליסטען-קלוב און דאָרט פערשפרייט איך אַ נייעס, אַז די באַראָנעסע פאָדערט אַ גט בלויז דערפאַר, ווייל זי וויל אָנקומען אויף דער סצענע! איך פערזיכער זיי, אַז מאַן-און-ווייב לעבען ווי טויבען צווישען זיך, און זיי גט׳ן זיך בלויז צוליעב דעם דרוק פון סאָציאַלע פאָראורטיילען.

ווען איך וואָלט געוואוסט, וואָס פאַר אַנ׳אונרעכט איך בעגעה בנוגע צו זיך, פערשפרייטענדיג אַזעלכע ידיעות, וואָס בעשטעטיגען איהר אונשולד... אָבער ניין. איך וואָלט מיך אַלצאיינס אַזוי בעגאַנגען.

די צייטונגען שלינגען די נייעס פון אַריסטאָקראַטישען לעבען, אָבער דער עולם וויל נישט גלויבען אין דערדאָזיגער פער׳עקשנ׳טער ליעבע צו דער קונסט, מען בעגעגענט נישט עפטער אַזאַ ליעבע, בעזונדערס ביי אַקטריסעס. איבערהויפט גלויבען נישט די פרויען, און דער באַראָנעסעס אַוועקגעוואָרפען קינד איז דער סאַמע טונקעלער פונקט אין דערדאָזיגער געשיכטע.

דערווייל קומט-אָן אַ בריף פון קאָפּענהאַגען, אַ ווייטער זיפץ פון בענקשאַפט. געפייניגט דורכ׳ן געוויסען, פערבענקט נאָכ׳ן קינד, הייסט זי מיר באַלד אַרויספאָהרען צו איהר, ווייל די קרובים פערמוטשען זי. דידאָזיגע קרובים האָבען, ווי זי מיינט, זיך צונויפגערעדט מיט׳ן באַראָן און אַוועקגעגנב׳עט דעם דאָקומענט, וואָס איז נויטיג צום גט.

איך זאָג מיך קאַטעגאָריש אָב פון צו פאָהרען און אין גרויס גרימצאָרן שרייב איך עטליכע בייזע שורות דעם באַראָן. ער ענטפערט מיר מיט אַזאַ גדלות, אַז צווישען אונז קאָן קיין שום שלום נישט זיין.

אַ דעפעש, צווי דעפעשען—מען איז דורכגעקומען. דער דאָקומענט האָט זיך אָבגעפונען, און דער פראָצעס וועגען גט געהט מיט זיין סדר.

די אָווענדען פערברענג איך דערויף, וואָס איך האַלט איהר אַלץ אין איין שרייבען, ווי אַזוי זי בעדאַרף זיך פיהרען. דער-

מיט וויל אין פערטרייבען איהר אונרוהיגקייט. איך ראַט איהר, זי זאָל אַרבייטען, שטודירען די קונסט, נאָכקוקען נאָך די שטרע-מונגען פון טעאַטער-לעבען. כדי צו האָבען אַ זייטיג פערדיענסט, רעקאָמענדיר איך איהר צו שרייבען בריף פון איהרע בעאָב-אַכטונגען און איך נעהם מיך אונטער צו דרוקען זיי אין איינער פון די בעסטע צייטונגען.

נישטאָ קיין ענטפער. איך האָב אַ סמך צו מיינען, אַז מיי-נע אַלע גוטע עצות זענען אָבגעוואָרפען געוואָרען דורך איהר אונאָבהענגיגען שכל.

עס געהט-אַוועק אַ וואָך פול אונרוהיגקייט, דאגות און אַר-בייט, אין איין שענעם פריהמאָרגען, בשעת איך בין נאָך געלע-גען אין בעט, בעקום איך אַ בריף פון קאָפּענהאַגען.

זי איז רוהיג און איז זעהר פרעהליך געשטימט. זי איז אפילו שטאָלץ פון דעם קריעג, וואָס איז פאָרגעקומען צווישען מיר און דעם באַראָן. (מחמת זי בעקומט בריף פון אונז ביידען, קאָן זי וועגען דעם שרייבען). אין דעמדאָזיגען געפעכט פיהלט זי סטיל און גאַפּט פון מיין דרייסטקייט. „אַ שאָד״—זאָגט זי צום סוף,—וואָס צוויי מענער מיט אַזוי גע נאַטורען קאָנען נישט בליי-בען גוטע פריינדי, דערנאָך דערצעהלט זי, מיט וואָס זי בעש-עפטיגט זיך איצט: זי ווילט זיך, פערברענגט אין די קרייזען פון יונגע קינסטלער. מיר איז דאָס נישט שטאַרק געפעלען. איין צווענד האָט זי פערבראַכט אין אַ פרעהליכען הויז צוזאַמען מיט יונגעלייט, וואָס האָבען אַרומגעטאַנצט אַרום איהר. זי האָט שוין בעזיעגט אַ יונגען מוזיקער, וואָס איז אַוועק פון זיין פאַמיליע, אָבצוגעבען זיך זיין בערוף: „אַ מאָדנע עהנליכקייט מיט מיין איי-גענעם גורל!״ ווייטער געהט אַנ'אויספיהרליכע ביאָגראַפיע פון דעם מוזיקאַנטען מערטירער און אַ בקשה—איך זאָל נישט אויפערן!

—וואָס איז עס אַזוינס?—פרעג איך זיך, אַ פערוואונדער-טער דורך דעם הוזק'דיגען טאָן, וואָס איז גלייכצייטיג אויך אַ יוצרימער און וואָס איז, אפנים, אָנגעשריבען געוואָרען צווישען צוויי פערוויילונגען.

שוין-זשע געהערט דידאָזיגע קאַלטע און זינדיגע מאַראַנע

צו דער צאָהל אָנגעבוירענע זנות-פרויען? וואָס איז זי — אַ קאָקעטין, צי אַ קאָקאָטין?

איך מאַן איהר באַלד אַ שאַרפען אויסרייד און רוף זי אָן מאַדאַם באָוואַרי; איך בעט מיך ביי איהר, זי זאָל אויפשטעהן פון געפעהרליכען שלאָף אויפ'ן ברעג פון אָבגרונד.

אין דעם ענטפער אויף מיין בריף שיקט זי מיר, אַלס בעוויז פון העכסטען צוטרוי, די בריף, וואָס זי האָט בעקומען פון יונגען טרוימער — סאַמע ליעבע-בריף! טאַקי דאָס אייגענע ווערטעל „פריינדשאַפט", אונדערקלערליכע סימפאַטיעס צווישען איינאַנדער און אַ גאַנצע זאַמלונג פון געוועהנליכע, דורך אונז אָפט-געברויכטע אויסדרוקען: „ברודער און שוועסטער", „מאַמעלע", „חבריב" א. אַז. וו. וואַרימע קאָלדרעס, אונטער וועלכע עס פערבאָרגען זיך די געליעבטע, כדי צו טרייבען די אונפערשעמטע מעשים.

וואָס בלייבט מיר צו טראַכטען? אַז זי איז גייסטיג קראַנק? אָדער אַז זי איז אַן'אונבעוואוסטזיניגע פערברעכערין, וואָס לערנט זיך גאָרנישט אויס פון די אַלטע לעקציעס, וואָס זענען איהר געגעבען געוואָרען דורך דידאָזיגע צוויי שרעקליכע חדשים, בשעת דריי מענשליכע הערצער האָבען געברענט פאַר איהר? און איך, מיט וועלכען זיי האָבען זיך דערפרעהט, ווי מיט אַ כפרה-הינדעל, ווי מיט'ן שוטה אין קאָרטענשפיעל — איך אַליין סטאַרע מיך צו מאַכען איהר פריי דעם וועג צו אַ זנות-לעבען, וואָס אַזאַ פיהרען די אַקטאָרען.

אַ נייער קלאַפּ! די, וואָס דו פערגעטערסט, בעדאַרפסטו זעהן אין אַ ים שמוץ!

דערנאָך בעפאַלט מיך אַ געוואַלטיגער רחמנות. איך זעה פאָראויס דעם גורל, וואָס וואַרט אויף דערדאָזיגער אונגאָרמאַלער פרוי און איך גיב מיר אַ וואָרט — איך זאָל זי אויפהויבען, ווערען איהר אַנ'אָנהאַלט, אָבהיטען זי פון שרעקליכען פאַלען, כל-זמן עס וועלען קלעקען כחות.

אויפערזיכטיגער! אַ באַנאַל וואָרט פון אַ פרוי, וואָס איז געשאַפען געוואָרען, צו פערטומלען דעם מאַנסביל, וועלכער איז אָבגענאַרט געוואָרען אָדער וואָס איז ערב גענאַרט צו ווערען. די

פרוי נאַרט דעם מאַן, אָבער קוים בעמערקט זי, אַז ער איז עפּיס גישט צופרידען, וואַרפט זי איהם אין פּנים אַריין דאָסדאָזיגע וואָרט: „אויפערזיכטיגער!" אַנ׳אויפערזיכטיגער מאַן איז אַנ׳אָב-געגנאַרטער מאַן! זענען אָבער פאַרהאַן פרויען, וואָס בעשולדיגען דעם אויפערזיכטיגען מאַן אין מאַכטלאָזיגקייט אַזוי, אַז ער מאַכט-צו די אויגען און וויזט זיך ווירקליך אַרויס פאַר אַ שוואַכען געגען אַזאַ מין בעשולדיגונג.

אין אַ וואָכען צווייי אַרום קומט זי צוריק צופאָהרען. אַ ריי-צענדיגע, אַ פרישע, אַ ריהרעוודיגע, האָט זיך געבראַכט מיט זיך די פרעהליכע ערינערונגען וועגען דעם, ווי זי האָט זיך גע-ווײלט. אָבער אין איהר נייעם טואַלעט בעמערק איך שרייענדיגע פאַרבען, וואָס דערצעהלען פון אַ שלעכטען געשמאַק. נאָך גאַר גישט לאַנג אַנ׳איינפאַכע, אַנ׳עלעגאַנטע און אַ מבינ׳טע אין טואַ-לעטען, געפעלען איהר איצט בעסער שרייענדיגע פאַרבען.

מיר בעגעגענען זיך קעלטער, ווי מען האָט עס געקאָנט דערוואַרטען, און נאָך אַ שווערען שוויגען פּלאַצט-אויס אַ קריעג.

ענטציקט פון איהר נייעם פריינד, מאַכט זי זיך גרויס, רייצט זיך מיט מיר, שפּאַסט איבער מיר. נאָר זי פערשפּרייט איהר רייך קלייד איבער מיין אויסגעריבענעם דיוואַן—און מיין גרימצאָרן ווערט צוגאַנגען אין דער וואַרימקייט פון צערטליכ-קייטען. אָבער אַ טייל כעס פערבלייבט און געפינט אַנ׳אויסוועג אין גראָבע בעשולדיגונגען. אָבגעשוואַכט פון מיין שטורמישען אָנפאַל, וואָס איז נישט פאַר די כחות פון איהר שוואַכער נאַטור, הויבט זי גאָר אָן וויינען.

—ווי אַזוי האָסטו געקאָנט קלערען, אַז איך שפּיעל מיט דעמדאָזיגען יונגענמאַן? איך זאָג דיר צו, אַז איך וועל איהם קיינמאָל נישט שרייבען, הגם דאָס וועט זיין נישט העפליך בנוגע צו איהם.

נישט העפליך!

דאָס איז איינס פון איהרע ליעבהאַרציגע ווערטלעך! אַ מאַנספערשוין טאַנצט אַרום איהר, גיט איהר אַוואַנסען און זי

געהמט זיי צו אויס מורא, זי זאָל אויסוויזען „נישט העפליך״...
נ.ז, אַ פּרוי!

אויף מיין אומגליק, האָט זי זיך געקויפט מיניאַטור-שילע-לעך און איך ליעג ווידער ביי איהרע פיס! אַ קללה פון גאָט! זי טראָגט שוואַרצע זאָקען. איהרע קניה בלייבען אונטער דידאָ-זיגע טרויער-זאָקען! שוואַרצע פיס אין אַ וואָלקען פון אונטער-קליידלעך—דאָס זענען פיס פון טייוועל אין דער געשטאַלט פון אַ פּרוי!...

מיר איז דערעסען געוואָרען איהר אייביגע שרעק פאַר אַ קינד און איך הויב-אָן לייגען. נאָך לאַנגע זוכעניש איז אין דער ביבליאָטעק האָב איך כלומר׳שט אויסגעפונען אַ מיטעל, ווי אַזוי אָב-צונאַרען די נאַטור. איך ווייז איהר אָן אויף פערהיטונגס-מיטלען, איך גיב איהר אָן מיינעם אַן׳אָרגאַנישען פעהלער, וואָס מאַכט מיך—אויב נישט אינגאַנצען פרוכטלאָז, איז, לפּחות, ווייניג געפעהר-ליך. צולעצט, הויב איך אַליין אָן גלויבען דערין. זי גיט מיר נאָך, אָבער מיט׳ן תּנאי, איך זאָל נעהמען אויף זיך די מעגליכע פאָלגען.

איצט וואוינט זי ביי איהר מוטער און מוהמען, אויף דעם צווייטען שטאָק, אויף איינער פון די סאַמע בעלעבּסטע גאַסען אין שטאָדט. מחמת זי סטראַשעט זיי, אַז זי וועט מיך עפענטליך בעזוכען, לאָזט מען מיך צו צו איהר. נישט אַזוי פרעהליך געהט-אַדורך די צייט אונטער דער קאָנטראָל פון צוויי זקנות, וואָס פאַר דער גאַנצער צייט פון מיין וויזיט פיהל איך, ווי זיי שטע-העו אונטער דער טהיר...

איצט פערשטאַרקען זיך ביידע צווייפלען אין דער דעה, אַז זיי האָבען פערזעהן. זי—די באַראָנעסע, די פרוי, די ווירטין פון אַ שטוב, איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ קינד: די מוטער גיט אויף איהר השגחה, זי איז איינגעשלאָסען אין געפענגניש און לעבט אויף אינוואַלידען-קעסט. אַלע טאָג גיט איהר די מו-טער צו פיהלען, אַז זי האָט איהר געמאַכט צו לייט; און די טאָכטער דערמאָהנט זיך אָן יענער גליקליכער מינוט, בשעת דער מאַן האָט זי בעפרייט פון דערדאָזיגער מוטער-תּפיסה. זיי קריע-

בען, און טרעהרען און הארבע ווערטער שיטען זיך אויף מיין קאפ אלע איוועגד, בשעת איך בעווך זי: דאס זענען זעהונגען פון אנ׳ארעסטאנטין אויף די אויגען פון תפיסה-אויפזעהער.

מיד פון דידאזיגע שווערע בעזוכען, האבען מיר עטלי-כע מאל ריזיקירט צו טרעפען זיך אין עפענטליכען גארטען, אבער מיר האבען בלויז קאליע געמאכט די זאך: ווארום מיר האבען זיך אונטערגעווארפען די בעליידיגענדיגע בליקען פון המון. די פריהלינגס-זון, וואס בעלייכט אונזער אומגליק, ווערט אונז פערהאסט. מיר לעכצען נאך פינסטערניש, מיר בענקען נאכ׳ן ווינטער, וואס וואלט געקאנט פערדעקען אונזער חרפה.

ביסלעכווייז פערלאזען אונז אלע. דערשראקען פון אינטרי-געס, בין איך אפילו מיין אייגענער שוועסטער פערדעכטיג. ביים מיטאג, וואס די געוועזענע באראנעסע גיט אונז אין א קליינעם טרייז, טרינקט זי ווין, צו פערבארגען איהר שוואכקייט. זי ווערט שכור, קאטעוועט טאסטען, רויכערט, ביז וואנען עס קאנען אויף איהר נישט קוקען די פערהייראטע דאמען, און עס פעראכטען זי די מענער.

— דידאזיגע פרוי איז דאך פשוט א גאסענמיידעל, — זאגט א מיושב׳דיגער מענש פאר מיין שוואגער, און דער לעצטער איילט זיך מיר איבערצוגעבען דעמדאזיגען אויסדרוק.

אין איינעם א שענעם אוועגד געהען מיר צו מיין שווע-סטער, וואס האט אונז איינגעלאדען. אין דער בעשטימטער שעה קומען מיר צו איהר. צו מיין גרויסער פערוואונדערונג, איז מיר די דיענסט מודיע, אז די הערן זענען נישטא אין דערהיים: מען האט זיי ערגעץ פערלאדען אין געסט. וואס פאר א מין דערני-דעריגונג! פערברענגען מיר דעמדאזיגען אוועגד אין מיין צימער; מיר וויינען פון כעס און פערצווייפלונג, מיר טראכטען פון זעלבסטמארד. איך לאז-אראב דאס פארהענגעל, צו פערשטעלען זיך פונ׳ם ליכטיגען טאג, און מיר ווארטען אויף נאכט און פינ-סטערניש, אומצוקעהרען זיך אהיים. אבער שפעט פערגעהט די זון אין א זייגער אכט דערשפירען מיר הונגער. איך האב נישט קיין געלד און זי האט אויך נישט; וואס צו עסען און טרינקען איז

אין צימער נישטאָ. מיר האָבען דאָ אַ בילד פון אַ מין קינסטיגען דלות, און איך לעב-איבער די ערגסטע מינוטען אין מיין לעבען: עס פאַלען בעשולדיגונגען, גלייכגילטיגע קושען, אונענדליכע טרערען, מיר ליידען פון געוויסען און עס עקעלט אונז איינעם פון צווייטען.

איך בעט זיך ביי איהר, זי זאָל געהן עסען צו דער מאַמען, אָבער זי שרעקט זיך פאַר'ן שיין פון דער זון. אגב איז עס נישט בעקוועם, מחמת קומען פריהער פאַר דער בעשטימטער שעה, קאָן אויסוויזען משונה. פון אַ זייגער צוויי ביז רעכט אין אָווענד אַריין האָט זי גאָרנישט געהאַט אין איהר מויל, און דאָס טרויעריגע בילד צו לעגען זיך אין בעט אַ הונגעריגע רייצט זי שרעקליך אויף. דערצויגען אין אַ רייכען הויז, געוועהנט צו לוקסוס, ווייס זי נישט, וואָס דאָס איז אַזוינס דלות, און איצט איז זי אויסער זיך. מיר איז הונגער בעקאַנט פון די סאַמע קינדער-יאָהרען-אָן. אָבער איך לייד שרעקליך, זעהענדיג די געליעבטע פרוי אין אַזאַ לאַגע. איך נישטער-איבער דעם שאַנק, אָבער איך געפין גאָרנישט. איך זוך אין די שופלאָדען פון שרייבטיש און דאָרטען, אונטער פערשידענע זאַכען, אונטער פערוועלקטע בלומען, ראָזע צעטעלעך, אָבגעבלאַקירטע סטענגעלעך געפין איך צוויי צוקערלעך, וואָס זענען בעהאַלטען געוואָרען צום אָנדענקען פון אַ לויה. איך לעג איהר פאַר גערשטען-צוקערלעך, פערוויקעלט אין שוואַרצען פאַפיר. ס'אַראַ מין טרויער-מאָלצייט—צוקערלעך אין טרויער!

דערשלאָגען, צוריבען, אויפגערעגט, הויב איך מיך אויף אין רציחה און שיט-אַרויס אַ פאַק מיט זידלערייען געגען די „אָנשטענדיגע" פרויען, וואָס פערמאַכען פאַר אונז די טהירען, וואָס טרייבען אונז.

—וואָס איז דאָס פאַר אַ מין האַס און פעראַכטונג? זענען מיר דען בעגאַנגען אַ פערברעכען, אַ חטא געגען דער מאָראַל? ניין, פאָראויס האָבען מיר אַנאָרענטליכען גט לויט די אַלע פאָדערונגען פון געזעץ.

—זעהסטו, מיר זענען געווען צו-אָנשטענדיג,—ווייל זי מיך

טרייסטען.—דער העכערער קרייז—דאָס איז אַ כנופיא פון אויס־וואורפען. ביי זיי איז רעכט צו זינדיגען אָפען, חוצפה׳דיג, אָבער אַ גט—נישט. אַ ליעבהאַרציגע מאָראַל!

אין דעם פרט זענען אונזערע מיינונגען גלייך, אָבער דער חטא פערבלייבט. ער הענגט איבער אונזערע קעפּ, וואָס האָבען זיך אונטערגעבויגט אונטער דעם קלאַפּ פון אַ קלאָץ. איך פיהל מיך, ווי אַ גאַסעניונג, וואָס האָט אַרויסגענומען אַ פויגעלע פון נעסט. די מוטער האָט מען אַוועקגעטראָגען, און דאָס קליינינקע פויגעלע ליעגט אויף דער ערד און וויינט: עס האָט שוין נישט די וואַרימקייט פון דער מוטערס פליגלען.

און דער פאָטער? ער איז פערבליבען אין איינזאַמקייט, אין אַ וויסטען הויז. אין די זונטאָג־אָוועגדען זיצט ער אַליין אין גאַסטצימער, וואו עס שטעהט דער אַנטשוויגענער קלאַוויר און וואו די פאַמיליע פלעגט זיך צונויפזאַמלען ביים קאַמין. ער איז אַליין אין עסצימער, וואו ער עסט אַנ׳איינזאַמער; ער איז אַליין אין שלאָפצימער...

—ניין,—ענטפערט זי מיר,—ניין און ניין! ער זיצט אויף דעם בעקוועמען דיוואַן ביים קאַמערהער, דער קוזינעס שוואָגער, זאַט און שכור, דריקט ער די האַנד זיין מאַטילדען, דעם אָרימען בעטאַדעלטען קינד. ער ווילט זיך מיט גוזמא׳דיגע מעשיות וועגען דעם, ווי זיין נישט־עהרליך ווייב האָט זיך שלעכט אויפגעפיהרט, בשעת זי האָט בלויז נישט געוואָלט אַריינפיהרען איהם אין אַ מין הארעם־לעבען. און זיי ביידע, אַרומגערינגעלט מיט מיטלייד און מיטגעפיהל פון דידאָזיגע פאַלשע קרייזען, וואַרפען אין אונז דעם ערשטען שטיין!

נאָכדעם, ווי איך טראַכט מיר גוט אַרום, זאָג איך אַרויס די איבערצייגונג, אַז דער באַראָן האָט אונז אויסגענאַרט, אַז ער האָט זיך בעפרייט פון אַ ווייב, וואָס איז איהם נמאס געוואָרען, כדי צו נעהמען אַ צווייט ווייב און אַז ער האָט, צולעצט, דעם גרן זיך צוגענומען אונגעזעצליך.

צבער דאַ הויבט זי זיך אָן אויפצורעגען:

—איין שלעכט ווארט זאָלסטו וועגען איהם נישט זאָגען, איך בין שולדיג אין אַלעם.

—אָבער פאַרוואָס טאָר מען וועגען איהם קיין שלעכט ווארט נישט זאָגען? איז ער דען אַ הייליגער?

מען קאָן מיינען, אַז דאָס איז אַזוי, ווארום יעדעס מאָל, ווען איך פאַל אויף איהם אָן, נעהמט זי איהם אונטער איהר שוץ.

שוין-זשע רעדט אין איהר דאָס קלאַססען-געפיהל? אָדער אין איהר אינטימען לעבען זענען פאַרהאַן סודות, צוליעב וועלכע זי בעדאַרף זיך שרעקען פאַר'ן באַראָן? פאַר מיר איז עס פערבליבען, ווי אַ בוך מיט זיעבען זיגלען. און דאָס אייגענע האָב איך נישט פערשטאַנען איהר אייביגע איבערגעגעבענהייט צום באַראָן, כאָטש ער האָט דערנאָך בנוגע צו איהר געמענט האַנדלען זעהר פאַלש.

נאָר אָט פערגעהט די זון, און מיר שיידען זיך. איך שלאָף-איין, ווי אַנ'אויסגעהונגערטער מענש. מיר חלומ'ט זיך, אַז אויפ'ן האַלז העגגט מיר אַ מיהלשטיין, און איך שטרענג מיך אָן מיט די לעצטע כחות אויפצוהויבען זיך צום הימעל.

דער שלים-מזל פערפאָלגט אונז. מיינע בעקאַנטע האָבען זיך געווענדט צום דירעקטאָר פון טעאַטער מיט דער בקשה, ער זאָל בעשטימען אַנ'אָווענד פאַר איהר דעביוט. האָט ער געענטפערט, אַז אַלס דירעקטאָר קאָן ער נישט מערקעהרן מיט אַ פרוי, וואָס איז אַנטלאָפען פון אַ מאַן.

אַלץ איז אויסגעפרובט, אומעטום געראָט נישט. אַלזאָ, נאָך אַ יאָהר צייט, נאָכדעם, ווי אַלע איהרע מיטלען זענען אויסגעשעפט געוואָרען, געפינט זי זיך אין אַזאַ לאַגע, ווי זי וואָלט אַרויסגעוואָרפען געוואָרען אויף דער גאַס. און מיר, אַ מענשען פון דער באָהעמע, איז בעשערט צו ראַטעווען זי!

זי וויל זיך איבערצייגען אין די שלעכטע קלאַנגען, וואָס געהען-אַרום וועגען איהר, מאַכט זי אַ וויזיט איהרער אַ פריינדין, אַנ'אַלטער דראַמאַטישער אַקטריסע, וואָס זי האָט נאָך גאָרנישט לאַנג בעגעגענט אין אַ געזעלשאַפט און וואָס יענע האָט זיך ווי אַ הונד געדרעהט אַרום דערזאָזיגער „באַראָנעסע מיט די העלבלאָנ-

דע האָהר", אָנרופענדיג זי „קליינישקער עלף".

די גרויסע אַקטריסע, די פרוי פון זנות, וואָס איז גרוי געוואָרען אין מאוס'ע חטאים נאָך פאַר'ן מאַנס לעבען, בעגעגענט די הויך-אָנשטענדיגע בעל-עבירה'טע אויף אַ זעהר בעליידיגטען אופן: זי נעהמט און האַקט-צו די טהיר פאַר איהר!

אַלץ איז אויסגעפּרובט געוואָרען!

עס בלייבט נאָר איינס—נקמה, וואָס עס זאָל נישט זיין.

—גוט,—זאָג איך איהר,—ווער אַ שריפטשטעלערין. שרייב דראַמעס און שטעל זיי אויף דערזועלבער סצענע. צו וואָס פאַלען, אַז מען קאָן זיך אויפהויבען? צוטרעט די קאָמעדיאַנטקע מיט די פיס, מיט איין שפּרונג שטעל זיך העכער פון איהר קאָפּ! דעק-אויף אין פייערדיגער פּראָזע דידאָזיגע פאַלשע צביעות'דיגע זינ-דיגע געזעלשאַפט, וואָס עפענט איהרע טהירען פאַר גאַסענמיי-דלעך און פערמאַכט זיי פאַר גע'גט'ע פרויען! אָט איז אַנ'אויס-געצייכענטע טעמע פאַר אַ דראַמע!

אָבער זי געהערט צו שוואַכע נאַטורען, וואָס זענען אפילו זעהר פיהלבאַר און איינדרוקספול, אָבער זיי קאָנען נישט רעאַ-גירען אויף זאַכען.

—ניין, איך וויל נישט קיין נקמה!

אין איהר נאַטור ליעגען שרעק און נקמה, אָבער דעם ענין נקמה לאָזט זי איבער פאַר גאָט. מיט אַנדערע ווערטער, זי וואַרפט אַראָב פון זיך די פערראַנטוואָרטליכקייט און לעגט זי אַרויף אויפ'ן כפרה-היהנדעל.

איך לאָז נישט אַרויס מיין רויב, און אַ גליקליכער צופאַל קומט מיר צו הילף. איינער אַ פערלעגער לעגט מיר פאַר אָנצו-שרייבען אַנ'אילוסטרירט בוך פאַר קינדער.

—שרייב-אָן דעם טעקסט,—זאָג איך איהר,—וועסטו בעקו-מען הונדערט פראַנק.

איך בעלעגער זי מיט ביכער און בעשאַף איהר אַנ'אילו-זיע, פּונקט ווי זי וואָלט אַליין געלייענט אָט די גאַנצע ליטע-ראַטור. און זי בעקומט הונדערט פראַנק, אָבער דורך וואָס פאַר אַ פּרייז! דער פערלעגער פאָדערט, איך זאָל שטעלען אויפ'ן

שער-בלאַט מיין נאָמען—דער נאָמען, מיט וועלכען איך האָב מיך צום ערשטען מאָל געוויזען אַלס דראַמאַטיקער! דאָס איז דאָך ליטעראַרישע פראָסטיטוציע! איצט וועלען מייגע געגנער, וואָס האָבען פאָרגעזאָגט, אַז איך האָב קיין טאַלענט נישט, פייערן אַ לייכטען נצחון איבער מיר!

דערנאָך צווינג איך זי אָנצושרייבען אַ קאָרעספאָנדענציע אין אַ צייטונג. ווי-עס-איז שלאָגט זי צונויף אַ קאָרעספאָנדענציע, וואָס ווערט אָנגענומען, אָבער די צייטונג צאָהלט נישט קיין האָנאָראַר.

לויף איך איבער די גאַסען, כאַפּ ערגיץ אַ גאָלדענע מטבע און גיב עס דער אויטאָרין, אַלס האָנאָראַר, וואָס זי בעקומט כלומר׳שט דורך מיר פון דער צייטונג.

אָרימע מאַריע! מיט וואָס פאַר אַ שמחה האָט זי עס איבערגעגעבען איהרע קליינע פערדיענסטלעך איהר טריבער מוטער, וואָס האָט פערלאָרען איהר פערמעגען און איז געצוואונגען זיך איבערצוציהען אין מעבלירטע צימערן.

די אַלטע דאַמען הויבען אָן צו זעהן אין מיר אַ בעל-ישועה. פון זייערע שופלאָדען שווימען-אַרויס אויף גאָטס וועלט אַלטע איבערזעצונגען, וואָס די טעאַטערן האָבען זיי נישט אָנגענומען. זיי שרייבען מיר צו די גוזמא׳דיגע בעגאַבונג אויסצופועל׳ן, אַז די פּיעסען זאָלען אָנגענומען ווערען. מען פערשיט מיך מיט ווינד-געשעפטען, וואָס רייסען מיך אָב פון דער אַרבייט און מען בעדאַרף אויף זיי פּטר׳ן געלד. דערויף געהט-אַוועק מיין ביסעל געלד, וואָס איך האָב אויפגעזאַמעלט, איך פערליר צייט און מאַך אַ תל פון די נערווען. איצט פערדיען איך בלויז אויף מיטאָג, און איך קעהר מיך אום צו דער אַלטער געוועהנהייט— אַנטשלאָפען ווערען אָהן אָוועגדברויט.

דערמונטערט דורך דידאָזיגע בעשיידענע ערפאָלגען, נעהמט זיך מאַריע פאַר דער אַרבייט און הויבט-אָן אַ פּיעסע אין פינף אַקטען. דאַכט זיך, אַז איך האָב איהר איינגעגעבען די אַלע פּרוכטלאָזע זוימען פון מיין דיכטערישער בעגייסטערונג. אָבער פערזייהט אויף דעמדאָזיגען ריינעם באָדען, הויבען זיי אָן וואַק-

סען, נאָר איך ווער פּרובטלאָז, ווי אַ פלאַנצונג, וואָס וואַרפט־אַרויס איהרע זוימען און שטאַרבט אַליין אַוועק. איך פיהל מיך אויסגעמוטשעט ביז דעם העכסטען גראַד. מיר דאַכט זיך, אַז איך שטאַרב. די רעדער פון מיין מאַרך ווערען פונאַנדערגעשרויפט און ווערען איבערגעטראָגען אין דעמדאָזיגען פרויענמאַרך, וואָס איז געבויט אַנדערש, איידער דער מאַרך פון אַ מאַנסביל. איך קאָן נישט פערשטעהן, פאַרוואָס שאַץ איך אַזוי איבער די ליטע־ראַרישע פעהיגקייטען פון דערדאָזיגער פרוי און איך טענה איין זאַך, אַז זי זאָל זיך אויספּרובען אין דער קונסט פון שרייבען; איך האָב דאָך גאָרנישט געלייענט פון דעם, וואָס זי האָט גע־שריבען, אויב מען זאָל נישט רעכענען די צו מיר אַדרעסירטע בריף, וואָס האָבען עפּטער געטראָגען אַ פערזענליכען כאַראַקטער און נאָך עפטערער—געווען געשריבען שוואַכער פון געוועהנליכע בריף. נאָך אַ ביסעל, און זי וועט ווערען מיין לעבעדיגע פּאָע־מע: זי וועט פערנעהמען דאָס אָרט פון מיין פערשוואונדענעם טאַלענט. איהר פערזענליכקייט האָט זיך צוגעפעסטיגט צו מיינער און איצט בילדעט זי אויף מיר אַ נייעם אָרגאַן. איך עקזיסטיר בלויז אַדאַנק איהר. איך פיהר אַן׳אונטערערדיש לעבען, ווי אַ מו־טערליכער וואָרצעל, נעהרענדיג דעמדאָזיגען שטאַם, וואָס וועט זיך דערהויבען צו דער זון און דאָרט זיך פונאַנדערלאָזען אין אַ זעפטיג בלימעל. איך פרעה מיך מיט דעמדאָזיגען גלאַנץ, אָבער איך פערגעס, אַז עס וועט קומען אַ טאָג, ווען דאָס צווייגעל וועט זיך אָבטיילען פון זיין אויסגעצעהרטען שטאַם, און שטאָלץ מיט׳ן פרעמדען כח, וועט עס אָנהויבען בליהען און שיינען ערגע׳ץ אויף אַן׳אַנדער אָרט.

דער ערשטער אַקט פון איהר פּיעסע איז געענדיגט. איך לייען איהם איבער. פערבלענדט דורך דער אייגענער האַלוצינאַ־ציע, געפין איך איין, אַז ער האָט צו זיך קיין גלייכען נישט, דריק־אויס דער אויטאָרין הויך אויפ׳ן קול מיין עקסטאַז און גיב איהר אָב אַ הייסען מזל־טוב. זי גאַפט אַליין פון איהר טאַלענט, און איך זאָג איהר פאַר אַלס שרייבערין אַ גלאַנצפולע צוקונפט. אין אונזערע פלענער קומט־פאַר אַ פלעצליכע פערענדערונג.

מאַריעס מוטער דערצעהלט אונז פון איהרער אַ פריינדין—אַ קינסטלערין, וואָס איז זעהר רייך—האָט אַנ'אייגען גוט, אָבער דער עיקר איז דאָס, וואָס זי איז שטאַרק בעפריינדעט מיט דעם ערשטען אַקטאָר און זיין פרוי—די צוויי גרעסטע געגנער פון אַ נייער דראַמאַטישער אַקטריסע.

אונטער דער מאָראַלישער גאַראַנטיע פון דער גוטסבעזיצערין, אַ נישט-פערהייראַטער פרוי, איז מרוצה דער דראַמאַטישער אַרטיסט מיט זיין פרוי צו בעשעפטיגען זיך מיט מאַריען ביז זי וועט אָנקומען אויף דער סצענע. איבערצוריידען וועגען דעמדאָזיגען ענין, בעקומט מאַריע פון דער גוטסבעזיצערין אַנ'אַיינלאַדונג אויף צוויי וואָכען. דאָרט וועט זי זיך שוין טרעפען מיט'ן גרויסען אַרטיסט און זיין ווייב. אַלס צוגאָב צו דער הצלחה, ברענגען זיי פון דירעקטאָר בעשטימטע און גוטע ידיעות. דער ערשטער קלאַנג, וואָס מען האָט אונז פריהער איבערגעגעבען וועגען דעם דירעקטאָר, ווערט אויף אַזאַ אופן אָבגעלייקענט. איבעריגענס, האָט עס מאַריעס מוטער פשוט אויסגעטראַכט מיט דעם איינציגען צוועק אָבצוהאַלטען איהר טאָכטער פון דער סצענע.

מאַריע איז, אַלזאָ, געראַטעוועט, און איך בעקום אַ מעגליכקייט פריי אָבצואָטעמען, אויסצושלאָפען זיך, אַרבייטען.

אַ וואָכען צוויי האָב איך זי נישט. לויט איהרע קאַרגע בריף, איז איהר דאָרט נישט לאַנגווייליג. מאַנכע זאַכען האָט זי דעקלאַמירט פאַר איהרע נייע פריינד, און יענע האָבען אין איהר איינגעפונען גרויסע סצענישע פעהיגקייטען.

אַז זי קעהרט זיך אום, נעהמט זי אונטער'ן שטאָדט, ביי אַ פויערטע, אַ צימערל מיט פאַנסיאָן. איצט איז זי פריי פון אויפזיכט, און זי קאָן מיך פריי זעהן, אָהן עדות, אַלע שבת און זונטאָג. דאָס לעבען שענקט אונז אַ שמייכעל, נישט-געקוקט אויף דעם מרה-שחורה'דיגען שאָטען פון דעם אָקאָרשטדיגען גט. אָבער אויף דער פרייער נאַטור פיהלסטו ווייניגער דעם יאָך פונ'ם געזעלשאַפטליכען עטיקעט, אונטער די שטראַהלען פון דער זומערדיגער זון ווערט צוזייהט דער וועה פון דער נשמה.

## II.

אָנהויב הערבסט ווייזט זיך אַן׳אַנאָנס וועגען איהר דעביוט אונטער דער לייטונג פון צוויי בעריהמטע אַרטיסטען, און צו די רכילות נעהמט אַ סוף. די ראָל, וואָס איז פאַר איהר אויסגעקליבען געוואָרען, געפעלט מיר נישט. דאָס איז אַ נישט-בעדייטענדיגע אויפטריט-ראָל אין אַ פערעלטערטער פיעסע, אָבער איהר לעהרער האָפט אויף דער סימפּאַטיע פון׳ם פּובליקום. אין דער ראָל איז אַפילו פאַרהאַן אַן׳אויסגעצייכענטע סצענע, וואו איינע אַ דאַמע זאָגט-אָב דעם מאַרקיז, וואָס וויל מיט איהר חתונה-האָבען בלויז דערפאַר, ער זאָל האָבען אַן׳איבעריגע בעפוצונג ביי זיך אין סאַלאָן. צולעצט, דערקלערט זי, אַז איהר געפעלט בעסער דאָס האַרץ פון דעם אָרימען יונגעל, איידער דאָס פערמעגען און די קרוין פון מאַרקיז.

אַזוי ווי איך בין פטור-געוואָרען פון אונטערריכט, קאָן איך מיין גאַנצע צייט אָבגעבען אויף וויסענשאַפטליכע אַרבייטען,—איך וויל אָנשרייבען אַ ווערק פאַר עפּיס אַן׳אַקאַדעמיע. איך מוז מיך אויסצייכענען אַלעס ביבליאָטעקאַר און געלעהרטער. מיט אַ בעזונדער ליידענשאַפט פערזינק איך מיך אין די עטנאָגראַפישע אויספאָרשונגען פון ווייטען מזרח. פאַר מיין מח, וואָס איז דערשעפט געוואָרען דורך קאַמף, דורך נויט און ליידען, איז דאָס אַ מין אָפּיום. אין דעם גאוה׳דיגען פערלאַנג—ווערט צו זיין די געליבטע פרוי, וואָס איהר צוקונפט שיינט מיר אין פערפיהרערישע פאַרבען, ווייז איך אַרויס וואונדערליכען פלייס: פון אינדערפריה ביז אָווענד פערשליס איך מיך אונטער דעם געוועלבטען באַלקען פון קעניגליכען שלאָס. איך לייד פון פייכטקייט און קעלט און פרוב מיך נישט קלאָגען דערויף. דרייסט ראַנגעל איך מיך מיט׳ן דלות און מיט דער לעדיגער קעשענע.

---

מאַריע איז זיך מכין אויפצוטרעטען, אָבער אין דער אייגענער צייט שטאַרבט-אַוועק איהר טאָכטער פון געהירען-טובערקו-

לאָז. ווידעראַמאָל אַ גאַנצער מאָנאַט פון טרעהרען, פּאָרוואורפען, געוויסען-יסורים.

—דאָס איז גאָטס שטראָף!—זאָגט די באָבע און שטעכט מיט הנאה אַריין אין דער טאָכטערס האַרץ דעמדאָזיגען פער־סמ׳טען חלף: זי הויבט אָן זי פיינט צו האָבען דערפאַר, וואָס זי האָט בעשמוצט דעם גוטען נאָמען פון דער משפּחה.

מאַריע, וואָס איז דערשלאָגען פון וועהטאָג, פערבּרענגט טעג און נעכט ביים געלעגער פון גוסס׳ן קינד, אונטער׳ן אָבדאַך פון איהר געוועזענעם מאַן, אונטער דער השגחה פון איהר געוועזענער שוויגער. דער פאָטער איז אינגאַנצען צומישט דורכ׳ן פערלוסט פון זיין אייציגער פרייד. די אַנגסטען שלאָגען איהם להלוטין אַרויס פון די כּחות און ער וויל זעהן זיין אַמאָליגען פריינד, צו בעלעבען די ערינערונגען פון עבר צוזאַמען מיט זייער עדות. אין עטליכע טעג אַרום, נאָך דער לויה פון דעם אָרימען מיידעלע, זאָגט מיר אָן מיין בעל-הבית׳טע, אַז דער באַראָן איז געקומען צו מיר און וואַרט אויף מיר ביי זיך אין דערהיים.

איך וויל נישט שלום-ווערען נאָכדעם, ווי אונזער פריינדשאַפט איז צוריסען געוואָרען ביי אַזוינע אונגעוועהנליכע אומשטענדען, און איך זאָג מיך אָב פון דער איינלאַדונג אין העמליכע און איידעלע אויסדרוקען.

און אַ פירטעל שעה אַרום נאָכדעם, ווי עס איז בעקומען געוואָרען דער בריף, קומט מאַריע אין טרויער, מיט אַ נאַסען פנים פון טרעהרען און הויבט מיך אָן בעטען, איך זאָל נאָכגעגען דעם באַראָן.

איך האַלט, אַז דערדאָזיגער ענין איז אַ באַנאַלער, הויב איך מיך אָן צו בייזערן, אָנווייזענדיג אויף דער מיינונג פון דער געזעלשאַפט און אויף דער צווידייטיגקייט פון אַזאַ מין טאַט. וואַרפט זי מיר פאָר, אַז איך האַלט פון פאָראורטיילען, בעט זיך ביי מיר רחמים, אַפּעלירט צו מיין גרויסמוטיגקייט און פיהרט, צולעצט, אויס, אַז איך ווער מרוצה אויף דעמדאָזיגען מאוס׳ען זיזים.

איך האָב מיך געשוואָרען, איך זאָל קיינמאָל נישט אַריבערטרעטען די שוועל פון דעם הויז, וואו עס האָט זיך אָבגעשפּיעלט דידאָזיגע דראַמע. אָבער דער באַראָן האָט זיך איבערגעצויגען. איצט וואוינט ער אין שכינות מיט מיר און מאַריען. מיין שלעכטע שפּירונג צו דער אַמאָליגער וואוינונג איז דאָ, אַלזאָ, נישט געווען, און איך בעגלייט די געג׳גט׳טע פרוי צו איהר געוועזענעם מאַן.

טרויער, אַנגסט, דאָס ערנסטע מרה-שחורה׳דיגע הויז, וואו עס איז נישט לאַנג געלעגען די פערשטאָרבענע—דאָס אַלץ האָט זיך פעראייניגט דערצו, אַז אונזער בעגעגעניש זאָל גלאַט אַראָב. די געוועהנהייט צו זעהן דידאָזיגע צוויי מענשען צוזאַמען בעפרייט מיך פון אויפעריגקייט און דאָס טאַקטישע און פריינדליכע בעגעהן זיך פון באַראָן מאַכט מיך רוהיג.

מיר עסען, טרינקען, שפּיעלען אין קאָרטען, און אַלץ געהט ווי אין דער אַלטער גוטער צייט.

אויף מאָרגען פערזאַמלען מיר זיך ביי מיר, אויף איבערמאָרגען ביי מאַריען, וואָס האָט איצט גענומען אַ צימער ביי אַנ׳אַלטער מויד. מיר קעהרן זיך ווידער אום צו אונזערע אַלטע געוועהנהייטען, און מאַריע איז גליקליך, וואָס זי זעהט אונז צוזאַמען. דאָס בערוהיגט זי, און אַזוי ווי מיר בעהערשען זיך, פיהלט זיך קיינער נישט בעליידיגט אין זיינע בעסטע געפיהלען. דעם באַראָן ווייזט-אויס, אַז מיר האָבען שטילערהייד חתונה-געהאַט. זיין ליעבע צו מאַריען איז, אַפּנים, געשטאָרבען. טיילמאָל פּרובט ער אונז אפילו דערצעהלען פון זיינע ליעבע-וועהען. די שענע מאַטילדע געפינט זיך איצט אונטער דער השגחה פון פאָטער, און דער אָרימער פערליעבטער האָט צו איהר קיין צוטריט נישט... און מאַריע—אָדער זי רייצט זיך מיט איהם, אָדער זי טרייסט איהם. ער מאַכט שוין נישט קיין סוד פון זיינע געפיהלען, וואָס ער האָט פריהער פערבאָרגען פון דער געזעלשאַפט.

אָבער ביים צושיידען זיך נעהמט-אָן זייער אינטימליכקייט אַנ׳אונרוהיגען כאַראַקטער און רופט אין מיר אַרויס נישט דאָס, וואָס אויפעריגקייט, נאָר עקעל.

אין איינעם אַ שענעם טאָג דערצעהלט מיר מאַריע, אַז זי איז פערבליבען ביים באַראָן אויף מיטאָג, ווייל זי האָט נויטיג בעדאַרפט מיט איהם איבעררײדען וועגען דער ירושה, וואָס איז איבערגעגאַנגען צו איהם, און איצט איז די טאָכטער געשטאָרבען.

די זאַך רעגט מיך אויף און איך האַלט, אַז דאָס איז מאוס. לאַכט זי מיר גלייך אין פנים אַריין און דערמאָנט מיר מיט חוזק, ווי איך פלעג מיך אַמאָל ראַנגלען געגען איינרײדענישע. סוף-כל-סוף הויב איך אָן שמייכלען. דאָס איז קאָמיש, אָבער נישט נאָרמאַל.

פון דער צייט אָן בעזוכט די פרוי דעם באַראָן, און איך גלויב אַפילו, אַז זיי חזר'ן-איין צוזאַמען איהר ראָל.

די ערשטע צייט געהט גלאַט די זאַך און מיין אויפעריג־קייט איז אײנגיכען געשטילט געוואָרען. איך האָב מיך צוגעוועהנט, און דערביי האָב איך מיך שטענדיג געפונען אונטער'ן איינדרוק פון דער אַלטער אילוזיע, אַז זיי זענען מאַן און ווייב. אָבער איינמאָל אין אָווענד קומט צו מיר מאַריע אַליין, ציה איך אַראָב פון איהר דעם מאַנטעל, און זי, געגען איהר טבע, פערבעסערט שנעל אויף זיך די קליידלעך. אַזוי ווי מיר זענען בעקאַנט די סודות פון אַ פרוי, הויב איך אָן עפּיס חושד-צו-זיין. פערפיהרענדיג אַ שמועס מיט מיר, זעצט זי זיך אויפ'ן דיוואַן קעגען שפּיגעל. זי פלאַפּעלט מיט מיר, געצוואונגענערהייט, וואַרפט בגנבה אַ בליק אין שפּיגעל אַריין און פערבעסערט זיך די האָהר.

עס קומט מיר אויפ'ן זינען עפּיס אַ שווערער חשד. קאָן איך נישט בעהערשען מיין אויפרעגונג און שריי:

—פון וואַנען געהסטו?

—פון גוסטאַוו'ן.

—וואָס האָט איהר דאָרט געטהאָן?

אַ שנעלע בעוועגונג, וואָס ווערט די אייגענע רגע צוריק געהאַלטען, און אַנ'ענטפער:

—איך האָב גע'חזר'ט די ראָל.

—דו לייגסט!

זי שרייט-אויך. מיין אויפעריגקייט האָט קיין שום זין

נישט—זאָגט זי,—און זי פערשיט מיך מיט ווערטער. איך ווער שיזאַך. צום אומגליק, ברענגט מען גאָך אַנ׳איינלאַדונג פון באַראָן. מיר רייסען-איבער דעם קריעג און איך לעג-אָב די אויספאָרשונג אויף אַ צווייטען מאָל.

איצט, אַז איך דערמאָהן מיך אָן דעמדאָזיגען פאַקט, בין איך מיך, ניכטער געטראַכט, גרייט צו שווערען, אַז זי האָט דעמאָלט—איידעל גערעדט, געלעבט מיט צווייען, אָבער דעמאָלט האָט זי מיך פערבלענדט מיט איהרע ליגענס.

וואָס-זשע איז עס פאָרט געווען?.. מסתמא איז עס אַזוי געווען.

זי האָט בעמיטאָגט אַליין מיט׳ן באַראָן; זיי האָבען געטרונקען קאַווע און ליקער; איז זי מיד געוואָרען, וואָס קומט צוזאַמען מיט׳ן פראָצעס פון מאָגען-פערדעהונג. עצה׳ט איהר דער באַראָן, זי זאָל זיך צולעגען אויפ׳ן דיוואַן—געפעלט איהר אַזאַ מין עצה... דאָס איבעריגע קומט שוין ביסלעכווייז אַליין פון זיך. אַליין אין שטוב, דער פולער צוטרוי און די ערינערונגען, וואָס קומען צו-הילף מאַן און ווייב, וואָס בעדאַרפען זיך גאָרנישט שעמען: רעגט ער זיך נאָר אויף—און די זאַך איז פאַרטיג. צו וואָס זיך אָבזאָגען פון אַ פערגעניגען, וואָס קאָן קיינעם נישט פערשאַפען קיין עגמת-נפש, קוים וועט נאָר דערפון נישט וויסען דער געליעבטער? זי איז פריי, וואָרום פון געליעבטען פלעגט זי נישט בעקומען קיין באַרעס געלד, און נישט האַלטען וואָרט, ווידער, האָט עפּיס אַ בעטרעף פאַר אַ פרוי? מעגליך, אַז עס טהוט איהר גאָר באַנג, וואָס זי האָט פערלאָרען אַ מאַן, וועלכער ווייס בעסער איהרע בעדערפנישען. מעגליך, אַז נאָכדעם, ווי זי האָט צופרידענגעשטעלט דאָס געפיהל פון נייגיריגקייט, רייסט זי זיך צו דעם שטאַרקערן איג׳ם ליעבע-קאַמף? וואָרום אין דעמדאָזיגען קאַמף וועט דער שעמעדיגער און דעליקאַטער, ווי הייס ער זאָל נישט זיין, שטענדיג בלייבען דער בעזיגטער. און, צו לעצט, איז סתם מעהר ווי זיכער, אַז דידאָזיגע פרוי, וואָס האָט זיך טויזענדער מאָל אויסגעטהאָן און אָנגעטהאָן פאַר די אויגען פון דעמדאָזיגען מאַן, וועלכער ווייס אַלע סודות פון איהר לייב,

וועט זיך גאָרנישט שעמען צו פערענדיגען דעם מיטאָג ביי פער־מאַכטע טהירען מיט אַנ'אָנגענעהמען דעסערט, נאָך בעזונדערס, ווען זי פיהלט זיך פריי פון יעדען חוב און איהר צאַרט פרוי־ענהאַרץ איז פול מיטלייד צו דעמדאָזיגען אָרימען מענשען... עהרנוואָרט, ווען איך וואָלט געווען אויף דעם אָרט פון דעמדאָ־זיגען נישט-אויסגענאַרטען, נאָר בעליידיגטען מאַן, וואָלט איך אַליין — איך שווער מיט אַלע געטער פון דער אַלטער און נייער עפאָ־כע — אונבעריהרט נישט אַרויסגעלאָזט פון שלאָפצימער די געליעב־טע פון מיין בעליידיגער!

אָבער אַזוי ווי די ליעבע ליפען האָבען נאָכאַנאַנד איבער־געחזר'ט די הויכע פראַזען, ווי: „עהרע, אָנשטענדיגקייט, גוטע מדות", האָט זיך מיין חשד נישט געקאָנט פונאַנדערוואַקסען. און פאַרוואָס טאַקי נישט?

אַ פרוי, וואָס ווערט געליעבט דורך אַנ'אָרענטליכען מאַן, זועט שטענדיג האָבען די אויבערהאַנד איבער איהם. ער וואַרימט זיך מיט דער האָפנונג, אַז ער איז דער איינציגער. איהם ווילט זיך זיין דער איינציגער, און וואָס דו ווילסט, דערין גלויבסטו.

איך דערמאָהן מיך איצט אָן אַ פראַזע, וואָס איינער אַ העד, וועלכער וואוינט קעגענאיבער דעם באַראָן, האָט אַזוי, פאַרביי־געהענדיג, אַ זאָג געטהאָן. אָהן אַ שום סמך האָט ער מרמז-גע־ווען אויף עפיס „אַ פעלד מיט אַ האַלבער הכנסה." דידאָזיגע נישט-אָנשטענדיגע פראַזע, וואָס איך האָב דעמאָלט פאַרבייגעלאָזט פאַר־ביי אויער, איז מיר איצט מיט אַמאָל קלאָר געוואָרען, כאָטש פון יענער צייט אָן זענען שוין אַוועק גאַנצע צוואַנציג יאָהר.

פאַרוואָס, פרעגט זיך, איז מיר דערדאָזיגער אויסדרוק פער־בליבען אין זכרון פון טויזענדער אַנדערע ווערטער, וואָס איך האָב פון זינט דעמאָלט געהערט און פערגעסען?

די טרייהייט פון דערדאָזיגער פרוי שטעלט זיך מיר איצט פאָר אויף דעם העכסטען גראַד אונגלויבליך, נישט ריכטיג, אונ־מעגליך. און דערצו פלעגט דער באַראָן, אַז איך פלעג פערבלייבען מיט איהם אַליין, שטענדיג אַרויסווייזען גרויס חשק צו גאַ־סענפרויען, איינמאָל אין אַנ'אָווענד, זיצענדיג מיט מיר אין רע־

סטאָראַן, האָט ער מיך געפרעגט דעם אַדרעס פון אַ שאַנדהויז— ער האָט עס זיכער געפרעגט דערפאַר, צו בעווייזען, אַז ער אַליין ווייס נישט. מען בעדאַרף נאָך מוסף-זיין, אַז בנוגע צו מאַריען האָט ער עפּיס אָבגעהיט אַ מין לייכטע העפליכקייט, און זי, ווידער, פלעגט טאַקי טיילמאָל אין איהר אויפפיהרונג זיך דערנעהנטערן צו אַ קאָקאָטין; אין דערזעלבער צייט פלעגט שוואַכער ווערען איהר היץ אין אונזערע אינטימע בעציהונגען.

---

## III.

און אָט איז געקומען די צייט פון איהר אויפטריט. זי האָט געהאַט ערפאָלג צוליעב פערשידענע און פערוויקעלטע טעמים. ערשטענס, איז אַלעמען געווען אינטערעסאַנט צו זעהן די באַראָנעסע אויף די ביהנע-ברעטער; צווייטענס, האָט מיטגעווירקט די וואַרימע בעציהונג פון די נידעריגערע קלאַסען, וואָרום זיי האָבען זיך שטאַרק געפרעהט, וואָס דער גט האָט אַ קלאַפּ געטהאָן איבער דעם עטיקעט פון דער אַריסטאָקראַטיע. דערנאָך האָבען נישט פערהייראַטע יונגעלייט, וואָס זענען געגען דעם יאָך פון אַ מאַן-און-ווייב-לעבען, איהר אונטערגעטראָגען בלומען; און, צולעצט, האָבען זיך פעראינטערעסירט מיט דער זאַך אַלע פריינד, קרובים און בעקאַנטע פון גרויסען אַרטיסט, פּשוט דערפאַר, ווייל ער האָט זי צוגעגרייט צו דער סצענע, געווען איהר לעהרער.

גאָכ'ן ספּעקטאַקל האָט דער באַראָן אונז ביידען איינגעלאַדען אויף אָווענדברויט, און אויך דאָס מיידעל, וואו מאַריע האָט געוואוינט.

דער ערפאָלג האָט אַלעמען פער'שכור'ט, אַלע זענען געווען ענטציקט. אָבער מאַריע איז מיר נישט געפעלען געווען: אויף איהרע באַקען איז נאָך געלעגען רויטער פאַרב, פון די ברעמען האָט זי נאָך נישט אַראָבגעווישט דעם שוואַרצען פאַרב, און צוגעקאַמט איז זי געווען ווי זעהר אַנ'ערנסטע דאַמע. דאָס איז שוין נישט

געוועזען יענע אונשולדיגע מוטער, וואָס איך האָב ליעב בעקומען, נאָר אַן׳אַקטריסע מיט חוצפּה׳דיגע זשעסטען, מיט באַנאַלע מאַנירען. זי האָט זיך געהאַלטען אין איין בעריהמען, האָט אַלעמען איבערגעהאַקט אין ריידען און נאָכאַנאַנד אָבגעלאַכט פון אַלץ. איהר האָט זיך געדאַכט, אַז זי האָט דערגרייכט דעם העכסטען פונקט פון קונסט, און מייגע עצות און בעמערקונגען האָט זי אָבגעוואָרפען דורך אַ דריק מיט׳ן אַקסעל אָדער מיט אַ מיטליידס-טאָן: „מיין ליעבער, דו קאָנסט עס נישט פערשטעהן!”

דער באַראָן האָט געהאַט אַ פּנים פון אַן׳אומגליקליכען געליעבטען. ער וואָלט זי געקושט, ווען איך וואָלט דאָ נישט געווען. אויסגעטרונקען זעהר אַ סך מאַדערוויין, האָט ער אָנגעהויבען אויסצוגיסען זיין האַרץ און שטאַרק בעדויערט, וואָס די קונסט, די געטליכע קונסט פאָדערט אַזוינע שווערע קרבנות.

די צייטונגען, וואָס זענען גוט צוגעגרייט געווען, האָבען בעשטעטיגט דעם ערפאָלג און דער אַנגאַזשעמענט איז, אפנים, געווען געזיכערט.

צוויי פאָטאָגראַפען האָבען זיך צווישען אייגאַנדער געשפּאַרט איבער דעם כּבוד אָבצופאָטאָגראַפירען די דעביוטאַנטין אין עטליכע פּאָזעס. אַ גאַנגבאַר זשורנאַלכעל האָט פערקויפט דעם פּאָרטרעט פון דעם נייעם שטערן צוזאַמען מיט דער ביאָגראַפיע.

איצט, אַז איך קוק-איבער די אַלע פּאָרטרעטען פון דער געליעבטער פרוי, גאַף איך דערפון, וואָס קיין איין פּאָרטרעט איז נישט עהנליך צו מיין אָריגינאַל. שוין-זשע האָט זיך פאַר אַ יאָהר, פאַר אַזאַ קורצער צייט געענדערט איהר כאַראַקטער, איהר אויסדרוק? אָדער זי ווייזט-אויס אַנדערש צוליעב דעם, וואָס זי שפּיגעלט נישט אָב די ליעבע, די צערטליכקייט און מיטלייד, מיט וועלכע עס זענען פול מיינע אויגען? אויף דידאָזיגע פּאָרטרעטען זעה איך אַ באַנאַלען, האַרטען, חוצפּה׳דיגען אויסדרוק פון געזיכט, תּנוע׳לעך פון גראָבער קאָקעטעריע, אויסגעלאַסענע שטריכען. בעזונדערס שרעקט מיך איין פּאָזע. זי שטעהט אָנגעלעהנט אָן אַ נידעריגען שטוהל, דערביי איז זי אַזוי שטאַרק אויסגעבויגט פאָראויס, אַז יעדער קאָן זעהן איהר נאַקעטע ברוסט, וואָס איז

האַלב געעפענט דורכ׳ן פעכער, וועלכער ליעגט ביים אויסשניט פון איהר קלייד, איהרע אויגען זינקען אַזוי ווי אין דעם בליק פון עפּיס אַ צווייטען — נישט אין מיינעם. ווארום מיין ליעבע, וואָס איז פול אַכטונג און צערטליכקייט, האָט זי קיינמאָל נישט גע-צערטעלט מיט אַזאַ גראָבען געשלעכטס-געפיהל, וואָס דערוועקט די תאוה אפילו ביי גאַסטענפרויען. דידאָזיגע פאָטאָגראַפיע מאַכט אויף מיר דעם איינדרוק פון יענע פאָרנאָגראַפישע בילדלעך, וואָס ווע-רען אין דער-שטיל פערקויפט ביי די טהירען פון די נאַכט-טהייהייזער.

אַז זי האָט מיר צוגעטראָגען דידאָזיגע פאָטאָגראַפיע, האָב איך זי נישט געוואָלט נעהמען.

— ווי, דו ווילסט נישט נעהמען דעם פאָרטרעט פון דיין מאַריע? — האָט זי געמאַכט אַ יתום׳דיגע מינע, וואָס האָט באַלד אַרויסגעוויזען איהר קליינליכע נאַטור, אין וועלכער זי וואָלט זיך קיינמאָל נישט מודה-געווען, — הייסט עס, אַז דו האָסט מיך נישט ליעב.

בשעת אַ פרוי זאָגט איהר געליעבטען — „דו האָסט מיך נישט ליעב״, בעווייזט עס, אַז זי אַליין האָט איהם אויפגעהערט צו ליעבען.

פון דעמדאָזיגען מאָמענט-אָן פיהל איך, אַז עס ווערט שוואַכער איהר געפיהל צו מיר.

זי ווייס, אַז איהר שוואַכע נשמה האָט געשעפּט פון מיי-נער מוט און דרייסטקייט, וואָס זענען נויטיג געווען צו איהרע צוועקען, אָבער איצט הויבט זי זיך אָן בעפרייען פון איהר גו-דנעם קרעדיטאָר. זי בע׳גנב׳עט מיר מיינע געדאַנקען, בשעת זי הערט מיך אויס, אָבער אין דער אייגענער צייט האַלט זי בלומר׳שט נישט פון מיר:

— דו וועסט עס נישט פערשטעהן, מיין ליעבער!

אַ פרוי, וואָס קאָן גאָרנישט, וואָס קאָן נאָר פּלאַפּלען אויף בראַנצוזיש, וואָס האָט קיין שום בילדונג נישט בעקומען, וואָס איז דערצויגען געוואָרען אין אַ דאָרף, וואָס קאָן נישט דאָס טע-אַטער, וואָס קאָן נישט די ליטעראַטור, וואָס האָט בעקומען ביי

מיר די ערשטע לעקציעס איבער דער שוועדישער אויסשפּראַך, וואָס האָט זיך ביי מיר דערוואוסט די סודות פון פּראָסאָדיע און מעטריק—אַזאַ פרוי בעגעהט זיך מיט מיר, ווי מיט אַ נאַר!

פאַר איהר צווייטען דעביוט, וואָס דאַרף פאָרקומען אינגיכען, רעקאָמענדיר איך איהר אַ ראָל—אַ גרויסע ראָל אין דער בעסטער מעלאָדראַמע פונ׳ם רעפּערטואַר. זאָגט זי זיך אָב פון איהר, אָבער אין עטליכע טעג אַרום איז זי מיר מודיע, אַז מען האָט אויסגעקליבען די אייגענע ראָל... אַנאַליזיר איך זי מיט איהר, צייכען פאַר איהר קאָסטיומען, ווייז איהר אָן די עפעקטע ערטער, לערן זי, ווי אַזוי צו בעוועגען זיך און מערק איהר אָן די שטריכען, וועלכע זי בעדאַרף אונטערשרייכען.

צווישען מיר און דעם באַראָן ענטוויקעלט זיך אַ פערבאָרגענער קאַמף. ער, דער דירעקטאָר פון דער קעניגליכער גוואַרדיען-סצענע, דער לעהרער פון אַרטיסטען-סאָלדאַטען, האַלט זיך פאַר מעהר בקי אין די פראַגען איבער טעאַטער, איידער איך. און מאַריע שטעלט זעהר הויך זיינע אַזוי-גערופענע אידעען, נעהמט איהם פאַר׳ן מדריך און וואַרפט-אָב מיינע עצות. אַך, די-דאָזיגע אינדיווידועלע עסטעטיק, וואָס ער רופט זי אָן נאַטירליכע! דערדאָזיגער מענש ווערט ענטציקט מיט אַלעם וואָכענדיגען, געוועהנליכען, באַנאַלען, אויסגעדראָשענעם און מיינט, אַז דאָס איז נאַטירליך!

איך פערשטעה, ווען די זאַך האַנדעלט זיך וועגען אַ מאָדערנער קאָמעדיע: דאָ דרעהען זיך די פּערזאָנען צווישען טויזענדער לעבענס-קלייניגקייטען! אָבער דערדאָזיגער פּרינציפּ פּאַסט זיך לחלוטין נישט, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען דער ענגלישער מעלאָדראַמע. זעהר אַ גרויסע ליידענשאַפט קאָן מען נישט שילדערן אַזוי ווי די צופעליגקייטען און קאַפּריזען פון אַ סאַלאָן-געשפּרעך.

אָבער דידאָזיגע געדאַנקען זענען צו-טיעף פאַר איהר מיטעלען שכל, וואָס פערשטעהט נאָר פון פרט אויפ׳ן כלל. ווי אַזוי דער צופאַל איז, אַזוי זענען אַלע!..

אינ׳ם טאָג פון איהר דעביוט טהוט מיר אָן מאַריע גרויס

כבוד—זי בעוויזט מיר איהרע טואַלעטען. נישט-געקוקט אויף מיי-נע עצות, נישט-געקוקט אויף מיין בעטען זיך, קלויבט זי אויס אַנ׳אַש-גרויע מאַטעריע, וואָס מאַכט זי טויט, וואָס גיט איהר צו דעם אויסדרוק פון אַ מת.

זי וואַרפט מיר שאַרף אין פּנים אַריין אַנ׳עלטען פרויען-אַרגומענט:

—אָבער די פרוי .X, די גרויסע דראַמאַטישע אַקטריסע האָט דאָך פּונקט אין אַזאַ מין קלייד בעשאַפען איהר ראָל!

—דאָס איז אמת. אָבער פרוי .X איז דאָך נישט קיין בלאָנדינקע, ווי דו. וואָס עס פּאַסט זיך פאַר אַ בלאָנדינקע, איז נישט אַלעמאָל שען פאַר אַ ברונעטין!

וויל זי מיך נישט פערשטעהן און בלאָזט זיך.

זאָג איך איהר פאָר, אַז זי וועט קיין ערפאָלג נישט האָ-בען, און דער צווייטער דעביוט איהרער איז באמת אַ פולשטענ-דיגער דורכפאַל.

וויפיעל טרעהרען, וויפיעל פאָרוואורפען, אפילו גראָבקייטען!

און אַלס צוגאָב צום אומגליק, נעהמט די גרויסע אַרטי-סטין אין אַ וואָך אַרום טאַקי די אייגענע ראָל לכבוד עפּיס אַ יאָהרצייט, און מען טראָגט איהר אונטער בענדער און אַ קאָרב מיט בלומען און אַ סך קרענץ.

נו, געוויס, מאַריע איז אין כּעס אויף מיר: זי איז דורכ-געפאַלען דערפאַר, ווייל איך האָב נביאות געזאָגט, אַז זי וועט דורכפאַלען! און אין גרויס עגמת-נפש קלעפּט זי זיך נאָכמעהר צום באַראָן מיט יענעם מין סימפּאַטיע, וואָס פעראייניגט שטענדיג נישט-זעלבּסשטענדיגע נאַטורען.

און איך, דער געלעהרטער, דער דראַמאַטיקער, דער טעאַ-טער-קריטיקער, וואָס איז בעקאַנט מיט אַלע ליטעראַטורען, וואָרום לויט מיין פאַך און שטעלונג אין דער ביבליאָטעק, בין איך שטענדיג פערבונדען מיט די גרעסטע קעפּ פון דער וועלט,—איך ווער דורך איהר פערוואָרפען, ווי אַנ׳אַלט שמאַטקעלע, מען האַלט מיך פאַר אַנ׳עם-הארץ, פאַר אַ פאַרש, פאַר אַ הונד!

נישט-געקוקט דערויף, וואָס דער צווייטער דעביוט איז

נישט געלונגען, בעקומט זי אַן׳אַנגאַזשמאַן מיט אַ פּענסיע פון צוויישויזענד פיערהונדערט קראָן אַ יאָהר. פון דער שווערער סיטואַציע איז זי גאַנץ פיין אַרויס, אָבער איהר קאַריערע אויפ׳ן געביט פון גרויסער קונסט איז פערלאָרען פאַר איהר. פער׳רעכענט צו די נוצליכע אַרטיסטקעס, וואָס שפּיעלען שטענדיג די צווייטע ראָלען פון קאָמעריסטינס, סטאַטיסטינס א. ד. גל., פערברענגט זי גאַנצע טעג ביי די שניידער, אַ דריי, פיער, פינף טואַלעטען אויף איין אָוענד פערשלינגען איהר קליינע פּענסיע.

וויפיעל ביטערע ענטטוישונגען, וויפיעל האַרצרייסענדיגע סצענעס, ווען מען הויבט איהר אָן אַלץ מעהר און מעהר געבען אַזוינע ראָלען, וואָס בעשטעהען סוף-כל-סוף פון עפּיס אַ טוץ רעפּליקעס! איהר צימער האָט זיך פערוואַנדעלט אין אַ מין ווערקשטאַט פון שניידערינס מיט מאָדעלען, מאַטעריעס און שפּיצען. אַ מוטער, אַן׳עכטע וועלטליכע דאַמע, וואָס האָט אַוועקגעוואָרפען די סאַלאָנען אין פיינט געקראָגען די טואַלעטען, כדי אָבצוגעבען זיך דער הויכער קונסט, איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ שלעכטער שניידערין, וואָס זיצט ביז האַלבער נאַכט ביי דער נייהמאַשין, און צוליעב וואָס? צוליעב דעם, זי זאָל קאָנען עטליכע מינוט פיגורירען פאַר דער בורזשואַזיע אין דער ראָל פון אַ וועלטליכער דאַמע.

און דידאָזיגע לאַנגע שעה׳ן פון גאָרנישט טהאָן הינטער די קוליסען, וואַרטענדיג אויפ׳ן אויפטריט, ווען זי וועט בעדאַרפען זאָגען אַ פּאָר ווערטער! זי איז אַריין אין געשמאַק פון רכילות, פון פּלוידערייען, פון צווידייטיגע מעשה׳לעך, און די אמת׳ע שטרעבונג אַרויף—פאַלט. די פליגלען פון גייסט לאָזען זיך אַראָב, ריהרען-אָן די ערד, ווערען בעשמוצט אין די רינשטאָקען.

די זאַך רוקט זיך צום סוף, און נאָכדעם, ווי איהרע קליידער זענען איבערגענייהט געוואָרען עטליכע מאָל, וואָרום נייהען נייע האָט זי קיין געלד נישט, נעהמט מען ביי איהר צו אפילו די קליינטשקע ראָלען און מען מאַכט זי פאַר אַ סטאַטיסטין.

רוקט זיך אונטער דער דלות, און איהר מוטער, אַ ביטערע קאַסאַנדרע, פער׳סמ׳ט איהר דאָס לעבען. די געזעלשאַפט, וואָס

האָט זיך צוגעקוקט צו דעמדאָזיגען סקאַנדאַליעזען גט און צום פריהצייטיגען טויט פון קינד, איז אויפגערעגט פון דער שלעכטער מוטער און דער אונטרייער ווייב. אינגיכען הויבט־אָן דער דירעקטאָר פון טעאַטער נאָכצוגעבען די אַנטיפּאַטיעס פון פּובליקום, און אפילו דער גרויסער אַרטיסט, איהר לעהרער, זאָגט זיך אָב פון איהר, אָנערקענענדיג, אַז ער האָט זיך גענאַרט אין איהר טאַלענט.

וויפיעל אונרוהיגקייט, וויפיעל אַנגסט איז איבערגעלעבט געוואָרען בלויז דערויף, צו בעפרידיגען דעם קאַפּריז פון אַ נישט־בעשטענדיגער פרוי!

אַלס צוגאָב צום אומגליק, נעהמט מאַריעס מוטער און מאַכט גאָר פלוצלונג אַ שטאַרב פון עפּיס אַ האַרץ־קראַנקהייט, און די וועלט מיינט, פערשטעהט זיך, אַז געשטאָרבען איז זי פון איהר שענעם טעכטערל.

מיין כבוד איז פון דאָסניי אָוועקגעשטעלט געוואָרען אין קאָן. איך בין אויפגערעגט פון דער וועלטס נישט־יושר'דיגקייט, און מיט אונגלויבליכע אָנשטרענגונגען סטאַרע איך מיך אַרויסצושלעפּען מאַריען פון בלאָטע. איצט, בשעת זי פיהלט זיך דאַנקבאַר יעדערן, וואָס האָט איהר אויסגעצויגען אַ האַנד צו הילף, נעהמט זי אָן מיין עצה אַרויסצוגעבען אַ וואָכענשריפט איבער טעאַטער, מוזיק, פּאָעזיע, און קונסט. אין וואָכענשריפט וועט זי זיך בעטייליגען מיט איהרע פעליעטאָנען און קריטישע אַרטיקלען, און דאָס וועט איהר געבען בעקאַנטשאַפט מיט איהרע קינפטיגע פערלעגער.

אין דערדאָזיגער אונטערנעהמונג לעגט זי אַריין צוויי הונדערט קראָן. איך נעהם אויף זיך דאָס רעדאַגירען און די קאָרעקטור. איך ווייס, אַז איך בין קנאַפּ־וואָס פּראַקטיש אין קאָמערציעלע ענינים, גיב איך איהר איבער דעם פערקויף פון זשורנאַל און די אַנאָנסען; אַ טייל פון דעם ריוח בעדאַרף זי געבען דעם רעזשיסאָר פון טעאַטער, וואָס האָט אַנ'אייגענעם צייטונגס־קיאָסק.

דער ערשטער נומער איז אָנגעזעצט און זעהט־אויס גאַנץ

אָנשטענדיג. פאַרהאַן אַ לייטאַרטיקעל פון איינעם אַ מאָדערנעם קינסטלער; אַנ'אייגענע קאָרעספּאָנדענץ פון רוים; אַ קאָרעספּאָנ־דענץ פון פּאַריז; אַ מוזיקאַלישער איבערזיכט פון אַנ'אָנגעזעהע־נעם שריפטשטעלער, אַ מיטאַרבייטער פון איינער פון די גרעסטע שטאָקהאָלמער צייטונגען; אַ ליטעראַרישער איבערזיכט, וואָס איך האָב אָנגעשריבען; אַ פעליעטאָן און רעצענזיעס איבער די פּרע־מיערעס, וואָס מאַריע האָט אָנגעשריבען.

אַלזאָ, אַלץ איז פאָראויסגעזעהן. עס בלייבט נאָר די הויפּט־זאַך—אַרויסלאָזען דעם נומער צו דער בעשטימטער צייט. מיר זענען פאַרטיג, אָבער גראָד צו דער לעצטער מינוט פעָרפעהלט אונז געלד און קרעדיט.

וועה צו מיר! פאַרוואָס האָב איך אָנגעטרויט מיין מזל אין די הענד פון אַ פרוי! אין דעם טאָג, ווען עס בעדאַרף אַרויסגעהן דער זשורנאַל, ליעגט זי אין בעט און שלאָפט, ווי אַלעמאָל, ביז האַלבען טאָג.

איך בין אָבער זיכער, אַז דער נומער איז ערשינען, געה איך אין שטאָדט אַריין און בעגעגען־אָן אויפ'ן וועג חוזק'דיגע גרימאַסען.

—וואו־זשע פערקויפט זיך אייער בערי־המטער זשורנאַל?—פרעגט מען זיך פון אַלע זייטען

—אומעטום!

—אָדער ערגעץ נישט?

לאָז איך מיך אַוועק צום קיאָסק.

—מיר האָבען נאָך נישט בעקומען דעם זשורנאַל.

לויף איך אין דרוק אַריין. דער זשורנאַל איז נאָך נישט אַרויס פון דרוק.

אַלץ איז פערפאַלען! געה איך אַוועק צו מאַריע'ן. פער־ענטפערט זי זיך מיט איהר אָנגעבוירענער זאָרגלאָזיגקייט און דערמיט, וואָס איהר איז נישט בעקאַנט אַ פערלעגערישע אונטער־נעהמונג. זי האָט זיך איינגאַנצען פערלאָזט אויפ'ן רעזשיסאָר.

צוויי־הונדערט קראָן זענען אַוועק לאַיבוד! און איך האָב

פערלאָרען צייט און געלד און אַ ים אַרבייט, וואָס קאָן מיט קיין זאַך נישט בעלוינט ווערען.

אין קאָפּ האָב איך נאָר איין געדאַנק:

מיר זענען פערלאָרען אויף אייביג!

איך לעג איהר פאָר צו שטאַרבען מיט מיר אינאיינעם. ווארום וואָס וועט עס זיין מיט אונז? זי איז לחלוטין פערלאָרען, און איך בין שוין נישט בכח נאָכאַמאָל אַרויסצושלעפּען זי פון דער בלאָטע.

—לאָמיר שטאַרבען,—זאָג איך,—וועלען מיר נישט שטעהן אויפ׳ן וועג די לעבעדיגע, ווי טויטע שאָטענס.

וויל זי נישט.

—וואָס פאַר אַ פּחדנ׳טע דו ביזט! וואָס פאַר אַ פּחדנ׳טע! מיין שטאָלצע מאַריע! דו ווילסט, איך זאָל זעהן, ווי דו פאַלסט, וואָס ביי מענשען וועט עס נאָר אַרויסרופען געלעכטער פון פעראַכטונג.

געה איך אַוועק אין שענק, טרינק מיך אָן און געה-אַוועק שלאָפען.

אויפגעשטאַנען, לויף איך פון דאָסניי צו מאַריע׳ן. דאָס שכּרות מאַכט מיך דורכדרינגליכער. דאָס ערשטע מאָל בעמערק איך אין איהר אַ פערענדערונג. אין איהר צימער איז שמוציג, די קליידער פערלאָזען, אויף די שענע פיסעלעך—אויסגעטראָטענע שטעק-שיך, די זאָקען פאַלען-אַראָב אין ספּיראַלע פאַלדען.

וואָס פאַר אַ שרעק!

איהרע ווערטער זענען דורכגעוועבט מיט געמיינע אויס-דרוקען פון אַקטאָרישען זשאַרגאָן. איהרע זשעסטען דערמאָהנען די גאַס, די אויגען זענען פול מיט פיינטשאַפט, אויף די ליפען ליעגט גאַל.

זי בויגט זיך אָן איבער איהר אַרבייט, קוקט מיר נישט אַריין אין די אויגען, פונקט ווי איהר וואָלטען בעפאַלען מרה-שחורה׳דיגע געדאַנקען. פּלוצלונג, נישט-אויפגעהויבען דעם קאָפּ, רעדט זי מיט אַ הייזעריגען קול:

—אַקסעל, דו ווייסט, וואָס אַ פרוי קאָן פאָדערן פון אַ מאַנס-

פערשוין אין אַזויגע בעדינגונגען, ווי אונזערע?

פונקט ווי געטראָפען פון אַ דונער, מיין איך, אַז איך האָב נישט דערהערט, זאָג איך מיט אַ פערהאַקטען אָטעם:

—ניין... וואָס?

—וואָס פאָדערט אַ געליעבטע פון איהר געליעבטען?

— ליעבע.

— און דערנאָך?

—געלד!—אָט דער גראָבער אויסדרוק בעפרייט מיך פון ווייטערדיגע פראַגען, און איך געה-אַוועק מיט'ן בעוואוסטזיין, אַז איך האָב זי פערשטאַנען.

—אַ גאַסענמיידעל, אַ גאַסענמיידעל!—זאָג איך זיך, און גייה נישט זיכער איבער די טריבע הערבסטגאַסען.—מיר זענען דער-גאַנגען ביז צום לעצטען עטאַפּ! בעצאָהלט פאַר'ן פערגעניגען! זי האָט זיך אָהן שעמעריי מודה-געווען אין איהר פאַך!

איך פערשטעה, ווען זי וואָלט זיך גענויטיגט, געליטען הונ-גער! אָבער זי איז דאָך נאַר-וואָס בעשטעטיגט געוואָרען אין דער ירושה נאָך דער מוטערס טויט; די ירושה איז בעשטאַנען פון אַנ'אינווענטאַר און, אויסערדעם, פון פּאַפּירען, וואָס מאַנכע פון זיי, הגם מיט גאַנץ צווייפעלבאַרע ווערטען, האָבען דאָך אויסגע-מאַכט אַ סומע פון עטליכע טויזענד קראָן. צולעצט, האָט איהר דאָס טעאַטער פּינקטליך געצאָהלט פּענסיע.

איך האָב גאָרנישט פערשטאַנען... אָבער פּלוצלונג איז פאַר מיר אַרויסגעשוואומען די פיזיאָנאָמיע פונ'ם פרייליין ב., איהר בעל-הבית'טע און אינטימער פריינד!

דאָס איז געווען אַ מאוס בעשעפעניש פון אַ יאָהר פינפאונ-דרייסיג, מיט פערדעכטיגע מאַנירען פון אַ מעקלערין. קיינער האָט נישט געוואוסט, פון וואָס זי לעבט. זי האָט זיך תמיד גענויטיגט, אָבער אויף דער גאַס האָט זי זיך בעוויזען אין רייכע און שריי-ענדיגע קליידער. זי האָט געמאַכט בעקאַנטשאַפט מיט פערשידענע פאַמיליעס, כדי אויסצורייסען אַ הלואה'לע, און אומעטום האָט זי זיך געקלאָגט אויף איהר ביטערן מזל. אַ פערדעכטיגע פרוי, וואָס

האָט מיר גורם-געווען עקעל, ווייל איך האָב זי געזעהן דורך און דורך.

איצט קומט מיר אויפ׳ן זינען אַ פאַקט, וואָס איז געשעהן מיט עטליכע חדשים צוריק און וואָס האָט מיך דעמאָלט נישט פעראינטערעסירט.

דידאָזיגע דאַמע האָט גענומען אַ וואָרט ביי איינער אַ פינ־לענדערין, מאַריעס אַ פריינדין, אַז זי וועט איהר לייהען טויזענד קראָן. דאָס וואָרט איז געבליבען וואָרט. צוליעב דער פאָדערונג פון דערדאָזיגער דאַמע און אויך צוליעב דעם, עס זאָל אָבגעהיט ווערען דער כבוד פון דער פינלענדערין, וועלכע מען האָט אָנ־געהויבען בע׳עול׳ען, האָט מאַריע גענומען אויף זיך צו קריגען דאָס געלד—און האָט ווירקליך געקראָגען דידאָזיגע סומע. אָבער מאַריעס פריינדין, די פינלענדערין, האָט איהר שטאַרק פאָרגעוואָר־פען, און אַז מען האָט זיך גוט צושמועסט פון דעמדאָזיגען ענין, האָט דאָס פרייליין ב. זיך געמאַכט גאָר אונשולדיג און אַרויפגע־וואָרפען דאָס גאַנצע פעקעל אויף מאַריע׳ן. נאָך דעמאָלט האָב איך געזאָגט מאַריע׳ן, אַז זי געפעלט מיר נישט, אַז איך טרוי איהר נישט, און האָב איהר געראַטען, זי זאָל קיין שום געשעפטען נישט האָבען מיט דער פרוי, וואָס זעהט-אויס, ווי אַנ׳אַפעריסטין.

נו, איז וואָס? האָט זי אָנגעהויבען פערענטפערן איהר פאַל־שע פריינדין!.. דערנאָך האָט זי דורכגעוועבט מיט ליגענס די גאַנצע מעשה און געזאָגט, אַז עס איז געשעהן עפּיס אַ טעות, און צולעצט האָט זי דעם גאַנצען פאַקט צוגעשריבען מיין „מרה־שחורה׳דיגער פאַנטאַזיע.״

אפשר האָט עס דידאָזיגע אַוואַנטוריסטין דערוועקט אין מאַריע׳ן דעם מאוס׳ען געדאַנק, „אויפצוגעבען מיר אַ רעכנונג״? דאָס איז, אָהן אַ ספק, אַזוי, ווייל מאַריע׳ן איז געווען נישט לייכט אַרויסצו־זאָגען אַזאַ פראַזע, וואָס האָט גאַרנישט האַרמאָנירט מיט איהר נאַטור. אַזוי האָב איך, לפחות, געוואָלט טראַכטען, האָפען. וואָלט זי כאָטש געפאָדערט דאָס געלד, וואָס זי האָט אַריינגעלעגט אין זשורנאַל, געלד, וואָס זי האָט אַליין צו׳פטר׳ט, וואָלט עס, לפחות, געווען בלויז פרויען-מאַטעמאַטיק. איך פערשטעה, ווען זי וואָלט

געוואָלט, מיר זאָלען חתונה-האָבען, — אָבער דאָס איז דאָך איהר איצט נישט געוואונשען! ניין, צווייפלען קאָן מען דאָ נישט! דאָ האָט זיך פשוט געהאַנדעלט וועגען דעם, איך זאָל בעצאָהלען פאַר ליעבע, פאַר ליידענשאַפט, פאַר אונצעהליגע קושען, פאַר צוקנייטשטע קליידלעך... אָבער איך וואָלט דאָך איהר אויך געקאָנט אויפגעבען אַ רעכנונג: אַ רעכנונג פאַר מיין אַרבייט, פאַר מיין צייט, פאַר די אויסגעמוטשעטע נערווען, מאַרך און בלוט; פאַר מיין נאָמען, פאַר מיין כבוד און מיינע ליידען; אַ רעכנונג פאַר מיין אויף אייביג, קאָן זיין, פערלאָרענער קאַריערע!

ניין, זי האָט זיך די ערשטע גענומען מיט מיר רעכענען, איך האָב איהר קיין שום פרעטענזיעס נישט אויפגעגעבען.

דעם אָווענד האָב איך פערבראַכט אין קאַפע, דערנאָך געוואַנדערט איבער די גאַסען און געטראַכט איבער דער פראַגע פון ענטאַרטונג. פאַרוואָס שפירען מיר אַזאַ וועהטאָג, ווען מיר זעהען די ירידה פון אַ מענשען? דערין איז פאַרהאַן עפּיס אוננאָרמאַלעס, וואָרום די נאַטור פאָדערט פראָגרעס, עוואָלוציעס, און יעדער טריט צוריק רעדט פון ענטאַרטונג. דאָסזעלבע לאָזט זיך זעהן אויך אין געזעלשאַפטליכען לעבען, וואו יעדער שטרעבט דערצו, ער זאָל דערגרייכען אַ העכערן פונקט אין מאַטעריעלען אָדער אין גייסטיגען זין. פון דאַנען בעהמט זיך אין אונז דאָס טראַגישע געפיהל, בשעת מיר זענען עדות פון עמיצענס אַ ירידה — אַ געפיהל, וואָס איז טראַגיש, ווי הערבסט, ווי אַ קראַנקהייט, ווי טויט. דידאָזיגע פרוי, וואָס איז נאָך נישט אַלט קיין דרייסיג יאָהר, האָב איך געזעהן אַ יונגע, אַ שענע, אַנ'אָפענהערציגע, אַנ'עהרליכע, אַ בעשיידענע, אַ שטאַרקע און אַ געטליכע, און ווי טיעף איז זי געפאַלען, ווי שטאַרק האָט זי זיך אַראָבגעלאָזט פאַר צוויי יאָהר צייט!

איך וואָלט וועלען נעהמען די גאַנצע שולד אויף זיך, צו פערקלענערן איהר שולד: דאָס וואָלט מיר געווען אַ טרייסט, אָבער איך קאָן עס, כלעבען, אויף זיך נישט נעהמען, וואָרום איך האָב איהר פאָרט שטענדיג גורם-געווען דעם קולט פון שענקייט, די ליעבע צו העכערע זאַכען, די שטרעבונג צו איידעלן

מעשים. בשעת זי האָט דערוואָרבען די העסליכע מאַנירען פון אַקטאָרען, האָב איך געשליפען מיין גייסט, האָב איבערגענומען די שענערע מאַנירען פון דער קולטור און זיך געסטאַרעט נאָכצומאַכען די איידעלע שפּראַך פון דער העכערער וועלט. איך האָב ענטוויקעלט אין זיך די מידה פון איינגעהאַלטענקייט, וואָס בעשרענקט די ליידענשאַפטען און וואָס איז שטענדיג אַ זיכערער צייכען פון אַ געבילדעטען מענשען. אין ליעבע האָב איך אָבגעהיט די אויסערליכע צניעות און געשאַנעוועט דאָס געפיהל פון בושה: איך האָב מיך געהיט נישט צו בעליידיגען די שענקייט און אָנשטענדיגקייט. שענקייט און אָנשטענדיגקייט מאַכען פערגעסען די חיה'שע זייט פון אַקט, אין וועלכען עס איז, לויט מיין מיינונג, פאַרהאַן מעהר גייסטיגע, איידער פיזישע עלעמענטען.

צייטענווייז בין איך גראָב, אָבער קיינמאָל נישט באַנאַל. איך דער'הרג'ע אויף טויט, אָבער איך מאַך קיינמאָל נישט קיין וואונדען. אין פאַל פון אַ נויט קאָן איך אָנרופען די זאַך מיט איהר אמת'ן נאָמען, אָבער איך האָב קיינמאָל נישט קיין הנאה פון שמוציגע ווערטלעך. מייגע ווערטלעך שאַף איך מיר אַליין, ווי עס געלינגט, לויט די אומשטענדען, אָבער איך חזר קיינמאָל נישט איבער די וויצען פון אַנ'אָפּערעטקע אָדער פון אַ הומאָריסטישען בלעטעל.

איך שעץ זעהר הויך דאָס ציכטיגע, דאָס ריינע און שענע אין לעבען און וועל נישט געהן אויף מיטאָג, אויב איך וועל נישט האָבען קיין געפּרעסט העמד. איך וועל מיך קיינמאָל נישט ווייזען פאַר מיין געליעבטער האַלב-נאַקעט אָדער אין שטעק-שיך. איך קאָן איהר פאָרלעגען אַ פשוט פּוטערברויט אָדער אַ גלאָז ביער, אָבער איך וועל עס דערלאַנגען אויף אַ שניי-ווייסען סערוועטל.

האָב איך איהר, אַלזאָ, נישט געגעבען קיין איין מאוס ביישפּיעל און פערלאָרען געגאַנגען איז זי נישט צוליעב מיר. זי האָט מיך נישט ליעב און סטאַרעט זיך נישט דעריבער מיר צו געפעלען. זי געהערט דעם פּובליקום, און איז דעריבער געוואָרען אַנ'עפענטליכע פרוי, וואָס דערלאַנגט צום סוף אַ רעכנונג פאַר אחיפיעל און אַזויפיעל געלט!..

אויף מאָרגען פערשלים איך מיך ביי מיר אין דער ביבליאָטעק. איך בעדויער שטאַרק מיין ליעבע, מיין וואונדערליכע, נאַרישע, הימלישע ליעבע! אַלץ איז בעגראָבען געוואָרען, און אויפ'ן שלאַכטפעלד, וואו עס זענען פאָרגעקומען די ליעבע-קאַמפּען, איז טויט-שטיל. צוויי דער'הרג'עטע און אַזויפיעל פערוואונדעטע זענען דאָ צוליעב אַ פרוי, וואָס איז נישט ווערט קיין פּאָר אָבגעניצטע שיך! איך פערשטעה, ווען זי וואָלט וועלען האָבען קינדער, ווען זי וואָלט בעהערשט געוואָרען דורך דעמדאָזיגען אונבעוואוסטזיניגען אינסטינקט פון פּראָסטיטוטקעס—זענען זיי דאָך אַלע מוטערס, הגם זיי גיבען זיך אָב לשם אָבגעבען זיך. אָבער זי האָט פיינט קינדער, און אין קינפעט זעהט זי אַ נידעריגע זאַך. אָט די אוננאַטירליכע נאַטור וואַרפט-אַראָב דאָס געפיהל פון אַ מוטער ביז צו דער מדרגה פון גראָבען פערגעניגען. זי וואָלט מיטגעהאָלפען צו דער אויסשטאַרבונג פון דער ראַסע—זי אָנערקענט זיך פאַר אַ דעגענערירט וועזען, וואָס געפינט זיך אין פּראָצעס פון צופאַלען. און צו פערבאָרגען עס פאַר אנדערע, רעדט זי הויכע פראַזען, אַז דער מענש בעדאַרף לעבען פאַר הויכע תכליתים און פאַר דער גאַנצער מענשהייט!

איך האָב זי פיינט און וויל זי פערגעסען! אויף-און-אָב געה איך צווישען די פּאָליצעס ביכער און קאָן מיך נישט בעפרייען פון קאָשמאַר, וואָס פערפאָלגט מיך. איך בעגעהר זי שוין נישט מעהר, ווייל מיר עקעלט פון איהר, אָבער אַ טיעפער רחמנות, כמעט אַ פאָטערליכע צערטליכקייט מאַכט מיך פעראַנטוואָרטליך פאַר איהר גורל. אויב איך זאָל זי איבערלאָזען אַליין, וועט זי ענדיגען שלעכט—צי זי וועט זיין דעם באַראָנס געליעבטע, צי די געליעבטע פון דעם ערשטען בעסטען מענשען.

מעהר נישט בכח זי אויפצוהויבען, אינגאַנצען אָהן מיטלען ארויסצוקריגען זיך פון דער בלאָטע, אין וועלכער מיר זינקען, בעשליס איך צו פערבלייבען נעבען איהר, כאָטש עס זאָל מיר איינקומען צו זעהן איהר וויסטען סוף. איך וועל צוזאַמען מיט איהר אומקומען. דער דורשט צו לעבען און אַרבייט איז געשטאָרבען אין מיר. עס זענען אויך געשטאַרבען די אינסטינקטען

פון אַליינדערהאַלטונג און די האָפנונג. איך וויל גאָרנישט און בעגעהר גאָרנישט. איך האָב מיך אָנגעהויבּען אַזוי צו שרעקען פאַר מענשען, אַז נישט זעלטען קעהר איך מיך אום צוריק, ווען איך האַלט סאַמע ביי דער טהיר פון רעסטאָראַן, און געה אַהן מיטאָג אַהיים, צו לעגען זיך וואָס פריהער אויפ׳ן דיוואַן און איינטוליען זיך אין די דעקעס. ווי אַ חיה, וואָס איז שטערבּליך פעררוואונדעט, ליעג איך אונבּעוועגליך מיט אַ לעדיגען קאָפּ און קאָן נישט טראַכטען, נישט שלאָפען, וואַרטענדיג אויף עפּיס אַ קראַנקהייט אָדער אויפ׳ן טויט.

איינמאָל בּין איך געזעסען אין רעסטאָראַן, אין דעם היגע-סטערשטען ווינקעל פון אַ בּעזונדער זאַל, וואו עס קומען זיך צו-זאַמען געליעבּטע און וואו עס בּעהאַלטען זיך אויסגעריבּענע בּגדים, וואָס שעמען זיך פאַר׳ן שיין פון טאָג. עפּיס אַ בּעקאַנ-טער קול האָט מיר איבּערגעריסען די געדאַנקען: עמיצער גריסט זיך מיט מיר.

דאָס איז געוועזען אַ שלים-מזל׳דיגער אַרכיטעקט, אַ פער-בּלאָנדזשעטער מיטגליד פון דער געוועזענער בּאָהעמע, וואָס איז איצט צוזייהט און צושפּרייט געוואָרען איבּער אַלע שבעה ימים.

—סטייטש, דו לעבּסט נאָך?—האָט ער מיך געפרעגט און זיך אַנידערגעזעצט קעגען מיר.

—צו בּיסלעך. און דו?

—אויך אַזוי... מאָרגען פאָהר איך קיין פּאַריז. בּעקומען אַ ירושה פון איינעם אַנ׳אידיאָט—צעהנטויזענד קראָן!

—געהט דאָך דיר עפּיס!

—צום אומגליק, בּעדאַרף איך אַליין אויפּרעסען מיין גאַנ-צע ירושה.

—דאָס אומגליק איז גאָרנישט אַזוי גרויס, וואָרום איך האָב צייהן, וואָס קאָנען דיר קומען צוהילף.

—ווירקליך? קאָנסטו מיך בּעגלייטען?..

—כּאָטש די רגע!

—אַלזאָ, גיבּ אַ האַנד!

—נא דיר אַ האַנד!

—מאָרגען אין אָוועגד, זעקס אַ זייגער—קיין פּאַריז, און דערנאָך...

—אַ קיל אין שטערען!..

—צום שוואַרציאָהר, פון וועמען האָסטו זיך עס אָנגענומען מיט אַזוינע געדאַנקען?

—פון דיין פּנים, אויף וועלכען ס'איז אָנגעשריבען: זעלבסט-מאָרד.

—אַלזאָ, פּאַק זיך איין און—קיין פּאַריז!

געקומען אין אָוועגד צו מאַריען, דערצעהל איך איהר פון מיין גליק. בעגעגענט זי דידאָזיגע ידיעה מיט ריהרענדיגער שמחה, ווינשט מיר גליק און הערט נישט אויף צו טענה'ן, אַז איך וועל אָברוהען—דאָס וועט מיך גייסטיג אָבפרישען. זי אַליין איז, קענטיג, זעהר צופרידען און בעשיט מיך מיט מוטערליכע צערטליכקייטען, וואָס ריהרען מיך.

דעם אָוועגד פערברענגען מיר צוזאַמען אין גליק-ווינשונגען און אין זיסע ערינערונגען. מיר האָבען נישט געבויט קיין פּלע-נער, וואָרום מיר האָבען שוין נישט געגלויבט אין דער צוקונפט. דערנאָך האָבען מיר זיך צוזעגענט... אויף אייביג?.. דידאָזיגע פראַגע האָבען מיר נישט בעריהרט. לויט'ן שווייגענדיגען אָבמאַך האָבען מיר זיך פערלאָזט אויפ'ן צופאַל, ער זאָל אונז פון דאָס-ניי פעראייניגען.

---

IV.

די רייזע האָט מיך, ווירקליך, מהיה-געוועזן. בעלעבענדיג די זכרונות פון דער ערשטער יוגענד, שפּיר איך גרויס פרייד, וואָרום איך וויל פערגעסען די צוויי יאָהר נויט, און אויף קיין איין מינוט אפילו קומט מיר נישט אויפ'ן זינען, איך זאָל אָנהוי-בען ריידען פון איהר. דידאָזיגע גאַנצע דראַמע מיט'ן גט—איז אַ זומפּ מיט אַ שווערען גערוך, פון וועלכען דו לויפסט און קוקסט זיך נישט אום. טיילמאָל לאַך איך פאַר זיך, ווי אַ'איינגעשלאָ-

סענער, וואָס איז אַנטלאָפען פון געפאַנגענשאַפט און וואָס האָט פעסט בעשלאָסען נאָכאַמאָל נישט אַריינצופאַלען. איך לעב-איבער אַלע שפּירונגען פון אַ בעל-חוב, וואָס בעהאַלט זיך אין אויסלאַנד פון זיינע קרעדיטאָרען.

אַ צווייטע וואָכען ווייל'ען מיך אין פּאַריז די טעאַטערן, די מוזייען, די ביבליאָטעקען. אַזוי ווי איך בעקום נישט פון מאַריע'ן קיין בריף, הויב איך אָן האָפען, אַז אַלץ געהט צו בעסער אויף אונזער ליעבער וועלט.

אָבער אין אַ געוויסער צייט אַרום, בשעת מיר ווערען מיד פון וואַנדערן און ווערען איבערגעזעטיגט דורך נייע און שטאַרקע שפּירונגען, פערלירט יעדע זאַך פאַר מיר דעם אינטערעס. זיץ איך אין צימער, לייען צייטונגען און עפּיס אונבעשטימטע שפּירונגען און עפּיס אַנ'אונדערקלערליכע אונרוהיגקייט בעפאַלט מיין נשמה.

און פלוצלונג שטעהט-אויף פאַר מיר דער שאָטען פון מיין בלאַסער אָרימער פרוי, אַ לופטיגע אָבשפּיגלונג פון אַ ריינער מו-טער-געשטאַלט—און איך בין שוין נישט רוהיג. די געשטאַלט פון דער חוצפּה'דיגער קאָמעדיאַנטין איז שוין אויסגעמעקט פון מיין זכרון. אין מיינע זכרונות שטעהט-אויף די באַראָנעסע, אַ שענע, אַ יונגע. איהר אָרימער קערפּער ווערט פערוואַנדעלט אין אַ רייכען זעפטיגען גוף, וועגען וועלכען עס פלעגען חלומ'ען די אַסקע-טען פון פערשפּראָכענעם לאַנד.

איך לעב מיט דידאָזיגע שווערע און זיסע חלומות, און פלוצלונג בעקום איך אַ בריף פון מאַריען. אין האַרצרייסענדיגע ווערטער טיילט זי מיר מיט, אַז זי האָט אָנגעהויבען שוואַנגערן און אַז איהר כבוד קאָן געראַטעוועט ווערען נאָר דורך חתונה-האָבען.

נישט געוואַרט קיין איין מינוט, פערפּאַק איך דעם טשע-מאָדאַן און זעץ מיך אַריין אין דעם ערשטען בעסטען צוג, צו פאָהרען קיין שטאָקהאָלם. איך וויל שטעלען אַ חופּה.

איך האָב אויף אַ מאָמענט נישט געצווייפעלט וועגען דעם, ווער איז דער פאָטער פון דעם קומענדיגען קינד, געזינדיגט אָנ-

דערטהאַלבען יאָהר, נעהם איך אויף זיך די פאָלגען פון אונזער עבירה, ווי אַ חסד, ווי אַ סוף צו אונזערל ליידען, ווי אַ פאַקט, וואָס לעגט אויף אונז אַרויף אַ שווערע פעראַנטוואָרטליכקייט און וואָס קאָן נאָך אפשר האָבען פאַר אונז אַ שרעקליכע בעדייטונג. אָבער סוף-כּל-סוף איז דאָס דער אויסגאַנגס-פונקט פון עפּיס אונבעקאַנטעס, פון עפּיס צווייטעס, וואָס איז איינגאַנגען ביי פאַר אונז. איבעריגענס, חתונה-האָבען גאַנץ פריה געפעלט מיר זעהר און מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז די איינציג-מעגליכע פאָרם פון אַ צוזאַמענלעבען צווישען צוויי געשלעכטען. אויף אַזאַ אופן האָט מיך נישט געשראָקען דאָס לעבען צוזאַמען מיט מאַריען ווי מאַן און ווייב. איצט, אַז מאַריע האָט געדאַרפט ווערען אַ מוטער, האָט מיין ליעבע בעקומען נייע קרעפטען, זי האָט זיך איבערגעהייבען אַנ'אויסגעלייטערטע, אַ ריינגעוואַשענע פון'ם שמוץ פון אונזער פריהערדיגען זינדיגען.

מאַריע בעגעגענט מיך גאָרנישט פריינדליך און זייפט מיר אָן אַ קאָפּ דערפאַר, וואָס איך האָב איהר אָנגעפייפט. געצוואונגען צו אַ שווערען שמועס, זאָג איך איהר מסתמא, אַז מיין קראַנקהייט פערקליענערט אפילו די געפאַהר פון בעפרוכטונג, אָבער נישט איינגאַנצען.

איבעריגענס, האָבען מיר פאַר די עטליכע יאָהר נישט איינמאָל געהאַט גרויס שרעקעניש דערפון, און דאָס, וואָס איז איצט געשעהן, איז אייגענטליך דאָס אייגענע, וואָס פריהער.

דעם ענין חתונה-האָבען האָט זי אָבער זעהר פיינט. פון איהר העסליכער פריינדין האָט זי זיך אָבער דערוואוסט, אַז אַ פרוי, וואָס האָט חתונה, ווערט אַ קנעכט און פראַצעוועט בלויז איף'ן מאַן. אָבער אַזוי ווי איך האָב אַליין מורא פאַר קנעכטשאַפט, לעג איך איהר פאָר אַ מאָדערנע שידוך.

קודם-כּל — אַ וואוינונג פון דריי צימערן: איינס פאַר דער פרוי, איינס פאַר'ן מאַן און איינס אַ נייטראַלס. ווייטער איז אין שטוב נישטאָ נישט קיין בעל-הבית'טע און נישט קיין דיענסטען, דעם מיטאָג ברייינגט מען פון רעסטאָראַן און פרישטיג און אָווענד-ברויט גרייט-צו אַ דיענסט, וואָס קומט נאָר אויף דערדאָזיגער

צייט. אַזוי וועט זיין זעהר לייכט אויסצורעכענען די הוצאות, און עס וועט קיין שום גרונד נישט זיין צו אַרומרייסעניש.

און כּדי אָבצושאַפען די אַלע חשדים, אַז איך וויל מיך בענוצען מיט דעם ווייבס פערמעגען, לעג איך איהר פאָר דאָס דאָטאַל-סיסטעם, ביי וועלכען דער נדן בלייבט-איבער ביים ווייב. אין די צפוני׳דיגע לענדער קוקט מען שלעכט דערויף, וואָס דער נדן געהט-איבער צום מאַן, אָבער אין די ציוויליזירטע לענדער ווערט דער נדן אָרייגגעטראָגען ווי אַ בעזונדער פערמעגען-טייל פונ׳ם ווייב, וואָס גיט איהר אַנ׳אילוזיע, אַז זי לעבט נישט איב-גאַנצען אויף דעם מאַנס חשבון. צו פערניכטען אין וואָרצעל דעם שלעכטען איינדרוק, האָבען די דייטשען און דענער איינגעפיהרט אַזאַ מנהג: דאָס ווייב ברענגט מיט זיך דעם ווירטשאַפטליכען אינוועטאַר, כּדי דער מאַן זאָל פיהלען, אַז ער וואוינט ביי זיין ווייב, אָבער דאָס ווייב זאָל אין דער אייגענער צייט האָבען די אילוזיע, אַז זי וואוינט ביי זיך און שפּייזט דעם מאַן.

מאַריע האָט נישט לאַנג בעקומען בירושה פון דער מוטער שטוב-מכשירים, וואָס אַ טייל דערפון האָט נישט קיין ווערט; אָבער פאַר מאַריע׳ן האָבען זיי אַנ׳אָנדענק-ווערט און זעהען-אויס ווי אַלטע קאָסטבאַרע זאַכען. זי ווייזט מיר אויף, אַז עס איז גישטאָ קיין שום זין צו געהן און קויפען ביי מעבעל פאַר דריי צימערן, בשעת זי האָט דיראָזיגע סחורה אויף גאַנצע זעקס. די וואוינונג וועט זי שוין איינאָרדנען, און איך נעהם גערן אָן דעמדאָזיגען פאָרשלאָג.

בלייבט-איבער נאָך איין וויכטיגער פונקט: דאָס קינד, וואָס מיר דערוואַרטען. צום גליק, זענען מיר איינשטימיג אין דעם פונקט, מחמת דאָס געבורט פון קינד וועט מוזען זיין פערבאָרגען. מיר וועלען עס אָבגעבען אין שטאָדט אַריין צום דערציהען, ביז וואַנען עס וועט נישט קומען קיין פאַסיגער מאָמענט און דעמאָלט וועלען מיר עס צושרייבען צו אונז.

די חתונה ווערט בעשטימט אויף דעם איינאונדרייסיגסטען דעצעמבער. פאַר די צוויי חדשים, וואָס איז פערבליבען ביז דער חתונה, סטאַרע איך מיר צו שאַפען עפּיס אַנ׳אַנשטענדיגע הכנסה,

צו דעמדאָזיגען צוועק נעהם איך מיך פון דאָסניי פאַר דער פעדער, בפרט נאָך אַז איך ווייס—אינגיכען וועט מאַריע זיין געצוואונגען זיך אָבצוזאָגען פון טעאַטער. מיר אַרבייט זיך אַזוי לייכט, אַז צום סוף פון ערשטען מאָנאַט קאָן איך שוין פאָרלעגען דעם פערלעגער אַ באַנד נאָוועלען, וואָס ווערען באַלד אָנגענומען.

דאָס גליק שמייכעלט מיר. איך ווער בעשטימט פאַר׳ן געהילף פון ביבליאָטעקאַר מיט אַ שטענדיגען געהאַלט פון טויזענד צוויי הונדערט קראָן. און אַז די מאַנוסקריפטען-זאַמלונג וועט איבערגעטראָגען ווערען פון אַלטען בנין אין דעם נייעם, וועל איך בעקומען אַ הוספה פון זעקסהונדערט קראָן. דאָס איז אַ גרויס גליק, וואָס מיט נאָך אַנדערע הצלחה׳דיגע סימנים גיט עס מיר צו פיהלען, אַז דער בייזער מזל האָט זיך סוף-כל-סוף איינגעמאַטערט צו פערפאָלגען מיך.

איינער פון די סאַמע אָנגעזעהענסטע זשורנאַלען אין פינלאַנד לעגט מיר פאָר צו שרייבען ליטעראַרישע קריטיק און האָנאָראַר פאַר אַנ׳אַרטיקעל—פופציג קראָן. דער אָפיציעלער זשורנאַל אין שוועדען, וואָס ווערט אַרויסגעגעבען דורך דער אַקאַדעמיע, גיט מיר איבער דעם שענעם פּאָסטען צו פיהרען די קריטיק-אָבטיילונג איבער קונסט, און געצאָהלט—פינפאונצוואַנציג קראָן פאַר אַ שפּאַלט. אויסערדעם, גיט מען מיר איבער די רעדאַקציע פון אַ קלאַסיקער-אויסגאַבע, וואָס בעדאַרף ערשיינען.

דאָס אַלץ קומט-פאָר אין צוויי חדשים, יענע צוויי חדשים, ווען מיין גאַנץ לעבען ווערט געשטעלט אין קאָן.

אינגיכען ערשיינען מיינע נאָוועלען און זיי האָבען אמת׳ן ערפאָלג. מען טראָגט מיר אונטער דעם טיטול פון אַ היבשען מייסטער אין דעמדאָזיגען זשאַנר, און מען שמועסט, אַז דאָס בוך וועט מאַכען אַנ׳עפּאָכע, מחמת אין דער שוועדישער ליטעראַטור טראָגט ער אַריין צום ערשטען דעם מאָדערנעם רעאַליזם.

איך בין גליקליך, וואָס איך קאָן געבען מיין אָרימער געפאַלענער מאַריע׳ן אַ נאָמען, וואָס ווערט בעקאַנט אין דער וועלט, וואָס גיט-צו גרויסע האָפנונגען, אויסער דעם טיטול

פון קעניגליכען סעקרעטאַר און געהילף-ביבליאָטעקאַר.

ווען-עס-איז וועל איך פון דאָסניי קאָנען עפענען פאַר איהר די טהירען פון דער סצענישער קאַריערע, וואָס האָט איהר איצט בלויז געבראַכט ענטטוישונג, און נאָך אפשר נישט-פערדיענטע...

דאָס גליק שמייכעלט מיר דורך טרעהרען...

דער עולם ווייס שוין. איך פערפאַק מיינע חפצים און זע-גען מיך מיט מיין צימערל,—דער עדות פון מיינע פריידען און ליידען. איך לאָז מיך אַוועק אין יענער תפיסה, פאַר וועלכער אַלע האָבען מורא; מיר אָבער שרעקען זיך ווייניגער פאַר אַלע-מען, וואָרום מיר האָבען פאָראויסגעזעהן יעדע געפאַהר און דער-ווייטערט פון וועג די שטיינער, וואָס מען קאָן אומפאַלען צו-ליעב זיי.

און דאָן...

# דריטער טייל.

## I.

וואָס פאַר אַ מין גרויסער תענוג דאָס איז—זיין אַ חתונה-בעהאַטער! פערבאָרגען פון די אויסקוקענדיגע אויגען פון דער נאַרישער וועלט, וואוין איך מיר שטענדיג מיט מיין געליעבטער. איך האָב מיר פון דאָסניי דערוואָרבען אַ מוטערליכע היים, אַ זיבער ווינקעלע נאָך די געוויטערס, אַ נעסט, וואָס וואַרט אויף די פויגעלעך. אַרומגערינגעלט מיט איהרע חפצים, מיט דידאָזיגע זכרונות פון איהרע עלטערן, פיהל איך מיך בעהעפט צו איהר שטאַם; די איילפאָרטרעטען פון איהרע עלטערן און אורעלטערן מאַכען אויף מיר דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטען מיך צוגעשריבען צו זייער פאַמיליע. וואָרום איהרע עלטערן וועלען דאָך אויך זיין די עלטערן פון מיינע קינדער! איך בעקום אַלץ פון איהרע הענד. זי פוצט מיך אויס מיט דער ציהרונג פון איהר פאָטער; עסען דערלאַנגט זי מיר אויף'ן פאַרפאָר פון איהר מוטער; זי שענקט מיר לוקסוס-קליינינקייטען, רעליקוויעס פון אַלטע צייטען; זיי דערמאָהנען מיר די בראַווע מלחמות, וואָס זענען בעזונגען געוואָרען דורך די דיכטער פונ'ם פאַטערלאַנד. און דאָס אַלץ

אימפאָנירט מיר, דעם מענשען פון נידעריגע קלאַסען, אונגע־וועהנליך.

נאָר זי ווערט די גוסטטהועריו, די גרויסמוטיגע נדבנ׳טע פון די אַלע חסדים און איך פערגעס גאָר, אַז דאָס אַלץ האָב איך איהר בעשאַפען, אַז איך האָב זי אַרויסגעשלעפט פון דער בלאָטע און חתונה־געמאַכט זי מיט אַ מענשען פון׳ אַ צוקונפט; דאָס אַלץ האָב איך איהר געטהאָן, איהר—דער אַרטיסטין אָהן אַ נאָמען, דער פרוי, וואָס די וועלט האָט זי פער׳משפט און וואָס איך האָב זי אפשר געראַטעוועט פון דער לעצטער ירידה.

און וואָס פאַר אַ וואוילע ווירטשאַפט מיר פיהרען! מיר האָבען פערווירקליכט דעם חלום פון אַ פרייען צוזאַמענלעבען. נישטאָ קיין טאָפּעלע שלאָפבעט, נישטאָ קיין אַלגעמיין שלאָפצי־מער, קיין אַלגעמיין טואַלעט־טישעל: אַלץ, וואָס איז נישט ריין, איז אַרויסגעשטויסען געוואָרען פון היילינען פערבאַנד. וואָס פאַר אַ גוטע זאַך דאָס איז—חתונה־האָבען, אָבער ווי מיר פערשטעהען עס, ווי מיר פערפאָלקאָמען עס! אַ דאַנק די צוויי בעזונדערע בעטען, האָבען מיר אַ געלעגענהייט צו זאָגען אַלע אָוועגד איי־נער דעם צווייטען אַ גוטע נאַכט. מיר זענען שטענדיג פרעהליך, ווען מיר קומען זיך צוזאַמען אינדערפריה און פרעגען איינער דעם צווייטען, צי מען איז געזונד און צי מען האָט גוט גע־שלאָפען. מיר געניסען אויך דעם געהיימען רייץ פון אונגעריכטע, פלעצליכע וויזיטען אין שלאָפצימער, וואָס קומען־פאָר ביי אַ מין ריטערישער סיטואַציע: דאָס איז נישט יענער מעהר אָדער ווע־ניגער פרייוויליגער געוואַלט, וואָס טרעפט שטענדיג נאָך אַ גע־וועהנליכער חתונה.

און וויפיעל אַרבייט געפינט זיך אין שטוב, בשעת דו זיצסט נעבען דיין ווייב, וואָס איז איבערגעבויגען איבער די וויקעלעך פון דעם דערוואַרטען קינד, אָנשטאָט דעם, צו פטר׳ן צייט אויף דאַנדעוואוס און לעדיגגעהן, ווי מיט אונז פלעגט פריהער געשעהן!

געהט־אַוועק אַ מאָנאַט פון אינטימסטען צוזאַמענלעבען—און פלוצלונג האָט זי אַ קינד פאַר דער צייט. עס ווייזט זיך אויף באָטס וועלט אַ פיצעל מיידעלע, וואָס קאָן קוים אָטעמען. גיבען

מיר עס באַלד איבער אונטער דער השגחה פון אַ מיושב׳דיגער פרוי, וואָס וואוינט מיט אונז אין שכנות און האָט אַ גוטען שם. נאָר אין אַ פּאָר טעג אַרום איז זי אונז מודיע, אַז דאָס קינד איז אָהן שום ליידען געשטאָרבען דערפון, ווייל זיין אָרגאַניזם האָט געהאַט ווייניג וועהר-קראַפט, און די אַקושערין האָט בעוויזען עס צו טויטען.

די מוטער נעהמט-אויף דידאָזיגע ידיעה מיט געוויסען-יסורים, צו וועלכע עס איז אָבער אויך צוגעמישט קענטליכע הנאה.

אויף אַזאַ אופן איז זי פריי פון אַ סך דאגות, וואָס קומען איבערהויפט פון מענשליכער איינריידעניש, וואָרום זיי, דידאָזיגע מענשען, נעהמען ביי איהר צו דאָס רעכט צו האַלטען ביי זיך אַ קינד, וואָס איז צו-פריה געקומען אויף גאָטס וועלט.

איצט האָבען מיר מיט ביידענס הסכמה אַ נייעם לאָזונג: קיין שום קינדער! מיר וועלען לעבען זאַלבעצווייט, ווי חברים פון בעזונדערע געשלעכטען, אָבער נישט אָהן ליעבע, און זאָל זיך יעדער פון אונז שטרעבען צו זיין ציעל. אַזוי ווי זי גלויבט שוין נישט מעהר אין מיין אונגעפעהרליכקייט אַלס מאַן, נעהמען מיר אָן סאַמע געוועהנליכע און סאַמע אונשולדיגע מיטלען.

דערוויייטערט אויף אַזאַ מין שטייגער די געפאַהר, הויבען מיר אָן פריי אָבצואָטעמען און אַרומצוקלערן אונזער לאַגע. מיין פאַמיליע האָט זיך אָבגעקעהרט פון מיר, און דעריבער האָט דאָס נייע לעבען נאָך דער חתונה נישט געבראַכט מיט זיך קיין שום נודנע קרובים; און אַזוי ווי מיין ווייב האָט אין שטאָדט בלויז איין מוהמע, זענען מיר ווידער פטור פון אַ סך וויזיטען, וואָס זענען אַזוי אונאָנגענעהם און שווער פאַר אַ חתונה-געהאַטען פּאָרל.

---

## II.

אין אַ וואָכען זעקס אַרום בעמערק איך, אַז צוויי נייע נפשות זענען געוואָרען שוה בשוה מיט מיין ווייב.

קודם-כל — אַ הונד פון דעם מין קינגטשאַרלזועס, עפּיס אַ פּערזעהעניש מיט אייטערדיגע אויגען, וואָס בעגעגענט מיך יעדעס מאָל, ווען איך קום אַהיים, מיט אַ ווילדען בילען, פּונקט ווי איך וואָלט מיך גאָרנישט אָנגעהערט צו די הויזיגע. איך האָב פיינט הינד, דידאָזיגע בעשיצער פון פּחדנים, וואָס האָבען נישט דעם מוט אַליין איינצובייסען דעם אָנפאַלענדיגען. אָבער דערדאָזיגער הונד איז מיר נאָך נמאס דערפאַר, ווייל ער איז איבער-געגאַנגען בירושה פון איהר ערשטער חתונה און דיענט דערפאַר שטענדיג פאַר אַנ׳אָנדענק וועגען איהר מאַן, מיט וועלכען זי האָט זיך גע׳גט.

אַז איך ברענג-אָן דעם הונד די ביינער צום ערשטען מאָל, מאַכט מיר דאָס ווייב ציטריגע פאָרוואורפען און פערענטפערט די חיה דערמיט, וואָס זי איז אַ ירושה פון איהר פערשטאָרבען טעכ-טערל. ווייטער זאָגט זי, אַז זי האָט מיך קיינמאָל נישט געהאַל-טען פאַר אַזאַ אכזר א. אַז. וו., א. אַז. וו...

בעמערק איך איינמאָל, ווי די מאַלפּע ליעגט אויפ׳ן גרויסען טעפּיך אין גאַסטצימער. נעהם איך און ברענג איהר אָן די ביינער, זאָגט דאָס ווייב, אַז איך בין אַ הונדשלעגער און אַזאַ איינער, וואָס האָט נישט קיין רחמנות אויף אַ שטומער בריאה.

—אָבער וואָס זאָל איך טהאָן, קינד מיינס, אַז חיות פערשטעהען נישט אונזער לשון!

וויינט זי און איז זיך מודה, אַז זי שרעקט זיך פאַר אַזאַ שלעכטען מאַנספערשוין, ווי איך...

און דאָס פּערזעהעניש האַלט אין איין שמוצען דעם טייערן טעפּיך.

קומט מיר אויפ׳ן זינען אַ פּלאַן צו דערציהען דעם הונד און בעווייזען דעם ווייב, אַז הינד לאָזען זיך לייכט אויסבילדען, אַז מיט אַ קליין ביסעל געדולד ביים דרעסירען קאָן מען אויסטהאָן ממש וואונדער.

שפּרינגט זי אויף פון גרימצאָרן און גיט מיר דאָס ערשטע מאָל אַנצוהערעניש, אַז דער טעפּיך איז איהרער.

—אויב אַזוי, טאָ נעהם דיר איהם צו. איך בין נישט מחויב צו לעבען אין שמוץ!

בלייבט דער טעפּיך אויפ׳ן אָרט און אויף דער חיה גיט מען השגחה. האָב איך, אַלזאָ, יאָ געווירקט.

קומען אָבער באַלד נייע צרות.

צו פערקלענערן די הוצאות און נישט צו מאַכען פייער אין דער קיך אַנ׳איבעריג מאָל, בענוגען איך מיך אין אָוועגד מיט קאַלטען עסען. קום איך אָבער איינמאָל צופעליג אַהיים בייטאָג און כאַפּ מיך אַריין אין קיך. און וואָס זעה איך דאָרטען? אויף אַ שטאַרקען פייער בראָט די דיענסט קאַלבס-קאָטלעטען.

—פאַר וועמען מאַכט מען דאָס קאָטלעטען?

—פאַר׳ן הונד.

לויפט-אַריין דאָס ווייב.

—קינד מיינס...

—ענטשולדיג, איך האָב בעצאָהלט פאַר זיי!

—אָבער איך עס דאָך אין אָוועגד קאַלט עסען, איך עס דאָך ערגער פון דיין הונד... און איך צאָהל דאָך עפּיס אויך!

זי צאָהלט!

פון דעמאָלט-אָן בעגעהט מען זיך מיט דעם הונד, ווי מיט אַנ׳אָבגאָט, ווי מיט אַ קדוש. מאַריע פערשליסט זיך מיט איהר חבר׳טע—שוין גאָר אַ נייע חבר׳טע—און ברענגט דאָרט קרבנות פאַר דער מאַלפּע, וועלכער מען פוצט-אויס דאָס העלזעל מיט אַ בלויי סטענגעלע. און ביידע בעוויינען די מענשליכע אכזריות, וואָס איז פערקערפּערט געוואָרען אין מיין פערהאַסטער געשטאַלט.

בעפאַלט מיך עפּיס אַ שרעקליכע פיינטשאַפט צו דעמדאָזי-גען צושטערער פון אונזער שלום-בית, וואָס פּלאָנטערט זיך מיר ווייל׳עוויז אונטער די פיס. מאַכט דאָס ווייב דעם הונד אַ געלע-גער פון אַ קישען מיט טיכלעך, וואָס שטעהען מיר שטענדיג אין [illegible]ען וועג. בשעת איך וויל איהר זאָגען גוט-מאָרגען אָדער אַ [illegible]ע נאַכט, אָן אַלע שבת, ווען איך וויל פערברענגען אַנ׳אָוועגד [illegible] דעם ווייב, נאָך אַ וואָך אַרבייט, און כאַפּען אַ שמועס מיט [illegible] וועגען פערגאַנגענע זאַכען אָדער וועגען דער צוקונפט,

שטעקט זי גאַנצע שעה'ן מיט איהר חבר'טע אין קיך. די דיענסט פערלעגט פייער און די גאַנצע שטוב ווערט איבערגעקעהרט מיט'ן קאָפּ אַראָב. און מיינט איהר. צוליעב וואָס? אין דעמדאָזיגען טאָג באָדט מען דאָס פּערזעהעניש!

איז עס נישט אכזריות—אַזוי צו בעגעהן זיך מיט מיר?

—אַנ'אכזר איז זי דאָך, אָט די גוטע נשמה, וואָס איז מקריב פאַר דעם אָרימען פערוואָהרלאָזטען בעשעפעניש אפילו דאָס פאַמיליען-גליק!—שרייט-אויס די חבר'טע.

ביי איין מיטאָג געהט די גראָבקייט איבער יעדע גרעניץ.

פאַר אַ געוויסער צייט הערט מיר אויף צו געפעלען דער מיטאָג, וואָס ווערט געבראַכט פון רעסטאָראַן. אָבער מיין גאָלדען ווייב האָט מיר בעוויזען איינצורעדען דורך איהר שטענדיגער גרויסמוטיגקייט, אַז איך טשעפּע מיך אומזיסט. האָב איך איהר געגלויבט. וואָרום זי האַלט כסדר אין טענה'ן, אַז זי איז אַנ'עהרליכע אָפענהאַרציגע נאַטור.

דערלאַנגט מען דעם דערמאָהנטען מיטאָג. אויפ'ן טעלער, וואָס מען שטעלט-אַנידער נעבען מיר, ליעגען עפּיס ביינער און שטיקלעך אָדערן.

—אָבער, קינד מיינס,—זאָג איך צו דער דיענסט,—וואָס האָט איהר עס מיר דערלאַנגט?

—איך זעה אַליין, מיין הער.. דער מיטאָג איז גאָרנישט אַזאַ שלעכטער, בשעת מען ברענגט איהם פון רעסטאָראַן. אָבער די מאַדאַם הייסט, איך זאָל אָבלעגען די בעסערע שטיקלעך פלייש פאַר'ן הונד...

היט זיך פאַר דער פרוי, וואָס ווערט געכאַפּט אויפ'ן אָרט פון אַ חטא. איהר גרימצאָרן וועט דרייפאַכיג פאַלען אויף אייער קאָפּ.

ווי אַ דונער טרעפט איהר דער פאַקט, וואָס איך כאַפּ איהר אין ליגען און אפילו אין רמאות. האָט זי דאָך שטענדיג גע-האַלטען אין איין טענה'ן, אַז זי האַלט-אויס דעם הונד אויף איהר חשבון! אַ בלאַסע, אַ שווייגענדיגע, דערוועקט זי אין מיר רחמנות צו זיך. הויב איך מיך אָן שעמען פאַר איהר. און אַזוי

ווי איך וויל נישט זעהן איהר דערנידערונג, הויב איך זי אָן טרייסטען, ווי אַ גרויסמוטיגער זיעגער. גיב איך איהר צערטליך אַ ציה פאַר׳ן בעקעל און זאָג איהר, זי זאָל זיך נישט אָבעסען דאָס האַרץ פון אַזוינע נאַרישקייטען.

אָבער דער מין איידעלמוטיגקייט געהערט נישט צו איהרע שוואַכקייטען. ווערט זי אויפגעצונדען און עס הויבט זיך אָן אַ לאַנגע סדרה... עס איז באַלד, זאָגט זי, קענטיג, אַז איך בין נישט קיין וואוילדערצויגענער פיליסטער, וויבאַלד איך דערלויב זיך צו מאַכען איהר פאָרוואורף פאַר דער דיענסט אין די אויגען. און דידאָזיגע דיענסט האָט דאָך צוליעב איהר נאַרישקייט נישט פער-שטאַנען איהרע פעראָרדנונגען! קורץ גערעדט, שולדיג בין איך. און טאַקי אין דער אייגענער רגע בעפאַלט זי אַ נערוועןאַטאַק. שטעהט זי אויף פון טיש און וואַרפט זיך אויפ׳ן דיוואַן, צאַפּעלט זיך און ליאַרימט, ווי אַ משוגע׳נע, וויינט און שרייט: „איך שטאַרב!"

גלויב איך גאָרנישט דערין און בין מיר גאַנץ קאַלטבלוטיג פאַר דער גאַנצער צייט פון דערדאָזיגער קאָמעדיע.

וואָס פאַר אַ מהומה צוליעב אַ הונד!

אָבער זי יאָמערט אַזוי, אַז איך הויב מיך עטוואָס אָן צו בעאונרוהיגען, אַ שרעקליכער הוסט צוטרויסעלט איהר קער-פער, וואָס איז נאָך שוואַך פון קינפּעט. סוף-כל-סוף לאָז איך מיך נאַרען און שיק נאָכ׳ן דאָקטאָר.

קומט דער דאָקטאָר, הערט-אויס דאָס האַרץ, טאַפּט דעם פולס און איז זיך מרה-שחורה׳דיג מכין אַוועקצוגעהן. אויף דער שוועל אָבער פערהאַלט איך איהם:

—נו?

—הם... גאָרנישט!—זאָגט ער און טהוט-אָן דעם מאַנטעל.

—גאָרנישט?.. אָבער...

—אַבסאָלוט גאָרנישט!.. איהר ווייסט דאָך, ווי דידאָזיגע פרויען... אַדיע!

ווען איך וואָלט צו יענער צייט געוואוסט דאָס, וואָס איך ווייס איצט, ווען איך וואָלט געוואוסט דעם סוד, וואָס איך האָב

דערנאָך ענטדעקט, ווי אַזוי צו היילען קליינע און גרויסע היסטעריקעס! אָבער צו יענער צייט האָב איך געקאָנט טהאָן נאָר איין זאַך: קושען די אויגען און בעטען מחילה. צו וואָס האָב איך עס בעדאַרפט טהאָן! דריקט זי מיך צו דער ברוסט, רופט מיך אָן קלוג יונגעלע און הייסט, איך זאָל זי שווינען... זי איז דאָך, נעבאַך, אַזאַ שוואַכע, אַזאַ מאַכטלאָזע, אַז זי קאָן אַוועקשטאַרבען אין אַ ליאַדע טאָג, אויב דאָס יונגעל וועט זיך נישט אויפפיהרען קלוג און וועט מעהר נישט מאַכען אַזוינע שווערע סצענעס!

און צו מאַכען זי אינגאַנצען גליקליך, בעהם איך דעם הונד און הויב איהם אָן קראַצען דעם רוקען. שענקט זי מיר ביי אַ אַ גאַנצער האַלבער שעה אַזוינע בליקען, וואָס זענען פול מיט הימלישען עקסטאַז.

און פון דער מינוט אָן קאָן שוין דער הונד אָהן שום מניעה אומעטום שמוצען, פונקט ווי מיר אויף צו־להכעיס, און איך דערשטיק דעם כעס אין זיך.

איך וואַרט נאָר אויס אויף אַ גוטער געלעגענהייט, איך זאָל מיך קאָנען בעפרייען פון דער נויטוועגדיגקייט צו לעבען אין אַ פערשמוצטער וואוינונג... און אַזאַ מאָמענט קומט־אָן.

אין איינעם אַנ׳אומגליקליכען טאָג קום איך צוגעהן אויף מיטאָג און טרעף דאָס ווייב אַ פערוויינטע. זי האָט זעהר גרויס עגמת־נפש. קיין מיטאָג האָט מען נישט געבראַכט און די דיענסט ווכט־אַרום דעם הונד, וואָס איז ערגעץ פערפאַלען געוואָרען.

מיט גרויס מיה פערבאָרג איך מיין שמחה און דריק איהר אויס מיין אויפריכטיגע בעדויערונג, וואָרום זי איז באמת זעהר צוטרויסעלט. אָבער זי קאָן נישט פערשטעהן דעמודאָזיגען פשוט׳ען פאַקט, אַז איך קאָן איהר מיטפיהלען און גלייכצייטיג זיין פרעהען דערמיט, וואָס מיין שונא איז נעלם געוואָרען. ווערט זי באַלד אָנגעצונדען און שרייט:

—דו ביזט צופרידען, נישט וואָהר? דו פרעהסט זיך אויף דעם אומגליק פון דיין נאָהנטען פריינד. זעהסטו, וואָס פאַר אַ שלעכטער דו ביזט, זעהסטו, ווי דו האָסט מיך נישט ליעב!

—אָבער, קינד מיינס, איך האָב דיך ליעב—קאָנסט מיר גלויבען דעריך, כאָטש איך קאָן פיינט האָבען דיין הונד.

—אויב דו האָסט מיך ליעב, בעדאַרפסטו אויך ליעב האָבען מיין הונד.

—אַך, ווען איך וואָלט דיך נישט ליעב געהאַט, וואָלט איך דיך לאַנג גוט אָנגעשלאָגען!

אָבער דער רעזולטאַט פון דידאָזיגע ווערטער איז אַ שרעקליכער. סטייטש, שלאָגען אַ פרוי! איהר גיט נאָר אַ טראַכט,—שלאָגען אַ פרוי! זי איז אַזוי ווייט אויפגערעגט, אַז זי זאָגט—איך האָב אַרויסגעטריבען דעם הונד און נאָך אפשר פער'סמ'ט.

אַרומגעפאָהרען איבער אַלע פּאָליציי-בעצירקען און אַלע היי-צעל-שטאַהלען, געפינען מיר סוף-כל-סוף דעם צושטערער פון אונזער שלום-בית. דאָס ווייב און די חבר'טע איהרע, וואָס האַלטען מיך פאַר אַנ'אָב'סט'ער, אָדער, לפּחות, פאַר אַ מענשענפרעסער, מאַכען לכּבוד דעם הונד אַ גרויסען יום-טוב.

פון דערדאָזיגער מינוט-אָן וואוינט שוין דער הונד אין דעם ווייבס שלאָפצימער און דאָס ליעבע נעסט, וואָס איך האָב אויסגעפוצט מיט קינסטלערישען געשמאַק, ווערט פערוואַנדעלט אין אַ נאָרע פון אַ הונד.

אונזער קליין דירה'לע איז אַזוי אויך נישט זעהר בעקוועם פאַר'ן צוזאַמענלעבען פון אַ פּאָרל. מאַך איך איהר אַ בעמערקונג וועגען דעם, ענטפערט זי מיר, אַז דאָס איז איהר צימער. נעהם איך פאַר אַנ'אונ'ברחמנות'דיגען קרייץ-צוג און לאָז זיך איהר אַזוי לאַנג פייניגען, ביז זי בעקומט, סוף-כל-סוף, אַ מין היצ-קראַנקהייט פון צוקאָכטען בלוט.

—דו זאָגסט מיר אפילו נישט קיין גוט-מאָרגען!

—אַז איך קאָן נישט צוקומען צו דיר!

בלאָזט זי זיך, בלאָז איך מיך אויך. אַ צוויי וואָכען צייט בין איך געצוואונגען זיך אויפצוהאַלטען און נישט געניסען פון מאַן-און-ווייב-לעבען. צולעצט, צווינג איך זי, זי זאָל קומען נאָך צערטליכקייטען צו מיר אין צימער, הויבט זי מיך אָן פיינט צו האָבען.

שפעטער גיט זי זיך אונטער און בעשליסט פטור צו ווע-רען פון הונד. אָבער זי טהוט דאָס נישט תיכף, נאָר זי רופט די חבר׳טע און הויבט-אָן צו שפּיעלען אַ גאַנצע אָבשייד-קאָמעדיע אויף דער טעמע: „דער לעצטער טאָג פון אַ פער׳משפט׳ען". זי דערגעהט אַזוי ווייט, אַז זי בעט מיך, שטעהענדיג אויף די קניה, איך זאָל אַרומנעהמען די שמוציגע חיה — אַ צייכען, אַז איך ווער מיט איהר שלום: אפשר האָט אויך דער הונד אַ נשמה און מיר וועלען זיך טרעפען אויף יענער וועלט?..

און אָט איז דער רעזולטאַט: איך שענק דעם פער׳משפט׳ען לעבען און פרייהייט. בעשיט זי מיך מיט טויזענדער ראיות פון דאַנקבאַרקייט...

פאַרהאַן מאָמענטען, ווען מיר ווייזט-אויס, אַז איך געפין מיך אין אַ משוגעים-הויז. אָבער, ליידער, טראָגסטו איבער אַלץ, ווען דו האָסט ליעב אַ פרוי.

דידאָזיגע סצענע פון דעם פער׳משפּט׳ענס לעצטען טאָג בע-גייט זי אַלע זעקס חדשים אין אַ משך פון דריי יאָהר צייט.

יונגערמאַן! אויב דו האָסט געלייענט דידאָזיגע אמת׳ע גע-שיכטע מיט אַ מאַן, אַ פרוי און אַ הונד, האָסטו געוויס געליטען פון מיינע אמת׳ע ווערטער. וועסט מיר אויך אודאי נישט אָבזאָ-גען אין מיטגעפיהל, ווייל מיינע יסורים האָבען זיך געצויגען דריי מאָל דרייהונדערט פינפאונזעכציג מעת-לעת, צו פיעראונצוואַנ-ציג שעה אין יעדען. בעוואונדער מיך, וואָרום איך בין נאָך גע-בליבען לעבען! און אויב איך בין באמת משוגע, ווי עס בעשטע-טיגט מיין ווייב, טאָ זאָג, ווער איז דערין שולדיג, אויב נישט איך אַליין, וואָרום איך האָב נישט געהאַט קיין מוט איין מאָל פאַר אַלעמאָל צו פער׳סמ׳ען דאָסדאָזיגע שמוציגע בעשעפעניש!

III.

מאַריע׳ס חבר׳טע איז אַנ׳ארים, אונפערשטענדליך און אַלט מעוזען, אַרום פיערציג יאָהר; זי איז אַנגעפילט מיט אידעאַלען,

וואָס איך האָב שוין לאַנג אָוועקגעוואָרפען.

זי איז מיין ווייבס טרייסטערין. אַז איך ברעך-אָן דעם הונד די ביינער, געהט זי זיך אויסוויינען אויף איהר האַרץ. זי הערט-אויס די קללות, וואָס דאָס ווייב שיט-אויס געגען חתונה-האָבען, געגען דעמדאָזיגען יאָך פון פרויען.

האַלטען האַלט זיך די בריאה גאַנץ בעשיידען און אין דער בעל-הבית׳ישקייט מישט זי זיך נישט אַריין. זי מישט זיך נישט אויף אַזויפיעל, אַז איך זאָל עס קאָנען וויסען, אָבער דאָס איז ווייניג. וואָרום די גרויסע אַרבייטען, וואָס איך האָב פערטראַכט, פערשלינגען אַזוי ווייט מיין צייט, אַז איך זעה לחלוטין גאָרנישט אַרום זיך. פונדעסטוועגען ווייס איך, אַז זי מאַכט קליינע הלואה-לעך ביים ווייב; נעגען דעם האָב איך גאָרנישט אַזוי לאַנג, ביז וואַנען זי נעהמט אין אַ שענעם טאָג אַ טייל פונ׳ם זילבערנעם געפעס און טראָגט עס אַוועק פערזעצען ביי אַ וואָכערניק.

מאַך איך מאַריע׳ן אַ בכבוד׳ע בעמערקונג—איך גיב איהר צו פערשטעהן, אַז אפילו ביי אַ דאָטאַל-סיסטעם איז גאָרנישט מעשה-חבר אַזאַ מין בעגעהן זיך. פאַר מיר, איהר מאַן, איהר חבר, וואָס לעבט טיילמאָל איבער גרויסע שוועריגקייטען אין געלד-ענינים, מאַכט זי קיינמאָל נישט אַזוינע הלואות.

—און אַזוי ווי,—זאָג איך איהר ווייטער,—פרעמדע מענשען מעגען קומען צו דיר נאָך אַ הלואה, בעט איך ביי דיר איין זאַך: זאָלסט מיר אַנטלייהען דיינע ווערט-פאַפּירען, וועל איך זיי פערזעצען!

זאָגט זי, אַז די ווערט-פאַפּירען זענען איצט געפאַלען אין פרייז, אַז זיי זענען גאָרנישט ווערט און מען קאָן זיי נישט פערקויפען. און, איבעריגענס, האָט זי פיינט צו האָבען געשעפט-ליכע ענינים מיט אַ מאַן!

—נו, און מיט פרעמדע אָרימע פרויען, וואָס לעבען אויף אַ יעהרליכער פענסיע פון פינפאונזיבעציג קראָן? יעדענפאַלס איז עס זעהר משונה אָבצוזאָגען אַ מאַן אין אַ טובה, אַ מאַן, וואָס וויל זיך שאַפען אַ צוקונפט, וואָס וויל בעזאָרגען דאָס ווייב אויף יענעם פאַל, ווען זי וועט בלייבען מיט לעדיגע קעשענעס, שוין

נישט-ריידענדיג דערפון, וואָס איהרע אינטערעסען שטימען זיך מיט מיינע.

סוף-כל-סוף גיט זי זיך אונטער, און איך מאַך אַ הלואה פון דרייטויזענד פינפהונדערט קראָן, פערזעצענדיג די אַקציעס.

איצט האַלט זי, אַז זי האָט מיר אַרויסגעוויזען גרויסע חסדים און האַלט אין איין פערזיכערן אַלעמען און יעדען איינעם, אַז זי האָט מיר געשאַפט אַ קאַריערע און אַז זי האָט פאַר מיר געאָפפערט מיט'ן גרן! פונקט ווי איך וואָלט נישט אַרויסגעוויזען קיין סימנים פון טאַלענט סיי אַלס דראַמאַטיקער און סיי אַלס ראָמאַניסט נאָך פריהער, איידער איך האָב מיך מיט איהר בעקאַנט. אָבער מיר איז אָנגענעהם צו שטעהן נידעריגער פון איהר, זיין איהר פערפליכטעט מיט מיין לעבען, מיט מיין גליק און צוקונפט.

אינ'ם חתונה-קאָנטראַקט האָט זי געפאָדערט, אַז דאָס פערמעגען זאָל בעצייכענט ווערען נישט אויף איין נאָמען, הויפּטזעכליך דערפאַר, ווייל איהרע בעשעפטען זענען נישט אין אָרדנונג. ביים באַראָן האָט איהר געקומט געלד; אָבער אַנשטאָט צו בעצאָהלען דעם חוב מיט מזומן געלד, האָט ער געגעבען זיין זשירע אויף אַ וועקסעל, נישט-געקוקט אויף די פּאַרזיכטס-מיטלען, וואָס איך האָב אָנגענומען, האָט מען מיך אין אַ טאָג אַרום נאָך דער חתונה גערופען אין באַנק אַריין און געצוואונגען, איך זאָל פון מיין צד זשירירען. אומזיסט האָב איך מיך געעקשנ'ט. די באַנק האָט נישט אָנערקענט מיין ווייבס קרעדיטסעהיגקייט. צוליעב דעם, וואָס זי האָט אַ צווייט מאָל חתונה-געהאַט, האָט זי אָנגעוואָרען די קרעדיטספעהיגקייט. איך האָב שטאַרק גע'כעס'ט און דאָך געמוזט אונטערשרייבען די זשירע, אַוועקשטעלענדיג מיין נאָמען נעבען דעם נאָמען פון באַראָן.

וואָלט איך דעמאָלט געוואוסט, וואָס איך טהו! אָבער אין יענער צייט בין איך געווען אַ פרא-אדם, וואָס גלויבט אין אַלץ: איך האָב געהאַלטען פאַר ריכטיג דאָס אַלץ, וואָס עס וואָלט געטהאָן אויף מיין אָרט אַ וועלטליכער מאַן.

איינמאָל אין אָוועגד, בשעת איך האָב ביי זיך אויפגענו-מען אַ פריינד, האָט אונז בעזוכט דער באַראָן. דאָס איז געווען זיין ערשטער וויזיט נאָך אונזער חתונה. מיר האָט אויסגעוויזען נישט בעקוועם, וואָס דער ערשטער מאַן האָט אונז בעזוכט. אָבער קיים האָט ער זיך נישט געשעמט פאַר׳ן צווייטען מאַן, האָב איך ארויסגעצויגען אַ גאַנץ פריינדליכע מינע. בעגלייט דעם פריינד צום פאַרצימער, האָב איך נישט געהאַלטען פאַר נויטיג פאָרצו-שטעלען איהם דעם באַראָן. דערפאַר האָט מיר דאָס ווייב שפּע-טער גוט אָנגעזייפט דעם קאָפּ און האָט מיך בעשולדיגט אין גראָבקייט. האָב איך געענטפערט, אַז נישט זי און נישט דער באַ-ראָן האָבען קיין שום טאַקט נישט אין זיך.

האָט זיך אָנגעהויבען אַ גרויסער קריעג, אין וועלכען מען האָט מיך אָנגערופען ליימענער קאָפּ. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, און מען האָט זיך דערמאָהנט אָן די בילדער, וואָס זענען גענומען בעוואָרען פון באַראָנס הויז און וואָס בעפוצען איצט די ווענד פון מיין וואוינונג. האָב איך געפאָדערט, מען זאָל זיי אָבגעבען צוריק.

—ווי קאָן מען אָבער אָבגעבען מתנות—ענטפערט דאָס ווייב,—דאָס איז דאָך אַ בזיון פאַר איהם. ער היט דאָך יאָ דיי-נע מתנות, אַלס צייכען פון פריינדשאַפט און צוטרוי!

דאָס ליעבהאַרציגע ווערטעל „צוטרוי" איז מיך איינגאַנצען מגצה. אין דער אייגענער רגע איז מיר געקומען אויפ׳ן אויג דער שרייבטיש, וואָס דערוועקט אין מיר אַ שווערע ערינערונג.

—וועמעס איז דער שרייבטיש?

—איך האָב איהם בעקומען פון דער מוטער!—זי האָט אפילו געזאָגט דעם אמת, אָבער זי האָט פערגעסען צוצוגעבען, אַז ער איז דורכגעגאַנגען דורך דער וואוינונג פון איהר ערשטען מאַן.

וואָס פאַר אַ מין גראָבקייט, וואָס פאַר אַ מין שלעכטער געשמאַק, וואָס פאַר אַ מין נישט-פאַרזיכטיגע בעציהונג בנוגע צו מיין כבוד! שוין-זשע איז עס אומישנע געמאַכט געוואָרען, מבזה-נו-זיין מיך אין די אויגען פון דער געזעלשאַפט? שוין-זשע בין

איך אַריינגעפאַלען אין אַ נעץ, וואָס אַ שלעכטע פרוי האָט אָנגעשטעלט אויף מיר!

נישט-בעשיצענדיג זיך געגען איהר גיהנמ׳דיגער לאָגיק, האָב איך מיך פערלאָזט אויף איהר כעס און גוטמוטיגקייט מיט דער האָפנונג, אַז זי וועט מיך אַרויספיהרען פון די אַלע ספקי-דיגע צופאַלען, ווען מיין דערציהונג וועט זיך אַרויסווייזען פאַר צו-שוואַך, אויף אַלץ האָט זי געהאַט איין ענטפער: דער באַראָן האָט קיין איין זאַך נישט געקויפט פאַר דער ווירטשאַפט, אַלץ געהערט צו איהר! און וויבאַלד דער באַראָן האָט נישט געהאַט געגען דעם איבערצולאָזען ביי זיך מיין ווייבס אויסשטאַטונג, מעג איך, אַלזאָ, נעהמען פאַר זיך יענע זאַכען, וואָס געהערן מיין ווייב.

די לעצטע פראַזע: „וויבאַלד דער באַראָן האָט גאָרנישט געהאַט געגען דעם איבערצולאָזען פאַר זיך מיין ווייבס אויס-שטאַטונג״—פערשאַפט מיר גרויס נחת. וואָרום די בילדער, וואָס זענען געהאַנגען אין מיין גאַסטצימער און האָבען געדיענט פאַר אַ בעווייז פון הויכען צוטרוי און פון דעם אידעאַלען כאַראַקטער פון אונזערע בעציהונגען, זענען געבליבען דאָרטען. איך בין זאָ-גאַר געווען אַזוי נאַאיוו, אַז מיר איז אַפילו אָנגענעהם געווען אָנצורופען פאַר נייגיריגע מענשען, וואָס האָבען מיך געפרעגט וועגען די בילדער, דעם נאָמען פון מתנה-געבער.

אָ, ווען איך וואָלט דעמאָלט געוואוסט, אַז איך, דער מענש אָהן יחוס, בעזיץ טאַקט און גוטען געשמאַק, דאָס הייסט אָט די אַלע חושים, וואָס מען טרעפט אפילו אין די נידעריגע קלאַסען און וואָס פעהלען אַזוי אָפט ביי די וועלטליכע לייט, נישט-גע-קוקט אויפ׳ן לאַק, מיט וועלכען זיי בעדעקען זייער פויערשען כאַראַקטער! ווען איך וואָלט געוואוסט, וואָס פאַר אַ פרוי איך האָב אָנגעטרויט מיין מזל! אָבער איך האָב דאָס אַלץ נישט געוואוסט!

## IV.

באַלד ווי מאַריע איז געקומען צו די כחות נאָכ'ן קינפעט, וואָס האָט זי טאַקי אַ היבשע צייט געהאַלטען פערשפאַרט אין שטוב, איז איהר בעפאַלען אַ געוואַלדיגער דורשט צו בעוועגען זיך.

לויפט זי אין טעאַטער מיט'ן אויסרייד, אַז זי האָט דאָרט וואָס צו טהאָן, בעזוכט זי עפענטליכע פייערונגען, אָבער איך זיץ אין דערהיים און אַרבייט. אַזוי ווי זי איז איצט בעשיצט מיט'ן טיטול פ ע ר ה י י ר אַ ט ע פ ר ו י, זענען פאַר איהר פון דאָסניי אָפען אַלע טהירען, וואָס זענען געוועהנליך פערמאַכט פאַר אַ גע'גט'ער פרוי. זי וואָלט וועלען אפילו מיך אויך שלעפען מיט זיך, וואָרום אַז מען קומט ערגעץ אָהן דעם מאַן, מאַכט עס פאָרט אַ שלעכטען איינדרוק. אָבער איך בין גלייכגילטיג צו איהרע כונות. זי איז פריי און זעלבסטשטענדיג, ווי מיר האָבען אָבגעמאַכט, און איך לאָז איהר געהן, וואוהין זי וויל.

—מען זעהט דאָך קיינמאָל נישט מיין מאַן,—זאָגט זי.

—ווערט מען איהם לייכט פערשטעהן!—ענטפער איך.

קורץ גערעדט, דער מאַן ליעגט ביי אַלעמען אויף די ציגנער און זי רעדט וועגען מיר פון אויבען אַראָב.

אין די שעה'ן פון איינזאַמקייט, בשעת איך זיץ אין שטוב, בעאַרבייט איך מיין עטנאָגראַפיש ווערק, וואָס ווערט מיר געבען אַ הוספה אין דער ביבליאָטעק. איך קאָרעספאָנדיר מיט געלעהרטע אויטאָריטעטן פון פאַריז, פון בערלין, פעטערבורג, פעקין און אירקוטסק און ביי זיך אויפ'ן שרייבטיש האַלט איך די פעדים פון אַ גאַנצער נעץ בעציהונגען, וואָס זענען צעוואָרפען איבער דער גאַנצער אַלטער וועלט. מאַריע'ן געפעלט אָבער נישט דידאָזיגע אַרבייט. איהר וואָלט געוועןאָנגענעהמער, ווען איך וואָלט געשריבען קאָמעדיעס, און זי בלאָזט זיך אויף מיר. איך ראַט איהר אָבער, זי זאָל וואַרטען ביז'ן סוף און פריהצייטיג נישט ריידען איבער מיין אַרבייט. וויל זי נישט וויסען פון כינעזישע אויספאָרשונגען, וואָס ברענגען נישט אַריין קיין שום הכנסה. די מאָדערנע קסאַנטיפע פרובט-אויס מיין סאָקראַטיש:

געדולד ; זי זאָגט, אַז איך ברענג-אויס אויף נאַרישקייטען איהר גדן—אַך, אייביג איהר גדן!

פיהר איך אַ לעבען, וואָס איז פול צער און פרייד און שטענדיג האַלט איך אין איין טראַכטען וועגען מאַריעס צוקונפט, וועגען איהר אַרטיסטישער קאַריערע. אין מערץ דערהערען זיך קלאַנגען, אַז עטליכע אַרטיסטען געהען-אַוועק פון דער קעניגלי- כער טרופע, נאָר קלאָר וועט עס ווערען סוף מאַי, ווען עס ווע- רען געוועהנליך געשלאָסען קאָנטראַקטען. דריי חדשים נייע טרעה- רען, נישט פעררעכנענדיג די אַלטע. אין שטוב דרעהען זיך גאַנ- צע טעג אַרום צרה'דיגע בעשעפעניש פון קעניגליכען טעאַטער, מיין נשמה איז, אַדאַנק דעם פערקעהר מיט דער וויסענ- שאַפט און אַדאַנק דעם וואוּס פון מיין טאַלענט, געוואָרען אַבּ- אַריסטאָקראַטישע, און זי ווערט אויפגערעגט דורך דידאָזיגע קליי- נע מענשעלעך, וואָס האָבען נישט קיין טאַלענט, וואָס האָבען נישט קיין בילדונג און וואָס עקלען מיט זייערע גאווה'דיגע תנועות. אָבער זי האַלט אין איין ; אַרויסזאָגען נייע אמונ'ן, מאוס'ע באַנאַליטעטען, גענומען פון אַקטאָרישען זשאַרגאָן.

גאָבדעם, ווי איך האָב מיך אַרעכט ביסעל אויסגעמוטשעט איף דידאָזיגע נאַרישע אָווענדען, בעט איך, צולעצט, דאָס ווייב, זי זאָל מיר ענטשולדיגען, אויב איך וועל מעהר נישט זיין אין דער געזעלשאַפט פון איהרע געסט. איך ראָט איהר, זי זאָל זיך האַלטען וואָס ווייטער פון דידאָזיגע קליינע מענשעלעך, וואָרום זיי זענען אונז מבזה און נעהמען אונז צו די נויטיגע מוטיגקייט.

דערמיט אָבער דערגרייך איך בלויז דאָס, וואָס זי וואַרפט מיר מיט חוזק אין פנים אַריין: „אַריסטאָקראַט!“

—געוויס בין איך אַנ'אַריסטאָקראַט,—זאָג איך איהר,— אין דעם זין, וואָס איך שטרעב צו די הימלען—די הימלען פון טאַלענט און נישט צו די מיללוואָה-פעלסער פון דער אַזויגערו- פענער פאַטענטירטער אַריסטאָקראַטיע. דאָס שטערט מיר גאָרנישט צו פיהלען דעם צער פון די עלענדע!

בשעת איך פערגיב זיך די פראַגע, ווי אַזוי האָב איך גע- קאָנט יאָהרענלאַנג לעבען אין דער צוואַנג פון אַ פרוי, וואָס האָט

מיך אַרומגעפּליקט, אַרומגעשיפּעט פאַר די האָהר, וואָס האָט צו-זאַמען מיט דער חבר׳טע און דעם הונד מיך בע׳גנב׳עט, קום איך צו דעם אויספיהר, אַז דאָס נעהמט זיך פון מיין מעסיגער נאַטור, פון מיין אַסקעטישער פילאָזאָפיע, וואָס לערנט מיך נאָכצוגעבען מענשען, בעזונדערס דעם אָביעקט פון מיין ליעבע. איך האָב זי אַזוי שטאַרק ליעב, אַז איך ווער איהר נמאס, און זי האָט מיר שוין נישט איין מאָל געגעבען צו פיהלען, אַז מיין שטורמישע נאַטור מאַכט זי אונרוהיג. אָבער אין יענע מינוטען, בשעת זי צערטעלט מיך, בשעת איך לעג מיין הייסען קאָפּ צו איהר אויף די קניה, בשעת איהרע הענד שפּיעלען מיט מיין לייבען-גריווע, פערגעס איך אָן אַלץ און בין איהר אַלץ מוחל: איך בין דעמאָלט גליקליך און איך פיהל, אַז איך קאָן מיך מעהר אָהן איהר נישט בעגעהן, אַז מיין גאַנצע עקזיסטענץ הענגט אויף אַ פאָדעם, וואָס דער קנויל זיינער געפינט זיך ביי איהר אין די הענד. ביסלעכווייז ווערט זי געוועהנט צו טראַכטען, אַז איהר נאַטור איז העכער פון מיינער. אַדאַנק דערדאָזיגער אָפּטישער גענאַרעריי, וואָס קומט צוליעב דעם, ווייל איך בין מיך מבזה פאַר איהר, ווער איך אין שטוב עפּיס אַ מין קינד, און דאָס ווערט פערשטאַרקט אַזוי ווייט, אַז זי דערנעהנטערט זיך צו מיר נישט אַנדערש, ווי מיט חניפה.

פון דערדאָזיגער מינוט-אָן בין איך אינגאַנצען אי[illegible] מאַכט און דעם פיין פון דערדאָזיגער מאַכט דערשפּיר אי[illegible] באַלד.

דרויסען ווערט זומער, און מאַריע מיט אי[illegible] דיענסט פאָהרען-אַרויס אויף זומער-וואוינונג. כדי נישט [illegible] זיין אַליין די אַלע זעקס טעג, וואָס איך בין פערנומען אין ביבליאָטעק, נעהמט זי צו זיך אויף פּאַנסיאָן איהר חבר׳טע. און דאָס ווערט געטהאָן אין אַזאַ צייט, ווען איך שרעק מיך, די חיבות זאָלען נישט גע-צאָהלט ווערען פּינקטליך און מיר זענען בעגרענצט אין געלד. מאַריע רופט מיך „בייזער גייסט" און זאָגט, אַז אַלע מענשען זענען ביי מיר שלעכטע... בקיצור, איך גיב מיך אונטער פשוט דערפאַר, ווייל איך וויל אויסמיידען אונאַנגענעהמע סצענעס און

ווייל איך וויל האָבען אַ ווייב. איך גיב מיך אונטער, צום בעדויערן, ווי אַלעמאָל...

אַ גאַנצע וואָך לעב איך איינזאַם און איינגעהאַלטען, הער איך נישט אויף צו חלומ'ען וועגען שבת. שבת שפּרינג איך אַריין אין וואַגאָן אַריין פול מיט שמחה, דערנאָך גיה איך אַ האַלבע שעה אונטער דער זון, וואָס ברענט און בראָט, שלעפּענדיג מיט זיך פלעשער און פּראָוויאַנט אויף אַ וואָך צייט. און, געהענדיג, בעפאַלען מיך גאָלדענע חלומות: נאָך אַ מינוט—און מיר אַנטקעגען וועט אַרויסלויפען מאַריע מיט פונאַנדערגעשפּרייטע אָרעמס, מיט אַ פריידיגען פּנים, אַ גענעזענע אויף דער פרישער לופט. און איך זעה שוין פאָראויס דעם געגרייטען טיש מיט'ן שענעם מיטאָג, וואָרום אויסער אַ גלאָז קאַווע האָט מיין מויל גאָרנישט גענאָסען. און אָט בעווייזט זיך דאָס הייזעלע הינטער סאָסנעס, אויפ'ן ברעג פון ים. אָבער אין דער אייגענער רגע זעה איך, ווי מאַריע און איהר חבר'טע לויפען זיך אָבבאָדען אין ווייסע קליידער. שריי איך צו זיי מיט דעם גאַנצען כח פון מיינע לונגען, זיי הערען אודאי מיין קול, מחמת עס איז נישט ווייט, אָבער זיי מאַכען שנעלערע טריט, פונקט ווי זיי וואָלטען אַנטלאָפען פון מיר און וואַרפען זיך הענדום-פּענדום אין באָד-הייזעל אַריין.

וואָס בעדייט עס?

אויף מיין געשריי בעווייזט זיך דאָס שטובמיידעל. זי מאַכט אַ דערשראָקענע מינע: זי מיינט, אַז איך וועל איהר דאָ שטעלען נישט-אָנגענעהמע פראַגען...

—וואו זענען די דאַמען?

—זיי באָדען זיך.

—און דער מיטאָג?

—וועט זיין פאַרטיג נישט פריהער פון פיער אַ זייגער. די הערין איז גאָר-וואָס אויפגעשטאַנען און דאָס פריילין האָט ביי מיר צוגענומען די גאַנצע צייט אויפ'ן אָנטהאָן.

—דו האָסט געהערט מיין קול?

—געהערט.

...הייסט עס, אַז זיי האָבען געמאַכט פּליטה פּשוט דער-פאַר, ווייל דאָס געוויסען איז זיי נישט ריין, אָבער איך, אַ הונ-געריגער און אַ מיעדער, בעדאַרף וואַרטען גאַנצע צוויי שעה!

אַ ליעבהאַרציגער קבלת-פּנים נאָך אַ גאַנצער וואָך אַרבייט און בענקשאַפט! און ווי איז זי אַנטלאָפען? פּונקט ווי אַ שילע-רין, וואָס ווערט געכאַפּט אין אַ מאוס'ער שטיפעריי...

סוף-כל-סוף, ווייזט זי זיך! זי געפינט מיך אַ האַלב-שלע-פעריגען אויפ'ן דיוואַן און געשטימט בין איך זעהר שלעכט. וויל זי אויסמיידען אַ ביטערע סצענע, הויבט זי מיך אָן קושען—און רופט זי קנאַקניסעל! אָבער מיינע נערוון קאָנען זיך נישט בעו-רוהיגען. אַ הונגעריגער מאָגען האָט נישט קיין אויערן, און אַ האַרץ, וואָס איז פול מיט צער, ווערט נישט פרעהליכער פון פאַלשע קושען.

—דו ביזט בייז?

—מיינע נערוון זענען אויסגעמוטשעט—האָב רחמנות אויף זיי!

—אָבער איך בין דאָך דיר נישט קיין קיך-מיידעל!

—איך פאָדער עס גאָרנישט; שטער אָבער, לפּחות, נישט אונזער קיך-מיידעל, זי זאָל טהאָן איהר אַרבייט.

—דו פערגעסט אָבער, אַז פרייליין אַמאַליע מעג זיך אויך מיט איהר בענוצען. זי איז דאָך **אונזער** פאַנסיאָנערין, און דאָס מיידעל בעדאַרף איהר בעדיענען.

—דו האָסט געהערט מיין קול?

—ניין.

זי לייגט!... מיין האַרץ ווערט באַלד צוריסען!

מיין מיטאָג—מיין שבת'דיגער מיטאָג—ווערט פערוואַנדעלט אין לאַנגע יסורים. נאָכ'ן מיטאָג—טרעהרען, און מאַריע פערשילט דאָס מאַן-און-ווייב-לעבען, דאָס איינציגע גליק. געהט זי זיך אויסוויינען אויף די אַקסלען פון איהר חבר'טע און בעשיט דעם שמוציגען כלב מיט קושען.

אַ גזלנ'ישע, אַ פאַלשע, אַ ליגנערישע נאַטור—און אַזאַ פיהל-באַרע נשמה!

מיט אונענדליכע וואַריאַנטען ווערט עס איבערגע'חזר'ט דעם

גאַנצען זומער. די זונטאָג-טעג פערברענג איך מיט צוויי משוגעים און אַ כלב. מען וויל מיך איבערצייגען, אַז די סבה פון אונזער שלעכט לעבען זענען מיינע צורודערטע נערווען, און מען שיקט מיך צום דאָקטאָר.

אין איינעם אַ זונטאָג פּראָיעקטיר איך אַ ווייטען שפּאַציר איבער דער אָזערע, אָבער מיין ליעבהאַרציג ווייב ווייזט זיך באָרנישט ביז'ן מיטאָג, זיך איך אַליין ווי אַ בעגראָבענער. אָבער נאָך מיטאָג איז שוין שפּעט צו פאָהרען אויף אַ שיפעל איבער דער אָזערע.

דידאָזיגע איידעלע נשמה פון אַ מלאך, וואָס שטעלט מיך, ווי מיט נאָדלען, צעוויינט זיך אין איינעם אַ שענעם פריהמאָרגען ווי אַ קליין קינד. וואָס איז? דער גערטנער האָט געקוילעט צום מיטאָג אַ קראָליק. און אין אָווענד, ליעגענדיג אויפ'ן קישען, איז זי זיך מיר מודה, אַז זי האָט געבעטען גאָט, די אָרימע בריאה זאָל נישט זעהר ליידען אונטער'ן מעסער!

מיר געדענקט זיך, ווי איינער אַ פּסיכיאַטאָר האָט צווישען די סימפּטאָמען פון משוגעת אויך אָנגערופען די גוזמא'דיגע ליע-בע צו חיות, וואָס איז גלייכצייטיג פערבונדען מיט אכזריות צו מענשען.

דידאָזיגע פרוי בעט גאָט פאַר אַ קראָליק און פייניגט אַ מענשען מיט אַ שמייכעלע אויף די ליפּען.

אין דעם לעצטען זונטאָג, וואָס מיר פערברענגען אויף דער זומערוואוינונג, פיהרט מיך אַוועק מאַריע אין אַ זייט, הויבט-אָן מאַכען קאָמפּלימענטען מיין איידעלמוטיגקייט, אַפּעלירט צו מיין גוטען האַרץ, און בעט, איך זאָל מוחל-זיין פריילין אַמאַליע דאָס געצאָהלט פאַר פּאַנסיאָן, מחמת זי האָט זעהר ווייניג געלד.

ווער איך באַלד מרוצה דערויף און פערשווייג דערביי, אַז איך האָב מיך געריכט אויף דעמדאָזיגען פאָרשלאָג, אַז איך האָב פאָראויסגעזעהן דעמדאָזיגען קונץ, אַז ער איז אונפערמיידליך! אָבער זי, ווי אַלעמאָל בעוואָפענט ביז די צייהן מיט ווערטער און ראיות אפילו דעמאָלט, ווען קיינער איז איהר נישט סותר, שיסט-אויס צום סאַמע סוף:

—איבעריגענס, אויב עס האַלט שוין דערביי, קאָן איך פאַר איהר בעצאָהלען!

—מסכים! אָבער ווער וועט מיר בעצאָהלען פאַר די שווע-רע מינוטען, וואָס איך האָב איבערגעלעבט צוליעב דיין חבר'-טע?.. נו, לאָמיר זיך נישט קריעגען!

## V.

אָנהויב ניי-יאָהר באַנקראָטירען די קרעדיט-אַנשטאַלטען, און די באַנק, וואָס מאַריע האָט מיר געליהען איהרע אַקציעס, פאַלט-אַרונטער אונטער אַ קאָנקורס. בעקום איך אַ מיטטיילונג, איך זאָל תיכף-ומיד צאָהלען, און איך בין געצוואונגען מיט מזומן צו דעקען די סומע, וואָס איך האָב ערוב-געווען פאַר איהר. פאַר מיר איז דאָס אַ שווערער קלאַפּ, נאָך אַ סך שוועריגקייטען קום איך ווי-עס-איז אַדורך מיט די קרעדיטאָרען, און מען לעגט מיר אָב דאָס צאָהלען אויף אַ יאָהר.

דאָס איז אַ שווער שרעקליך יאָהר, דאָס שרעקליכסטע אין מיין לעבען!

באַלד ווי די מהומה איז איינגעשטילט געוואָרען, גיב איך מיך איבער נאָכמעהר צו דער אַרבייט.

צוזאַמען מיט מיין אַרבייט אין דער ביבליאָטעק הויב איך אָן שרייבען אַ גרויסען ראָמאַן פון מאָדערנעם לעבען. גלייכצייטיג פיל איך אָן די צייטונגען און זשורנאַלען מיט מיינע אַר-טיקלען, און נישט-געקוקט אויף דעם אַלעם, בעוויז איך נאָך צו ענדיגען מיין וויסענשאַפטליכען טראַקטאַט. מאַריע'ס אַנגאַזשמאַן אין טעאַטער ענדיגט זיך, נאָר ער ווערט בענייט אויף אַ יאָהר צייט. איהר פענסיע אָבער רוקט זיך אַראָב ביז טויזענד פיער-הונדערט קראָן... איצט בין איך שטאַרקער פאַר איהר, מחמת דער באַנקראָט פון דער באַנק האָט געטויט איהר ביסעל פער-מעגען.

די נערווען זענען איהר קאַליע געוואָרען, לאָזט זי אויס

דעם כּעס צו מיר. איינצושטעלען דאָס פריהערדיגע גלייכגע-וויכט, פּרובט זי זיך מיט אייגענע כּחות צו מאַכען אַ הלואה. עס פערשטעהט זיך, אַז דידאָזיגע פּראָבעס פערשאַפען מיר נאָר אונאַנגענעהמע מינוטען. פערשטעהט זי עס אָבער נישט, הגם זי האָט דערביי גאַנץ גוטע כּונות. און אַזוי האָב איך נאָר שאָדען פון דעם, וואָס זי וויל מיך מציל-זיין און פערלייכטערן מיין אויפגאַבע. און ווי איך זאָל נישט הויך שאַצען איהרע גוטע כּונות, מוז איך איהר דאָך מאַכען אַנ'אויסרייד פאַר איהרע מעשים.

איהר נאַטור, וואָס איז פול מיט קאַפּריזען, גרענצט זיך מיט פאַלשקייט. און נייע פאַקטען דעקען מיר אויף אַזוינע זייטען פון איהר אינערליכען צושטאַנד, אַז איך הויב מיך אָן שטאַרק בעאונרוהיגען.

אין טעאַטער ווערט איינגעאָרדענט אַ מאַסקאַראַדען-אָווענד און איך נעהם ביי איהר אַ וואָרט, זי זאָל זיך נישט אָנטהאָן אין מענער-קליידער. שווערט זי זיך מיר, וואָרום איך לעג איהר אָרויס אַזוינע מאָטיווען, וואָס איך קאָן דאָ נישט דערקלערן.

אויף מאָרגען דערוויס איך מיך אָבער, אַז זי איז געקומען אויפ'ן אָווענד אין אַ שוואַרצען סורטוק און געגעסען אָווענדברויט מיט מענער!

דערדאָזיגער ליגען האָט מיך מצער-געווען, דער אָווענד-ברויט אָבער האָט מיך גאָר אַרויסגעבראַכט פון די כּלים.

— וואָס ווילסטו? — ענטפערט זי מיר אויף מיינע פאָרוואור-פען, — בין איך דען נישט פריי?

— ניין, דו האָסט חתונה-געהאַט! און קוים טראָגסטו מיין נאָמען, זענען מיר פערפליכטעט איינער פאַר'ן צווייטען. שאָדענ-דיג דיין אייגענער רעפּוטאַציע, ברענגסטו מיר נאָכמעהר שאָדען, איידער זיך!

— הייסט עס, אַז איך בין נישט פריי?

— ניין, קיינער איז נישט פריי אין אַ געזעלשאַפט, וואו איינער איז געבונדען מיט'ן צווייטען. וואָס וואָלסטו געזאָגט, ווען איך וואָלט געגעסען אָווענדברויט מיט דאַמען?

זאָגט זי, אַז זי מעג טהאָן, וואָס זי וויל, אַז זי מעג מיר אפילו קאַליע מאַכען די רעפּוטאַציע!

מיט איין וואָרט, זי פאָדערט פולע פרייהייט. אָ, ווילדע אשה, דו פערשטעהסט אונטער פרייהייט אכזריות פון אַ דעספּאָט, וואָס טרעט אונטער די פיס דעם כבוד און דאָס גליק פון דעם נאָהנטען!

---

נאָך דערדאָזיגער סצענע, וואָס געהט-איבער אין קריעג, דערנאָך אין טרעהרען און דערנאָך אין היסטעריע, קומט אַנ׳אַנדער סצענע, וואָס צוטרויסעלט מיך נאָכמעהר, מחמת איך בין גאַנץ ווייניג בעקאַנט מיט די געהיימע זייטען פון סעקסועלען לעבען.

איינמאָל אין אָוועגד, בשעת די דיענסט מאַכט מאַריע׳ן די בעט, דערהער איך פערשטיקטע אויסגעשרייען און דערנאָך עפּיס אַ מין לאַכען, פונקט ווי מען וואָלט עמיצען געקיצעלט. בעפאַלט מיך פּלוצלונג אַנ׳אימה, עפּיס אַנ׳אונדערקלערליכער שרעק און דערנאָך אַ ווילדער גרימצאָרן. גיב איך אַ שטויס די טהיר, זעה איך, אַז מאַריע האַלט די הענד אין דער בלוזע פון דעם האַלבנאַקעטען מיידעל און וויל צופּאַלען מיט די ליפּען צו איהר קלאָרער ברוסט.

— וואָס טהוט איהר דאָ, אונגליקליכע וואָס איהר זענט! — דונער איך מיט אַלע כחות. — איהר זענט משוגע געוואָרען?

— אַך, איך שפּיעל מיט׳ן מיידעל! — ענטפערט מיר מאַריע מיט חוצפה. — וואָס געהט עס דיר אָן?

— מיך געהט עס אָן. קום אַהער.

און אויג-אויף-אויג זאָג איך איהר, וואָס פאַר אַ מין חטא זי בעגעהט.

הויבט זי מיך אָבער אָן בעשולדיגען דעריין, אַז איך האָב אַ „שמוציגע פאַנטאַזיע“. לויט איהר מיינונג בין איך אַ פערפאַלענער מענש, וואָרום אומעטום זעה איך בלויז מאוס׳ע זאַכען.

איהר זאַלט זיך היטען צו כאַפּען אַ פרוי סאַמע אין איהר

רעכטען חטא! אַזאַ פרוי וועט אייך אַרויסגיסען אויפ'ן קאָפּ אַנ'עמער מיס זלזולים.

בשעת מיר ריידען זיך איבער, דערמאָהן איך איהר אָן איהר תאווה, אין וועלכער זי האָט זיך מיר אַליין מודה-געווען — איהר ווילדע תאווה צו איהר קוזינע, צו דער שענער מאַטיילדע. ענטפערט זי מיר מיט אַנ'אונשולדיגער מינע, ווי אַ טויב, אַז די דאָזיגע ליעבע האָט איהר אַליין שטאַרק געוואונדערט, מחמת זי האָט קיינמאָל נישט געקלערט, אַז „אַ פרוי זאָל זיך קאָנען אַזוי שטאַרק פערליעבען אין אַנ'אַנדער פרוי".

בערוהיגט דורך דערדאָזיגער נאַאיווער אָפענהערציגקייט, דערמאָהן איך מיך, אַז מאַריע האָט ווירקליך גערעדט אין דער געזעלשאַפט פון מיין שוויגער וועגען איהרע ליעבע-געפיהלען צו דער קוזינע און דערביי איז זי גאָרנישט רויט געוואָרען, אפנים, גאָרנישט פערשטאַנען, וואָס פאַר אַ חטא זי בעגעהט דאָ.

אָבער איך בין אויפגערעגט. אין פאָרזיכטיגע ווערטער גיב איך איהר צו פערשטעהן, אַז זי זאָל זיך דערווייטערן פון אַזוינע זאַכען, וואָס לכתחילה זענען זיי אפילו גאַנץ אונשולדיג, אָבער דערנאָך ווערען זיי אַ שלעכטע געוועהנהייט, וואָס קאָנען דערפיהרען צו זעהר מאוס'ע רעזולטאַטען.

מורמעלט זי עפּיס אונטער דער נאָז, קוקט מיך אָן, ווי מען קוקט-אָן אַ גולם — אַזוי אייגענטליך קוקט זי מיך אָן שטענדיג, פונקט ווי איך וואָלט גאָרנישט פערשטאַנען — און סוף-כל-סוף זאָגט זי, אַז איך זאָג סתם ליגען.

צו וואָס זאָל איך איהר, אַלזאָ, דערקלערן, אַז דאָס געזעץ בעשטראָפט פאַר אַזוינע מעשים מיט טורמע, צו וואָס זאָל איך איהר, אַלזאָ, דערווייזען, אַז בעריהרונגען, וואָס דערוועקען אין יענעם תאווה, ווערען דורך די מעדיצינישע ביכער פעררעכענט פאַר קרענקליכע, פאַר נישט-נאָרמאַלע?

אָבער איך, איך בין דער נואף, מחמת איך ווייז מיך אַרויס פאַר אַ בקי אין פערשידענע זנות-זאַכען... קיין זאַך אין דער וועלט וועט זי נישט צווינגען זיך אָבצוזאָגען פון דידאָזיגע אונשולדיגע שפּיעלערייען!

זי געהערט צו יענע אונשולדיגע פערברעכערינס, וואָס מען בעדאַרף זיי גיכער פערשליסען אין אַ קאָרעקציאָן-אַנשטאַלט, איידער זיי האַלטען ביי זיך אין שטוב.

סוף פריהלינג, בעווייזט זיך אין שטוב אַ נייע חבר׳טע. דאָס איז איינע פון די מחיה׳דיגע טעאַטער-קאָלעגעס—אַ פרוי פון אַ יאָהר דרייסיג. דאָס איז מאַריעס אַ חבר׳טע אין אַנ׳עת-צרה, מתמת זי האַלט אויך ביים פערלירען דעם אַנגאַזשמאַן, און איז גראָד, דאַכט זיך, ווערט, איך זאָל איהר מיטפיהלען. איך קאָן נישט זעהן, ווי אַזאַ שענקייט ווערט אַרויסגעשליידערט אויף דער גאַס. קיינער ווייס נישט, פאַרוואָס זי ווערט אַרויסגעוואָרפען, נאָר ווייזען ווייזט-אויס, אַז דערפאַר, וואָס אויף דער סצענע דאַרף אויפטרעטען די טאָכטער פון דער גרויסער דראַמאַטישער אַקטריסע. דער טריאומף פון די זיעגער פאָדערט דאָך שטענדיג דעם צער פון די בעזיעגטע.

פונדעסטוועגען איז זי מיר שטאַרק נישט געפעלען געוואָרען. זי האָט געהאַט אַנ׳אויסזעהן פון זעהר אַ פראַקטישער פרוי, וואָס לויערט אויף איהר רויב. זי האָט זיך אָפען געסטאַרעט צו חנפ׳ענען מיך, צו פאַנגען מיך און דערווייל איינשלעפערן מיין וואַכזאַמקייט...

צווישען דער אַלטער און נייער חבר׳טע פלעגען פון צייט-בו-צייט פאָרקומען סצענעס פון אויפערינקייט און איינע האָט בע׳עול׳ט די צווייטע. איך האָב אָבער גאָרנישט געוואוסט...

---

דער זומער האַלט שוין ביים סוף, ווען עס ווייזט זיך זיבער אַרויס, אַז מאַריע האָט זיך פון דאָסניי פערשוואַנגערט. דאָס קינד בעדאַרף זי האָבען, לויט אונזער חשבון, אין פעברואַר. פון דאָסניי אַ דונערקלאַפּ איבער אונזערע קעפּ. איצט האָט מען שוין בעדאַרפט שווימען מיט אַלע זעגלען, צו דערגרייכען פריהער דעם האַפען, איידער עס וועט זיך ענדיגען דער טערמין.

אין נאַוועמבער לאַז איך אַרויס מיין ראָמאַן. דער ערפאָלג

איז אַ געוואַלטיגער, געלד פליסט צו אונז טייכענווייז און מיר זענען געראַטעוועט.

קוים האָב איך דערגרייכט דאָס ציעל און בין אַנ׳אָנער־קענטער שריפטשטעלער, וואָס ווערט בעגעגענט מיט שטורמישע אָוואַציעס, האָב איך שוין אַ שטיקעל מעגליכקייט אָבצורוהען נאָך אַ סך יאָהרען נויט און דחקות. אויפ׳ן קינד, ווידער, ריכטען מיר זיך מיט גרויס שמחה. מיר האָבען עס שוין אַ נאָמען געגעבען און צו ווייגאַכט בעקומט עס אַ מתנה פון אונז. דאָס ווייב שטאָל־צירט מיט איהר שוואַנגערן, און אונזערע בעקאַנטע האָבען בע־קומען די געוועהנהייט צו פרעגען אונז, וואָס מאַכט דאָס „יונ־געלע״, פונקט ווי עס וואָלט שוין געווען אויף גאָטס וועלט.

צופרידען מיט מיין ערפאָלג, לאָזט מיך שוין נישט רוהען אַ געדאַנק: איך וויל אומקעהרען מאַריע׳ן איהרי רוהם און ראַטע־ווען איהר קאַריערע אין טעאַטער. צו דעמדאָזיגען צוועק הויב איך אָן שרייבען אַ פיעסע אין פיער אַקטען און וויל פאָרלעגען זי דעם קעניגליכען טעאַטער. אין דערדאָזיגער פיעסע איז פאַר־האַן אַ חנ׳עוודיגע ראָל פון אַ סימפּאַטישער פרוי — און אָט די ראָל בעדאַרף אומקעהרען מאַריע׳ן די סימפּאַטיע פונ׳ם פובליקום.

אין דעם טאָג, ווען מאַריע האָט דאָס קינד, ווערט אָנגע־נומען די דראַמע און די ראָל ווערט אָבגעגעבען מאַריע׳ן.

אַלץ געהט צום בעסטען אויף אונזער ליעב וועלטעל, און דער ברוגז מיט מיינע קרובים ענדיגט זיך אויך מיט שלום. עס קומט־אָן די בעסטע צייט פון מיין לעבען. אין שטוב איז פאַר־האַן ברויט און אפילו עטליכע פלעשער וויין. די מוטער, אַ פער־געטערטע, אַ געליעבטע און אַ לעבענסלוסטיגע, הויבט־אָן בליהען מיט נייער שענקייט. די אַלע חטאים, וואָס זי איז בעגאַנגען בנוגע צו איהר ערשטען פערשטאָרבענעם קינד ווערען פערוואַנ־דעלט אין טאָפּעלער השגחה איבער דעם ניי־געבוירענעם.

# VI.

און ווידער קומט אַ זומער. איך האָב אַ מעגליכקייט צו נעהמען אורלויב אויף עטליכע מאָנאַטען און פערברענגען מיט מיין פאַמיליע אין אַ שטיל ווינקעל ערגעץ אויף אַ גריגער אינזעל, אויף דער גרעניץ פונ׳ם שטאָקהאָלמער אַרכיפעל.

אין דערדאָזיגער צייט הויב איך אָן געניסען די פרוכטען פון מיינע וויסענשאַפטליכע אַרבייטען. מיין טראַקטאַט פערדיענט דעם כבוד געלייענט צו ווערען דורך דער אַקאַדעמיע פון אויפשר׳פטען און שענער ליטעראַטור אין Institut de France. איך ווער אויסגעקליבען פאַר אַ מיטגליעד פון עטליכע אויסלענדישע וויסענשאַפטליכע געזעלשאַפטען און איך בעקום אַ מעדאַל פון דער קייזערליכער רוסישער געאָגראַפישער געזעלשאַפט.

צו דרייסיג יאָהר האָב איך שוין פערנומען אַן אָנגעזעהן אָרט אין דער ליטעראַטור און וויסענשאַפט. מיר שטעהט־פאַר אַ גליקליכע צוקונפט און צו מאַריעס פיס לעג איך מיינע טראָפעען... איך בין גליקליך, אָבער זי איז, דאַכט זיך, נישט צופרידען, וואָרום איך האָב איצט צושטערט דאָס גלייכגעוויכט. בין איך מיך ווידעראַמאָל מבזה מיט דער איינציגער כונה, זי זאָל נישט אַראָבפאַלען ביי זיך פאַר אַ מענשען, וואָס איז העכער פון איהר. ווי אַ ריז, לאָז איך מיך צופען פאַר׳ן באָרד. הויבט זי עס אָבער אָן באַלד איבערזאַלצען. זי האָט מיך ליעב מבזה־צו־זיין פאַר די אויגען פון דער דיענסט, פאַר די אויגען פון פריינד, וואָס בעזוכען אונז און בעזונדערס פאַר איהרע חבר׳טעס. איך האָב זי אַרויסגענומען פון זומפ, נאָר זי בלאָזט זיך, און וואָס מעהר איך פאַל־אַראָב פאַר איהר, אַלץ מעהר טרעט זי מיך מיט די פיס. איך גיב איהר די אילוזיע, אַז דער רוהם איז אייגענטליך איהרער, אָבער זי פערשטעהט עס נישט און שעצט עס נישט. נאָר איך האָב פונדעסטוועגען הנאה זיך צו דערנידעריגען פאַר איהר. פאַר מיר איז גענוג דאָס אַליין, וואָס איך בין דער מאַן פון אַ רייצענדיגער פרוי, און זי הויבט שוין אָן גלויבען, אַז זי בעזיצט מיינע טאַלענטען. דאָס ווייזט זיך אַרויס אין די אַלע קליינינקייטען פון

אַלטעגליכען לעבען. אַליין אַ גוטער שווימער, לערן איך זי שווי-
מען; כּדי זי זאָל זיין מונטערער. מאַך איך מיך אומישנע תמ׳ע-
וואַטע. אָבער זי האָט הנאה, ווען זי מאַכט מיך צום נאַר און
שטעלט זיך אַרויס פאַר אַ העלדין; נאָר אויך דאָס פרעהט מיך
אונגעהויער!

---

די צייט לויפט. איך פערגעטער אינ׳ם ווייב די מוטער און
פערגעס גאָר בעת-מעשה, אַז איך לעב מיט אַ דרייסיגיעהריגער
פרוי. עס הויבט זיך שוין אָן די געפעהרליכע צייט. איך זעה
שוין די שלעכטע סימנים, וואָס האָבען אפשר קיין שום בעדיי-
טונג נישט ביי דעם איצטיגען מאָמענט, אָבער זיי טראָגען אין
זיך די קעהרגדלעך פון קינפטיגע צאַנקערייען.

נאָכ׳ן קינפטעט ווערט נאָך פערשטאַרקט די גישט-האַרמאָניע
פון אונזערע נשמות דורך קערפּערליכען עקעל. זי האָט שוין
פיינט אַרומצונעהמען מיך. בשעת אין איהר איז אויפגערייצט
דאָס געשלעכטס-געפיהל, מאַכט זי דעם איינדרוק פון אַ גאַ-
סען-קאָקעטין. זי האָט ליעב אויפצורייצען אין מיר דאָס גע-
פיהל פון אויפעריגקייט אָדער זי הויבט-אָן אַרומצובלאָנזשען מיט
אַנ׳אונרוהיגען פּנים: דעמאָלט דאַכט זיך, אַז עס שוימען אין
איהר שלעכטע און מאוס׳ע תאוות.

איינמאָל, אין אַ פריהמאָרגען, זענען מיר אַרויסגעפאָהרען
אין אָפענעם ים. מיר האָבען גענומען אַ יונגען פישער, ער זאָל
פיהרען אונזער שיפעל. איך האָב אָנגעפיהרט מיט׳ן רודער און
און מיט׳ן גרויסען זעגעל, דער יונג—מיט׳ן פאָק. נעבען איהם
איז געזעסען מיין ווייב. פלוצלונג בעמערק איך, ווי דער יונגער
פישער וואַרפט בגנבה דורשטיגע בליקען צו יענעם אָרט, וואו
עס בעדאַרפען זיך געפינען מיין ווייבס פיס... איהרע פיס?..
אפשר וויזט זי איהם אויך איהרע קניה? פון דאָרט, וואו איך
זיץ, קאָן מען עס נישט זעהן. קוק איך אויף דאָס ווייב, זעה
איך, אַז איהרע אויגען פרעסען מיט תאוה די פיגור פונ׳ם יונ-
גען פישער. און פונקט ווי אַ דערוואַכטער פון שלאָף, מאַך איך

איהר אַ שאַרפֿע בעוועגונג—איך וויל איהר דערמאָהנען, אַז איך לעב נאָך אויך אויף דער וועלט. קומט זי צו זיך, לאָזט־אַראָב די אויגען אויף די כאָליעוועס פון דעם יונגס ריזיגע שטיוועל און פלאָנטערט זיך אַרויס פון דער פערלעגענהייט דורך זעהר אַ נאַרישער פראַזע:

—וויפיעל קאָן, אַ שטייגער, קאָסטען אַזאַ פאָר שטיוועל?

נו, ווי קוקט מען אויף אַזאַ נאַרישער פראַזע?—פרעג איך זיך...

אָבצוציהען זי פון תאוה׳דיגע רעיונות, לעג איך איהר פאָר, מיר זאָלען זיך בייטען מיט די ערטער.

איך סטאַרע מיך צו פערגעסען דיראָזיגע העסליכע און שווערע סצענע; איך פרוב מיך פערזיכערן, אַז איך האָב שלעכט בעזעהן, הגם איך האָב אין דער ערינערונג אַזוינע מינוטען, ווען זי האָט זיך צוגעריהרט צו מיר מיט ברענענדיגע בליקען און זיך משער־געווען אונטער מיינע קליידער די ליניעס פון מיין קערפער.

---

אין אַ וואָך אַרום פאַלט מיר ווידער איין אַ חשד, דורך עפּיס אַ צופעליגקייט, וואָס צוקלאַפּט אַלע מיינע האָפנונגען צו מאַכען אַ מוטער פון דערדאָזיגער אונגאָרמאַלער בריאה. איינער פון מיינע פריינד פערברענגט מיט אונז אַ לענגערע צייט. בנוגע צו מאַריע׳ן איז ער די העפליכקייט אַליין. צאָהלט זי איהם דער־פאַר מיט קאָקעטעריע, וואָס איז מיר נישט זעהר אָנגענעהם. אַז עס קומט די נאַכט, ווינשען מיר איינאַנדער אַ גוטע נאַכט און בעהען בעזונדער שלאָפען. מאַריע, ווייזט־אויס, געהט דירעקט שלאָפען.

אין אַ האַלבער שעה אַרום אָבער הער איך אַ קול אויפ׳ן באַלקאָן. הויב איך מיך באַלד אויף און געה צום באַלקאָן: טרעף איך דאָרטען דאָס ווייב און מיין פריינד ביי אַ פלאַש קאָ־ניאַק. מילא, גיב איך נאָך. אָבער אויף מאָרגען גיב איך איהר אַ רעכטע פאָרציע דערפאַר, וואָס זי מאַכט מיך צום חוזק פאַר דער גאַנצער וועלט.

לאַכט זי פון מיינע פּאָראורטיילען, פון מיין „קראַנקער און שמוציגער פאַנטאַזיע"—קורץ, זי שיט-אַרויס די אַלע אַרגומענטען פון איהר בעקליבענעם רעפּערטואַר.

געה איך אַרויס פון די כלים, פאַלט זי כלומר'שט אַריין אין לייכטער היסטעריע, און אַזוי קונציג, אַז איך הויב-אָן בעטען, זי זאָל מיר מוחל-זיין, וואָרום איך בין אונגערעכט! איך בין אונגערעכט דערפאַר, ווייל איך האָב איינגעפונען, אַז איהר אויפפיהרונג איז ווערט בעשטראָפט צו ווערען.

אָבער איהר לעצט וואָרט בערוהיגט מיך:

—מיינסטו דען ווירקליך, אַז איך וואָלט אַ צווייט מאָל געקאָנט דורכגעהן די גיהנם'דיגע יסורים פון אַ גט?

איבערגעטראַכט די אַלע וועהטאָגען, וואָס איך האָב איבערגעלעבט די לעצטע צייט, ווער איך סוף-כל-סוף איינגעשלאָפען מיט אַ רוהיגער נשמה פון אַ געגנאַרטען מאַן.

וואָס איז אַזוינס אַ קאָקעטין?.. אַ פרוי, וואָס איז שטענדיג גרייט צו געהן אַנטקעגען. און קאָקעטעריע? די גרייטקייט צו געהן אַנטקעגען. מעהר גאָרנישט.

און אויפעריגקייט?.. אויפעריגקייט איז די שרעק צו פערלירען דאָס סאַמע טייערסטע פון דעם אַלעם, וואָס דו בעזיצסט... און דער מאַן, וואָס אויפערט?.. דאָס איז זעהר אַ קאָמישער פאַרשוין, ווייל ער וויל, נאַטירליך, נישט פערלירען דאָס, וואָס איז איהם טייערער פון אַלץ!

---

## VII.

איך שווים פון ערפאָלג צו ערפאָלג. די חובות זענען אויסגעצאָהלט, געלד פליסט, ווי רעגען. אָבער נישט-געקוקט דערויף, גיב איך אָב אויף דער בעל-הבית'ישקייט דעם גרעסערן טייל פון מיינע פערדיענסטען, און אונזערע געלד-ענינים ווילען זיך בשום אופן נישט רעגולירען. מאַריע, וואָס פיהרט די ווירטשאַפט און די קאַסע, פאָדערט אַלץ מעהר און מעהר געלד. הויבען זיך

אָן מאוס׳ע סצענעס צווישען אונז, קריעגערייען, צאַנקערייען.

דאָס טעאַטער האָט נישט בעגייט דעם קאָנטראַקט מיט איהר. אודאי געהט עס אויס צו מיין קאָפּ! איך בין דערין שול-דיג!.. אַך, ווען זי וואָלט נישט חתונה-געהאַט!.. די ראָל, וואָס איך האָב פאַר איהר אָנגעשריבען, איז פערגעסען געוואָרען: אגב האָט זי אינגאַנצען קאַליע געמאַכט דידאָזיגע ראָל, וואָרום זי האָט זי געשפּיעלט אָהן שום טעם און ריח.

אַקוראַט צו יענער צייט הויבט מען זיך אָן אין נאָרוועגיען בעשעפטיגען מיט דעם שאַרלאַטאַנישען איינפאַל, וואָס הייסט פּרויענפראַגע און די גאַנצע מאַכערין דערפון איז עפּיס אַ בעריהמטער בלויער זאָק. די שוואַכע מחות׳לען האָבען זיך באַלד אָנגעשטעקט מיט דער מאַניע אומעטום צו זעהן פערפאָלגטע פרויען, אָבער אַזוי ווי איך האָב מיך נישט געלאָזט פערפיהרען פון דעמדאָזיגען שאַרלאַטאַנישען שפּיצעל, האָט מען מיר שוין אויפ׳ן גאַנצען לעבען געקרוינט מיט׳ן נאָמען פרויענפיינד! און אַז איך האָב מיך איינמאָל, בשעת׳ן אַמפערן זיך מיט מאַריע׳ן, געפרובט איהר אַרויסזאָגען דעם אמת אין די אויגען, איז זי תיכף ומיד אַריינגעפאַלען אין היסטעריע. דער ניינצעהנטער יאָהר-הונדערטס האָט זיין גרעסטע ערפינדונג געמאַכט אויפ׳ן געביט פון היילען נערווענקראַנקהייטען. דאָסדאָזיגע היילמיטעל איז אויך אַזוי פּשוט, ווי אַלע גרויסע ערפינדונגען.

בשעת מיין חולה הויבט-אָן יאָמערן מיט איין אָטעם, טהו איך נישט מעהר, ווי איך נעהם אַ פולען גראַפין מיט וואַסער און דונער-אַרויס די פאָלגענדע ווירקענדיגע פאָרמול:

—דו שטעהסט-אויף, צי נישט, וואָרום איך גיס דיך אָב מיט וואַסער!

די רגע שטילט זי זיך איין... און זי קוקט מיך אָן אַ פערגאַפטע און אַ דערשראָקענע און פול מיט פיינטשאַפט, פיינט-שאַפט ביז טויט.

האָב איך מיך אפילו דערשראָקען, אָבער דער דערוואַכ-טער מוט וויל נישט אַרויסלאָזען אַזוי לייכט זיין קרבן: הויב איך אויף אַ צווייט מאָל דעם גראַפין און מאַן געוואַלדען:

—זאָלסט מיר אויפהערען צו צאַפּלען זיך, וואָרום אַט גיס איך דיך אָב!

שטעהט זי אויף און רופט מיך אָן אויסוואורף, שאַרלאַטאַן, רמאי—אַ סימן, אַז מיין רפואה האָט געווירקט.

צ, גענאַרטע אָדער נישט גענאַרטע מאַנען, גלויבט אייער פריינד: איך גיב אייך איבער אַ גאָלדען מיטעל, ווי אַזוי אויסצוהיילען אויף אייביג אַ גרויסע היסטעריע. היט דאָסדאָזיגע מיטעל, וואָרום עס וועט אייך צונוץ קומען.

---

פון דעמדאָזיגען טאָג אָן בין איך געשטאָרבען אין די אויגען פון דערדאָזיגער פרוי. מיין געליעבטע הויבט מיך אָן פיינט צו האָבען! וואָרום איך בין אַ געפעהרליכער עדות פון איהרע ליטרע פרויענשפּיצלען, און מען וויל מיך טויטען. מיין אויסערליכער און אינערליכער טויט איז שוין בעשטימט געוואָרען דורך דעם גאַנצען פרויען-מין, און מיין ווייב, וואָס איז אָנגעגאָסען מיט נקמה, נעהמט אויף זיך די נישט-דאַנקבאַרע און שווערע אויפגאַבע: פערמוטשען מיך ביז׳ן טויט אַריין!

קודם-כל גיט זי אָב איהר חבר׳טע אַ מעבלירט צימער סאַמע נעבען אונזערן, כאָטש איך פּראָטעסטיר געגען דעם מיט אַלע מיינע כחות. מאַריע וויל זי אפילו איינלאַדען צו אונזער טיש, אָבער דאָ געה איך שוין גאָר אַרויס פון די כלים. אָבער נישט געקוקט אויף די אַלע מיינע פּראָטעסטען און כעס׳ן, זעה איך אומעטום די קליידלעך פון דער ליעבהאַרציגער חבר׳טע. סוף-כל-סוף הויבט זיך מיר אָן צו דאַכטען, אַז איך לעב מיט צוויי ווייבער. אין די אָוועגדען, ווען איך האָלט ווע׳לען פערברענגען מיט דעם ווייב, זיץ איך אַליין אין צימער, וואָרום מאַריע האָט זיך פערשפּאַרט מיט איהר חבר׳טע אין יענערס צימער. דאָרטען געהט אַ לעבען אויף מיין חשבון, מען רויכערט מיינע ציגאַרען און מען טרינקט מיין פּאָנש. הויב איך אָן פערהאַסען דידאָזיגע חבר׳טע, אָבער אַזוי ווי איך פערבאָרג זעהר שלעכט אָדער איך קאָן איינגאַנצען נישט פערבאַרגען דידאָזיגע געפיהלען, בעקום איך אַ

פּאַרציע פון מאַריע׳ן. זי זאָגט, אַז איך בעגעה מיך נישט געגוג העפליך מיט „דעמדאָזיגען אָרימען קינד״. אַוועקגענומען מיין ווייב פונ׳ם מאַן און פון קינד—דאָס קינד האָט מען איבערגע-לאָזט אויף דער השגחה פון אַ שכנה, וואָס איז אַלט פיערצונ-צוואַנציג יאָהר,—האָט די גאָלדענע חבר׳טע אויך צוגענומען דאָס שטובמיידעל: זיצען זיי אַלע צוזאַמען און טרינקען מיין ביער.

דידאָזיגע זיסע חבר׳טע, וואָס איז בטבע אַ מאַנפרעסערין, האָט מיך אויסגעקליבען פאַר איהר קרבן. אין איינעם אַ שענעם טאָג בעוויזט מיר מאַריע אַ מאַנטעל, וואָס זי וויל קויפען. אָבער מיר געפעלט נישט דאָס געוועה און די פאָרם, און איך ראַט איהר אויסצוקלויבען עפּיס אַנדערש. די חבר׳טע, וואָס געפינט זיך בעת-מעשה דערביי, לאָזט איהם איבער פאַר זיך, און איך פערגעס גאָר אָן דעם. אין אַ וואָכען צוויי אַרום בעקום איך פון שניידער אַ חשבון פאַר מיין ווייבס אַ מאַנטעל. געמאַכט אַ שטי-קעל אויספאָרשונג וועגען דעם, איבערצייג איך מיך, אַז מאַריע האָט אויסגענאַרט ביים מאַן געלד מיט דער הילף פון אַ שפּיצעל, וואָס איז אַ גאַנץ געוועהנליכע זאַך אינ׳ם אַקטאָרען-וועלטעל.

הויב איך אָן טענה׳ן, אַז מאַריע זאָל איבעררייסען איהרע בעציהונגען מיט דערדאָזיגער אַוואַנטוריסטין, נעהמט מען מיר אויסגיסען אויפ׳ן קאָפּ פעך און שוועבעל.

אָבער דאָס איז יוֹעניג...

אין אַ געוויסער צייט אַרום בעט מיך דאָס ווייב מיט הכנעה און ציטריג, מאַכענדיג דערביי אַנ׳אָנשטעל פון זעהר אַנ׳-איבערגעגעבען און טריי ווייב, איך זאָל זי לאָזען בעגלייטען „דאָס אָרימע קינד״, וואָרום זי מוז פאָהרען נאָך אַ הלואה׳לע צו אַנ׳אַלטען פריינד פון איהר פערשטאָרבענעם פאָטער. דידאָזיגע בקשה ועהט מיר אויס שרעקליך. איך זעה דאָ איין עפּיס אַ גע-פעהרליכע נעץ, און איך דערמאָהן מיך אָן דער שלעכטער רע-פּוטאַציע פון איהר חבר׳טע: דער עולם שמועסט, אַז זי האָט געהאַט אינטימע בעציהונגען מיט אַלטע לייט, בעט איך מיך ביי מאַריע׳ן מיט תחנונים אין נאָמען פון אונזער אונשולדיגען קינד אַז זי זאָל נישט פערמאַכען די אויגען ביים ברעג פון אַ תהום..

בעקום איך אָבער אַלץ דעם אייגענעם ענטפער:

—דאָס איז בלויז דיין שמוציגע פאַנטאַזיע...

פון שעה צו שעה ווערט נישט גרינגער.

די שענהייט גיט אַ מיטאָג און פערבעט צו דערדאָזיגער סעודה עפּיס אַ געהויבענעם אַרטיסט מיט דער איינציגער כונה, טאָמער וועט ער מיט איהר חתונה-האָבען. אַ נייע צרה אויף מיין קאָפּ.

טרינקען מיר שאַמפּאַניער און די דאַמען, ווי די מאָדע איז, זענען שכור. לאָזט זיך מאַריע אַראָב אויפ'ן פּאָטעל און אויף די קניה לעגט זיך איהר אַנידער די ליעבהאַרציגע חבר'טע. קושט איהר מאַריע אין די ליפּען אַריין. זעהט דער בע-ריהמטער אַרטיסט די מחיה'דיגע סצענע און דערנאָך זאָגט ער צו איינעם פון זיינע חברים, פונקט ווי ער וואָלט זיך דערמאָהנט אָן די קלאַנגען, וואָס געהען-אַרום וועגען מאַריע'ן:

—דו זעהסט, דו זעהסט?...

דאָס איז, אָהן אַ ספק, געווען אַ רמז וועגען יענע קלאַנגען, און אונטער דעם שפּאַסיגען טאָן איז געלעגען פערבאָרגען אַ געדאַנק.

וואָס האָב איך דאָ געקאָנט טהאָן?

באַלד ווי מיר קומען אַהיים, הויב איך מיך אָן בעטען ביי מאַריע'ן, זי זאָל שוין אַמאָל אַרויס פון איהר פערבלענדע-ניש און זאָל, אין נאָמען פון אונזער קינד, זיך אָנהויבען אַנ-דערש אויפפיהרען, ווארום איהר אויפפיהרונג מאַכט איהר קאַליע דעם שם. איז זי זיך מיר אָפענהערציג מודה, אַז זי האָט גרויס הנאה, ווען זי זעהט שענע מיידלעך און בעזונדערס, ווען זי קושט זיי אין דער ברוסט. דידאָזיגע חבר'טע איהרע איז נישט די איינציגע, מיט וועלכער זי איז זיך אַזוי בעגאַנגען. דעמדאָ-זיגען חסד האָט זי אַרויסגעוויזען אויך אַנדערע אַרטיסטקעס, ווען זי האָט זיך געפונען מיט זיי אין טעאַטער, אין די גאַרדעראָב-צימערן. אָבער זי וועט זיך גאָרנישט אָבזאָגען דערפון אויף וויי-טער, ווארום דאָס איז אַ גאַנץ אונשולדיג שפּיעל, וואָס איז נישט שען בלויז אין „מיין שמוציגער פאַנטאַזיע".

געבען איהר צו פערשטעהן, ווייזען איהר, וואָס זי טהוט, איז אַרויסגעוואָרפען. בלייבט-איבער בלויז איין מיטעל, נעמליך— זעהן, זי זאָל ווידעראַמאָל אָנהויבען שוואַנגערן און דערוועקען אין איהר די אינסטינקטען פון אַ מוטער.

דאָ ווערט זי גאָר משוגע פון גרימצאָרן. אָבער דער קרענקליכער צושטאַנד האַלט זי דאָך איין ביי אַ פּאָר מאָנאַטען אין שטוב.

---

## VIII.

אויפגעשטאַנען פון קינפּעט, הויבט זי ווידער אָן איהרע פריהערדיגע קונצען, אָבער שוין גאָר אויף אַנ'אַנדער אופן. צי דער שרעק פאַר די פאָלגען, וואָס קאָנען קומען צוליעב איהרע אוננאַטירליכע בייגונגען, אָדער אין איהר זענען פון דאָסניי דערוועקט געוואָרען די פרויענליכע אינסטינקטען—אַזוי צי אַנדערש, נאָר זי הויבט-אָן קאָקעטירען אויף וואָס די וועלט שטעהט און לאָזט לחלוטין נישט דורך קיין איין מאַנסביל. אָבער דאָס קומט ביי איהר אַרויס אַזוי גראָב, אַז איך שפּיר אין זיך נישט קיין שום אויפערעגקייט.

אָהן אַ קאָנטראַקט מיט'ן טעאַטער, סתם אָהן שום אַרבייט, אַ פרוי מיט דעספּאָטישע קאַפּריזען, דערקלערט זי מיר מלחמה אויף טויט און אויף לעבען.

אין איינעם אַ שענעם טאָג וויל זי מיר בעווייזען, אַז האַלטען דריי דיענסטען קאָסט ביליגער, ווי צוויי. און אַזוי ווי מיט אַ משוגע'נער וועסטו זיך קיינמאָל נישט דעררעדען, כאַפּ איך זי אָן פאַר די הענד און שליידער זי אַרויס פון טהיר.

שווערט זי זיך, אַז דאָס וועט מיר טייער קאָסטען, און בעהמט אין שטוב אַריין אַ דריטע דיענסט, וואָס איז גאָר אַנ'איבריגע. איצט געהט די גאַנצע בעל-הבית'ישקייט מיט'ן קאָפּ אַראָב; תהו-ובהו איז אין שטוב. דריי דיענסטמיידלעך שלאָגען זיך צווישען איינאַנדער אַ גאַנצען טאָג, מען טרינקט ביער און

מען מאַכט פאַר די לובאָוניקעס סעודות אויף מיין חשבון.

און, ווי אַ צוגאָב צו דעמדאָזיגען בילד פון פאַמיליען-גליק, בעדאַרף קראַנק ווערען איינס פון מיינע קינדער. צוליעב דעם מוז איך שוין האַלטען אין שטוב פינף דיענסטען. פאַר אַ חדש צייט האָב איך אַ דעפיציט פון פינפהונדערט קראָן. שטרענג איך אָן אַלע מיינע קרעפטען און נערווען, אָבער זיי ווערען אַלץ שוואַכער און שוואַכער.

איצט הויבט זי אָן ווידער פייניגען מיין נשמה, אַז איך האָב צופּרט׳ט איהר כלומר׳שטען נדן און צווינגט מיך, איך זאָל אויסצאָהלען אַ פּענסיע עפּיס איהרער אַ מוהמען פון קאָפּענהאַגען. דידאָזיגע מוהמע, ווידער, בעשולדיגט מיך דערין, אַז איך האָב צונישטערט „איהר האָב-און-גוטס" און דרעהט מיר אַ קאָפּ מיט ווילדע ראיות, אַז מאַריעס מוטער האָט כלומר׳שט פאַר׳ן טויט דייטליך געפאָדערט, אַז די ירושה זאָל געטיילט ווערען מיט דער מוהמען. איך פערשטעה דאָ גאָרנישט, נאָר דער פאַקט בלייבט אַ פאַקט: דידאָזיגע מוהמע, אַ פויל פאַסקודנע בעשעפעניש, וואָס איז שרעקליך גיריג, זעצט זיך מיר אַנידער אויפ׳ן קאַרג. עס איז קלאָר, אַז איהר ירושה איז אַ נעכטיגער טאָג, נישט געשטויגען, נישט געפלויגען. דאָך אַמפּער איך מיך נישט און, אויסערדעם, גיב איך גאָך אַ זשירע פאַר מאַריע׳ס חבר׳טע, דער פערשטעלטער אַוואַנטוריסטין נומער איינס. שרייב איך, נאַטירליך, אונטער אַלע וועקסלען, וואָרום דאָס געליעבטע ווייב האָט מיר אָנגעהויבען פערקויפען איהרע צערטליכקייטען. נעהם איך אויף זיך די גאַנצע שולד, כדי איך זאָל זי מעגען אַרומנעהמען: האָב איך דאָס, הייסט עס, צו׳פטר׳ט איהר נדן, האָב איך דאָס, הייסט עס, צונישטערט דער מוהמעס פערמעגען, האָב איך דאָס, הייסט עס, געמאַכט אַ חורבן פון איהר סצענישער קאַריערע און, צולעצט, זי קראַנק געמאַכט.

פון דעם מאָמענט-אָן ווערט אונזער לעבען פערוואַנדעלט אין געזעצליכער פּראָסטיטוציע.

וויבאַלד אַז איך האָב גענומען אויף זיך די גאַנצע שולד און בין מיך אַליין מודה דערין, מאַכט זי אַ גאַנצע לעגענדע

און מיינע גזלנ׳ישע מעשים, דידאָזיגע לעגענדע פאַלט דערנאָך אַריין אין דער מאַרק-פּרעסע און ווערט פערשפּרייט דורך אַלע איהרע חבר׳טעס, וואָס איך וואַרף פון שטוב איינע נאָך דער אַנדערער.

שפּרינגט זי פון דער הויט אַרויס און וויל מיך איינגאַנ-צען אומבּרענגען. ביז׳ן יאָהר האָב איך איהר אַרויסגעגעבען אויף שטוב-הוצאות גאַנצע צוועלפהונדערט קראָן און בין נאָך גע-צוואונגען אָנצוכאַפּען אַוואַנסען ביי די פערלעגער.

אַז איך הויב מיך אָן קלאָגען אויף אונזערע מגושמ׳דיגע הוצאות, וואַרפט זי מיר צו אַנ׳ענטפער:

— למאי ווילסטו האָבען קינדער און פייניגען דערנאָך דאָס ווייב? דערמאָהן זיך נאָר, פון וואָס פאַר אַ גאָלדענעם אָרט איך האָב זיך אָבגעזאָגט, צו התונה-האָבען מיט דיר!

אָבער איך ווייס, וואָס צו ענטפערן איהר.

— אַלס באַראָנעסע, קינד מיינס, האָסטו געהאַט פון מאַן דרייטויזענד קראָן און חובות. אָבער איך גיב דאָך דיר דריי מאָל אַזויפיעל, מעהר ווי דריי מאָל, אַ סך מעהר!

ענטפערט זי גאָרנישט און פייניגט מיך מיט הונגער. אָבער אַז עס קומט די נאַכט, ווער איך מרוצה אויף אַלץ, וואָס זי פאָדערט. יאָ, דרייטויזענד קראָן זענען מעהר, ווי צעהנטויזענד קראָן; יאָ, איך בין אַנ׳אויסוואורף; יאָ, איך בין קאַרג, ווי אַ שטעקען; יאָ, איך בין אַ bel ami, וואָס האָט זיך איינגעאָרדענט אויפ׳ן חשבון פון דער געליעבטער פרוי — וואָס איז בעזונדערס געליעבט, ווען זי געפינט זיך אינ׳ם נאַכט-העמד!

לייכטער צו מאַכען זיך דאָס האַרץ, שרייבט זי דאָס ער-שטע קאַפּיטעל פון אַ ראָמאַן, וואו עס האַנדעלט זיך וועגען אַנ׳-אונטערגעדריקטער פרוי, וואָס איז בע׳גזל׳ט געוואָרען פון אַ פער-ברעכערישען מאַן. דערפאַר אָבער געהט-דורך, ווי אַ רויטער פאָ-דעם איבער אַלע מיינע ראָמאַנען איהר סילועט, די געשטאַלט פון אַ ליעבער בלאָנדין, פון אַ הייליגער פרוי און אַ קליינינטשקער מוטער. איך זינג איהר אַ לויבליעד און בעשאַף אַנ׳אונשטערבלי-כע לעגענדע וועגען אַ וואונדערשענער פרוי, מיט וועלכער גאָט

האָט בעצ׳ערט דאָס אָרימע לעבען פון דיכטער... און אָט די העסליכע פערזענליכקייט ווערט אַרומגערינגעלט מיט אונפערדיענטע שבחים פון די קריטיקער, וואָס הערען נישט אויף צו לויבען דעם גוטען געניע פון דעם פעסימיסטישען ראָמאַניסט.

וואָס מעהר צרות איך האָב פון מיין ווייב, אַלץ מעהר סטאַרע איך מיך אַרומצורינגלען מיין היילינע מאַריע מיט גאָלדענע שטראַהלען. וואָס מעהר איך ווער געפייניגט פון דער ווירקליכקייט, אַלץ מעהר בעגייסטערט ווער איך דורך האַלוצינאַציעס, וואו איך זעה מיין ליעב ווייב!.. אָ, דידאָזיגע ליעבע!

IX.

צייטענווייז בין איך נוטה צו מיינען, אַז דידאָזיגע פרוי פערהאַסט מיך און וויל פון מיר פטור-ווערען, כדי זי זאָל קאָנען חתונה-האָבען אַ צווייט מאָל. טיילמאָל בין איך זי אפילו חושד, אַז זי האָט אַ געליעבטען, וואָרום איך זעה אויף איהר געזיכט אַנ׳אונפערשטענדליכען שיין. און די קאַלטקייט, וואָס זי ווייזט מיר אַרויס, פערשטאַרקט נאָך דעמדאָזיגען חשד.

הויבט זיך אָן אַ פלעצליך ווילד אויפערן, וואָס מאַכט קאַליע דאָס לעבען זאַלבענאַנד, און דער גיהנם עפענט פאַר אונז זיין העליש פייער.

אין איינעם אַ שענעם טאָג איז זי מיר מודיע, אַז זי איז קראַנק. ווי זי דערצעהלט, איז זי קראַנק אויף עפּיס אַנ׳אונפערשטענדליכער מחלה, וואָס ווייזט זיך איהר דאָ אין רוקען, דאָ אין קרייץ. זי קאָן בעשטימט נישט זאָגען, וואו עס טהוט איהר וועה.

רוף איך דעם דאָקטאָר, וואָס היילט מיינע קינדער, אַנ׳אַלטער פריינד מיינער נאָך פון אוניווערזיטעט. זאָגט ער, אַז דאָס איז אַ מין רעוומאַטיזם אין די רוקען-מוסקולען און שרייבט איהר צו מאַסאַזש. האָב איך גאָרנישט געגען אַזאַ מין היילען, די זאַך איז קלאָר, און מאַריען מאַכט אַלע טאָג מאַסאַזש. אַזוי

ווי מיר איז נישט בעקאַנט דער אינטימער כאַראַקטער פון דעם מין היילען, טהו איך מיר בשלמות מיין ליטעראַרישע אַרבייט און קוק נישט דערויף. דער מאַסאַזש פערציהט זיך און איך אינ-טערעסיר זיך נישט מיט איהם. איבריגענס, זעה איך קיין שום געפאַהר נישט איין אין דעם ווייבס קראַנקהייט, מחמת זי געהט, ווי אַלעמאָל, אַוועק פון שטוב, בעזוכט טעאַטער און בעקאַנטע, פון וועלכע זי געהט-אַוועק די סאַמע לעצטע.

איינמאָל אין אָוועגד, בשעת עס זענען געווען געסט, זאָגט זיך איינער אַרויס, וועגען דעם, אַז עס פעהלען פרויען-דאָקטוי-רים. ער האַלט, אַז אַ פרוי בעדאַרף זיין זעהר נישט אַנגענעהם אויסצוטהאָן זיך פאַר אַן אומבעקאַנטען מאַנספערשוין, און ווענדט זיך צו מאַריע׳ן:

—נישט וואָהר? דאָס איז דאָך זעהר אונאָנגענעהם...

—אָך, פאַר אַ דאָקטאָר...

ערשט איצט הויב איך אָן צו פערשטעהן, ווי אַזוי דער מאַסאַזש ווערט געמאַכט. און אויף מאַריעס געזיכט בעמערק איך אַ ווילדען אויסדרוק פון גרעבע געשלעכטליכע פערלאַנגען, אַן אויסדרוק, וואָס איך בעמערק איהם שוין פון אַ געוויסער צייט, און אַ שרעקליכער חשד דריקט מיר צונויף דאָס האַרץ.

טהוט זי זיך, הייסט עס, אויס פאַר דעמדאָזיגען מאַן, וואָס זיצט אָהן אַ ווייב, און וואָס האָט אַ נאָמען פון אַ געוואַלטיגען נואף. און מיר איז גאָרנישט איינגעפאַלען, אַז זי בעדאַרף זיך אויסטהאָן.

אַז מיר קומען אויג-אויף-אויג, פאָדער איך פון איהר אַ דערקלערונג.

דערצעהלט זי מיר גאַנץ אָפען, ווי אַזוי דער מאַסאַזש ווערט געמאַכט.

זי האַלט-צו דאָס קליידעל, אָבער דאָס העמד איז אויפ-גע-דעקט און דער גאַנצער רוקען איז אדם-נאַקעט.

—און דו שעמסט זיך נישט?

—וואָס האָב איך מיך דאָ וואָס צו שעמען?

—אָבער פאַר מיר שפּיעלסטו דאָך אַ ראָל פון אַ שעמעוודיגער.

אין אַ פּאָר טעג אַרום קומט דער דאָקטאָר בעקוקען מיינס אַ קינד. הער איך פון מיין צימער אַ שמועס צווישען דעם דאָקטאָר און מאַריע׳ן, וואָס איז מעהר, ווי שרעקליך. זיי לאַכען און וואַרפען-צו איינאַנדער עפּיס אַזוינע מאָדנע רמזים׳לעך... באַלד עפענט זיך די טהיר און ביידע געהען-אַריין צו מיר מיט אַ וויצעל אויף די ליפּען.

פערמוטשעט פון שוואַרצע רעיונות, פערפיהר איך פּאַוואָליע אַ שמועס. צולעצט, הויבען מיר אָן ריידען פון קראַנקע פרויען.

—נישט וואָהר, מיין פריינד, דו ביזט מסתמא אַ בקי אין פרויענקראַנקייטען?—פרעג איך איהם.

קוקט מיך אָן מאַריע מיט אויגען פון אַ וואַלד-גזלן. איך זעה אין זיי אַזויפיעל האַס, אַז עס לויפט מיר דורך אַ קעלט איבער׳ן רוקען.

אַז דער דאָקטאָר געהט-אַוועק, בעפאַלט זי מיך מיט זלזולים.

—גאַסענמיידעל!—וואַרף איך איהר אין פנים אַריין.

דאָסדאָזיגע וואָרט האָט זיך מיר אַרויסגעריסען גאַנץ אונגערן, אין אַ מאָמענט פון שטאַרקער פערביטערונג. לויפט צוריק צו מיר אַ מאוס זידעל-וואָרט, פונקט ווי מיינס וואָלט אָבגעשפּרונגען צוריק און שניידט זיך מיר אַריין אין האַרצען. דערזעה איך נעבען זיך די קינדער, פאַל איך אויף די קניה און בעט מיך מיט תחנונים ביי מאַריע׳ן, זי זאָל מיר מוחל-זיין—אויף די קניה, מיט טרעהרען אויף די אויגען.

זי איז אָבער האַרט, ווי אייזען. צוויי שעה תחנונים און בעטען זיך קאָנען זי נישט ווייכער מאַכען.

וויל איך אויסקויפען מיין גרויסע עבירה געגען איהר, טיילווייז צוליעב דעם, וואָס איך קאָן זי בשום אופן נישט מאַכען ווייכער, וואַרף איך איהר אָן אַ פּלאַן פון אַ פרעהליכען נסיעה׳לע קיין פינלאַנד, אַ מין דראַמאַטישער טורנע אויף עטליכע וואָכען צייט.

הויב איך אָן פיהרען פערהאַנדלונגען מיט טעאַטער-דירעקטאָרען, זיי נעהמען אָן מיין פּלאַן און איך קריעג געלד אויף דער נסיעה.

פאָהרט זי אַוועק, האַלט אומעטום אָב פּאַטריאָטישע נצחונות און בעקומט קרענק.

איך בלייב אַליין מיט די קינדער אין דאָרף. דאָ ווער איך קראַנק, איך האָב אַ געפּיהל, אַז איך שטאַרב-אַוועק, און רופ-אַרויס דאָס ווייב דורך אַ דעפּעש, איהר טורנע ברענגט עס קיין שום שאָדען נישט, מחמת זי האָט שוין געגעבען אַלע ספּעק-טאַקלען.

קומט זי צו פאָהרען און געפינט, אַז איך בין געזונד. הויבט זי מיך אָן בעשולדיגען, אַז דורך אַ ליגנערישער דעפּעש האָב איך זי אָבגעריסען פון די אונשולדיגע פערוויילונגען ביי די קרובים !..

נאָך דערדאָזיגער נסיעה בעמערק איך אין איהר אונפער-שטענדליכען כאַראַקטער אַ נייע פערענדערונג, וואָס איז מיר גורם נייע שרעק.

געגען איהר טבע, גיט זי זיך מיר אָב גאָר אָהן שום זאָרג.

אָבער ווי אַזוי קאָן עס געשעהן, אַז זי זאָל זיך גאָרנישט שרעקען פאַר שוואַנגערן? פרעג איך מיך, אָבער איך האָב נישט קיין שום חשק זי אויסצופרעגען.

אויף מאָרגען און ווייטער האַלט זי מיר אין איין דער-צעהלען וועגען איהרע פערוויילונגען אין פינלאַנד. אַ ווײַלע פער-שכור'ט פון איהרע זכרונות, דערצעהלט זי מיר, אַז זי האָט זיך בעקאָנט אויף דער שיף מיט איינעם אַנ'אינזשענער. ווי אַ מענש אַנ'אויפגעקלערטער און אַ פּראָגרעסיווער, האָט ער איהר געגעבען צו פערשטעהן, אַז אויף דער וועלט זענען נישטאָ קיין שום זינד. אַלץ איז אָבהענגיג פון אומשטענדען און מזל.

—אָבער, קינד מיינס, אונזערע מעשים בלייבען דאָך נישט צוליעב דעם אָהן רעזולטאַטען. איך בין מספּים, אַז אויב עס איז נישטאָ קיין פערזענליכער גאָט, זענען אויך נישטאָ קיין עבירות. אָבער דאָך זענען מיר פערזנטוואָרטליך פאַר'ן מענשען, וועלכען מיר האָבען געטהאָן אַנ'עולה. און כאָטש קיין עבירה איז נישטאָ, בלייבט דאָך אַ פערברעכען, כל-זמן עס איז נאָך פאַרהאַן אויף דער וועלט אַ געזעץ. און וואַרפט מען אפילו אָב דעם טעאָלאָגי-

שוין בעגריף פון אַנ׳עבירה, בלייבט אַלץ איבער דער בעגריף פון נקמה, אָדער, ריכטיגער, בעצאָהלט, וואָס ווערט שטענדיג אָנגעווענדט צו יענע, וועלכע האָבען אונז געטהאָן אַ רעה...

זעהט מען, אַז זי שטרענגט זיך אָן זעהר שטאַרק, אָבער אַנ׳אָנשטעל מאַכט זי, ווי זי וואָלט כלומר׳שט נישט פערשטאַנען. דערנאָך זאָגט זי:

—נאָר שלעכטע מענשען נעהמען נקמה...

—מסכים. אָבער אויף דער וועלט זענען פאַרהאַן אַזויפיעל שלעכטע מענשען, אַז דו קאָנסט קיינמאָל נישט וויסען, צי דו האָסט אָנגעטראָפען אויף אַזאַ בראַווען מאַן, וואָס איז אַ בעלן צונעהמען די וואונדען און נישט אומקעהרן זיי צוריק.

—אַלע אונזערע מעשים זענען אָבגעהאַנגען פון מזל...

—מסכים. אָבער דער מזל הויבט דאָך אויך אויף דעם שווערד פון נקמה-נעהמער...

---

...סוף חודש האָט זי אַנ׳אָבאָרט.

דער פערראַט איז מיר גענוג קלאָר. איצט וואַקסט אין מיר דער חשד, און וואָס אונרוהיגער זי פיהרט זיך אויף, אַלץ פיינליכער שפיר איך דעם חשד.

הויבט זי מיך אָן איבערציינען, אַז איך בין „צ[illegible] פון זינען". לויט איהר מיינונג נעהמט זיך דער חשד דערפון, וואָס דער מח איז מיר אויסגעמאַטערט. בעט איך זי ווידער, זי זאָל מיר מוחל-זיין און, אַלס צייכען פון שלום, נעהם איך שרייבען ספּעציעל פאַר איהר אַ דראַמע מיט אַ גרויסער ראָל, וואָס איז שווער זי קאַליע צו מאַכען. דעם זיבעצעהנטען אויגוסט גיב איך איהר איבער דעם מאַנוסקריפּט מיט אַנ׳אויפשריפט, אַז איך שענק איהם איהר אַוועק, די דראַמע געהערט צו איהר ווי אַנ׳אייגענטום. די קאָן זי שטעלען אויף דער סצענע, וואו זי וויל, נאָר מיט׳ן תנאי, אַז די ראָל געהערט צו איהר. דאָס איז אַ רעזולטאַט פון אַנ׳אָנגעשטרענגטער אַרבייט, וואָס האָט געדויערט צוויי חדשים צייט.

געהמט זי די דראַמע, אָהן אַ שום דאַנק צו זאַגען, ווי אַ

קרבן, וואָס ווערט אונטערגעטראָגען איהר מאַיעסטעט, דער דורכ-געפאַלענער אַרטיסטין!

---

X.

דיווירטשאַפט געהט מיט׳ן קאָפּ אַראָב. איך קאָן גאָרנישט העלפען דערצו, ווייל יעדע בעמערקונג, וואָס איך מאַך, יעדע קלענסטע ענדערונג אין סדר נעהמט זי אָן ווי אַ פּערזענליכע בע-ליידיגונג. איך קאָן גאָרנישט טהאָן, איך בין שוואַך געגען דער אַנאַרכיע פון די דיענסטען. זיי פרעסען אַלץ אויף און לאָזען איבער די קינדער אָהן השגחה.

צו דער צרה׳דיגער בעל-הבית׳ישקייט קומט נאָך צו דאָס צרה׳דיגע לעבען צווישען מאַן און ווייב.

געקומען פון דער פינלענדישער נסיעה, וואָס די הוצאות דערויף האָב איך בעצאָהלט פאָראויס, ברענגט זי מיט זיך צוויי-הונדערט קראָן. דאָס איז די הכנסה פון איהרע ספּעקטאַקלען... און אַזוי ווי זי האַלט די קאַסע, דערמאָהן איך איהר דידאָזיגע ציפער, אָבער איידער עס קומט דער בעשטימטער טערמין, פאָ-דערט זי שוין ווייטער געלד. בין איך נשתומם פון דערדאָזיגער אונגעריכטער פאָדערונג און שטעל איהר אַ קליין פראַגעלע: אויף וואָס האָט זי צו׳פּטר׳ט דאָס געלד? שטעלט זיך אַרויס, אַז זי האָט דאָס געלד אַנטליהען איהר חבר׳טע און זי זאָגט, אַז לויט׳ן געזעץ מעג זי טהאָן מיט׳ן געלד, וואָס זי האָט אַליין פערדיענט, אַלץ, וואָס איהר האַרץ גלוסט.

—און איך?—פרעג איך זי...

—אַ פרוי איז עפּיס אַנדערש.

—אַנ׳אונטערגעדריקטע פרוי, נישט וואָהר? אַ פרוי אַ שקלאַ-פין, וועלכע ליידט, נעבאַך, דערפון, וואָס דער מאַן טראָגט אויף זיך דעם יאָך פון אַלע הוצאות? דאָס איז דער פּועל-יוצא פון שאַרלאַטאַנישען לאָזונג: „פרויענעמאַנסיפּאַציע”.

אַלץ, וואָס עמיל אָזשיע האָט פאָרגעזאָגט אין זיין ווערק

וועגען דעם דאָטאַל-סיסטעם, האָב איך איבערגעטראָגען אויף זיך. אַ מאַן האָט זיך פערוואַנדעלט אין אַ לייבקנעכט. זענען דאָך פאַר־האַן אַזוינע מאַנען, וואָס לאָזען מיט זיך טהאָן, וואָס מען וויל, וואָס לעגען זיך אַליין אַריין אין קבר. אָ, טיפּשים!

און גראָד בשעת די אַנגסטען פון אונזער צוזאַמענלעבען וויקלען זיך לאַנגזאַם פונאַנדער פאַר מיר, ווי אַ לעגענדע, בענוץ איך מיך מיט מיין ליטעראַרישען ערפאָלג צו פערניכטען די גאַ־רישע פאָראורטיילען און צוטרויסלען די אַלטפרענקישע איינריי־דעניש׳ען. איצט שרייב איך אַ באַנד סאַטירעס און וואַרף אַ הויפען שטיינער אין די ערשטע שאַרלאַטאַנעס פון דער רעזידענצ־שטאָדט, דערין שוין אויך אין יענע פרויען, וואָס זענען נישט קיין פרויען, נישט קיין מענער.

הייבט מען מיך אָן רופען פאַמפלעטיסט. מאַריע פערלירט אויך נישט קיין צייט. זי וויל אַרויסגעהן פון וואַסער אַ טרוקע־נע און פערבינדט זיך מיט מיינע געגנער. טאָג און נאַכט האַלט זי אין איין שפּיעלען אַ ראָל פון אַנ׳אָבשטענדיגער פרוי און קלאָגט זיך כסדר אויף מיר: אָט אַנ׳אומגליק—זיין אַ ווייב פון אַ סקאַנדאַליעזען שרייבער. זי פערגעסט גאָר, אַז היינטער דעם סאַ־טיריקער שטעהט אַ ראָמאַניסט און אַ דראַמאַטיקער.

זי איז, נעבעך, אַ מערטירערין, אַ צדקניות. זי שלאָפט קיין נעכט נישט און טראַכט אַלץ וועגען דער צוקונפט פון איהרע קינדער. אויף זייערע אַקסלען וועלען זיך לעגען ווי שטיינער די נישט-עהרליכע מעשים פון זייער פאָטער, וואָס האָט צו׳פּטר׳ט דער מוטערס נדן, קאַליע געמאַכט איהר די סצענישע קאַריערע און סתם אַ תל געמאַכט פון איהר.

אין דער אייגענער צייט בעוויזט זיך אַ נאָטיצל אין אַ צייטונג, אַז איך בין משוגע געוואָרען. אַ בראָשור, ווידער, וואָס איז אָנגעשריבען געוואָרען לויט אַ בעשטעלונג און איז מסתמא גוט בעצאָהלט געוואָרען, דערצעהלט פון גרויסע ליידען, וואָס מאַריע און איהרע חבר׳טעס שטעהען-אויס פון מיר. דאָרט ווע־רען אויסגערעכענט טויזענדער משוגעת׳ן, אויסגעטראַכט דורך דעמ־דאָזיגען נאַרישען פרויענקאָפּ.

דאָס שפּיעל האָט זי, אַלזאָ, געוואונען.

איצט, אַז זי זעהט מיך אַ צוטראָטענעם ביי די פיס פון מיינע פיינד, מאַכט זי זיך כלומר'שט פאַר אַ הייליגע מוטער פון אַ פערלאָרענעם זוהן. העפליך מיט אַלעמען, אָבער נישט מיט איהר מאַן, האַלט זי אָרום זיך אַלע מיינע פריינד, סיי אמת'ע, סיי פאַלשע. איזאָלירט פון אַלץ און אַלעמען, אינגאַנצען אין דער מאַכט פון דער בלוטזויגעריןן, וויל איך מיך אפילו נישט בעשיצען. ווי הויבט מען אויף אַ האַנד אויף דער מוטער פון מיינע מלאכים'לעך, ווי הויבט מען אויף אַ האַנד אויף אַ פערגעטערטער פרוי?

ניין, קיינמאָל נישט!

איך גיב מיך אונטער. הויבט זי מיך אָן צערטלען, אָבער נאָר פאַר פרעמדע, נישט אין דערהיים. אין דערהיים בעליידיגט זי מיך און קוקט אויף מיר פון אויבען אַראָב.

---

די שווערע אַרבייט און די גרויסע יסורים מאַכען אַ תל פון מיין געזונד: איך ווער קראַנק. קאָפּוועהטאָג, נערוועזאויפרעגונג, מאָגען-יסורים... דער דאָקטאָר זאָגט, אַז איך האָב אַ מאָגען-קאַטאַר.

דאָס איז באמת אַ פּלעצליכער רעזולטאַט פון גייסטיגער מידיגקייט.

און מאָדנע איז דאָס, וואָס דידאָזיגע קראַנקהייט קומט אַקוראַט דעמאָלט, ווען איך וויל אַוועקפאָהרען קיין אויסלאַנד. דאָס איז פאַר מיר דאָס איינציגע מיטעל אַרויסצופּלאָנטערן זיך פון דער גרויסער נעץ פון פריינד, וואָס האַלטען איין אויסדריקען מיטגעפיהל מיין פלונית'טע. איך ווער קראַנק אויף דערדאָזיגער געהיימער קראַנקהייט אין איינעם אַ שענעם טאָג, נאָכדעם, ווי איך בעזוך דאָס לאַבאָראַטאָריום פון מיינעם אַנ'אַלטען פריינד. איך נעהם ביי איהם אַ פלעשעלע מיט ציאַן-קאַלי, וואָס בעדאַרף מיך בעפרייען פון לעבען. און דאָסדאָזיגע פלעשעלע פערשל'ס איך אין מיין ווייבס אַ שאַכטעלע.

דערשלאָגען, אויסגעמוטשעט ליעג איך אויפ'ן דיוואַן, קוק אויף מיינע שפּיעלענדיגע קינדער, טראַכט וועגען די שענע מאָמענטען פון עבר און גרייט מיך צו שטאַרבען. אָבער איך וויל נישט לאָזען קיין צעטעלער, ווארום איך וויל קיינעם נישט ענטדעקען די אמת'ע סבות פון מיין טויט און מיינע געהיימע חשדים.

איך בין מיך מכין צו שטאַרבען, אַ צוקאַליעטשעטער פון אַ פרוי, וועלכער איך בין מוחל פאַר'ן טויט!

מאַריע קוקט מיר נאָך מיט איין אויג. איהר איז טשיקאַווע, צי לאָז איך מיך טאַקי באַלד אַוועק אויף יענער וועלט, ווארום דעמאָלט וועט זי זיך קאָנען רוהיג בענוצען מיט די הכנסות פון די אַלע ווערק פון בעריהמטען דיכטער און מיט דער פּענסיע פון דער רעגירונג, וואָס וועט זיכער בעשטימט ווערען פאַר די קינדער...

---

מיין דראַמע האָט געהאַט אַזאַ ערפאָלג, אַז מאַריע בעקומט אַ נאָמען פון אַ גרויסען דראַמאַטישען טאַלענט. איז זי שרעקליך אָנגעצויגען ביי זיך און מאַכט פערשידענע אָנשטעלענישען. און אודאי— די צווייטע ראָל קאָן זי שוין אַליין אויסקלויבען, אָבער אין דערדאָזיגער ראָל פאַלט זי דורך מיט גרויס פּאָמפּע. פערשטעהט זי אָבער, אַז דעם רוהם האָב איך איהר געשאַפען און איז אויף מיר ממש אש להבה. לויפט זי צו אַלע דירעקטאָרען, חלש'ט, מען זאָל זי אַנגאַזשירען, אָבער עס הויבט זיך גאָרנישט אָן. צולעצט, צווינגט זי מיך, איך זאָל אָנהויבען פיהרען אונטערהאַנדלונגען מיט פינלאַנד. בין איך מיך מכין איבערצולאָזען מיין היים, מיינע פריינד, פערלעגער און איבערפּעקלען זיך אינ'ם לאַנד פון איהרע פריינד, דאָס הייסט פון מיינע שונאים.

אָבער די פינער ווילען זי גאָרנישט קאָנען: איהר קאַריערע איז געענדיגט. בינו לבינו פיהרט זי אַ לעבען פון אַ פרוי, וואָס האָט אויף זיך נישט קיין שום התחיבות'ן — נישט קיין ווייב און נישט מוטער. אַזוי ווי מיין געזונד דערלויבט מיר נישט צו ווייזען זיך אין דער געזעלשאַפט פון אַקטאָרען, געהט זי צו זיי אַליין, און

מיר. טיילמאָל קומט זי אַחיים פאַרטאָג, אַ שכור'ע, און מאַכט אַזאַ גערודער, אַז אַלע כאַפּען זיך אויף פון שלאָף. און מיט עקעל הער איך, ווי זי ברעכט אין צימער פון די קינדער. דאָרט שלאָפט זי.

אָבער וואָס זאָל איך טהאָן? מסר'ן זי? ביין! גט'ן זי? ביין! פאַר מיר איז די פאַמיליע געוואָרען אַ מין גאַנצער אָרגאַניזם, ווי אַ פלאַנצונג. פאַר מיר איז זי געוואָרען ווי אַ גאַנצע זאַך, וואָס איך בין נאָר אַ טייל פון איהר. אַליין וואָלט איך נישט געקאָנט עקזיסטירען. אָבער בלויז מיט די קינדער, אָהן זייער מוטער, וואָלט איך אויך נישט געקאָנט לעבען. מיין בלוט-סיסטעם פונקציאָנירט אין די אַרטעריעס, וואָס געהען-אַרויס פון מיין האַרץ און וואָס צוצווייגען זיך אין די געדערם פון מיין ווייב און אין די קערפּערלעך פון מיינע קינדער. דאָסדאָזיגע סיסטעם פון די בלוטגעפעסען זענען איינג פערבונדען צווישען זיך. מען דאַרף נאָר איבערשניידען איינס פון זיי און פון מיר וועט אַרויס דאָס לעבען צוזאַמען מיט'ן בלוט, וואָס וועט איינגעזאַפּט ווערען אין זאַמד. אָט פאַרוואָס מיין ווייבס אויפפיהרונג איז אַ שרעקליך פערברעכען. אָט פאַרוואָס מען קאָן פאָלגען דעם לאָזונג פון'ם בעריהמטען שרייבער: „דער'הרג'ע זי!“ בשעת דער פאָטער איז פערוואונדעט אויף טויט, וואָרום עס איז דאָך אין ספק, צי די קינדער זענען זיינע, וואָרום די מוטער האָט דאָך קיין שום געוויסען נישט.

אָבער מאַריע איז פול מיט נאַרישע אידעען: זי וויל פערגרעסערן די רעכט און פרייהייט פון אַ פרוי, און האַלט אין איין דרשה'נען, אַז די פרוי, וואָס נאַרט דעם מאַן, איז נישט שולדיג, וואָרום זי איז נישט זיין אייגענטום.

איך קאָן מיך נישט דערנידערן ביז שפּיאָנעריי און וויל נישט בעזיצען קיין בעווייזען,—פאַר מיר וואָלט עס געווען אַזוי שווער, ווי דער טויט. איך וויל זיין געזונד, לעבען אין אַ פאַנטאַסטישער וועלט, וואָס איך בוי זי אויס לויט מיין אייגענעם רצון.

און דאָך פיהל איך מיך, ווי אַ פערוואונדעטער. איך האָב מורא, אַז די קינדער זענען נישט מיינע. איך בין אין ספק, צי די

זענען מיינע, אָט די קינדער, וואָס טראָגען מיין נאָמען און וועלען נאָך מיין טויט לעבען פון מיינע ווערק. אָבער דאָך האָב איך זיי ליעב, וואָרום זיי זענען אַריין אין מיין איצטיג לעבען און זענען אויך מיין קינפטיג לעבען. נעהמט מען מיר צו די האָפנונג צו לעבען ווייטער אין מיינע קינדער, טראָג איך מיך אַרום אין לופטען, ווי אַ שאָטען, בלייב איך הענגען צווישען הימעל און ערד. מאַריע'ן פלאַצט, אַפנים די געדולד, וואָס איך שטאַרב נישט אַזוי גיך. פאַר זייטיגע מענשען צערטעלט זי מיך, אָבער אויג-אויף-אויג מאַכט זי מיר דעם טויט, פונקט ווי אין צירק, הינטער די קוליסען, קנייפט דער טאַטע דעם קליינינטשקען פּאַיאַצל.- זי בעציהט זיך צו מיר אומישנע שלעכט, איך זאָל וואָס גיכער אָוועקשטאַרבען. דערנאָך טראַכט זי אויס נייע ענוים פאַר מיר; זי הויבט זיך אָן בעגעהן מיט מיר, ווי מיט אַ שמאַטקעלע, ווי מיט אַזאַ איינעם, וואָס האָט קיין כח נישט. אין איהר כאַניע פון גרויסקייט סטראַשעט זי מיך, אַז זי וועט מיך שלאָגען און פערזיכערט, אַז זי איז איצט געזינדטער פאַר מיר. און עס דערגעהט אַזוי ווייט, אַז זי וואַרפט זיך אויף מיר מיט די פויסטען. דעמאָלט הויב איך מיך אויף, כאַפּ זי אָן ביי די הענד און וואַרף זי אויפ'ן דיוואַן.

—זיי זיך מודה, אַז כאָטש איך בין שוואַך, בין איך דאָך שטאַרקער פון דיר!

איז זי זיך אָבער נישט מודה דעריין און קוקט מיך כלומר'שט אָן מיט אַ פערוואונדערטער מינע. זי ווערט אויפגערייצט דורכדעם, וואָס זי האָט אַ טעות געהאַט און לאָזט מיך צורוה.

אין קאַמף מיט מיר זענען אויף איהר צד די אַלע מעלות פון אַ פרוי און אַן אַקטריסע. דער נעגש, וואָס זיצט אַ גאַנצען טאָג און אַרבייט, קאָן זיך נישט פערטיידיגען געגען אַ פרוי אַ לעדיגגעהערין, וואָס האָט גענוג צייט פאַר אַלערליי רכילות. סוף-כל-סוף פאַלט ער אַריין אין דער נעץ, וואָס רינגעלט איהם אַרום פון אַלע זייטען.

אָהן שום בושה וואַרפט זי מיר פאָר, אַז איך בין אַ שוואַ-

כער מאַן און דערמיט פערענטפערט זי איהר אויפפיהרונג. אָבער צוליעב איהר כבוד און רחמנות אויף איהר און צוליעב דער אייגענער בושה דערצעהל איך קיינעם נישט פון איהר קערפער־ליכען פעהלער, וואָס איז געקומען נאָך איהר לעצטען קינפעט און וואָס ווערט אַלץ ערגער און ערגער, די מענער, וואָס פער־באָרגען שטענדיג פאַר זייטיגע די פעהלערן פון זייערע פרויען, האָבען בעדאַרפט אַלעמען דערצעהלען וואָס פאַר דעפעקטען זייע־רע ווייבער האָבען!

מענערשוואַכקייט! און איך האָב דאָך אַזוי הייס געלעכצט נאָך איהרע לאַסקעס און האָב איהר אַרויסגעזאָגט די סאַמע אונ־אָנגענעהמסטע זאַכען פאַר מיר, אַבי איך זאָל בעקומען די־זאָזיגע לאַסקעס... זי האָט קיין שום סמך נישט צו קלאָגען זיך אויף מיין שוואַכקייט. אָבער זי האָט אַ נאַטור פון אַ וואָלף און וויל, בעגעהרט נאָר איין זאַך: געניסען, כאָטש דאָס זאָל איהר קאָסטען דאָס אייגענע גליק און דאָס גליק פון איהרע קינדער.

„אין ליעבע,—זאָגט נאַפּאָלעאָן, דער גרויסער קענער פון פרויען,—וועסטו זיעגען נאָר דעמאָלט, ווען דו מאַכסט פליטה!” אָבער מאַכען פליטה איז דאָך אונמעגליך פאַר אַזאַ איינעם, וואָס זיצט אין תפיסה און איז אַרומגערינגעלט מיט וועכטער און אַ פשיטה שוין פאַר דעם, וואָס איז פער׳משפט צום טויט...

---

בינו לבינו רוה איך מיך אויס און מיין מח רוהט־אויס. פריי פון מיינע אַרבייטען, פרוב איך מיך צוזאַמענשטעלען אַ פלאַן, ווי אַזוי איך זאָל מיך בעפרייען פון דערדאָזיגער תפיסה, וואָס ווערט געהיט פון מיין פלונית׳טע און מיינע פערנאַרישטע פריינד. פאַלט מיר איין אַ מיליטעריש כיטרע מיטעל און איך שרייב צו אונזער דאָקטאָר אַ בריף. אינ׳ם בריף שרייב איך, אַז איך האָב מורא, איך זאָל משוגע ווערען און ווייז איהם אָן, אַז זאַר מיר וואָלט געווען גוט אַ נסיעה׳לע קיין אויסלאַנד. דעם דאָקטאָרס ענטפער בעדאַרף שטימען מיט מיינע כונות, און קאַ־זעגאַריש זאָג איך סאַריע׳ן:

—אזוי הייסט דער דאָקטאָר.

אזוי איז זי זיך שטענדיג נוהג, בשעת זי וויזט אן דעם דאָקטאָר, וואָס ער זאָל איהר צושרייבען.

דערהערט אזא זאַך, ווערט זי בלאַס, ווי די וואַנד.

—און איך וויל נישט אוועקלאָזען מיין היימאַט!

—דיין היימאַט?.. דיין היימאַט איז דאָך גאָר פינלאַנד! איבעריגענס, ווייס איך לחלוטין נישט, וואָס האָסטו צו פערלירען אין שוועדען: האָסט דאָך דאָ נישט קיין קרוב, נישט קיין גואל, נישט קיין טעאַטער.

—איך וויל אָבער נישט אוועקפאָהרען...

—פאַרוואָס?

שווייגט זי און דערנאָך זאָגט זי:

—ווייל איך האָב מורא פאַר דיר! איך האָב מורא צו בלייבען מיט דיר אליין!

—האָסט מורא פאַר'ן לעמעלע, וואָס דו פיהרסט עס אַרום אויף אַ שטריקעל? דו שפאַסט, מסתמא!

—דו ביזט אַ גזלן, און איך וויל נישט פערבלייבען נעבען דיר אָהן שוץ.

זי האָט געוויס אַ געליעבטען, אָדער זי שרעקט זיך, איך זאָל נישט דערגעהן איהרע פערברעכענס.

האָט זי, אלזאָ, מורא פאַר מיר, פאַר מיר, וואָס איך בין געהאָרכזאַם, ווי אַ הינדטעל, וואָס האָב מיך געלאָזט אָבשערען די לייבען-גריווע און בענוגען מיך מיט אַנ'עק פון אַ פערד; פאַר מיר, וואָס איך דרעה די וואָגסען אַרויף און טראָג צווייענדיגע קראַגענס, איך זאָל זיין בעסער געשיצט אינ'ם קאַמף מיט איהרע געליעבטע.

איהר מורא מאַכט מיך אונרוהיג און דערוועקט אין מיר מיינע אַלטע פערדאַכטען.

—דידאָזיגע פרוי האָט אַ געליעבטען און זי וויל איהם נישט איבערלאָזען, אָדער זי האָט מורא פאַר אַ פראָצעס,—זאָג איך זיך.

נאָך לאַנגע וכוחים בעטעלט זי ביי מיר אַרויס אַ וואָרט

אַז איך וועל פערבלייבען אין אויסלאַנד נישט מעהר ווי אַ יאָהר. זאָג איך איהר צו.

דער דורשט צו לעבען ווערט ווידער דערוועקט אין מיר, זעץ איך מיך צו דער אַרבייט צו פערענדיגען אַ באַנד ליעדער, וואָס בעדאַרף ערשיינען ווינטער, בשעת איך וועל זיין נישט היע.

עס בליהט אין מיר די נשמה און איך צוזינג מיך מיט נייע קרעפטען. בעזונדערס בעזינג איך די פערגעטערטע פרוי, וואָס איהר בלויער וואואַל האָט אין טאָג פון אונזער ערשטער בעגעגעניש אַראָבגעפלאַטערט פון איהר שטרויענעם היטעלע און דיענט מיר עד-היום פאַר אַ פאָהן; די פאָהן וועל איך צובינדען צום מאַסטבוים, בשעת מיר שווימען איבער דעם שטורמישען ים, אין איינעם אַנ׳אָווענד לייען איך איבער דאָסדאָזיגע ליעד פאַר אַ קליינעם קרייז, וואו עס געפינט זיך אויך מיינער אַ פריינד. מאַריע הערט זיך צו מיט גרויס יראה. אַז איך ענדיג, בעגיסט זי זיך מיט טרעהרען, שטעלט זיך אויף און קושט מיר אין שטע-רען אַריין.

ווי אַ דערפאַהרענע אַקטריסע, מאַכט זי אַנ׳אָנשטעל פאַר מיין פריינד, אַז זי איז זעהר אַנ׳איבערגעגעבען הייס ווייב, וואָס האָט ליעב דעם מאַן. און דערדאָזיגער שוטה מיינט, אַז איך בין אַ נאַרישער אויפעריגער מאַן, ווען עס איז בעשערט צו האָבען די סאַמע חנ׳עוודיגסטע פרוי אין דער וועלט.

—זי האָט דאָך דיך ליעב,— פערזיכערט מיך דער יונגער-מאַן.

—איך שווער דיר, אַז אין דעמדאָזיגען אויגענבליק איז זי געוועזען אויפריכטיג—טענה׳ט ער אַלץ דאָס זייניגע.

—אויפריכטיג אין איהרע געוויסען-אַנגסטען—דאָס בין איך מודה. אויפריכטיג פאַר דער ליעבע, וואָס קאָן פערוואַנדלען אַ גאַסענמיידעל אין אַ הייליגער פרוי. דערמיט בין איך אינגאַנצען מסכים!

# XI.

אונזער שטוב איז, גאָט צו דאַנקען, בעפרייט געוואָרען פון איהרע חבר׳טעס.

די לעצטע פון זיי, די שענהייט, איז פערשוואונדען געוואָרען מיט מיין בעסטען פריינד, דעם בעקאַנטען געלעהרטען, וואָס האָט זיך נאָר-וואָס אומגעקעהרט פון אַן׳עקספּעדיציע מיט פיער אָרדענס און מיט אַ פערזיכערטער צוקונפט. אַזוי ווי מיין שענהייט האָט פון ערגעץ קיין שום שטיצע נישט בעקומען, האָט זי געוואוינט ביי אונז און נישט געצאָהלט פאַר פּאַנסיאָן. זי האָט זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט און זיך אָנגעכאַפּט פאַר דעמדאָזיגען אָרימען יונג, וואָס האָט גראָד דאָס לעצטע יאָהר געלעבט אָהן אַ ווייב. פיהרט זי איהם אַוועק אויף אַ דראָזשקע, וואָס זי האָט אין אַ פינסטערער נאַכט בעשטעלט אונטער דעם אויסרייד, אַז זי בעדאַרף ערגעץ פאָהרען. און דערנאָך צווינגט זי איהם, ער זאָל חתונה-האָבען מיט איהר; צוליעב דעם אייגענעם ענין מאַכט זי איהם אַן׳עפענטליכען סקאַנדאַל אין אַ הויז, וואו זיי זענען געקומען אַלס געסט. אַז די שענהייט דערגרייכט דאָס איהריגע, וואַרפט זי אַראָב די מאַסקע פון פנים. אין עפּיס אַ געזעלשאַפט שכור׳ט זי זיך אָן אַזוי שטאַרק, אַז זי רופט אָן מאַריע׳ן געפאַלענע. איינער פון מיינע חברים, וואָס איז אויך געווען אין דערדאָזיגער קאָמפּאַניע, האַלט פאַר זיין חוב מיר מיטצוטיילען וועגען דעם.

אין אַ דריי פראַזען דערקלערט מיר מאַריע, אַז די גאַנצע מעשה האָט קיין שום זין נישט, אַז דאָס איז גאָרנישט מיט גאָרנישט, און איך פערמאַך די טהיר פאַר דערדאָזיגער דאַמע. דערפאַר קאָן איך מיך נישט זעהן מיט איהר מאַן, און איך פערליר אויף אייביג אַ פריינד.

איך בין נישט אויף אַזויפיעל נייגיריג, אַז איך זאָל מאַכען אַן׳אויספאָרשונג מכח דעם וואָרט „געפאַלענע“, אָבער דאָס

לאָזט מיר איבער אַ וועהטאָג אין האַרצען. דאָסדאָזיגע וואָרט, וואָס איז אַרויס פון נישט קיין ריינע ליפּען, האָט אַ שייכות צום פּערדעכטיגען לעבען, וואָס מאַריע האָט געפיהרט בשעת איהר נסיעה קיין פינלאַנד. פון דאָסניי לעבט-אויף מיין אַלטער חשד: דער אַבאָרט, דער שמועס וועגען מזל, דאָס, וואָס זי האָט דעמאָלט אין מיינע אָרעמס גאָרנישט מורא-געהאַט צו פערשוואַנגערן זיך... און עס שטאַרקט זיך אין מיר דער חשק צו מאַכען פּליטה.

מאַריע האָט זיך איבערצייגט, אַז דעם קראַנקען פּאָעט קאָן מען גרויסאַרטיג אויסנוצען, מאַכט זי אַנ׳אָנשטעל פון אַ באַרמהאַרציגער שוועסטער, פון אַ וועכטערין, וואָס היט אַ משוגע׳נעם!

זי איז די גרויסע צדקניות, אָבער הינטער מיין רוקען טהוט זי אָב כל דבר אסור, און ווי איך האָב מיך דערנאָר דערוואוסט, איז זי אַוועק אַזוי ווייט, אַז זי לייהט אין מיין נאָמען געלד ביי מיינע פריינד. אין דערזעלבער צייט ווערט פערשוואונדען פון מיין וואוינונג דאָס טייערסטע מעבעל; דאָס מעבעל ווערט אָבגעשיקט צו דער אַוואַנטוריסטין נומער איינס, אַז זי זאָל עס פערקויפען.

קומט עס מיר אויפ׳ן אויג, און דאָס ערשטע מאָל שטעל איך מיר אַ בעאונרוהידיגע פראַגע:

— שוין-זשע האָט מאַריע געהיימע אויסגאַבען! שוין-זשע פערקויפט זי צוליעב דעם דאָס מעבעל שטילערהייד, ווי איך האָב מיך ערשט געכאַפּט? און צוליעב דעם טאַקי געהט עס אַוועק אַזוי פיעל געלד אויף אונזער ווירטשאַפט? און אויב דאָס איז אַזוי, טאָ צו וואָס פאַר אַ צוועק?..

איצט פערדיען איך אַזויפיעל, וויפיעל אַ שוועדישער מיניסטער און מעהר, איידער אַ געוועהנליכער שוועדישער גענעראַל, און דאָך פיהר איך אַנ׳אָרים לעבען, פונקט ווי מען וואָלט מיר אָנגעבונדען אַ משא צו די פיס. אונזער טיש איז אַנ׳אָרימער, ווי ביי אַ קליינעם בעל-הבית, די מאכלים זענען שלעכט צוגעגרייט און טיילמאָל קאָן מען זיי פשוט אין מויל נישט געהמען. מיר

טרינקען דיזעלבע משקאות, וואָס אַרבייטער טרינקען — ביער און בראָנפּען. דער קאָניאַק אונזערער איז אַ שלעכטער, אַז אפילו די שטענדיגע שטובמענשען ווילען איהם אין מויל נישט נעהמען. רויכערן רויכער איך בלויז אַ לולקע. איך געניס נישט קיין שום פערגעניגענס, אויב מען זאָל נישט צורעכענען די אָוועגדען, ווען איך געה אַמאָל אַריין ערגעץ דורכלופטערן זיך. און דאָס גע־שיהט נאָר איין מאָל אין אַ חדש.

איינמאָל געה איך אַרויס פון די כלים און בעשליס ביי זיך צו מאַכען אַ שטיקעל אויספּאָרשונג וועגען דעם אַלעם. האַלט איך מיר קודם אַן׳עצה מיט אַ פּראַקטישער פרוי. בשעת איך פרעג זי, צי זענען נישט צו־גרויס די אויסגאַבען פון מיין ווירטשאַפט און רוף איהר דערביי אָן אַ ריזיגע סומע, לאַכט זי מיר אין די אויגען און זאָגט, אַז דאָס איז אמת׳ע משוגעת.

האָב איך, אַלזאָ, זיכער אַ גרונד חושד־צו־זיין, אַז מאַריע האָט עפּיס עקסטרע און געהיימע אויסגאַבען.

אָבער אויף וועמען? אויף די אייגענע, אויף די מוהמעס, חבר׳טעס, געליעבטע? אָבער ווער פון זיי וועט דען אויסזאָ־גען דעם מאַן? איך ווייס נישט פּאַרוואָס, נאָר אַלע די, וואָס רינגלען אונז אַרום, ווערען אַזוי ווי מיטהעלפער צום פעררעטעאַט...

---

נאָך לאַנגע שווערע הכּנות ווערט בעשטימט דער טאָג צום אָבפּאָהרען. אָבער דאָ וואַקסט־אויס אַ נייע מניעה, און פון דער נייער מניעה — אַ גאַנצע סעריע מיט מאוס׳ע סצענעס. דער כּלב לעבט נאָך, וויפיעל אַנגסטען האָט ער מיר שוין פערשאַפט! בע־זונדערס דערפאַר, וואָס צוליעב איהם קוקט מען נישט אויף די קינדער.

אָבער דאָך קומט אַ מאָמענט, בשעת מאַריעס אָבגאָט און מיין גיהנם ווערט אַלט, שמוציג און אָבגעלאָזט און ער בעדאַרף שוין צומאַכען זיינע הינדטישע אויגען, צו מיין אונבעשרייבליכער שמחה. מאַריע אַליין וויל, אַז דער כלב זאָל פגר׳ן. אָבער אַז זי

דערמאָהנט זיך, אַז דאָס קאָן מיר פערשאַפען אַ שטיקעלע פערגעניגען, פאַלט זי ממש אַריין אין גרימצאָרן און הויבט-אויף אַ גאַנצע הונד-פראַגע. און זי געפינט פאַר מיר אויס אַזוינע ענוים, אַז איך זאָל מיר טייער בעצאָהלען פאַר דאָס שטיקעלע פערגעניגען.

קודם מאַכט זי אַנ׳אָבשייד-באַל מיט האַרצרייסענדיגע סצענעס, הייסט קוילען אַ הוהן, פון וועלכען איך, אַ מענש, וואָס איז נאַר-וואָס אויפגעשטאַנען פון אַ קראַנקהייט, בעקום בלויז די ביינער און דערנאָך—מיר וואוינען אויף אַ דאַטשע—פאָהרט זי מיט׳ן כלב אין שטאָדט אַריין.

אָבגעוועזן אין שטאָדט אַ צוויי טעג, איז זי מיר מודיע, אַז זי פאָהרט אַהיים, אָבער מיט אַזוינע קאַלטע ווערטער, פונקט ווי מען רעדט צו אַ „גזלן”. שכור פון גליק, וואָס נאָך זעקס יאָהר יסורים ווער איך פטור פון הונד, געה איך צו דער שיף זי בעגעגענען און בין זיכער, אַז דאָסמאָל וועל איך זי דערזעהן אַליין. בעגעגענט זי מיך, ווי מען בעגעגענט אַ הונדשלעגער. מיט טרעהרען אויף די אויגען, און אַז איך וויל זי אַרומנעהמען, שטויסט זי מיך אָב. נאָכדעם נעהמט זי מיט זיך עפּיס אַ גרויסען משונה׳דיגען פּאַק און הויבט-אָן געהן, ווי מען געהט אויף אַ לויה מיט ריטמישע טריט, פונקט ווי זי וואָלט געהערט שפּיעלענדיג אַ טרויערמאַרש.

אין דעמדאָזיגען פּאַק געפינט זיך דער טרופּ פון כלב! אָ, הימעל! איך בעדאַרף איהם נאָך מקבר-זיין—דער לעצטער קלאַפּ פון מזל! אַנ׳אַרבייטער האָט ספּעציעל געמאַכט אַ טרומנע פאַר׳ן כלב, און צוויי אַנדערע גראָבען אַ קבר. אין דערדאָזיגער מהומה האַלט איך מיך אפילו פון דערווייטענס, אָבער מען צווינגט מיך, איך זאָל זיין ביי דער קבורה פון דעם דער׳הרג׳עטען כלב. וואָס פאַר אַ מין וואונדערליך בילד! מאַריע בעהערשט זיך און בעט גאָט פאַר׳ן קרבן און פאַר׳ן הינדשלעגער. די אַרבייטער לאַכען, און מאַריע שטעלט-אַוועק אַ צלם אויפ׳ן קבר, אָ, הימעל, אַ צלם אויפ׳ן קבר פון כלב, פון מאוס׳ען שרעקליכען הונד, וואָס איז דאָ

אפשר גאַנץ אונשולדיג געווען, וואָס האָט מיר אָבער אויסגע-
וויזען ווי די פערקערפערונג פון אייגענשאַפטען פון אַ פריי,
וועלכע קאָן נישט אומברענגען דעם מאַן אָפען, אַז אַלע זאָלען
זעהן.

פערבראַכט עטליכע טעג אין טיפען טרויער און פאַר דער
גאַנצער צייט קיין [illegible] בוש בישט בעשענקט מיר,—ווי קאָן מען
קושען אַנ׳אָב׳סמ׳׳ זי מיט מיר אַוועק קיין פּאַריז.

# פירטער טייל.

## I.

פאַר'ן הויפּט-צוועק פון מיין נסיעה האָב איך אויסגעקליבען פּאַריז: איך האָב געהאָפט צו טרעפען דאָרט פריינד, וואָס זענען בעקאַנט מיט די משונה'דיגע זייטען פון מיין לעבען, נאָהענטע מענשען, וואָס האָבען געוואוסט מיין וועה, וואָס האָבען געקאָנט מיינע פאַנטאַזיעס, וואָס האָבען ליעב געהאַט מיינע דרייסטע טריט און וואָס האָבען, אַלזאָ, געהאַט אַ מעגליכקייט ריכטיג צו משפּט'ן איבער דעם צייטווייליגען צושטאַנד פון דעם דיכטערס גייסט. סקאַנדינאַווישע דיכטער האָבען זיך אין יענער צייט צום ערשטען מאָל בעזעצט אין פּאַריז. איך האָב מיך געוואָלט שטעלען אונטער זייער שוץ, כדי בעסער צו קעמפען מיט מאַריעס שלעכטע כונות. אָבער זי האָט, פערשטעהט זיך, בעסער פון אַלץ געוואָלט פערשפּאַרען מיך אין אַ משוגעים-הויז.

אפילו אין וועג לעגט מאַריע נישט אַוועק דאָס געוועהר. פאַר מענשען אין די אויגען מאַכט זי פון מיר אויסצודרעהען. אַליין איז זי פערטראַכט, איהרע אויגען בלאָנזשען-אַרום. און צו אַלץ בעציהט זי זיך גלייכגילטיג. אומזיסט פיהר איך זי אַרום איבער

די שטעדט, וואו אונז קומט-אויס צו פערברענגען אַ נאַכט. זי אינטערעסירט זיך מיט קיין זאַך נישט, זעהט גאָרנישט און עס איז נאָך אַ ספק, צי זי הערט עפּיס אַרום זיך. וויל איך זיין גוט צו איהר, לעגט זיך עס אָבער איהר, ווי אַ לאַסט. אַפּנים, אַז זי מוז בענקען נאָך עפּיס. אָבער נאָך וועמען? נאָכ'ן לאַנד, וואו זי האָט אַזויפיעל געליטען, וואו זי האָט נישט איבערגעלאָזט קיין איין פריינד נישט? אפשר נאָך אַ געליעבטען?

פיהרען פיהרט זי זיך אויף, ווי אַ פרוי, וואָס איז זעהר נישט פּראַקטיש און זעהר נישט דערצויגען. איך איבערצייג מיך, אַז זי האָט גאָרנישט יענע הויכע מעלות פון אַנ'אַדמיניסטראַטאָר און אַ פיהרער—אַלץ אַזוינע זאַכען, וואָס זי פּרעטענדירט דערויף שטענדיג. זי לאָזט זיך פיהרען אין דעם ערשטען בעסטען גאַסט-הויז, און אויף דער איינציגער נאַכט, וואָס מיר בעדאַרפען דאָרטען פערברענגען, פאָדערט זי, מען זאָל איבערשטעלען דאָס מעהל; דערלאַנגט מען איהר אַ גלאָז טיי נישט אַזוי גוט, רופט זי דעם בעל-הבית; אין די קאָרידאָרען מאַכט זי אָן אַזאַ גערוי-זער, אַז דער עולם וויצעלט זיך מאוס אויף אונזער אַדרעס; ביז מיטאָג וואַלגערט זי זיך אין בעט, און טיילמאָל לאָזען מיר אַדורך צוליעב דעם די בעסטע צוגען. צוליעב איהר שולד ווערט אונזער באַגאַזש אַרויסגעשיקט נישט אויף די נויטיגע סטאַנציעס. פאָהרען מיר אַרויס פון גאַסטהויז, לאָזט זי איבער דער דיענער-שאַפט אַ מאַרק אויף טיי.

—ביזט אַ פחדן,—ענטפערט זי מיר אויף מיין בעמערקונג.

—און דו ביזט אַ האַרצלאָזע און אַ נישט-דערצויגענע פרוי.

נישטאָ וואָס צו ריידען. אַ פרעהליכע נסיעה!

סוף-כל-סוף קומען מיר קיין פּאַריז צווישען מיינע פריינד. אַזוי ווי זיי גיבען זיך נישט אונטער איהרע פּראַכטען, בעמערקט זי באַלד, אַז דער נצחון איז נישט אויף איהר זייט, און זי פיהלט זיך ווי אין אַ פאַסטקע. אַממעהרסטען טרייבט זי פון דער הויט דער אימשטאַנד, וואָס איך חבר מיך שטאַרק מיט איינעם פון די ערשטע נאַרוועגישע דיכטער, וועלכער סימפּאַטיזירט מיט

מיר. נו, געוויס האָט זי איהם פיינט דערפאַר, וואָס ער קאָן פערוואַרפען אַ גוט וואָרט פאַר מיר.

איינמאָל, בשעת מיר זיצען און מיטאָגען אין אַ קרייז פון שריפטשטעלער און קינסטלער, זאָגט דערדאָזיגער יונגערמאַן אַ טאָסט לכבוד מיר, דעם פאָרשטעהער פון דער מאָדערנער שוועדישער ליטעראַטור. מיין מאַריע אָבער מאַכט דערביי אַ מינע פון אַנ׳עכטער מערטירערין, וואָס בעדאַרף, נעבעך, זיין אַ ווייב פון׳ם „בעוואוסטען פאַמפלעטיסט". עס איז מיר פיינליך צוצוזעהן, ווי זי האָט גרויסע יסורים פון דעם, וואָס דער עולם בעגריסט מיך וואַרים, און בשעת אַנ׳אָראַטאָר וויל פון מיר נעהמען אַ וואָרט, איך זאָל פערבלייבען אין פראַנקרייך כאָטש אַ צוויי יאָהר, בין איך שוין נישט בכח צו פערטראָגען מיין ווייבס בליקען, וואָס זענען פול יסורים. צו טרייסטען זי און פערשאַפען איהר עטוואָס פערגעניגען, ענטפער איך, אַז אין וויכטיגע ענינים בין איך מיך שטענדיג מישב מיט׳ן ווייב. אַלס בעלוינונג דערפאַר בעקום איך אַ וואַרימען בליק פון מאַריע׳ן און די סימפאַטיעס פון די בייגעוועזענע דאַמען.

אָבער מיין פריינד וויל מיך נישט אָבלאָזען. ער טענה׳ט אַלץ איין זאַך, איך זאָל דאָ לענגער פערבלייבען, און מיט אָראַטאָרישער היץ פערלאַנגט ער פון מיינע חברים, זיי זאָלען זיך פעראייניגען צו איהם: הויבען אַלע אויף די גלעזער און מען האַלט-אונטער זיין פאָרשלאָג.

איך בין מיך מודה, אַז אין יענער צייט האָב איך מיר נישט געקאָנט דערקלערן דידאָזיגע עקשנות פון מיין פריינד, הגם איך האָב פערשטאַנען, אַז צווישען איהם און מיין ווייב קומט-פאָר אַ פערבאָרגענער קאַמף, און די סבה דערפון איז מיר אונבעקאַנט. מעגליך, אַז דערדאָזיגער מענש האָט געוואוסט מעהר פון מיר און מיט דער דורכדרינגליכקייט פון דעם ערשטען איינדרוק באַלד פערשטאַנען מיין סוד. ער איז אַליין געוועזען אַ בעווייבטער און זיין ווייב האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זעהר אַנ׳איינגעאַרטיגען כאַראַקטער.

מאַריע שפירט זיך שלעכט אין פאַריז, וואו איהר מאַנס

טאַלענטען ווערען פון אַלעמען אָנערקענט, און אין אַ מאָנאַטען דריי אַרום הויבט זי אָן צו פערהאַסען דעמדאָזיגען גרויסען צענטער פון גייסט. זי האַלט מיך אַלץ אין איין אָבהיטען פון „פאַלשע פריינד", וואָס קאָנען מיך, חלילה, ווען-עס-איז אַריינ-ברענגען אין אַנ׳אומגליק.

בינו לבינו ווערט קאָנסטאַטירט אַ נייע שוואַנגערשאַפט און עס הויבט זיך אָן פון דאָסניי אַ גיהנם.

דאָסמאָל האָב איך שוין נישט געקאָנט צווייפלען אין מיין פאָטערשאַפט, וואָרום איך קאָן פעסטשטעלען די דאַטע, ווען זי האָט זיך פערטראָגען. מאַנכע זאַכען רופען-אַרויס אין מיין זכרון אפילו דעם מאָמענט מיט אַלע זיינע פרטים.

מיר פאָהרען אין דער פראַנצויזישער שווייץ.

---

## II.

כדי אויסצומיידען דעם טאַראַראַם פון פיהרען אַליין די בעל-הבית׳ישקייט, דינגען מיר אָן אַ צימער מיט פולען פאַנסיאָן.

דאָסמאָל האַלט זיך מאַריע אויסגעצייכענט, וואָרום איך געפין מיך ווידער אין איהר מאַכט און בין לחלוטין אונבעשיצט נעגען איהר.

פון דער ערשטער מינוט אָן פיהרט זי זיך ווי אַ שומר אַרום אַ שטילען משוגע׳נעם. זי פערפיהרט בעקאַנטשאַפט מיט אַ דאָקטאָר, וואָרענט פריהער דעם בעל-הבית מיט דער בעל-הבית׳-טע, איז מתרה אפילו די דיענערשאַפט און די פאַנסיאָנערן. איך קאָן שוין, פערשטעהט זיך, קיין שום בעציהונג נישט האָבען מיט מענשען, וואָס שטעהען מיט מיר אויף איין מדרגה. איך קאָן מיך נישט צוזאַמענריידען מיט זיי. דידאָזיגע אונענטוויקעלטע פרוי נעהמט פון מיר נקמה ביים טאַבעלדאָט: זי נעהמט פון מיר נקמה דערפאַר, וואָס זי האָט געמוזט שווייגען אין פאַריז, ביי יעדער בעקוועמער געלעגענהייט שאַרפט זי די צונג און זאָגט-אַרויס אַזוינע נאַרישקייטען, וואָס איך האָב שוין נישט איינמאָל

אָבגעוואָרפען. אָבער אַזוי ווי די אַלע נישט-געבילדעטע לייט, האָט ריינגלען זי אַרום, גיבען איהר פון יוצא-וועגען געזעכט, האָב איך קיין אַנדער ברירה נישט, ווי שווייגען, און מיין שוויי-גען פערשטאַרקט זי נאָכמעהר אין דער דעה.

איינזעהן זעהט זי אויס קרענקליך און דערשלאָגען, פונקט ווי זי וואָלט געהאַט אַ סך דאגות אויפ'ן קאָפּ. אָבער בנוגע צו מיר האָט זי נאָר איין געפיהל — האַס.

אַלץ, וואָס איך האָב ליעב, האָט זי פיינט. זי האָט פיינט די אַלפּען בלויז דערפאַר, וואָס איך האָב זיי ליעב; זי האָט פיינט צו שפּאַצירען, זי האָט פיינט צו פערברייבען מיט מיר צוזאַמען. זי סטאַרעט זיך צו כאַפּען פאָראויס מיינע פער-לאַנגען און האַלטען זיי אין דער צוואַנג. זי זאָגט „יאָ", בשעת איך זאָג „ניין", און פערקעהרט. מיט איין וואָרט, זי האָט מיך פיינט, ווי דעם טויט!

אָבער איך, איינזאַם און אַליין אין אַ פרעמדען קאַנט, בין געצוואונגען צו זוכען איהר געזעלשאַפט. אָבער אַזוי ווי מיר ריידען נישט צווישען זיך, ווייל מיר האָבען מורא פאַר קריעג, בין איך כאָטש צופרידען, וואָס איך זעה זי נעבען זיך און דאָס פערלייכטערט מיר עטוואָס מיין איינזאַמקייט. אַזוי ווי די שוואַנגערשאַפט איז קאָנסטאַטירט געוואָרען, מיין איך, אַז איך האָב מיך נישט וואָס צו שרעקען און קאָן מיך אָבגעבען פריי די ליעבע-בעציהונגען; זי, ווידער, האָט אויך קיין שום סמך נישט מיר אָבצוזאָגען, אָבער זי קלערט-אויס כל'ערליי מיטלען, ווי אַזוי צו מאַטערן מיך. זעהענדיג, ווי די פרייע ליעבע-בעצי-הונגען גיבען מיר אַ סך פערגעניגען, פערגינט זי דאָס מיר נישט און קריגט מיך פיינט דערפאַר.

אָבער דאָס איז באמת אַ גרויס גליק פאַר מיר, מחמת מיי-נע נערווענקראַנקהייטען קומען הויפּטזעכליך אויפ'ן באָדען פון איינהאַלטען זיך.

אין דער איינענער צייט פערשאַרפט זיך אַזוי שטאַרק מיין באַגענקאַטאַר, אַז איך בין געצוואונגען צו לעבען מיט בלוי-זען זופּ. ביינאַכט לאָזט איך מיך אויף פון שרעקליכע ספּאַזמעס,

עפיס ברענט מיר שרעקליך אינוועניג און איך פרוב מיך עס לע-שען מיט קאלטען מילך.

מיין ראפינירטער שכל, וואס איז ענטוויקעלט געווארען א דאנק דער אלזייטיגער בילדונג, פערלירט דעם גלאנץ צוליעב דער בעריהרונג מיט א נידעריגען פערשטאנד. יעדער פרוב צו ברענגען איהם אין הארמאניע מיט דעם ווייבס שכל, רופט אין מיר ארויס ספאזמעס. פרוב איך מיר פערפיהרען בעקאנטשאפטען מיט זייטיגע. צום אומגליק, גיט מען מיר נאך אין א שמועס, ווי מען גיט נאך א משוגע׳נעם.

און אט שווייג איך שוין דריי מאנאטען נאכאנאנד. ביים סוף פון דידאזיגע דריי מאנאטען בעמערק איך מיט שרעק, אז צוליעב׳ן שווייגען ווערט אויסגעלאשען מיין קול און אז איך קאן שוין כמעט באלד נישט ריידען.

סטארע איך מיך, לפחות, וואס עפטערער איבערצושרייבען זיך מיט מיינע שוועדישע פריינד. אבער זייער איינגעהאלטענער טאן, זייער מיטלייד, זייערע פאטערליכע עצות בעווייזען, וואס פאר א מין מיינונג זיי האבען איבער מיין גייסטיגען צושטאנד.

זי פייערט א נצחון. איך האלט ביי ערב משוגע-ווערען, עס האבען זיך שוין בעוויזען סימנים פון א פערפאלגונגס-מאניע.

א מאניע? פון וואנען נעהמט זיך דאס ווארט? מען פער-פאלגט מיך, הייסט עס, אז עס איז גאנץ לאגיש, ווען איך האלט מיך פאר א גע׳רודפ׳טען!

קורץ גערעדט, איך ווער צוריק א קינד. שרעקליך אבגע-שוואכט, זיץ איך גאנצע טעג אויפ׳ן דיוואן, האלט דעם קאפ ביי מאריע׳ן אויף די קניה און מיט די הענד ארומגענומען איהר טאליע. איך דריק-צו דעם שטערען צו איהר ברוסט, זי רופט מיך אן קינד מיינס, און איך חזר-איבער: יא, איך בין דיין קינד. אין די ארעמס פון א מאמען, וואס הערט-אויף צו זיין א פרוי, גוסס׳ט די ליידענשאפט. דא קוקט זי אויף מיר ווי א זיע-גערין, דא ווארפט זי מיר צו צערטליכע בליקען; אמאל ווערט זי פלוצלונג צערטליך צו מיר, פונקט ווי א תלין, וואס דריגנט זיך אמאל דורך מיט א גוט געפיהל צו זיין קרבן. זי איז עהג-

ליך צו אַ שפּין-נקבה, וואָס פרעסט-אויף איהר מאַן נאָכדעם, ווי ער בעפרוכטעט זי.

---

בינו-לבינו בין איך נאָך אַלץ קראַנק. מאַריע פיהרט עפּיס אַ פערבאָרגען לעבען. ביז'ן מיטאָג ליעגט זי אין בעט, דאָס הייסט אַזוי גוט ווי ביז איינס אַ זייגער. דערנאָך געהט זי אין שטאָדט אַריין אָהן אַ שום צוועק און קומט צוריק בלויז צו אָוועגדברויט און אַמאָל אויך שפּעטער. אַז מען פרעגט מיך, וואו איז מיין ווייב, זאָג איך:

—זי איז אין שטאָדט.

און אַלע לאַכען שטילערהייד.

איך בין קיינעם נישט חושד. מיר פאַלט גאָרנישט איין. איך זאָל זי נעהמען נאָכשפּירען.

נאָכ'ן מיטאָג פערבלייבט זי אין גאַסטצימער און פלאַפּעלט מיט זייטיגע מענשען.

ביינאַכט טרינקט זי קאָניאַק מיט דער דיענסט. איך הער ווי זיי פלוידערן שעפּטשענדיג, אָבער איך וויל מיך נישט מבזה-זיין און געהן אונטערהאָרכען אונטער דער טהיר.

און פאַרוואָס טאַקי נישט? דערפאַר, ווייל דאָס איז אַזאַ טאַט, וואָס מען טאָר זיך נישט דערלויבען.

אָבער דאָך פאַרוואָס טאַקי נישט? דערפאַר, ווייל אין מיין דערציהונג איז עס אַ מין רעליגיע.

דריי חדשים געהען אַריבער. און פונקט ווי פון שלאָף אויפגעשטאַנען, בעמערק איך פּלוצלונג, ווי גרויס אונזערע הוצאות זענען. איצט זענען זיי דאָך רעגולירט און מען קאָן זיי לייכט אויסרעכענען.

פּענסיאָן קאָסט אונז צוועלף פראַנק אַ טאָג; מאַכט עס אויס דרייהונדערט זעכציג פראַנק אַ מאָנאַט, אָבער איך גיב מאַ-ריע'ן טויזענד פראַנק אַ מאָנאַט. אַלזאָ, געהט יעדען חדש אַוועק ביי מאַריע'ן זעקסהונדערט פראַנק אויף זייטיגע הוצאות!

—דיזאָזיגע געלדער זענען אויסגעגעבען געוואָרען אויף

ועהר נויטוועגדיגע זאכען,—ענטפערט זי מיר ווי א שלאנג, בשעת איך פאדער פון איהר א רעכנונג.

—אבער ווי אזוי שטימט זיך עס—דרייהונדערט זעכציג פראנק געוועהנליכע הוצאות און זעקסהונדערט פראנק—עקסטרע הוצאות! דו מוזט מיך, מסתמא, האלטען פאר גאר א גרויסען פרא-אדם?

—יא, דו האסט מיר טאקי געגעבען טויזענד פראנק, אבער דער גרעסטער טייל פון דער סומע געהט-אוועק אויף דיר!

—גוט. לאמיר מאכען א רעכנונג: טאבאק (זעהר א שלעכ-טער) און ציגארען צו צעהן סאנטימען... פאסט-הוצאות—צעהן פראנק, און דערנאך...

—האסט גענומען פעכטונגס-לעקציעס?

—איך האב גענומען נאר איין לעקציע

—רייטען אויף פערד!

—צוויי לעקציעס צו פינף פראנק.

—ביכער!

ביכער? צעהן פראנק... דאס אלץ צוזאמען מאכט-אויס א סומע פון אכטאונדרייסיג פראנק, לאמיר זאגען—פון הונדערט פראנק. בלייבען דאך אבער אלץ איבער פינפהונדערט פראנק אויף זייטיגע הוצאות... דאס איז עפיס א צו-גרויסע סומע!

—מיינסטו, אלזא, אז איך בע'גנב'ע דיך?.. א, געמיינער מענש!

וואס זאל איך איהר ענטפערן דערויף?.. גארנישט!.. איך בין א געמיינער מענש, און אויף מארגען וייסען אלע איהרע שוועדישע חבר'טעס, אז מיין משוגעת רוקט זיך שטארק פאראויס.

אזוי ווערט ביסלעכווייז געשאפען די לעגענדע. פון יאהר צו יאהר טרעטען אלץ דייטליכער ארויס די קאנטורען פון מיין פערזענליכקייט, און אנשטאט אנ'אונשולדיגע פיגור פון א דיכטער, וואקסט-אויס א מיטאלאגישע געשטאלט, א שווארצע און א מרה-שחורה'דיגע, וואס גרענעצט זיך מיט א פערברעכערישען טיפ.

איך פרוב מיך מאַכען פּליטה קיין איטאַליען, וואו איך בעדאַרף זיך טרעפען מיט קינסטלער פון מיין קרייז, אָבער דאָס גיט זיך מיר נישט איין. קעהרן מיר זיך אום צוריק צו די ברע-גען פון דער זשענעווער אָזערע און דאָרטען וואַרט איך אָב ביז וואַנען מאַריע וועט געלעגען ווערען.

דערנאָך ווייזט זיך אַ קינד אויף גאָטס וועלט. מאַריע מאַכט ווידער אַנ׳אָנשטעל פון אַ מערטירערין, פון אַנ׳אונטערגעדריקטער פרוי, פון אַ שקלאַפין און בעט זיך רחמים, איך זאָל לאָזען טוי-פען דאָס קינד. וואָרום ווייסען ווייס זי זעהר גוט, אַז אין מיי-נע פאָלעמישע ווערק האָב איך נישט איין מאָל אַרויסגעוויזען גרויס עקעל צו די אַלע זאַבאַבאָניעס און האַלט פּשוט נישט פון די אַלע אמונה-טראַדיציעס.

מאַריע, ווידער, איז אַ האָהר נישט פרום, געהט קיינמאָל אין דער קירך נישט אַריין, האָט זיך קיין איין מאָל נישט מתודה-געווען פאַר׳ן גלח, און טאָמער בעט זי עפּיס צו גאָט, איז עס בלויז פאַר הינד, היהנער און קראָליקעס. אָבער איצט וויל זי דוקא, מען זאָל טויפען דאָס קינד און וויל מאַכען אַ גאַנצען פאַראַד. און דאָס קומט ביי איהר פאַר ראַפּטאָם, אָהן איין געדאַנק וועגען מיר, כאָטש זי ווייס אויסגעצייכענט, אַז איך האָב שרעקליך פיינט אָט די אַלע צערעמאָניעס, אַז איך האַלט זיי פאַר צביעות און אַז זיי זענען סותר מיינע מיינונגען.

דערנאָך בעט זי מיך מיט רחמים מיט טרעהרען אויף די אוי-גען, אַפּעלירט צו מיין גוטסקייט, צו מיין איידעלמוטיגקייט. סוף-כל-סוף גיב איך מיך אונטער, אָבער מיט דעם תנאי, אַז איך וועל נישט זיין אויף דעמדאָזיגען פאַראַד. קושט זי מיר די הענד, בעדאַנקט מיך גוזמא׳דיג פאַר דעמדאָזיגען צייכען פון ליעבע, וואָרום פאַר איהר איז דאָס טויפען „אַ זאַך פון געוויסען״, אַ לעבענספראַגע.

טויפט מען, פערשטעהט זיך, דאָס קינד. און אַז זי קומט צוריק פון דער צערעמאָניע, לאַכט זי פאַר מענשען אין די אוי-גען פון „דערדאָזיגער קאָמעדיע״ און מאַכט שוין אַנ׳אָנשטעל פון אַנ׳אפיקורת׳טע, וואָס לאַכט-אויס אַלע אמונה-טראַדיציעס. דער-

נאָך בעריהמט זי זיך, אַז די אמונה, אין וועלכער מען האָט נאָר-וואָס געטויפט איהר קינד, איז איהר לחלוטין אונבעקאַנט.

אויסגעפיהרט דאָס איהריגע, מאַכט זי איצט חוזק און די „לעבענספראַגע" ווערט איצט פערוואַנדעלט אין אַ נצחון איבער מיר, און דאָס גיט מייגע שונאים אין די הענד אַריין נאָך אַ שאַנס.

האָב איך מיך אַלזאָ, נאָכאַמאָל מבזה-געווען, געמאַכט זיך צו חוזק און צופרידענגעשטעלט די קאַפּריזען פון אַ דעספּאָ-טישער פרוי.

אָבער דער ענין געהמט-אָן אַ מעהר-ערנסטערע ווענדונג. פון סקאַנדינאַוויען טראָגט-אָן דער ווינד אַ מיידעל, וואָס איז אָנ-געשטעקט מיט די משוגע׳נע געדאַנקען וועגען פרויענעמאַנסיפּאַ-ציע. עס פערשטעהט זיך, אַז זי ווערט די מינוס מאַריע׳ס אַ הייסע חבר׳טע, און איך בין אַ פערפאַלענער לעולם ועד.

דאָס מיידעל פיהרט מיט זיך אַרום עפּיס אַ משונה׳יש ספר׳ל, אָנגעשריבען פון אַזאַ מין סוביעקט, וואָס איז נישט קיין זכר, נישט קיין נקבה, וואָס קיין פּאַרטיע וויל מיט איהם קיין שום מגע ומשא נישט האָבען, וואָס האָט בוגד-געווען דעם מאַנסביל און געשלאָסען יד-אחת מיט די אַלע בלויע זאָקען פון דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט.

אַראָבוואַרפען דעם מאַנסביל און אַוועקשטעלען אויף זיין אָרט די פרוי, איינפיהרענדיג פון דאָסניי דעם מאַטריאַרכאַט; אַוועקנעהמען די קרוין ביי דעם אמת׳ען קעניג פון שאַפען, וואָס האָט אויסגעפונען די ציוויליזאַציע, וואָס פערשפרייט קול-טור, גרויסע אידעען, קונסט, מלאכה, וואָס האָט אַבסאָלוט אַלץ בעשאַפען—אַראָבוואַרפען איהם, דעם מאַנסביל, בלויז צו-ליעב דעם, אַז אויפ׳ן פּיעדעסטאַל זאָלען אויפגעהויבען ווערען טפּשים-פרויען, וואָס האָבען זיך קיינמאָל נישט בעטייליגט אין דער ציוויליזאַציע, אויסער דאָרטען אַ קליינינטשקע אויסנאַהם— דאָס איז אַ בעליידיגונג נישט בלויז פאַר מיר, נאָר פאַר מיין גאַנצען געשלעכט, פאַר אַלע זכרים, ביי דעם איין געדאַנק, אַז דיראָזיגע אינטעלעקטען פון דער בראַנז-עפּאָכע, דיראָזיגע האַלב-

מאַלפּעס, האַלב-מענשען, דידאָזיגע באַנדע פון חיות—וועט גע-שטעלט ווערען אויפ'ן ערשטען פּלאַן—ביי דעם איין געדאַנק ווערט אין מיר שטאַרק אויפגערעגט דאָס געפיהל פון מאַנסביל. און אַ מאָדנע זאַך, אויגענבליקליך ווער איך דעמאָלט אויסגעהיילט פון מיין קראַנקהייט, עס בעפאַלט מיך אַ שטאַרק עקעל-געפיהל צו מיין שונא, וואָס שטעהט אַ סך נידעריגער פון מיר אין גייסט און וואָס שטייגט מיך בלויז איבער אין פערדאָרבענקייט און די אַלע זאַכען, וואָס בעציהען זיך צו מאָראַל.

אַזוי ווי אין אַ קריעג צווישען צוויי פעלקער זיעגט יענע נאַציע, וואָס איז וועניגער עהרליך און מעהר פערדאָרבען; אַזוי זיי די אויסזיכטען אויסצושפּיעלען דעם קריעג זענען גאַנץ צוויי-פעלדיגע פאַר'ן מאַנסביל, וואָס דאָס געפיהל צו אַכטען די פרוי נעסטיגט זיך אין איהם פון געבוירען-אָן; פאַר'ן מאַנסביל, וואָס לאָזט-איבער דער פרוי אַזויפיעל פרייהייט, אַז זי זאָל זיך קאָ-נען בעסער אָנגורטען אין קאַמף געגען איהם,—נעהם איך מיך ערנסטער פאַר דעמדאָזיגען ענין. איך מאַך מיך גרייט צו אַ נייעם קאַמף און הויב-אָן שרייבען אַ בוך; דאָס וועט זיין אַ מין האַנדשו, וואָס איך וועל וואַרפען אין פּרצוף אַריין די עמאַנסי-פּירטע פרויען, אָט די נאַראָנים, וואָס פאָדערן פרייהייט דורך פערקנעכטען דעם מאַנספּערשוין.

עס רוקט זיך אָן דער פריהלינג און מיר טוישען דעם פּאַנסיאָן, איינגיכען דערזעה איך מיך אין אַ מין גיהנם, וואו עס היטען מיך אַ שטיק פינפאונצוואַנציג ווייבער, וועלכע גיבען מיר אָבער דעם נויטיגען מאַטעריאַל פאַר מיין בוך געגען דידאָזיגע הילצערנע קעפּ, וואָס ווילען אַריינכאַפּען די מאַכט פון מאַנסביל.

אין דריי מאָנאַטען אַרום איז פאַרטיג אַ באַנד. דאָס איז אַ זאַמלונג פון „הייראַט-געשיכטעס". דערביי איז בייגעלעגט אַנ'-אַרטיקעל, אין וועלכען איך זאָג-אַרויס אַ סך אמת'ן, וואָס זענען נישט אָנגענעהם פאַר דער פרוי.

די פרוי איז נישט קיין שקלאַפין, וואָרום זי שפּייזט זיך און איהרע קינדער דורך דער מיה פון מאַן. די פרוי איז נישט פערקיאָכט, וואָרום די נאַטור האָט איהר בעשטימט, זי זאָל זיך

געפינען אונטער דער שוץ פון מאַן, בשעת זי דערפילט איהר־ מוטערליכען בערוף. די פרוי קאָן נישט שטעהן אין גייסט אויף איין הויך מיט׳ן מאַנסביל, דערפאַר אָבער קאָן דער מאַנסביל נישט האָבען קיין קינדער. די פרוי איז נישט נויטיג אין דער גרויסער קולטור־אַרבייט, וואָרום דער מאַנסביל פערשטעהט בע־ סער פון איהר זיין זאַך. לויט דער עוואָלוציאָנס־טעאָריע, זענען די קינדער געזינדטער דאָרטען, וואו עס איז גרעסער דער אונ־ טערשיד צווישען די געשלעכטען. אַלזאָ, איז דער „מאַסקוליניזם״, די גלייכבערעכטיגונג פון געשלעכטען אַ רעגרעס, אַ נאַרישקייט, אַ נייע פלוידעריי פון סאָציאַליסטען, וואָס זענען ראָמאַנטיש און אידעאַליסטיש געשטימט.

די פרוי, וואָס איז אַ נויטווענדיגע הוספה צום מאַן קאָן נישט האָבען דיזעלבע רעכט, ווי איהר מאַן, וואָרום בלויז אַריט־ מעטיש מאַכט זי אויס די „צווייטע העלפט״ פון דער מענשהייט אָבער פון בעטרעפענדיגען שטאַנדפונקט מאַכט זי אויס נישט מעהר ווי איין זעקסטען טייל. בעדאַרפען זי, אַלזאָ, נישט פרעטענדי־ רען אויף דעם אַרבייטסמאַרק פון מאַנסביל, כל־זמן ער איז מחויב אויסצוהאַלטען די פרוי און דאָס קינד. דערביי בעדאַרף מען נישט פערגעסען, אַז יעדעס מאָל, ווען ביים מאַנסביל ווערט צו־ גענומען דער פאָסטען, קומט־צו אויף דער וועלט נאָך אַן אַלטע מויד אָדער אַ פראָסטיטוטקע.

מען קאָן זיך פאָרשטעלען, ווי גרויס עס איז געווען דער גרימצאָרן פון די „מאַסקוליניסטען״ און וואָס פאַר אַ שרעקליכער קאַמף עס האָט זיך אָנגעהויבען געגען מיר, בשעת זיי האָבען זיך דערוואוסט, אַז די מאַכט האַלט ביים קאָנפיסקירען מיין בוך און מען פערפיהרט געגען מיר אַ פראָצעס.

צום בעדויערן, האָבען זיי נישט קיין מוט צו דערפיהרען די זאַך ביז אַן׳ענדגילטיגען סוף. זיי טענה׳ן נאָר, אַז איך האָב בעליידיגט די רעליגיע (די נאַרישקייט פון די־יעניגע, וואָס זע־ נען נישט קיין מענער, נישט קיין פרויען, ווערט שוין גאָר דער־ הויבען ביז „רעליגיע!״).

מאַריע וויל בשום־אופן נישט, איך זאָל פאָהרען אָהן איהר־

קיין שוועדען. אָבער איך האָב נישט אַזויפיעל מיטלען, אַז איך זאָל קאָנען פאָהרען מיט איהר און דער גאַנצער פאַמיליע. אין פלוג האָט זי נאָר מורא, איך זאָל מיך נישט אַרויסדרעהען פון אונטער איהר השגחה; און גיכער, קאָן זיין, האָט זי נאָך מורא דערפאַר, איך זאָל נישט צוקלאַפּען פאַר׳ן געריכט און פאַר׳ן פובליקום די פאַלשע קלאַנגען, וואָס זי האָט פערשפּרייט איבער מיין גייסטיגען צושטאַנד.

ווערט זי קראַנק, הגם זי קאָן נישט זאָגען, וואָס איהר טהוט וועה, און ליעגט, ווי די מאָדע איז, אין בעט. אָבער איך בעשליס דאָך, איך זאָל מיך שטעלען פּערזענליך צום געריכט און פאָהר אַוועק. פאַר די זעקס נודנע וואָכען, אין װעלכע מען סטראַשעט מיך מיט צוויי יאָהר קאַטאָרגע-אַרבייט, שרייב איך איהר בריף פול ליעבע, ווייל איך געפין מיך אין דער-פרעמד און ווייל איך האָב נישט קיין ווייב. מיין מיעדער מח מאָלט זי מיר זעהר פּאָעטיש און רינגעלט-אַרום איהר געשטאַלט מיט אַ שיין; דאָס איינהאַלטען זיך און די בענקשאַפט פוצען זי אויס אין ווייסע מלאכים-קליידער. דאָס אַלץ, וואָס איז מאוס, געמיין, שלעכט, ווערט אַנטרונען. פון דאַסניי קומט צו מיר די מאַדאָנע פון מיינע ערשטע ליעבע-חלומות. אין אַנ׳אינטערוויו מיט אַנ׳-אַלטען חבר-זשורנאַליסט זאָג איך מיך אפילו אַרויס, אַז „אונטער דער ווירקונג פון אַ גוטער פרוי בין איך געוואָרען בעשיידענער און רייבער". מסתמא זענען דידאָזיגע אָפענהערציגע ווערטער אַדורכגעלאָפען אַלע צייטונגען פון די פעראייניגטע מלוכות.

נאָר ווי האָט עס בעדאַרפט קייכען פון געלעכטער די פעררעטערין, בשעת זי האָט דורכגעלייענט דידאָזיגע ווערטער!

דער עולם האָט, לפחות, הנאה-געהאַט פאַר זיינע פאַר גראָשען.

פון מאַריעס ענטפער אויף מיינע ליעבע-בריף לאָזט זיך מערקען, אַז זי בעציהט זיך מיט גרויס אינטערעס צו דער ווירטשאַפטליכער זייט פון דער פראַגע. לויט׳ן וואַקסען פון די אַוואַציעס, וואָס ווערען מיר געמאַכט אין טעאַטער, אויף דער גאַס, אין געריכט, בייט זיך אויך איהר מיינונג. זי רופט די

ריכטער שוטים און בעדויערט, וואָס זי קאָן נישט זיצען צווישען די געשוואָרענע.

אויף מיינע ליעבע-בריף ענטפערט זי מיט קאַלטער איינגעהאַלטענקייט. זי לאָזט זיך נישט אַריין אין פּרטים און חזר׳ט נאָר אַלץ איבער די ווערטער: „פערשטעהן, בעגרייפען איינאַנדער.“ דאָס אומגליק אין אונזער לעבען, זאָגט זי, שטאַמט דערפון, וואָס איך האָב זי קיינמאָל נישט פערשטאַנען. אָבער איך קאָן מיך שווערען, אַז זי האָט קיין איין וואָרט נישט פערשטאַנען אויף דער שפּראַך פון איהר געלעהרטען דיכטער.

פאַרהאַן אין איהרע בריף איינער, וואָס דערוועקט אין מיר מיינע אַלטע חשדים. איך האָב איהר געגעבען צו פיהלען, אַז אויב מיר וועט געלינגען אַרויסצודרעהען זיך פון די הענד פון געריכט, וואָלט איך געוואָלט שטענדיג פערבלייבען אין אויסלאַנד.

פאַלט זי אַריין אין גרימצאָרן, זידעלט זיך און סטראַשעט, אַז זי וועט מיך מעהר נישט ליעבען; דערנאָך בעט זי זיך רחמים, איז זיך מבזה פאַר מיר און ווענדט זיך צו מיר אין נאָמען פון איהר מוטערס אָנדענק. זי זאָגט אַז ביים געדאַנק „מעהר קיינמאָל נישט צו זעהן איהר פאָטערלאַנד“ (נישט פינלאַנד), הויבט זי אָן צו ציטערן אויפ׳ן גאַנצען לייב. זי וועט שטאַרבען און וועט עס נישט אויסהאַלטען. און איך פרעג זיך:

—פאַרוואָס בעפאַלט עס איהר אַזאַ ציטערניש ביי דעמדאָזיגען געדאַנק?

נאָך ביז היינטיגען טאָג איז עס מיר אונפערשטענדליך

צולעצט, ווער איך פריי געשפּראָכען דורכ׳ן געריכט. אויפ׳ן באַנקעט, וואָס ווערט מיר געמאַכט ביי דער געלעגענהייט, ווערט געזאָגט אַ טאָסט—וואָס פאַר אַ איראָניע!—לכבוד מאַריע׳ן. „וואָרום זי האָט מיטגעווירקט, איך זאָל מיך פערזענליך שטעלען צום געריכט.“

ניין, דאָס איז גרויסאַרטיג!

קעהר איך מיך אום קיין זשענעוו, וואו עס וואוינט מיין פאַמיליע. צו מיין גרויסער פערוואונדערונג טרעף איך מאַריע׳ן

אויפ׳ן וואָקזאַל געזונד און פרעהליך. געשריבען האָט זי מיר, אַז זי איז די גאַנצע צייט קראַנק און ליעגט אין בעט. נאָר זי זעהט-אויס עטוואָס צוזייהט.

ווער איך פון דאָסניי אויפגעלעבט, און דערדאָזיגער אָוועגד און די גליקליכע נאַכט בעצאָהלען מיר כפל-כפלים פאַר אַלץ, וואָס איך האָב מיך אויסגעליטען.

אויף מאָרגען זעה איך, אַז מיר וואוינען אין אַ פענסיאָנאַט, וואָס איז פול געפּאַקט מיט סטודענטען און לייכטזיניגע פרויען. הער איך זייערע פלוידערייען, הויב איך אָן צו פערשטעהן, פאַר-וואָס מאַריע׳ן געפעלט צו שפּיעלען אין קאָרטען און מאַכען אַוואַנטורעס אין דערדאָזיגער פערדעכטיגער קאָמפּאַניע. מיך בע-ליידיגט די נישט-אָנשטענדיגע אינטימליכקייט, וואָס הערשט דאָ. פאַר די סטודענטען שפּיעלט מאַריע אַ ראָל פון אַ מאַמעשי (אַנ׳-אַלט שפּיעל). זי חבר׳ט זיך מיט עפּיס אַ דאַמע פון גאָר אַ מאוס׳ען טאָן. די דאַמע ווערט מיר פאָרגעשטעלט: דאָס איז עפּיס אַ חצופה, וואָס זעצט זיך אַ שכור׳ע צום טיש.

און אין אָט דער הפקרות געפינען זיך מיינע קינדער גאַנצע זעקס וואָכען צייט! און די מאַמע זעהט דערין גאָר-נישט, וואָרום זי איז פריי פון פאָראורטיילען! און איהר קראַנק-הייט, איהר געמאַכטע קראַנקהייט, האָט איהר גאָרנישט געשטערט צו לעבען אין דער געזעלשאַפט פון דידאָזיגע פערדעכטיגע מענשען!

וויל איך עפּיס זאָגען, מאַכט זי מיר באַלד צו דאָס מויל — איך בין דאָך עפּיס אַנ׳אויפעריגער מאַן, אַ קאָנסערוואַטאָר, אַנ׳-אַריסטאָקראַט...

די אַלטע מלחמה הויבט זיך אָן פון דאָסניי.

עס קומט-צו ניי שטאָף צום קריעגען זיך: די דערציהונג פון די קינדער. די ניאַנע, אַ פויעריש מיידעל, וואָס וויים גאָרנישט און קאָן גאָרנישט, ווערט אַ דערציהערין און מיט דער הסכמה פון דער מוטער טהוט זי אָב כל׳ערליי נאַרישקייטען. די פרויען זענען פויל ווי די שטעקענס און שלאָפען ביז האַלבען טאָג. צו-ליעב דעם מוזען די קינדער פערברענגען דעם גאַנצען פריה-מאָרגען אין די בעטלעך. ווילען זיי זיך אויפהויבען, קריעגען זיי

געקלאַפּט. פּרוב איך מיך אַריינמישען: אַלע אינדערפריה וועק איך די קינדער אָהן שום צערעמאָניעס און זיי בעגריסען מיך מיט פרעהליכע אויסגעשרייען, ווי זייער דערלייזער. דאָס ווייב פאָדערט פרייהייט, וואָס שטיצט זיך דערויף, אַז אַ צווייטען זאָל דידאָזיגע פרייהייט צוגענומען ווערען. אָבער מיר הויבט עס נישט אָן צו אַרען.

אָבער די מאָנאָמאַניע פון דידאָזיגע שוואַכע און נישט-זעלבסטשטענדיגע נאַטורען, וועלכע ווילען אויסגלייכען דאָס, וואָס קאָן קיינמאָל נישט אויסגעגלייכט ווערען, מאַכט-אָן אין מיין פאַמיליע אַ גאַנצע רעוואָלוציע. מיין עלטערע טאָכטער, אַ קינד, וואָס האָט זיך פריה ענטוויקעלט, איז שוין לאַנג געוועהנט צו בלעטערן מיינע אילוסטרירטע ביכער און האָט שוין דערויף אַ חזקה. לאָז איך אָבער דאָס נישט טהאָן מיין יונגסט טעכטערל, וואָס קאָן זיך נאָך נישט בעגעהן מיט אַ גוטען בוך. זאָגט די מוטער, אַז איך טהו אַנ׳עולה.

—אַלץ בעדאַרף זיין גלייך,—טענה׳ט זי.

—אַלץ? אפילו די מאָס פון קליידער און שיך?

אויף אַ רעכטען ענטפער וואָלט מען בעדאַרפט לאַנג וואַרטען, אָבער זי ענטפערט באַלד, אַז איך מאַך זיך נאַריש.

—יעדען לויט זיינע פעהיגקייטען און פערדיענסטען! דאָס פאַר דער עלטערער! דאָס פאַר דער יונגערער!

וויל זי מיך אָבער נישט פערשטעהן, און איך בין „נישט קיין גערעכטער פאָטער״, „וואָס האָט פיינט״ דאָס יונגסטע מיידעלע.

דעם אמת געזאָגט, איז מיר די עלטערע סימפאַטישער, וואָרום זי וועקט אין מיר די ערינערונגען פון די ערשטע גליקליכע טעג אין מיין לעבען, אגב פערשטעהט זי שוין אַ סך. די צווייטע, קאָן זיין, איז מיר נישט אַזוי סימפאַטיש, וויל זי איז געבוירען געוואָרען אין יענער צייט, ווען איך האָב אָנגעהויבען צווייפלען אין דער טרייקייט פון איהר מוטער.

צוריקגערעדט, דריקט זיך אויס דער גאַנצער „יושר״ פון דער מוטער דערין, וואָס זי איז לחלוטין גלייכגילטיג צו די קינדער.

בשעה זי שלאָפט נישט, איז זי נישטאָ אין דערהיים. זי איז פרעמד די קינדער און זיי זענען צוגעבונדען צו מיר. זייער ליעבע צו מיר ווערט סוף-כל-סוף אַזוי שטאַרק, אַז זי דערוועקט אין דער מוטער אויפעריגקייט. צו בערוהיגען די מוטער, גיב איך איהר געוועהנליך, זי זאָל פונאַנדערטיילען צווישען די קינדער צאַצקעס און נאַשערייען, וואָס איך ברענג פון גאַס, און אויף אַזאַ אופן גיב איך איהר די מעגליכקייט צו דערווערבען די ליעבע פון די קינדער.

די קינדער זענען באמת אַ טייל פון מיין לעבען. אין יענע שוואַרצע מינוטען, ווען איך פאַל פון מוט מחמת איינזאַמקייט, ציהען מיך דידאָזיגע קליינינקע בעשעפענישען צוריק צום לעבען און גלייכציימיג אויך צו דער פרוי. צוליעב די קינדער קאָן איך נישט טראַכטען פון אַ גט, און פאַר מיר איז עס זעהר אַ גרויסער חסרון, ווייל איך געפין מיך שטענדיג אויף אַ האָהר פון פערקנעכטונג.

---

III.

די רעזולטאַטען פון מיין קאַמף געגען די בעשיצער פון „מאַסקוליניזם" לאָזען זיך שטאַרק פיהלען. אין די בלעטער, וואָס ערשיינען אין דער שווייץ, האַלט מען אין איין בעפאַלען מיך, און עס דערגעהט אַזוי ווייט, אַז עס ווערט מיר דאָ אונמעגליך צו וואוינען. אין דער שווייץ ווערט פערבאָטען צו פערקויפען מיינע ביכער, און, פערפאָלגט פון שטאָדט צו שטאָדט, לויף איך קיין פראַנקרייך.

אין פאַריז זאָגען זיך פון מיר אָב מיינע פריהערדיגע פריינד. געגען מיר שליסען זיי אַ בונד מיט מיין פלונית׳טע. בונקט ווי אַ ווילדע חיה, וואָס איז אַרומגערינגעלט פון יעגער, האַלט איך אין איין בייטען דאָס קאַמפספעלד; כמעט אינגאַנצען פעראָרימט, דערשלעפ איך מיך צו אַ נייטראַלען ברעג אין אַ דאָרף פון קינסטלער אין די פאָרשטעדטלעך פון פאַריז.

איך האָב מיך אינגאַנצען פערפלאָנטערט אין אַ נעץ. אַ חדשים צעהן בין איך געצוואונגען דאָ צו וואוינען—מעגליך, די סאַמע ערגסטע חדשים פון מיין לעבען.

די געזעלשאַפט, וואָס איך געפין דאָ, בעשטעהט פון יונגע סקאַנדינאַווישע קינסטלער, אַלץ פאָרשטעהער פון פערשידענע פאַ-כען, וואָס זענען אַזוי פערשידענאַרטיג, ווי צווייפעלבאַר. אָבער צום ערגסטען זענען דאָ די פרויען-קינסטלערינס, וואָס זענען פריי פון פאָראורטיילען, וואָס זענען עמאַנסיפירט פון אַלץ און וואָס שטודירען אַזוי פלייסיג די הערמאַפראָדיטען-ליטעראַטור, אַז זיי האַלטען זיך גלייך ווי זכרים. און נישט אויסצוזעהן, חלילה, ווי פרויען, סטאַרען זיי זיך צוצוגעבען אַ מאַנסבילשען אויסדרוק זייער האַלטונג: מען רויכערט, מען שכור'ט, מען שפיעלט אין ביליאַרד... און אין די מאַן-און-ווייב-ענינים איז הפקר אַ וועלט:

ווייטער דערפון קאָן מען שוין נישט געהן.

אַז מיר זאָלען נישט זיין אינגאַנצען איינזאַם, פערפיהרען מיר אַ בעקאַנטשאַפט מיט אַ פאָר פון דידאָזיגע מאַלפעס. איינע איז כלומר'שט אַ שריפטשטעלערין און די צווייטע איז אַ מאַלערין.

די שריפטשטעלערין מאַכט מיר די ערשטע אַ וויזיט אין דער פאָרם, ווי מען טהוט עס געווערנליך אַ גרויסען שרייבער. הויבט-אָן מיין ווייב צו אויפערן. זי וויל צוציהען אויף איהר צד די שריפטשטעלערין, וואָס איז, קענטיג, אַזויפיעל אויפגעקלערט, אַז זי איז בכח אָבצושאַצען מיין האַס צו די מאַנסבילשע פרויען.

אָבער אין דער אייגענער צייט קום איך פון דאָסניי צו די אַלטע שוואַרצע מחשבות. זיי ווערען אין מיר דערוועקט דורך פערשידענע נייע קליינינקייטען.

אינ'ם האָטעל, וואו מיר וואוינען, איז פאַרהאַן אַנ'אַלבאָם, אין וועלכען עס געפינען זיך קאַריקאַטורישע פאָרטרעטען פון אַלע בעקאַנטע סקאַנדינאַווישע שריפטשטעלער. זיי זענען געמאַכט געוואָרען דורך די אייגענע נאַציאָנאַלע קינסטלער. דאָרט איז אויך פאַרהאַן מיין פאָרטרעט. אָבער דערדאָזיגער פאָרטרעט איז בעפוצט מיט אַ האָרן, געמאַכט פון מיינע האָהר-לאָקען.

דער מאָלער פון דעמדאָזיגען פאָרטרעט איז איינער פון

מיינע בעסטע פריינד. פון דאַנען לאָזט זיך דריינגען, אַז אַלע ווייסען, אַז דאָס ווייב איז מיר נישט טריי. אַלע, אַלזאָ, ווייסען עס, נאָר איך איינער ווייס נישט. בעט איך אַ דערקלערונג ביים אייגענטימער פון אַלבאָם.

אַזוי ווי מאַריע האָט איהם שוין פריהער בעקאַנט געמאַכט מיט מיין גייסטיגען צושטאַנד, שווערט ער זיך, אַז נאָר איך איינער זעה דעם האָרן, אַז אויף דער צייכנונג איז עס נאָרנישטאָ און אַז איך רעג מיך אויף אָהן אַ שום סמך דערצו. לאָז איך דערוויייל איבער די זאַך אַזוי ווי זי איז, ביז איך וועל זי גרינדליכער אויספאָרשען.

איינמאָל, אין אָווענד, טרינקען מיר אין גאָרטען קאַווע מיט'ן בעל-הבית און מיט נאָך איינעם אַנ'אַלטען הער, וואָס איז געקומען פון סקאַנדינאַוויען. עס איז נאָך געווען ליכטיג. נאָר איך זיך אַזוי, אַז איך זאָל קאָנען נאָכזעהן דעם אויסדרוק פון מאַריע'ס געזיכט. דער עלטערער הער דערצעהלט מיר פון אַלץ, וואָס איז געשעהן אין שוועדען פאַר דער צייט פון מיין אָבפאָהרען פון דאָרטען. דערביי דערמאָהנט ער דעם נאָמען פון דאָקטאָר .X, ווערט מאַריע אויפמערקזאַם און האָקט-איבער דעם אַלטענס רייד מיט אַ חוצפה'דיגען אויסגעשריי:

—אַך, איהר קאָנט דעם דאָקטאָר .X!..

—יאָ... דאָס איז אַ דאָקטאָר מיט אַ היבשער פּראַקטיק... איך וויל זאָגען, אַז ער איז געוויסענמאַסען פּאָפּולער...

—יאָ, ווי אַנ'אויסגעפּוצטער שוטה...

מאַריע ווערט בלאַס. אַ מאוס'ער שמייכעל בעווייזט זיך אויף איהרע ליפּען, וואָס זענען אויפגעהויבען אין די ווינקלען און דעקען-אויף די צייהן.

אַלע דערשפּירען זיך עפּיס נישט בעקוועם און דער שמועס ווערט אָבגעשטאָרבען.

געבליבען אַליין מיט'ן אַלטען, בעט איך איהם, ער זאָל מיר דערצעהלען וואָס דער עולם שמועסט מכח דעמדאָזיגען ענין, פון וועלכען איך בין אַזוי אונרוהיג.

שווערט ער זיך מיט אַלע שבועות, אַז ער ווייס נישט פון

וואָס צו זאָגען. און ערשט נאָך אַ גאַנצער שעה פון אָנגעשטרענגטען בעטען איז מיר געלונגען אַרויסצוציהען פון איהם די דאָזיגע מאָדנע בערוהיגונג:

— איבעריגענס, מיין ליעבער, אויב איהר זענט בלויז חושד איינעם, טאָ קאָנט איהר זיין זיכער, אַז עס זענען געווען עטליכע...

דאָס גאָר. גאָר פון דעמדאָזיגען טאָג אָן האָט שוין מאַריע קיין איין מאָל נישט דערמאָהנט דעם דאָקטאָרס נאָמען; ביז אַהער אָבער פלעגט זי זעהר גערן דערצעהלען פערשידענע מעשות וועגען איהם, און עפענטליך אָנרופען זיין נאָמען, פונקט ווי זי וואָלט זיך וועלען איינאיבען און אַרויסזאָגען דעם נאָמען אַזוי, אַז זי זאָל נישט רויט ווערען. זי האָט זיך אַזוי ווייט געטונען אין דער מאַכט פון דעמדאָזיגען נאָמען, אַז זי פלעגט פערגעסען צו זיין פאָרזיכטיג.

דידאָזיגע ענטדעקונג האָט מיך געצוואונגען צו זיין אויף דער וואַך, און איצט זוך איך אין מיין זכרון אַנדערע פעדים פון דעמזעלבען מין. און איך דערמאָהן זיך אָן עפּיס אַ ווערק, וואָס איז ערשינען פאַר דער צייט פון מיין פראָצעס. פון דעמדאָזיגען ווערק פאַלט אויף דער זאַך אַ גאַנץ נעבעלדיגער שיין, אָבער דאָך איז עס גענוג צו געפינען דאָס שטעגעלע, וואָס פיהרט צו דעם מקור פון די קלאַנגען.

עס קומט מיר צו די הענד אַ דראַמע פון אַ בעריהמטען נאָר־וועגישען בלויען זאָק, וואָס איז שטאַרק איבערגעגעבען דער אַרבייט אויסצוגלייכען אין רעכט דיביידע געשלעכטען. לייען איך איבער דידאָזיגע דראַמע און געפין אין איהר נישט קיין שום רמז וועגען מיין פאַמיליע. אָבער איצט איז מיר לייכט צוצופאַסען די דראַמע צו זיך, אַזוי לייכט, אַז איך קאָן טראַכטען די סאַמע שרעקליכסטע זאַכען וועגען דער רעפּוטאַציע פון מיין פלונית׳טע.

אָט איז דער אינהאַלט פון דער דראַמע.

איינער אַ פאָטאָגראַף (אַזוי האָט מיך אַרויסגעשטעלט אַ ראָמאַניסט, וואָס האָט אָנגעשריבען אַ ראָמאַן פון מיין לעבען) האָט

חתונה מיט אַ פרוי נישט פון ריינער אויפפיהרונג. אַ געוועזענע געליעבטע פון אַ זאַוואָד-אייגענטימער, פיהרט זי איצט די בעל-הבית'ישקייט אויף די געלדער פון איהר פריהערדיגען געליעבטען. זי לערנט זיך די מלאכה פון איהר מאַן—אַ מענש, אַ לעדיגגע-הער, וואָס פטר'ט די גאַנצע צייט אין די טייהייזער און שכור'ט מיט דער באָהעמע.

דערמיט זענען כלומר'שט פערדעקט געוואָרען די פאַקטען, וואָס מען האָט דערנאָך בעדאַרפט קלאָר מאַכען דעם פערלעגער. ער האָט, נאַטירליך, געוואוסט, אַז מאַריע בעשעפטיגט זיך מיט איבערזעצונגען, אָבער ער האָט נישט געוואוסט, אַז דידאָזיגע איבערזעצונגען פלעג איך אויסבעסערן אָהן געלד און פלעג אָהן שום רייד און קווענקלעניש איהר אויסצאָהלען דעם האָנאָראַר פאַר די איבערזעצונגען.

דער צרה'דיגער פאָטאָגראַף דערוויסט זיך דערוויייל, אַז זיין טאָכטער, וואָס ער האָט זעהר ליעב, איז געקומען אויף גאָטס וועלט פאַר דער צייט, אַז דאָס איז נישט זיין קינד און אַז דאָס ווייב האָט איהם זעהר מאוס גענאַרט, ווען זי האָט איהם בעצוואונגען, ער זאָל מיט איהר חתונה-האָבען.

און דער גאַנצער שוואַרצער ענין פערענדיגט זיך דערמיט, וואָס דער גענאַרטער מאַן נעהמט ביי דעם פריהערדיגען גע-ליעבטען אַ גרויסע סומע געלד, ווי אַ מין קאָמפענסאַציע.

הערין זעה איך איין מאַריע'ס הלואה, אויף וועלכער דער באַראָן איז ערוב-געווען. דידאָזיגע ערבות האָב איך אויך בע-דאַרפט אונטערשרייבען אויף מאָרגען נאָך אונזער חתונה.

וואָס איז שייך צו דער געשיכטע מיט'ן קינד און מיט מיין נישט-געזעצליכען געבורט, פערשטעה איך, וואָס פאַר אַנ'-עהנליכקייט זיי האָבען דאָ אַרויסגעפונען—מיין טאָכטער איז דאָך געבוירען געוואָרען אין צוויי יאָהר אַרום נאָך אונזער חתונה.

אָבער איך גראָב מיך נאָך אַלץ אינ'ם ענין!.. שאַ, און דאָס קינד, וואָס איז געשטאָרבען באַלד נאָכ'ן געבוירען ווערען?.. אָט איז ער, דער שפור... אַרים, געשטאָרבען קינד!.. דאָס קינד

האָט מיך געצוואונגען חתונה צו האָבען, וואָס אַזוי וואָלט עס אפשר נישט געשעהן!..

דאָס איז אַ פּראָבלעמאַטישער געדאַנק, אָבער דאָך אַ געדאַנק, ער שטימט זיך מיט די פאַקטען. מאַריע האָט בעזוכט דעם באַראָן נאָכ׳ן גט. דער באַראָן האָט בעזוכט דאָס נייע פּאָרל. אויף מיינע וועגד זענען געהאַנגען דעם באַראָנס בילדער, דערנאָך האָט מען געמאַכט די הלואה א. אַז. וו.

איך בעשליס מיר נישט צו שלאָפען אין עסק און גרייט מיך אויף נאָכמיטאָג צו אַ גראַנדיעזער סצענע. איך וויל פאָרלעגען מאַריע׳ן איבערגעבען די זאַך צום פּראָקוראָר, אָדער ריכטיגער, זיך פערטיידיגען און ריינוואַשען, וואָרום די מאַסקוליסטען זענען אונז בעפאַלען פון אַלע זייטען: אמת, זי האָט געליטען ביי דעמדאָזיגען געשעפט.

אַז מאַריע קומט-אַריין אין צימער, בעגעגען איך זי זעהר פריינדליך.

—וואָס אַזוינס?—פרעגט זי.

—זעהר אַן ערנסטער ענין, וואָס בעלאַנגט אונז ביידען גלייך.

איך וויקעל-פונאַנדער פאַר איהר דעם גאַנג פון דער פּיעסע און בין מוסף, אַז דער אַרטיסט, וואָס האָט געשפּיעלט דעם פאָטאָגראַף האָט מיט׳ן גרים נאָכגעמאַכט מיין פּנים.

זי שווייגט אין פערלעגענהייט און איז, אפנים, שטאַרק צורודערט. איך הויב-אָן די פערטיידיגונג.

—אויב דאָס איז אמת, טאָ זיי זיך מודה: וועל איך דיר מוחל-זיין. אויב דאָס פערשטאָרבענע קינד איז געווען גוסטאַווס, ביזטו דעמאָלט געוועזן פריי און האָסט געמעגט טהאָן וואָס דו האָסט געוואָלט, וואָרום מיט מיר ביזטו געווען פערבונדען דורך אונבעשטימטע הבטחות, און דו האָסט נאָך פון מיר קיין געלד נישט בעקומען. וואָס אָנבעלאַנגט דעם העלד פון דער דראַמע, פיהרט ער זיך, לויט מיין מיינונג, ווי אַ מענש מיט אַ האַרץ. דערדאָזיגער מענש איז נישט פעהיג אומגליקליך צו מאַכען זיין טאָכטער אָדער דאָס ווייב. אינ׳ם געלד, וואָס ער געהמט אויף

אויסצוהאַלטען דאָס קינד, זעה איך איין בלויז אַ געזעצליכע בעפרידיגונג פאַר׳ן פערשאַפטען שאָדען...

זי הערט מיך אויס זעהר אויפמערקזאַם. מיינע ווערטער זענען איהר, אפנים, געפעלען געוואָרען, בעזונדערס דאָס, אַז זי האָט געהאַט רעכט צו טהאָן מיט׳ן קערפּער, וואָס זי האָט גע-וואָלט, קוים האָב איך נישט געגעבען קיין געלד. וואָס אָנבע-לאַנגט דעם געגנאַרטען מאַן, האָט זי זיך בערוהיגט מיט׳ן טיטעל „אַ מענש מיט אַ האַרץ״. „דאָס איז אַן׳איידעלמוטיג האַרץ״,—בע-שטעטיגט זי.

אָבער איך קאָן פאָרט נישט אויסרייסען ביי איהר דעם אמת—זי זאָל זיך מודה-זיין. אָבער דאָס, וואָס איך וויל זאָגען, דעררייד איך ביז׳ן סוף. איך ווייז איהר אָן דעם וועג, מיט וועלכען זי וואָלט זיך געקאָנט ריינוואַשען; איך בעט זי,—זי זאָל זיך מיט מיר בעראַטען, ווי אַזוי צוריקצושטעלען אונזער אונבע-ריהרטען כבוד. איך לעג איהר פאָר, מיר זאָלען ביידע אָנשריי-בען אונזער פערטיידיגונג אין דער פאָרם פון אַ ראָמאַן און פאַר די אויגען פון דער וועלט און פאַר די אויגען פון אונזערע קינ-דער זיך ריינוואַשען פון דעמדאָזיגען שמוץ...

איך רייד אַ גאַנצע שעה. זי זיצט ביים טיש, שפּיעלט מיט דער פעדער און איז זעהר נערוועאיש, אָבער זי רעדט קיין איין וואָרט נישט, אויב מען זאָל נישט רעכענען די איינציגע אויסגעשריי׳ען.

געה איך מיר רוהיג אַוועק שפּאַצירען און שפּיעלען אין ביליאַרד. אַהיים קום איך אין אַ שעה צוויי אַרום און טרעף מאַ-ריע׳ן זיצען אויף דעם אייגענעם אָרט, אַן׳אונבעוועגליכע, ווי אַ סטאַטוע. דערהערט מיינע טריט, הויבט זי זיך אויף.

—דו האָסט מיר דאָ אונטערגעשטעלט אַ פּיסעל,—רופט זי זיך אָן.

—אַ האָהר אויך נישט! מיינסטו דען באמת, אַז איך וואָלט געקאָנט אויף אייביג פערלירען די מוטער פון מיינע קינדער?

איך האַלט, אַז דו ביזט פעהיג אויף אַלץ. דו ווילסט פון מיר פּטור-ווערען. דו האָסט עס שוין געפּרובט טהאָן, ווען

דו האָסט מיך געשיקט צום הער א. (אַ נאָמען, וואָס איז נאָך דאָ נישט דערמאָהנט געוואָרען). יאָ, א. האָט מיך בעדאַרפט פערפיהרען, כדי דו זאָלסט מיך קאָנען פאַקען אויפ'ן אָרט פון פערברעכען. נישט אַזוי דען?

—ווער האָט עס דיר געזאָגט?

—העלגע!

—העלגע?

דאָס איז געוועזן איהר לעצטע „חבר'טע" פאַר אונזער אָב-פאָהרען פון שוועדען.

—און דו האָסט דערין געגלויבט?

—געוויס... אָבער זעהסטו, איך האָב אייך ביידען גענאַרט—אי א. אי דיך.

—דאָס הייסט, דו האָסט מיך גענאַרט מיט אַ דריטען.

—איך זאָג עס נישט.

—אָבער דו האָסט זיך דאָך נאָר-וואָס מודה-געווען דערין! וויבאַלד דו האָסט אונז ביידען גענאַרט, האָסטו דאָך מיך אויך גענאַרט. אַזוי זאָגט דאָך די לאָגיק!

הויבט זי זיך אָן פערענטפערן, ווי אַ שולדיגע און פאָדערט ביי מיר ראיות.

ראיות!..

איך בין אינגאַנצען צוקלאַפּט, נאָכדעם, ווי איך זעה-איין, אַז איך בין גענאַרט. דאָס איז אַזאַ מין געמיינהייט, וואָס מען קאָן זיך קוים פאָרשטעלען אין דעם מענשליכען האַרץ. פאַל איך אָבער כּוראים און בעט מיך ביי איהר רחמים:

—דו האָסט געגלויבט, וואָס דאָס מיידעל האָט דיר דאָרט אָנגעפּלאַפּעלט, אָבער איך בין דאָך שטענדיג געווען דיין טרייער פריינד, דיין איבערגעגעבענער מאַן. איך האָב דאָך אָהן דיר נישט געקאָנט לעבען. דו פלעגסט זיך דאָך קלאָגען אויף מיין אויפפערן... האָב איך דאָך אַלע פּרויען, וואָס האָבען זיך גע'חנ'-דעלט צו מיר און געוואָלט מיך פערפיהרען,—האָב איך דאָך זיי אַלע פאַר דיר אין די אויגען גערופען מכשפות! געהמסטו און גלויבסט אָט דעם מיידעל? טאַקי באמת געגלויבט?

בעפאַלט איהר עפּיס אַ מין רחמנות צו מיר, ווערט זי אויפריכטיג און איז זיך מודה, אַז זי האָט איהר קיינמאָל דערין נישט געגלויבט.

—אָבער דו האָסט מיך גענאַרט! זאָג דעם אמת, איך וועל דיר מוחל-זיין!.. בעפריי מיך פון דידאָזיגע שרעקליכע שוואַרצע געדאַנקען, וואָס פּייניגען מיך!.. זאָג דעם אמת...

זאָגט זי גאָרנישט און בענוגענט זיך נאָר דערמיט, וואָס זי רופט-אָן א. „אויסוואורף".

מיין ליעבסטער, מיין אינטימסטער פריינד איז אַנ'אויס-וואורף!

איך וויל שטאַרבען! איך קריג פיינט דאָס לעבען, עס ווערט מיר אונדערטרעגליך...

צו מיטאָג איז מאַריע מעהר ווי ליעבליך מיט מיר. אַז איך לעג מיך אין בעט אַריין, קומט זי צו מיר, זעצט זיך אויפ'ן ברעג, דריקט מיר די הענד, קושט מיך אין די אויגען, און, צו-לעצט, אַ צורודערטע, צויאָמערט זי זיך אויפ'ן קול.

—דו ווייסט, מיין געליעבטע,—זאָג, וואָס מאַטערט דיך. איך וועל דיך קאָנען בערוהיגען!..

זאָגט זי עפּיס האַלבע אָבגעריסענע ווערטער איבער מיין איידעלקייט, איבער מיינע געפיהלען און מיין ווייכער נאַטור. אפילו מיט געמיינע לייט האָב איך אויך מיטלייד.

וואָס פאַר א מין משוגעת דאָס איז! איך קלאָג מיך אויף פעררעט, און זי צערטעלט און לויבט מיך!

אָבער דאָס פייער איז אונטערגעלעגט, און די שרפה האָט זיך צופלאַקערט.

זי האָט מיך גענאַרט.

איך בעדאַרף וויסען מיט וועמען!

די קומענדיגע וואָך איז פול מיט די סאַמע ביטערסטע מאָמענטען פון מיין לעבען.

עס קומט מיר אויס צו האַלטען אַ שווערען קאַמף מיט די אַלע מאָראַלישע יסודות, וואָס מיר שטיצען זיך אויף זיי אָדער בדרך ירושה אָדער דורך דערציהונג. צו דערגעהן דעם אמת,

בעשלים איך צו עפענען מאַריע'ס בריף.

און נישט-געקוקט אויפ'ן פולען צוטרוי, וואָס איך פלעג איהר אַרויסווייזען און נישט-געקוקט דערויף, וואָס איך פלעג איהר דערלויבען צו לייענען מיינע בריף, בשעת איך בין דער-ביי נישט געווען, האָב איך דאָך נישט געקאָנט אָנריהרען דאָס הייליגע געזעץ פון אַ פערבאָרגענער קאָרעספּאָנדענץ—דער פייג-סטער חוב פון אַ שווייגענדיגען געזעלשאַפטליכען אָבמאַך.

אָבער איך קוקעל מיך באַרג-אַראָב. אין אַ שענעם פריה-מאָרגען שעם איך מיך שוין נישט פאַר'ן געזעץ. אָט איז אַ בריף. מיינע ציטערדיגע הענד עפענען איהם. זיי ציטער'ן אַזוי, פונקט ווי זיי וואָלטען פונאַנדערגעעפענט אַ פּאַפּיר, וואו עס איז מיר אָנגעשריבען געוואָרען אַ טויט-אורטייל.

דאָס איז געווען אַ בריף פון דער אַוואַנטוריסטין, פון דער חבר'טע נומער איינס. אינ'ם בריף לאַכט זי איבער מיין משוגעת. בעט גאָט, אַז מאַריע זאָל וואָס גיכער בעפרייט ווערען פון איהרע ענוים און דערביי זאָל שוין גאָט אויך פערלעשען דעם לעצטען שיין פון מיין פערטונקעלטען קראַנקען מח.

אַראָבגעשריבען די סאַמע מאוס'ע און געמיינע שטעלען, פערקלעפּ איך דעם קאָנווערט, איבערצוגעבען מאַריע'ן דעם בריף צוזאַמען מיט דער אָווענדפּאָסט. שפּעטער דערלאַנג איך איהר דעם בריף און אַליין זעץ איך מיך דערביי—איך וויל זי בעאָבאַכטען.

אַז זי קומט צו יענעם אָרט, וואו מען בעט אויף מיר דעם טויט—אויבען, אויף דעם צווייטען זייטעל,—צולאַכט זי זיך, ווי אַ ווילדע.

די פערגעטערטע פרוי זעהט, אַלזאָ, נישט קיין אַנדער סוף צו איהרע געוויסען-אַנגסטען, ווי נאָר אין מיין טויט. מיין גי-כער טויט—דאָס איז איהר לעצטע האָפנונג צו פערבאָרגען די פאָלגען פון איהרע מעשים. באַלד ווי איך וועל צומאַכען די אויגען, וועט זי בעקומען מיין אַסעקוראַנץ-געלד און די פענסיע פונ'ם בעריהמטען שרייבער און וועט נאָך אודאי נאָכאַמאָל חתונה-האָבען אָדער פערבלייבען אַנ'עלעגאַנטע אלמנה! די פערגעטערטע פרוי...

וויל איך, אַלזאָ, פערשנעלערן די קאַטאַסטראָפע און הויב-אָן צו טרינקען אַבסענט, וואָס נאָר בלויז ער גיט מיר פערגעסונגס-מינוטען און איך שפּיעל אויך ביליאַרד, וואָס בערוהיגט מיין אויפגערעגטען מח.

קומט אָבער אַ נייע צרה, וואָס איז נאָך ערגער פון דער פריהערדיגער. די ליטעראַרישע פריינדין, וואָס מאַכט זיך, אַז זי איז כלומר'שט אין מיר פערליעבט, הויבט-אָן מאַכען קוצעניו-מוצעניו מיט מאַריע'ן, און מיין פלונית'טע פעהליעבט זיך אין איהר אַזוי שטאַרק, אַז מען הויבט-אָן ריידען וועגען דעם. אין דער אייגענער צייט אויפערט שטאַרק יענערס אַ חבר'טע און דער מין אויפערן קאָן נישט אויפהאַלטען די מאוס'ע קלאַנגען, וואָס געהען אַרום זיי.

איינמאָל אין אָוונד, ליעגענדיג אין בעט אַ פער'שכור'טע פון מיינע הייסע לאַסקעס, פרעגט מיך מאַריע, צי בין איך נישט פערליעבט אין דער פריילין ...Z

—ניין, פערקעהרט! אַ געוועהנליכע שכור'ע נקבה! פאַרוואָס מיינסטו אַזוי?

—איך ווייס נישט... זי איז אַזוי רייצענדיג... אַזאַ וואונדערשען לייב...

—גאָר אַזוי..

---

אין אַ וואָך אַרום פערלאַדען מיר צו זיך איינינע פריינד פון פאַריז, פרייע קינסטלער אָהן פאָראורטיילען, צוזאַמען מיט זייערע ווייבער.

קומען צופאָהרען בלויז די מענער. די פרויען זאָגען זיך אָב דורך עפּיס אַנ'אויסרייד, וואָס איז צו-קלאָר, אַז ער זאָל נישט אויפרעגען טיעף. זיי בעגעהען זיך מיט מאַריע'ס חבר'טעס, זוי מיט געפאַלענע מיידלעך. אין רעכטען מיטען שכור'ן זעה איך, ווי מיין פלונית'טע לאָזט זיך עטליכע מאָל קושען פון עפּיס אַ לייטינאַנט.

וואַרף איך די ביליאַרד-קויל איבער די קעפּ פון די גע-

מיינע פארשוינען און פאָדער אַ דערקלערונג.

—דאָס איז דאָך אָבער מיינער אַ פריינד נאָך פון דער קינדער-היים-אָן, מיינער אַ קרוב. מאַן זיך נישט נאַריש, מיין פריינד,— ענטפערט מאַריע.—איבעריגענס, איז אין רוסלאַנד אַ מנהג צו קו-שען זיך עפענטליך, און מיר זענען דאָך רוסישע אונטערטאַנען.

—דאָס איז נישט אמת! — שרייט איינער פון די פריינד...— זיי זענען קרובים? ניין! דאָס איז אַ ליגען!..

איך בין שוין „כמעט” אַ רוצח, איך...

אָבער דער געדאַנק איבערצולאָזען מיינע קינדער אָהן פאָ-טער און מוטער האַלט-אָב מיין אויפגעהויבענע האַנד.

געבליבען אויג-אויף-אויג מיט מאַריע'ן, וואַרף איך איהר אין פנים אַריין אַזאַ וואָרט, וואָס זי האָט פערדיענט:

—גאַסענמיידעל!

—פאַרוואָס?

—דערפאַר, וואָס דו דערלאָזט, מען זאָל זיך בעגעהן מיט דיר, ווי מיט אַ גאַסענמיידעל.

—דו ביזט אויפעריג?..

—אָ, יאָ, אויפעריג! אויפעריג צו מיין כבוד, צו דעם כבוד פון מיין פאַמיליע, צו דער רעפּוטאַציע פון מיין ווייב, צו דער צוקונפט פון מיינע קינדער. אָבער דיין מאָוס'ע אויפפיהרונג האָט געבראַכט דערצו, אַז אָנשטענדיגע מענשען זאָלען אונז פער-האַסען. אָפען קושען זיך מיט אַ פרעמדען מאַנספערשוין! צי ווייסטו, אַז דו ביזט משוגע, אַז דו זעהסט גאָרנישט, אַז דו הערסט גאָרנישט, אַז דו פערשטעהסט גאָרנישט, אַז אין דיר איז נישטאָ קיין שום געפיהל פאַר פעראַנטוואָרטליכקייט! אָבער ביז דו וועסט זיך נישט אויסבעסערן, וועל איך דיך האַלטען פער-שלאָסען און, אַלס התחלה דערצו, פערווער איך דיר שוין צו בעזוכען דיינע חבר'טעס!

—אָבער דו מאַכסט דאָך שטענדיג אַזוי, אַז איך זאָל מיך פערדרעהען מיט די חבר'טעס.

—יאָ, איך וויל טאַקי דיר אונטערשטעלען אַ פיסעל און דערנאָך דיך פאַקען!

—אַזוי גאָר! נאָר צוריק-גערעדט, וואו האָסטו פאַקטען, אַז צווישען מיר און די חבר׳טעס זענען די בעציהונגען בעווען אַזוינע, ווי דו ביזט הושד?

—קיין פאַקטען האָב איך נישט, אָבער דו האָסט זיך מיר אַליין מודה-געווען. דו האָסט דאָך מיר אַליין ציניש דערצעהלט וועגען דעם אַלעם. און האָט דען דיין חבר׳טע Z. נישט גע-רעדט וועגען דעם פאַר מיר אין די אויגען, אַז ווען זי וואָלט געלעבט אין איהר אייגען לאַנד, וואָלט זי פערשיקט געוואָרען פאַר איהר אונמאָראַליש לעבען?

—איך מיין, אַז דו וועסט מיר נישט אָנרופען דאָס פער-ברעכען...

—מיר געהט גאָרנישט אָן, ווי אַזוי עס ווילען זיך די-דאָזיגע מיידלעך, כל-זמן דאָס האָט קיין שום פאָלגען נישט פאַר מיין פאַמיליע. אָבער אין דער אייגענער רגע, ווען דידאָזיגע „אייגענשאַפט”—אויב דיר איז אָנגענעהם דאָסדאָזיגע וואָרט—פער-שאַפט אונז אַנגסט, ווערט עס שוין שעדליך פאַר אונז. פאַר מיר, אַלס פילאָזאָף, זענען נישטאָ קיין פערברעכענס, דאָס איז אמת—פאַר מיר עקזיסטירען בלויז גייסטיגע און קערפערליכע פעהלערן. און בשעת דער פאַריזער געריכט האָט נישט לאַנג בעטראַכט דעם פראָצעס וועגען אַזאַ מין אונגאַטירליכען פעהלער, האָבען אָנגעזעהענע דאָקטוירים אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז אין אַזוינע ענינים קאָן זיך נישט אַריינמישען דאָס געזעץ, אויסער אין יענעם פאַל, ווען עס ליידען די אינטערעסען פון די בירגער!

אָבער מיט דעם אייגענעם ערפאָלג וואָלט איך געקאָנט האַל-טען אַ דרשה פאַר פיש! ווי אַזוי קאָן איך מיך גאָר ריכטען, אַז דידאָזיגע פרוי, וואָס האָט ליעב צו פאָלגען בלויז איהרע חיה׳שע אינסטינקטען, זאָל פערשטעהן אַזאַ דעליקאַטען פילאָזאָפישען אונ-טערשייד.

אויסצופאָרשען די אַלע קלאַנגען, שרייב איך אַ בריף צו מיינעם אַן׳איבערגעגעבענעם פריינד קיין פאַריז, און בעט איהם, ער זאָל מיר זאָגען דעם אמת.

אין זיין ענטפער גיט ער מיר אָפענהערציג צו פערשטעהן,

אַז לויט דער פעסטער איבערצייגונג פון אונזערע פריינד, האָט מיין פרוי אַ נייגונג צו אונגעזעצליכער ליעבע? אַז די ביידע דענישע מיידלעך האָבען אין פּאַריז אַ שם פאַר טריבאַדעס.

מיר זענען געבליבען שטעקען אין אונזער פּאַנסיאָן. מיר זיצען אָהן געלד, אָבער מיר קאָנען נישט אַוועקפאָהרען. צו אונזער גליק, רייצען-אויף די דענישע מיידלעך געגען זיך די פּויערים,—זיי האָבען אַראָבגעפיהרט פון וועג עפּיס אַ שען מיידעל פון די פּויערשע קרייזען—און זענען געצוואונגען אַוועקצופאָהרען.

אָבער אַזוי ווי מען קאָן מיט אַמאָל נישט איבעררהאַקען אַ בעקאַנטשאַפט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען מיט אַכט מאָנאַטען צוריק, אַזוי ווי די מיידלעך געהערן צו פיינע פאַמיליעס און האָבען בעקומען אַן אָנשטענדיגע דערציהונג, וויל איך זיי געבען אַ מעגליכקייט אָבצוטרעטען מיט כבוד. צוליעב דעם איז בעשטימט געוואָרען אַן אָבשייד-מיטאָג ביי איינעם אַ יונגען קינסטלער אין דער אַטעליע.

און אָט נעהמט דער עולם אין מויל אַ ביסעל משקא, און מאַריע, שטאַרק געריהרט, הויבט זיך אויף פון אָרט: זי וויל זינגען אַ ראָמאַנס, צו וועלכען זי האָט צוגעפּאַסט די בעוואוסטע מעלאָדיע פון מיניאָן. אין ראָמאַנס זעגענט זי זיך מיט איהר געליעבטער.

געזונגען האָט זי מיט פייער, מיט נישט-געמאַכטען געפיהל. איהרע מאַנדלען-אויגען זענען פול טרעהרען און לייכטען אין שיין פון די ליכט. זי האָט אַזוי טיעף געעפענט איהר האַרץ, אַז איך בין אפילו געריהרט און ענטציקט. אין איהר זינגען איז געווען אַזויפיעל נאַאיווקייט און אַזויפיעל אָפענהערציגקייט, אַז בשעת איך האָב געהערט דידאָזיגע פרוי, וואָס האָט געזונגען אַ ליעבעליעד צו אַ צווייטער פרוי, זענען אַנטרונען אין מיר די נישט-ריינע געדאַנקען. און אַ מאָדנע זאַך, זי האָט נישט געהאט נישט דאָס אויסזעהן, נישט דעם אויסדרוק פון אַ פרוי, וואָס האָט ליעב אַ פרוי. ניין, דאָס איז געווען אַ האַרציגע, אַ צאַרטע, אַ מאָדנע אונפערשטענדליכע מוטער, אַן'אונבעגרייפליכע פרוי.

אָבער מען האָט בעדאַרפט זעהן דעם אָביעקט פון דער-

דאָזיגער ליעבע! אַ רוסישער טיפּ! אַ פּנים פון אַ מאַנסביל, אַ קרומע נאָז, אַ גראָבע גאָמבע, געלבע אויגען, פערשוואומענע באַ-קען פון צופיעל שכור׳ן, אַ פלאַכע ברוסט, קרומע פינגער—קורץ, אַ העסליך בעשעפעניש, וואָס מען קאָן זיך נאָר פאָרשטעלען: דער לעצטער וואַסערטרעגער וואָלט זיך אָבגעזאָגט פון איהר!

אָבגעזוונגען דעם ראָמאַנס, זעצט זיך מאַריע אַוועק נעבען דעמדאָזיגען פערזעהעניש: שטעהט יענע אויף, נעהמט מאַריע׳ס קאָפּ מיט ביידע הענד, עפּענט-פונאַנדער אַ בּרייט מויל און, אָנ-שטאָט צו קושען, זויגט זי זיך איין אין מאַריעס ליפּען. דאָס איז געשלעכטליכע ליעבע—זאָג איך זיך.

איך צוקוק מיך מיט׳ן רוסישען מיידעל, שכור זי אָן. פאַלט זי אויף די קניה, קוקט מיך אָן פערוואונדערט מיט איהרע גרוי-סע אויגען, לאָזט-אַרויס עפּיס אַזוינע יאָמערליכע קלאַנגען, פונקט ווי אַ משוגע׳נע און טוליעט זיך צו מיט׳ן רוקען צו דער וואַנד, זי זאָל נישט אומפאַלען.

איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזעהן אַזאַ העסליכקייט אין דער געשטאַלט פון אַ מענשען. און פון דער מינוט-אָן ווערען ערשט בעפעסטיגט מיינע איבערצייגונגען וועגען פרויען-עמאנסי-פּאַציע.

די הוליאַנקע ענדיגט זיך מיט אַ גאַסען-סקאַנדאַל. דעם קינסטלערס געליעבטע זיצט אויף אַ קלאָץ, זי שרייט און עס קעהרט איהר פון האַלז.

אויף מאָרגען פאָהרען ביידע חבר׳טעס אַוועק.

---

מאַריע לעבט-איבער עפּיס אַ שרעקליכען קריזיס, וואָס רופט-אַרויס אין מיר אמת׳ען מיטלייד: אַזוי שטאַרק בענקט זי נאָך איהר חבר׳טע, אַזוי שטאַרק ליידט זי. זי זעהט-אויס, ווי אַ פרוי, וואָס איז זעהר פערליעבט און איז העכסט אומגליקליך. זי געהט-אַרום אַנ׳איינזאַמע איבער׳ן וואַלד, זינגט ליעבע-ליעדער, זוכט-אָב די בעליעבטע ערטלעך פון איהר חבר׳טע און ווייזט-אַרויס די אַלע סימפּטאָמען פון אַ פערוואונדעטען האַרץ. איך הויב

מיך אָן אפילו שרעקען פאַר איהר קלאָרען פערשטאַנד. זי איז אומגליקליך, און איך קאָן זי זאָגאַר נישט טרייסטען. זי געהט-אַוועק פון מיינע אָרעמס, שטויסט מיך אָב פון זיך, ווען איך וויל מיך צו איהר דערנעהנטערן. איך הויב-אָן שטערבליך צו האַסען דידאָזיגע פרוי, וואָרום זי נעהמט מיר צו מיין ווייב. מאַריע האָט אַזוי ווי פערלאָרען דעם קאָפּ, זי זאָגט אפילו אויס, נאָך וועמען זי בענקט. אין אַלע איהרע ווערטער שפּירט זיך בענקשאַפט און שרעק פאַר ליעבע. דאָס איז באמת עפּיס אונ-גלויבליכעס.

דערווייל געהען זעהר הייסע בריף צווישען דיביידע חבר'טעס. אויפגערעגט דערפון, וואָס איך האָב קיין ווייב נישט, דערלויב איך מיר אַריינצוקוקען אין איהר חבר'טעס א בריף. דאָס איז אַנ'אמת'ער ליעבע-בריף! „מיין קעצעלע, מיין הער-צעלע, מיין ליעבע, קלוגע, פיינע, פיהלבאַרע, איידעלמוטיגע מאַריע. דיין גראָבער מאַן איז פשוט אַ שוטה" א. אַז. וו. אינ'ם בריף רעדט זיך וועגען דעם, ווי אזוי אַוועקצופיהרען מאַריע'ן, ווי אַזוי זי זאָל אַנטלויפען...

איצט וואַרף איך מיך צו מאַריע'ן. אָ, גאָט אין הימעל! אין דעם אייגענעם אָוועגד קומט-פאָר אַ קאַמף ביים שיין פון דער לבנה, אַ פיזישער קאַמף צווישען מאַריע'ן און מיר. זי בייסט מיר די הענד און איך שלעפּ זי צום ברעג טייך — איך וויל זי דערטרינקען, ווי אַ קעצעל. נאָר פלוצלונג שווימען פאַר-ביי מיין אויג די קעפּלעך פון מיינע קינדער, און איך קום צו די געדאַנקען.

איך וויל ענדיגען מיין לעבען דורך זעלבסטמאָרד, אָבער איידער איך געה שטאַרבען, וויל איך בעשרייבען מיין ווייב.

---

דער ערשטער טייל פון בוך איז געענדיגט. אין דאָרף שמועסט מען, אַז די דענישע מיידלעך ווילען זיך דאָ אָנדינגען אַ וואוינונג.

אין אַ־אויגענבליק הייס איך איינפּאַקען זי זאַכען און מיר פאָהרען אין ערע דייטשער שווייץ.

## IV.

דאָס ליעבע לאַנד אַרגוי! דאָס גן־עדן־דיגע לאַנד, וואו דער פּאָסטדירעקטאָר פּאַשעט שאָף אויף דער לאָנקע, וואו דער פּאָלקאָווניק האָט אין זיין רשות בלויז איין־איינציג עקיפּאַזשל אין דער גאַנצער שטאָדט, וואו יונגע מיידלעך האָבען חתונה ווי צניעות, וואו יונגלעך שיסען אין דיסק און קלאַפּען אין פויקען. דאָס געבענשטע לאַנד, דאָס לאַנד פון גאָלד־געלבען ביער און געזאַלצענעם וואורשט; דאָס לאַנד פון קעגעלשפּיעל, פון האַבס־בורגער און ווילהעלם טעל, פון פּאָלקס־פייערונגען, פון נאַאיווע ליעדער, וואָס געהען פון סאַמע האַרץ אַרויס, פון פּאַסטאָר־ווייבער און אידיליעס פון אַ פּאַסטאָר־היים!

און מיט מנוחה פילען זיך אָן אונזערע צוטראָטענע געמיטער. איך קום צו די כחות, אָבער מאַריע, מיד פון אַרומקריעגען זיך, ווייזט זיך אַרויס אינגאַנצען גלייכגילטיג, און נישט אַריינצופאַלען אין אַ געפעהרליכען שמועס, שפּיעלען מיר בעסער אין קעגלעס. אָנשטאָט אַבסענט און וויין, וואָס רייצען־אויף די נערווען, טרינקען מיר דעם בראַווען אונשעדליכען ביער.

נישט שווער נאָכצוזעהן די לייכטזעליגע ווירקונגען פון׳ם לאַנד. שעה׳ענווייז הער איך מיך נישט אויף צו בעוואונדערן, וואָס דאָס לעבען איז נאָך אַלץ ליעב אפילו נאָך אַזוינע געוויטערס, וואָס די עלאַסטישע נשמה קאָן אויסהאַלטען אַזויפיעל צוטרויסלונגען, וואָס מען קאָן אפילו פערגעסען דאָס פערגאַנגענע, דאָס געשעהענע—וואָרום איך האַלט מיך איצט פאַר דעם גליקליכסטען מאַן פון דעם סאַמע טייערסטען ווייב אין דער וועלט.

אַזוי ווי מאַריע האָט נישט קיין געזעלשאַפט, קיין חבר׳טעס, נעהמט זי זיך פון דאָסניי צו דער ראָל פון אַ מוטער. בלויז אין אַ חודש צייט לויפען שוין אַרום די קינדער אין קליי־

דער, וואָס די מאַמע האָט זיי צוגעשניטען און אויפגענייהט. זי גיט זיי אָב איהר גאַנצע צייט און ווערט דערביי נישט מיעד!

זי הויבט-אָן ווערען שוואַכער: די לוסט צו פערגעניגענס ווערט אין איהר איינגעשטילט — זי ווערט שוין עלטער. וויפיעל אַנגסט און וועהטאָג, ווען זי פערלירט אין איין שענעם טאָג דעם ערשטען צאָהן! אָרימע מאַריע! זי האָט זיך צוויינט, האָט מיך הייס אַרומגענומען און געבעטען רחמים, איך זאָל זי נישט אויפהערען צו ליעבען. זי האָלט שוין ביי זיעבענאונדרייסיג יאָהר! די האָהר ווערען העלער, די ברוסט קלענער, ווי די וואַלען נאָך אַ שטורם. די טרעפ מאַטערן שוין איין איהר קליין פיסעלע, די לונגען אַרבייטען שוין נישט מיט דער פריהערדיגער קראַפט.

אָבער איך האָב זי נאָך ליעבער, בשעת איך טראַכט, אַז איצט וועט זי געהערן נאָר מיר אַליין, נאָר אונז אַליין, כאָטש אין פיהל מיך יונגער, כאָטש איך שפיר מיין צווייטען פריהלינג, כאָטש אין מיר וואַקסט די מענליכע קראַפט און דאָס געזונד בליהט! דאָך איז זי אַמאָל מיינע! אָבגעהיט פון אַ שלעכטען נסיון, וועל איך מיך שטענדיג זאָרגען פאַר איהר און זי וועט זיך ביסלעכווייז עלטערן און זיך אָבגעבען מיט די קינדער... די סימנים פון געהיילט ווערען ווייזען זיך שטענדיג אַרויס דורך ריהרענדיגע שטריכען. אָבער זי זעהט, אַז זי בעדאַרף לעבען מיט אַ יונגען אַכטאונדרייסיג-יעהריגען מאַן, הויבט זי מיך אָן ביסלעכווייז צו אויפערן, הויבט זיך אָן מעהר צו פוצען, אינטערעסירט זיך שטאַרק מיט'ן טואַלעט און זעהט, אַז זי זאָל שטענדיג זיין ראוי מיך אויפצונעהמען.

אָבער אין פלוג האָט זי זיך גאָרנישט וואָס צו שרעקען פאַר מיר, וואָרום איך בין פון נאַטור-אויס מאָנאָגאַמיש; אגב וויל איך מיך נישט בענוצען גראָב מיט מיין לאַגע און איך טהו אַלץ, וואָס איז נאָר מעגליך, אַז זי זאָל נישט ליידען, אַז זי זאָל נישט וויסען פון די יסורים פון אויפערן, און איך בערוהיג זי דורך אונ[illegible]גע בעווייזען פון מיין בענייטער ליעבע.

---

קומט דער הערבסט, וויל איך פאַרנעהמען אַ רייזע איבער די פראַנצויזישע לאַנדשאַפטען; דאָס דאַרף געדויערן אַ וואָכען דריי, און יעדען טאָג וועל איך טוישען דאָס אָרט.

מאַריע איז נאָך אַלץ משוגע דערויף, אַז מיין געזונד איז נישט ווי געהעריג און זי זאָגט, אַז איך בעדאַרף מיך נישט אויפקלאָזען אין אַזאַ שווערער נסיעה.

—דו וועסט שטאַרבען, מיין קינד,—האַלט זי אַלץ אין איין טענה׳ן.

—דאָס וועלען מיר זעהן.

דאָסדאָזיגע נסיעה׳לע איז אַנ׳ענין פאַר מיין אַמביציע. איך וויל זי פון דאָסניי געווינען, פון דאָסניי דערוועקען אין איהר די ליעבע צום מאַן...

---

נאָך אַ סך אָנשטרענגונגען קום איך אַהיים אַ שטאַרקער, אַ געזונדטער, אַנ׳אָבגעברענטער פון דער זון.

ביי דעם ערשטען בעגעגענען זיך זעה איך, ווי איהרע אויגען קוקען מיך אָן פערוואונדערט און פאַרשעמדיג; קענטיג איז אָבער, אַז די איבעררעשונג אין איהר איז עפּיס אַ פערדריסליכע.

אָבער איך, נאָך דריי וואָכען איינהאַלטען זיך, בעציה זיך צו איהר, ווי צו אַ הייסגעליעבטער, ווי צו אַ ווייב, מיט וועלכער מען האָט ערשט חתונה-געהאַט. איך נעהם זי דרייסט אַרום פאַר דער טאַליע און דיקטיר מיט נצחון מייגע מענליכע רעכט, נישט-געקוקט דערויף, וואָס איך בין געוועזען מיד, וואָס איך בין געפאָהרען פיערציג שעה נאָכאַנאַנד... זי ווייס נישט, וואָס צו זאָגען; זי איז מטושטש, זי שרעקט זיך אויסצוגעבען איהרע אמת׳ע שפירונגען; זי האָט מורא, אַז אין איהר מאַן זאָל נישט אויפשטעהן דער זיעגער.

אַז זי ווערט רוהיגער, בעמערק איך, אַז איהר האָט זיך געענדערט דער אויסדרוק פון געזיכט. קוק איך זי אָבער בעסער אָן, זעה איך, אַז זי האָט זיך אַריינגעשטעלט קינסטליכע צייהן, וואָס מאַכען זי נאָך יונגער, ווי פריהער. מאַנכע קליינינקייטען

פון איהר טואַלעט בעווייזען, אַז זי וויל נאָך געפעלען. דאָס גיט מיר איין אַ געדאַנק צו זיין פאָרזיכטיגער. מאַך איך אַ שטיקעל אויספאָרשונג, זעה איך, אַז מאַריע איז שטאַרק אויפגעטראָגען מיט אַ יונג אונבעקאַנט מיידעל אודאי פון אַ יאָהר פיערצעהן. ביידע האַלטען זיך נאָר אין איין קושען, שפּאַצירען נאָכאַנאַנד, באַדען זיך צוזאַמען...

מיר בלייבט-איבער נאָר איין זאַך: וואָס גיכער אַנטלויפען מיט דער פאַמיליע.

---

V.

איצט וואוינען מיר ביים ברעג פון דער פירוואַלדשטעדטער אָזערע אין אַ דייטשען פענסיאָנאַט. דאָ געשיהט אַ נייע קאַטאַסטראָפע און דערצו זעהר אַ גרויסע.

אין פענסיאָנאַט וואוינט אַ יונגער לייטענאַנט, מאַכט איהם מאַריע חנ'דלעך, שפּיעלט מיט איהם אין קעגלעס. בשעת איך אַרבייט, שפּאַצירט זי אַרום מעלאַנכאָליש איבער'ן גאָרטען.

ביים טיש בעמערק איך, אַז זיי קוקען זיך איבער מיט צאַרטע בליקען, אָהן ווערטער. עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטען זיך ליעב געהאַט בלויז מיט די אויגען. בעשליס איך תיכף אויסצופּרובען זי, שטעל ראַפּטאָם איך אַריין מיין קאָפּ צווישען זייערע קעפּ און קוק-אָן שאַרף מאַריע'ן אין פּנים אַריין. צו פערטומלען מיך, קוקט זי לאַנגזאַם אויפ'ן לייטענאַנטס שלייף און דערנאָך אויף די טאַפּעטען, וואו עס הענגט אַ פּלאַקאַט פון אַ ביער-ברויז. אין איהר פערלעגענהייט פערגיט זי מיר אַ נאַרישע פראַגע:

—דאָס איז אַ נייער ברויז?

—יאָ... אָבער מיין נישט, אַז דו וועסט מיר דערמיט פערריידען די צייהן,—זאָג איך איהר.

און, פּונקט ווי איך וואָלט זי געצויגען פאַר'ן צוים, בויגט זי איין דעם האַלז און ווערט אַנטשוויגען, אַ צומישטע.

אין אַ פּאָר טעג אַרום, אין אָוועָנד, זאָגט זי, אַז זי איז מיד, גיט מיר אַ געזעגען-קוש און געהט-אַוועק צו זיך אין צי-מער. איך לעג מיך אַוועק אין בעט, לייען און ווער איינגעשלאָ-פען. פּלוצלונג כאַפּ איך מיך אויף. אין גאַסטצימער שפּיעלט מען אויפ׳ן קלאַוויר, עס הערט זיך, ווי עמיצער זינגט: דאָס איז מאַריע׳ס קול.

שטעה איך אויף און הייס דער באָנע, זי זאָל שוין געהן צו דער ווייב:

— זאָגט מיין ווייב, זי זאָל מיך לאַנג נישט לאָזען וואַר-טען, וואָרום אַנישט, קום איך באַלד מיט אַ שטעקען. איך וועל איהר ווייזען, ווי אַזוי מען בעדאַרף זיך אויפפיהרען און וועל זי עפענטליך בעשטראָפען.

מאַריע קומט די מינוט צו געהן. זי איז פערשעמט, מאַכט אַן אָנשטעל פון אַן׳אונשולדיגען נעבעכל: צו וואָס, אַ שטייגער, שיק איך איהר דיענער מיט אַזוינע משונה׳דיגע שליחות׳ן און פאַרוואָס לאָז איך איהר נישט מערברענגען מיט בעקאַנטע, וואו עס זענען פאַרהאַן נאָך דאַמען.

— נישט דאָס רעגט מיך אויף, מיך רעגט-אויף די פאַלש-קייט, מיט וועלכער דו ביזט מיך משלח פון גאַסטצימער, צו פערבלייבען דאָרט אַליין.

— נו, מילא, אויב דו ווילסט זעהר, קאָן איך געהן שלאָפען.

אָך, אָט די גוטמוטיגקייט, אָט די פּלעצליכע געהאָרכזאַמ-קייט... וואָס איז אַזוינס?..

---

נאָכ׳ן הערבסט קומט אַ שנייאיגער, טריבער און בייזער ווינטער. מיר בלייבען אַליין—די לעצטע געסט פונ׳ם בעשיידע-נעם פּענסיאָנאַט. צוליעב די פרעסט מוזען מיר עסען אין דעם אַלגעמיינעם זאַל פון רעסטאָראַן.

איינמאָל, אינדערפריה, ביים מיטאָג, קומט-אַריין אַ פעסט-געבוימער מאַן, אַ גאַנץ שענער יונג, קענטיג אַ משרת. זעצט ער זיך צום טיש און בעט אַ גלאָז ווײַן.

מאַריע איז דאָך אָבער זעהר אַ פרייע פרוי, בעטראַכט זי דעם שכן, מעסט איהם אָב פון קאָפּ ביז די פיס און פערטראַכט זיך.

שעמט זיך דער גאַסט, וואָס מען קוקט אויף איהם אַזוי-פיעל און ער געהט-אַוועק.

—אַ שענער מאַנספערשוין!—זאָגט מאַריע צום אויבערקעלנער.

—ער איז ביי מיר געווען אַ דיענער,—ענטפערט יענער.

—אַזוי? ער האָט אַ גרויסאַרטיגע פיגור; פאַר זיין שטאַנד איז דאָס גאָר אַנ'אונגעוועהנליכע זאַך. כלעבען, אַ שענער מאַנס-פערשוין!

און זי שיט מיט דער צונג און לויבט די מענערשע שעג-קייט און דאָס אַלץ אין אַזוינע ווערטער, אַז דער אויבערקעלנער שעמט זיך.

אויף מאָרגען, בשעת מיר געהען-אַריין אין זאַל, זיצט שוין דער האַמעטנער עקס-דיענער אויף זיין אָרט. אויסגעפוצט אין עסיג און אין האָניג, אין זיינע זונטאָגדיגע בגדים, מיט אויסגע-שמירטע האָהר און באָרד, מאַכט ער אַנ'איינדרוק, ווי ער וואָלט וויכען פון זיין נצחון. זיך פערנויגט פאַר אונז, אויף וואָס מיין פלונית'טע ענטפערט מיט אַ גראַציעזען שאָקעל מיט'ן קאָפּ, רוקט ער אַרויס די ברוסט און מאַכט אַזאַ גאוה'דיגע מינע, פונקט ווי ער וואָלט געווען אַ גאַנצער נאַפּאָלעאָן!

אויף מאָרגען איז ער ווידער דאָ—ער וויל, אפנים, אַרויס-לאָזען פייער. מיט'ן געשמאַק פון אַנ'עכטען משרת פערפיהרט ער אַ גאַלאַנטען שמועס, איינעם פון יענע שמועסען, וואָס ווערען גע-פיהרט ביי די טויערן צווישען דיענסטען, און ער ווענדט זיך דירעקט צו מיין אשה; כאָטש אויסריידען מיט מיר אַ פּאָר ווערטער פון יוצא-וועגען—דאָס האַלט ער, קענטיג, אויך פאַר איבעריג. אָט אַ העזה אַ ביסעל!

און וואָס איז דער סוף? מאַריע לאָזט זיך אַריין מיט איהם אין אַ לאַנגען-לאַנגען שמועס און עס געהט איהר גאָרנישט אָן, וואָס דערביי זיצט דער מאַן און די קינדער.

פּרוב איך איהר נאָכאַמאָל עפענען די אויגען און איך בעט

זיך ביי איהר רחמים, זי זאָל שאַנעווען איהר רעפּוטאַציע. דע-
רויף בעקום איך דעם שטענדיגען ענטפער:

—האָסט אַ שמוציגע פאַנטאַזיע.

נאָר דאָ קומט יענעם צו הילף אַ צווייטער אַפּאָלאָן. דאָס איז אַ דאָרפישער טאַבאַק-הענדלער, אַ פעסטגעבויטער מאַנספּערשוין, און מאַריע פלעגט איהם טיילמאָל געבען צו לייזען. דער איז אָבער שוין פיפיגער פון משרת, וואָרום קודם-כל סטאַרעט ער זיך מיר צו געפעלען. ער איז אויך געשיקטער, וואָרום באַלד ביי דער ערשטער בעגעגעניש קוקט ער מאַריע'ן מיט חוצפה אין פנים אַריין און זאָגט הויך צום אויבערקעלנער:

—וואָס פאַר אַ שענע פאַמיליע!

מאַריע'ס האַרץ ווערט אויפגעפלאַמט און דער יונג קומט שוין אַלע טאָג אַהער.

איינמאָל, אין אָווענד, קומט ער אַ ביסעל שכור'לעך און דעריבער-דרייסטער, ווי אַלעמאָל. ער דערנעהנט זיך צו מאַריע'ן, בשעת מיר שפּיעלען אין טריק-טראַק, און בעט, זי זאָל איהם דערקלערן די כללים פונ'ם שפּיעל. מאַך איך איהם אַ גאַנץ איידעלע בעמערקונג, און דער שוטה זעצט זיך אויף זיין אָרט. מאַריע איז דאָך אָבער אַ מענש מיט אַ פיהלבאַרער נשמה, האַלט זי פאַר איהר חוב מקרב-צו-זיין דעם „בעליידיגטען". ווענדט זי זיך צו איהם מיט דער ערשטער בעסטער פראַגע:

—איהר שפּיעלט אין ביליאַרד?

—ניין, מאַדאַם, אָדער, ריכטיגער, זעהר שלעכט...

דערנאָך הויבט ער זיך אויף, געהט-צו און לעגט מיר פאַר אַ ציגאַר. זאָג איך מיך אָב.

ווענדט ער זיך צו מאַריע'ן און פרעגט מיט דעם אייגענעם תנועה'לע:

—און איהר, מאַדאַם?

צום גליק פאַר זיך און פאַר'ן טאַבאַק-הענדלער און פאַר דער צוקונפט פון מיין גאַנצער פאַמיליע, זאָגט זי זיך אויך אָב פון ציגאַר, אָבער זי בעדאַנקט איהם בגנבה.

ווי אַזוי דערוועגט זיך אָט דער מענש אין אַ רעסטאָראַן

פארצולעגען אַ דאַמע אַ ציגאַר אין דער געזעלשאַפט פון איהר מאַן?

שוין-זשע האָט מיין אויפערן קיין זין נישט? אָדער מיין ווייבס אויפפיהרונג איז אַזוי סקאַנדאַליעז, אַז זי רויצט-אויף די אינסטינקטען ביי דעם ערשטען בעסטען מאַנסביל, וואָס זי בע-געגענט?

אַז מיר קעהרען זיך אום אין צימער, מאַך איך איהר אַ סצענע—זי איז דאָך אַ סאָמנאַמבולע, וואָס מען מוז אויפוועקען! זי ווייס אַליין נישט, ווי זי געהט צום אָבגרונד. איך דערמאָהן איהר די אַלטע און נייע חטאים איהרע און אַנאַליזיר איהר אויפפיה-רונג ביז די קלענסטע פרטים.

זי ענטפערט אַ וואָרט נישט, נאָר זי הערט מיך אויס ביז'ן סוף מיט אַ בלאַסען פנים און בלאָנזשענדיגע אויגען. דערנאָך שטעהט זי אויף און געהט-אַראָב אונטען—צו לעגען זיך שלאָפען. דאָסמאָל—דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען—בין איך מיך מבזה אַזוי ווייט, אַז איך געה זי נאָכשפּיאָנירען. איך לאָז מיך אַראָב אונטען, שטעל זיך אַנידער הינטער דער טהיר פון איהר צימער און לעג צו אַנ'אויג צום שלאָס-לעכעלע.

גלייך קעגען מיר, אינ'ם העלען שיין פון לאָמפּ, זיצט דאָס שטובמיידעל, און איך קאָן זי זעהר גוט זעהן. מאַריע, ווידער, איז שרעקליך אויפגערעגט, געהט-אום אויף-און-אָב און רעדט אַ צו-קאָכטע וועגען דעם, אַז איך בין זי אומזיסט חושד, און ריידען רעדט זי ווי אַ שולדיגע, וואָס בעדאַרף זיך פערענטפערן. זי חזר'ט-איבער מיינע ווערטער מיט אַזאַ אויסדרוק, פונקט ווי זי וואָלט זיי וועלען אויסשפייען.

—אָבער איך בין דאָך אונשולדיג... אַבסאָלוט אונשולדיג... געלעגענהייטען צו זינדיגען האָב איך געהאַט לרוב...

דערנאָך ניסט זי אָן צוויי גלעזער ביער און טרינקט מיט דער דיענסט. דערנאָך זעצט זי זיך אַנידער נעבען איהר און טהוט זי אויס מיט די אויגען. זי דערנעהנטערט זיך צו איהר, לייגט דעם קאָפּ אויף דער פאָלקאָם-ענטוויקעלטער ברוסט פון

איהר „פריינדין", נעהמט זי ארום ביי דער טאליע און בעט, זי זאל זי א קוש טהאן.

ארימע מאריע! די אומגליקליכע זוכט אין דערוויטענס פון מיר טרייסט—אין דערווייטענס פון מיר, וואס נאר איך איינער וואלט זי אפשר געקאנט בעפרייען פון געוויסען-אנגסטען. פלוצלונג הויבט זי זיך אויף, הערט זיך צו א רגע און ווייזט-אן אויף דער טהיר:

—דארט איז עמיצער דא!

רוק איך מיך אוועק.

אז איך קום פון דאסניי אויף מיין אבסערוואציאנס-פונקט, זעה איך, ווי מאריע, האלב א נאקעטע, בעווייזט דעם מיידעל איהרע אקסלען. אבער יענע, קענטיג, מאכט זיך דערפון גארנישט. דערנאך נעהמט זי זיך ווידער פערענטפערן:

—איצט בין איך שוין אינגאנצען זיכער, אז ער איז משוגע. און איך וועל מיך גארנישט וואונדערן, ווען איהם וועט איינפאלען צו פער'סמ'ען מיך. איך האב גרויסע וועהטאגען אין בויך... אבער ניין, אזוינס קאן איך פארט נישט גלויבען... אבער איך וואלט דאך בעדארפט אנטלויפען קיין פראנקרייך... נישט וואהרז.. נאר דעמאלט וואלט ער געשטארבען—ער האט דאך אזוי ליעב זיינע קינדער!

און וואס איז דאס—אויב נישט געוויסען-אנגסטען?.. פערפאלגט פון אזוינע געהיימע מחשבות, לעבט זי איבער גרויסע שרעקען און זוכט טרייסט אויפ'ן הארץ פון א פרוי. דאס איז א פערדארבען קינד, א פאלשע פערברעכערין, אבער קודם-כל אן אומגליקליכע!

די גאנצע נאכט האב איך נישט געשלאפען—דאס הארץ האט מיר געריסען! א זייגער צוויי פארטאג הויבט-אן מאריע קרעכצען פון שלאף, קרעכצט שרעקליך, אז גאט זאל אויסהיטען. נעהמט מיך אן א רחמנות צו איהר, הויב איך איהר אן קלאפען אין וואנד, זי זאל זיך בעפרייען פון שרעקליכען קאשמאר. נאר צוריקגערעדט, געשיהט עס מיט איהר נישט דאס ערשטע מאל.

אינדערפריה בעדאַנקט זי מיר דערפאַר, וואָס איך האָב זי אויפגעוועקט. גלעט איך זי און בעוויין זי און פרעג, פאַרוואָס זאָל זי נישט אויסריידען דאָס האַרץ פאַר איהר פריינד.

—אָבער וואָס?.. איך האָב גאָרנישט וואָס צו זאָגען...

אויב זי וואָלט זיך מיר אין דער מינוט מודה-געווען אין אַלץ, וואָלט איך איהר אַלץ מוחל-געוועזן: אַזויפיעל רחמנות האָט אין מיר אַרויסגערופען איהר אינערליכער פיינליכער צושטאַנד; איך האָב זי פאָרט ליעב, איך האָב זי ליעב אפשר דערפאַר, וואָס זי איז אונגליקליך. וואָרום זי איז דאָך אייגענטליך שטענדיג אונגליקליך! ווי אַזוי האָב איך געקאָנט אויפהויבען אַ האַנד אויף אַנ׳אונגליקליכע!

אָבער אָנשטאָט דעם, צו בעפרייען מיך פון מיינע פיינליכע ספקות, ווייזט זי מיר גאָר אַרויס אַ שטאַרקען ווידערשטאַנד. זי איז שוין דערגאַנגען דערצו, אַז זי האַלט מיך פאַר אַ משוגע׳נעם. דער אינסטינקט פון אַליינדערהאַלטונג צווינגט זי אויסצוטראַכטען פערשידענע מעשיות, מיט וועלכע זי וויל זיך בעשיצען פון איהר געוויסען.

---

# VI.

צו ניי-יאָהר פאָהרען מיר איבער קיין דייטשלאַנד און בעזעצען זיך ביי דער קאָנסטאַנץ-אָזערע.

אין דייטשלאַנד, אינ׳ם לאַנד פון סאָלדאַטען, וואו אַלע האַלטען זיך נאָך ביי די אַלטע גוטע מנהגים, פיהלט זיך מאַריע נישט גוט. דאָ וויל מען גאָרנישט הערען פון איהרע נאַרישקייטען וועגען די כלומר׳שטע פרויענרעכט. דאָ האָט מען יונגע מיידלעך נישט לאַנג פערבאָטען צו בעזוכען די אוניווערזיטעט; די אָפיצירען, וואָס ווילען חתונה-האָבען, בעדאַרפען אַריינטראָגען דעם נדן פון זייערע קינפטיגע ווייבער אינ׳ם קריעגסמיניסטעריום, ווי אַ נישט-בעריהרט פערמעגען. די אַלע רעגירונגסשטעלעס פערנעהמען די מענער, וואָס זענען מפרנס זייערע פאַמיליעס.

מאַריע צאַפּעלט זיך, פּונקט ווי זי וואָלט אַריינגעפאַלען אין אַ פּאַסטקע. ביי דעם ערשטען פּרוב מיך אויסצונאַרען, פאָדערן גראָב די דאַמען, זי זאָל געבען אַ דערקלערונג. אָט האָב איך לסוף געפונען שוין אין פרויען, און מיין אָרימע מאַריע איז אַ פערפאַלענע. איך קום צו די כחות דורך דעם אינטימען פער־קעהר מיט אָפיצירען, איך דערווערב מיר צוריק מיין אַלטע מענליכע געוועהנהייטען. פאַר די לעצטע צעהן יאָהר בין איך גייסטיג פערוויבט געוואָרען, און איצט דערוועקט זיך אין מיר צוריק דער מאַנסביל.

איך לאָז מיר ווידער אָבוואַקסען צוריק די וואָנסען, די לאַנגע האָהר. מיין קול, וואָס איז כמעט אויסגעלאָשען געוואָרען צוליעב דער שטענדיגער געוועהנהייט צו צערטלען זיך מיט אַ פרוי, האָט פון דאָסניי בעקומען דעם אַמאָליגען קלאַנג. מייגע איינגעפאַלענע באַקען ווערען פולער, די קראַפט פון קערפער ווערט שטאַרקער—עס דערנעהנט זיך שוין דאָס פיערציגסטע יאָהר.

איך הויב־אָן געפעלען די דאַמען אין אונזער הויז; אין אַ געשפרעך שפּיעל איך די ערשטע ראָל, אָבער מאַריע, וואָס איז זיי ווענינ סימפּאַטיש, מוז זיך האַלטען אין שאָטען.

זי הויבט־אָן מורא־צו־האָבען פאַר מיר. אין איינעם אַ פריהמאָרגען קומט זי צו מיר אין שלאָפצימער אַריין אינגאַנצען צו׳אָנגעטהאָנענע. איך ליעג נאָך אפילו אין בעט, און אַזאַ מין זאַך—קומען אינדערפריה אַנ׳אָנגעטהאָנענע—געשיהט דאָס ערשטע מאָל פאַר די לעצטע זעקס יאָהר נאָך אונזער חתונה. איך פער־שטעה נישט דעמדאָזיגען קונץ. דאָס בעאונרוהיגט מיך עטוואָס. אָבער דאָס ווערט מיר קלאָר, בשעת זי גיט זיך אַרויס און דער־קלערט מיר, אַז זי אויפּערט צו דער דיענסטמיידעל, וואָס קומט אַלע אינדערפריה איינהייצען דעם אויוען. אין דער אייגענער צייט פערזיכערט זי מיר, אַז איהר עקעלט פון מיינע נייע מאַ־נירען.

—איך האָב פיינט צו זעהן, ווי מען האַלט זיך כסדר־פאַר אַ מאַנסביל און איך הויב דיך אָן צו פערהאַסען, בשעת דו מאַכסט אַ שטאָלצען אָנשטעל!

יאָ, יאָ, אַנ׳אייביגער פּאַזש, אַ הינדטעלע, אַ קראַנקער, „איהר קינד"—אָט אַזאַ האָט זי מיך כאָטש עטוואָס ליעב געהאַט, אַ געשיקט לעבעדיג ווייבעל האָט נישט ליעב דעם מאַנסביל אין איהר מאַן, הגם אין אַנדערע קאָן זי עס פערגעטערן...

איך הויב-אָן אַליין מעהר און מעהר געפעלען צו ווערען אונזערע דאַמען. איך זוך זייער געזעלשאַפט, באָד מיך אין דער וואַרימקייט, וואָס שטראָמט-אַרויס פון די פרויען—פרויען, וואָס דערוועקען שענע, ליעבע האַרציגע געפיהלען; אַזוינע געפיהלען לעגט דער מאַן צו די פיס נאָר ביי די אמת׳ע פרויען.

אין דער אייגענער צייט בעדאַכטען מיר זיך, צי זאָלען מיר נישט פאָהרען אַהיים. אָבער דאָ לעבט-אויף מיין אַלטער טרעק; איך האָב מורא צו בענייען מיין פריינדשאַפט מיט די אַלטע פריינד, וואָרום איך ווייס נישט, צי צווישען זיי געפינען זיך נישט מיין ווייבס געליעבטע. צו מאַכען אַ סוף מיט דעמדאָזיגען נישט-קלאָרען ענין, בעשליס איך צו מאַכען אַ גענויע אַנקעטע. פרעג איך אָן עטליכע פריינד אין שוועדען, וואָס, אַ שטייגער, שמועסט מען ביי זיי וועגען מיין אשה, וועגען איהרע בעציהונגען צו מיר. אָבער אַנ׳אָפענהערציגען ענטפער האָב איך ביי זיי, נאַטירליך, נישט געקאָנט אַרויסרייסען.

זיי האָבען געשאַנעוועט די מוטער! אָבער וועמען קומט אויפ׳ן זינען די לעכערליכע לאַגע, אין וועלכער עס געפינט זיך דער אונגליקליכער מאַן?

עס פאַלט מיר איין צו בענוצען זיך אין מיין אויספאָרשונג מיט דער נייער פּסיכאָלאָגישער וויסענשאַפט און אויך מיט׳ן אַרויסלייענען די געדאַנקען. אויף די אָווענד-הוליאַנקעס בעקאָן איך מיט זיי די דאַמען און אונטער דעם אָנשטעל פון אַ שפּיעל מאַך איך די מאַניפּולאַציעס פון בישאָף און זיינע מיטאַרבייטער. מאַריע קוקט זיך צו אַנ׳אונרוהיגע. זי קלאָגט זיך, אַז איך טהו מיך צופיעל אַריין אין ספּיריטיזם, חוזק׳ט איבער מיר, רופט מיך אָבערגלויבער-אפּיקורס, זידעלט מיך אפילו מיט די סאַמע מאוס׳טע ווערטער—מיט איין וואָרט, זי וויל מיך מיט אַלע כחות אָבהאַלטען פון יענעם אַקט, וואָס בעדאַרף איהר קאָסקען זעהר טייער.

אָבער איך וויל פּאָרט אויפדעקען, טהו איך אַזוי: אויסער־ליך גיב איך איהר כלומר'שט נאָך, וואַרף־אַוועק מיינע בעשעפ־טיגונגען מיט היפּנאָטיזם, נאָר אין דער־שטיל בין איך מיך מכין צו פּאַקען זי פּלוצלונג, האַסטיג, מיט אַמאָל, בשעת מיר וועלען זיין אויג־אויף־אויג.

אין אַ שענעם אָווענד, בשעת מיר זיצען אין עסצימער קע־גען איינאַנדער, הויב איך אָן ביסלעכוויז אַרויספיהרען דעם שמו־עס אויף גימנאַסטיק. פּעראינטערעסירט זי זיך אַזוי ווייט, אַז זי הויבט זיך אָן צו קאָכען, צווינג איך זי דורך דער קראַפט פון מיין ווילען אָדער דורך אַסאָציאַציאָנס־געדאַנקען, וואָס ווערען אַרויסגערופען ביי דער געלעגענהייט — זי זאָל אָנהויבען ריידען פון מאַסאַזש. פון מאַסאַזש שפּרינגען־איבער די געדאַנקען כּהרף־עין צום וועהטאָג, וואָס קומט פון מאַסאַזש, דערווייל דערמאָהנט זי זיך אָן דעם דאָקטאָרס סעאַנסען און שרייט־אויס:

— יאָ, עס טהוט וועה פון מאַסאַזש. איך שפּיר נאָך איצט אויך אַ וועהטאָג, בשעת איך דערמאָהן מיך אָן דעם...

דאָס איז שוין גענוג. לאָזט זי אַראָב די אויגען, צו בע־האַלטען איהר טויטע בלאַסקייט. איהרע ליפּען בעוועגען זיך, פּונקט ווי זי וואָלט וועלען עפּיס זאָגען; די אויגען פינטלען. עס טרעט־אַריין אַ שרעקליך שטילשווייגען, וואָס איך האַלט אומישנע אויף. דאָס האָב איך דערוועקט אין איהר די געדאַנקען, וועלכע איך האָב געגעבען די געווינשטע ריכטונג. וויל זי אויפהאַלטען דידאָזיגע געדאַנקען. אָבער פאַר איהר ליעגט אַ תהום: די מאַ־שין, די געדאַנקען־מאַשין קאָן נישט בלייבען שטעהן. מיט אונ־געהויערער אָנשטרענגונג הויבט זי זיך אויף, רייסט זיך אָב פון מיינע האַרבע פער'עקשנ'טע בליקען און געהט־אַרויס פון צימער אָהן אַ וואָרט צו ריידען.

דער קלאַפּ האָט געטראָפען אויפ'ן אָרט.

אין עטליכע מינוט אַרום קומט זי צוריק. איצט איז זי שוין גאָרנישט אָנגעשטרענגט. זי זאָגט, אַז זי וואָלט מיר וועלען ווייזען די לייטזעליגע ווירקונג פון מאַסאַזש, שטעלט זי זיך הינטער מיין שטוהל און רייבט מיר דעם קאָפּ־שאַרבען. אָבער

צו איהר אומגליק געפינט זיך קעגען אונז דער שפּיגעל. וואַרף איך בגנבה אַ קוק אין שפּיגעל אַריין, זעה איך אַ דערשראָקען בלאַס געזיכט און אויגען, וואָס קוקען צומישט מיר אין פּנים אַריין... אונזערע פאַרשעמענדיגע בליקען בעגעגענען זיך.

גאַרנישט ווי איהר שטייגער איז, זעצט זי זיך מיר אויף די קניה, נעהמט מיך צערטליך אַרום און זאָגט, אַז איהר ווילט זיך שלאָפען.

—וואָס האָסטו געטהאָן פאַר אַ חטא, וואָס דו צערטעלסט מיך היינט אַזוי?—פרעג איך.

פערבאָרגט זי דאָס געזיכט אויף מיין ברוסט, קושט מיך, זאָגט אַ גוטע נאַכט און געהט-אַוועק.

דאָס איז נישט איינע פון יענע ראיות, וואָס מען קאָן ברענגען אַ ריכטער; אָבער פאַר מיר איז דאָס גענוג—איך קאָן אויסגעצייכענט איהר גאַטור.

איצט דערמאָהן איך מיך, אַז דער אייגענער מאַסאַזשיסט איז דורכגעיאָגט געוואָרען פון מיין שוואָגערס הויז פאַר דער נישט-אָנשטענדיגער בעציהונג צו זיין ווייב.

---

איך וויל מיך גאַרנישט אומקעהרען קיין שוועדען און אַריינפאַלען פון דאָסניי אין אַוואַנטורעס, וואָס קאָנען שאַדען מיין כבוד. דאָרטען וועל איך מיך מוזען טעגליך טרעפען מיט מענשען, וועלכע איך וועל חושד-זיין, אַז זיי זענען געווען מיין ווייבס געליעבטע. איך וויל נישט, מען זאָל איבער מיר חוזק'ן, ווי מען חוזק'ט איבער אַ געגאַרטען מאַן—און איך לויף קיין וויען.

אַז איך פערפאָהר אין אַ האָטעל, הויבט מיך אָן פערפאָלגען די געשטאַלט פון מיין געוועזענער געליעבטער. איך קאָן נישט אַרבייטען, נעהם איך מיך פאַר דער קאָרעספּאָנדענץ און שרייב איהר יעדען טאָג צוויי ליעבע-בריף. אַ פרעמדע שטאָדט ווירקט אויף מיר ווי אַ קבר. ווי אַ שאָטען בלאָנקע איך אַרום צווישען די פרעמדע מענשען. פּלוצלונג הויבט-אָן אַרבייטען מיין דמיון און פילט-אָן דעמדאָזיגען מדבר מיט לעבען. איך פערוועג

מיר אַ פּאָעטיש מעשה׳לע, טראָג-איבער מאַריע׳ן אין דעמדאָזיגען בית-עולם און אינגיכען לעבען מיר אויף דידאָזיגע טויטע מאַ-טעריעס, די בנינים און מענשען. איך שטעל מיר פאָר, ווי מאַ-ריע איז געוואָרען אַ בעריהמטע זינגערין. צו פערווירקליכען דעמ-דאָזיגען טרוים און מאַכען די שענע רעזידענצשטאָדט פאַר׳ן פאָן צו איהר געשטאַלט, בעזוך איך די דירעקטאָרען פון די קאָנסער-וואַטאָריומס, געה אַלע אָווענד אין דער אָפּערע און אויף קאָנ-צערטען—דאָס טעאַטער איז מיר אינגאַנצען נמאס-געוואָרען. אין מיר ווערט דערוועקט אַ שטאַרקער אינטערעס צו אַלץ, וואָס איך זעה און הער, און וועגען אַלץ שרייב איך מאַריע׳ן. געקומען פון דער אָפּערע, זעץ איך מיך תיכף ביים שרייבטיש און גיב איהר באריכות צו וויסען, ווי אַזוי די און די זינגערין האָט היינט געזונגען, און די אַלע פערגלייכונגען, וואָס איך מאַך, זע-גען שטענדיג לטובת מאַריע׳ן.

געקומען אויף דער בילדער-גאַלעריע, זעה איך אומעטום מאַריע׳ן. אין בעלוועדער שטעה איך אַ גאַנצע שעה פאַר דער ווענוס פון גווידאָ רעני—זי איז אַזוי עהנליך צו מיין פערגעטער-טער מאַריע׳ן.

סוף-כל-סוף הויב איך אָן בענקען נאָך איהר לייב: פּאַק איך צונויף די טשעמאָדאַנעס און לויף העָנדום-פּענדום צו איהר. איך בין פער׳כשופ׳ט דורך דערדאָזיגער פרוי: איך האָב נישט קיין כחות צו לויפען פון איהר.

און ווי זיס איז מיין צוריקקומען!

מיינע ליעבע-בריף האָבען זי, אפנים, אויפגעפלאַמט. זי בעגעגענט מיך אין גאָרטען. איך וואַרף מיך צו איהר און נעהם זי ליידענשאַפטליך אַרום. איך נעהם איהר פנים מיט ביידע הענד און זאָג:

—דו ווייסט די סודות פון כשוף, קליינינקע כשוף-מאַ-כערין!

—וואָס?.. הייסט עס, אַז דאָסדאָזיגע נסיעה׳לע איז געווען אַ מין פּליטה?

—יאָ, אַ פּראָבע פון אַנטלויפען. אָבער דו ביזט שטאַרקער פון מיר... איך גיב מיך אונטער...

אין מיין צימער, אויפ׳ן טיש, זעה איך אַ צווייגעלע רויטע רויזען.

—האָסטו מיך עטוואָס ליעב!

זי האָט אַ ציטריגע מינע פון אַ יונג מיידעלע, זי רויטעלט זיך... מסתמא פאַר מיר, פאַר מיין עהרע, פאַר מיינע אָנשטרענגונגען צו בעפרייען זיך פון די זאָרגען, וואָס באַלד ווי איך וואַרף זיי אַראָב, הויב איך אָן בענקען נאָך זיי.

אַ גאַנצען חדש לעבען מיר איבער עפּיס אַ כשוף׳דיגען פריהלינג. מיר וואָרקען ווי טייבעלעך, האָבען איינאַנדער ליעב אונענדליך און צו אונזער האַלזעניש איז גאָר קיין סוף נישטאָ. מיר זינגען דועטען ביים קלאַוויר, שפּיעלען נאָכאַנאַנד אין טריקטראַק. די בעסטע טעג פאַר די לעצטע פינף יאָהר קאָנען זיך נישט פערגלייכען מיט די איצטיגע!

וואָס פאַר אַ שענער פריהלינג אין דער הערבסט-צייט פון אונזער לעבען! וואָלט אונז דעמאָלט איינגעפאַלען, אַז דער ווינטער רוקט זיך?

---

פון דער צייט אָן צאַפּעל איך מיך ווידער אין איהרע נעצען.

איצט איז מאַריע זיכער, אַז איך בין פון דאָסניי שכור פון איהרע ליעבע-געטראַנקען, און ווידער איז זי גלייכגילטיג. איהר אַרט שוין נישט פאַר איהר טואַלעט, זי וויל זיך מיר שוין נישט ווייזען פון דער שענערער זייט, הגם איך בעט עס ביי איהר, ווארום איך זעה אין דער צוקונפט גלייכגילטיגקייט, וואָס מיר מטאַרען זיךביידע אויסצומיידען. אין איהר דערוועקט זיך אפילו אַ שוואַכקייט צו מענשען פון איהר געשלעכט, וואָס איז דאָסמאָל ערנסטער און געפעהרליכער, ווארום זי וואַרפט שוין אַן אויג אויף מינדעריעהריגע מיידעלעך.

איינמאָל לאַד איך איין צו זיך אויף אַ גאַנץ בעשיידענער הוליאַנקע—הגם מיט מוזיק און טענץ—דעם פּראַץ-קאָמענדאַנט מיט

זיין פופצעהניעהריגער טאָכטער, אונזער בעל-הבית׳טע מיט איהר פופצעהניעהריגער טאָכטער און אויך נאָך אַ דריי יונגע מיידעלעך.

אַרום האַלבע נאַכט—איך פלאַטער נאָך איצט פון שרעק—זעה איך, ווי מאַריע, עטוואָס שכור׳לעך, האָט צונויפגעזאַמעלט אַרום זיך די מיידעלעך, פרעסט זיי אויף מיט איהרע תאוה׳דיגע אויגען און קושט זיי אין מויל אויף יענעם שטייגער, ווי עס טהוען דאָס די לעסביאַנקעס.

פון אַ ווינקעל זאַל, וואָס געפינט זיך אין שאָטען, קוקט איהר נאָך דער קאָמענדאַנט, וואָס איבערצייגט זיך אין איהרע דזשעסטען און איז שוין מוכן ומזומן צו וואַרפען זיך פאָראויס. אין געדאַנק זעה איך שוין טורמע, קאַטאָרגע-אַרבייט, סקאַנדאַלען; לויף איך צו די מיידעלעך און מיין ווייב, צוטומעל זיי און לאַד זיי איין צום טאַנצען...

אַז מיר בלייבען ביינאַכט אַליין, נעהם איך מיך צו מאַריע׳ן. הויבט זיך אָן אַ שטורם, וואָס ציהט זיך ביז אינדערפריה. אַ טויט-שכור׳ע, גיט זי מיר נישט-ווילענדיג אַרויס איהרע בעהאַלטענע רעיונות און איז זיך מיר מודה אין שרעקליכע זאַכען, וואָס איך האָב גאָר פריהער נישט חושד-געווען.

אויסער זיך פון כעס, חזר איך איהר איבער אַלע מיינע בעשולדיגונגען, אַלע מיינע חשדים און צוגעגעבען אפילו אויך דאָס, וואָס איך האָב געהאַלטען פאַר איבערגעטריבען.

—און דיין יענע געהיימע קראַנקהייט, וואָס איך האָב פון איהר אַזוינע שטאַרקע קאָפּ-שמערצען?

—ווי, ביי דיר איז רעכט, אַז דו האָסט זיך אָנגעשטעקט פון מיר?

—איך מיין דאָס גאָרנישט. איך וויל נאָר זאָגען וועגען די סימנים פון פערגיפטונג, פונ׳ם ציאַן-קאַלי, וואָס איך בעמערק אין מיר...

אין דעמזעלבען אויגענבליק דערמאָן איך מיך אָן עפּיס. עס קומט מיר אויפ׳ן זכרון אַ פאַקט, וואָס האָט מיר דעמאָלט אויסגעוויזען אַזוי אונגלויבליך, אַז ער איז מיר באַלד אַרויס פון זכרון...

דעמאָלט, אין יענער צייט, דאָס הייסט נאָך מיין פּראָצעס, בעקום איך אַנ'אַנאָנימען בריף, אין וועלכען מאַריע ווערט אָנגערופען „גאַסענמיידעל פון סעדערטעליע".

וואָס ווערט געמיינט דערמיט? מאַך איך אַ שטיקעלע אויספאָרשונג, אָבער איך קום נישט צו עפּיס אַ רעזולטאַט.

בשעת דער באַראָן, מאַריע'ס ערשטער מאַן, האָט זיך בעקאָנט מיט איהר אין סערדעטעליע, איז מאַריע געווען פער'קנס'ט מיט עפּיס אַ לייטענאַנט, וועלכען מען האָט געהאַלטען פאַר אַ קראַנקען. דאָס בעווייזט, אַז דער אָרימער גוסטאַוו איז דאָ אַריינגענאַרט געוואָרען אין זאַק... דאָס לאָזט זיך מערקען אויך פון דעם, וואָס מאַריע האָט געשפּירט צום באַראָן אַ געפיהל פון דאַנקבאַרקייט אפילו נאָכ'ן גט. זי האָט זיך מיר מודה-געווען, אַז ער האָט זי בעפרייט פון אַ גרויסער סכנה... אָבער פון וואָס פאַר אַ סכנה, האָט זי נישט געזאָגט.

אָבער... „דאָס גאַסענמיידעל פון סעדערטעליע"! איך בין מיר משער... דאָס יונגע פּאָרל האָט געמוזט לעבען אָבגעזונדערט און אַליין. זיי האָבען געמוזט לעבען אַנ'איינזאַם לעבען אָהן בעקאַנטשאַפט און אָהן פריינד. וואָרום די געזעלשאַפט, צו וועלכער זיי האָבען געהערט, האָט מיט זיי קיין שום מגע-ומשא נישט געוואָלט האָבען.

שוין-זשע איז מאַריע'ס מוטער, אָט די אַלטע גובערנערין פון אַ בעל-הבית'ישער פאַמיליע, וואָס האָט אַריינגעכאַפּט אין איהרע הענד אַ באַראָן פון פינלאַנד, מאַריע'ס פאָטער, און וואָס איז אַנטלאָפען אין דער שווייץ צוליעב איהרע חובות—שוין-זשע איז אָט די אלמנה, וואָס האָט אַזוי גוט געקאָנט פערבאָרגען איהר אומגליק, אַזוי טיעף געפאַלען, אַז זי פלעגט האַנדלען מיט איהר טאָכטער אין סערדעטעליע? אָט די אַלטע, מאַריע'ס מוטער, וואָס האָט נאָך געקאָנט קאָקעטירען צו זעכציג יאָהר, פלעגט אין מיר אַרויסרופען עקעל און רחמנות. אַ קאַרגע, אַ גיריגע, מיט אַ שאַטירונג פון אַנ'אַוואַנטוריסטין, האָט זי געקוקט אויף מענער, ווי אויף רויב. מיך האָט זי בעגליקט מיט דער פליכט אונטערצו-

האַלטען איהר שוועסטער, און דעם ערשטען איידעם, דעם באַ-ראָן, האָט זי אַריינגעגנאַרט דורך אַ כּלומר'שטען נדן, וואָס איינער פון איהרע קרעדיטאָרען האָט אויסגעטראַכט.

אָרימע מאַריע! אָט אין וואָס פאַר אַ פינסטערן עבר איז געלעגען דער מקור פון איהרע געוויסען-יסורים, איהר אונרוהיג-קייט, איהרע שוואַרצע רעיונות! און בשעת איך מאַך אַ פער-גלייך צווישען די אַמאָליגע פאַקטען מיט די היינטיגע, ווייזט זיך מיר אויס, אַז איך הויב-אָן צו פערשטעהן די האַרבע קריעגערייען צווישען דער מוטער און דער טאָכטער, וואָס פלעגען דערגעהן ביז געוואַלט. איך הויב-אָן פערשטעהן מאַריע'ס אונפערשטענדלי-כע פראַזע, אַז זי האָט אַ מורא'דיגען חשק אַרויפצוטרעטען מיט'ן פוס דער מוטער אויפ'ן האַלז!

האָט זי עס געוואָלט צווינגען דער מוטער, אַז זי זאָל מאַ-כען אַ שווייג? מסתמא אַזוי, וואָרום יענע האָט אַלץ געסטראַ-שעט, אַז זי קאָן פונאַנדעררייסען אונזער ליעבע, אויב זי וועט „אַלץ" דערצעהלען.

מאַריע'ס אַנטיפּאַטיע צו דערדאָזיגער מוטער, וואָס דער באַראָן פלעגט זי אָנרופען „אַלטע גאַסען-נקבה", איז דער בע-סטער סימן, אַז זי פלעגט לערנען דער טאָכטער ווי אַזוי צו קאָקעטירען און ווי אַזוי צו פאַקען אַ חתן.

אַלץ העלפט-מיט דערצו, אַז איך זאָל מיך בעשליסען צו מאַכען פליטה. דאָס מוז, דאָס דאַרף געשעהן! איך פאָהר קיין קאָפּענהאַגען, וואו איך וועל, ווי ווייט מעגליך, מאַכען אַנ'אויס-פאָרשונג וועגען דערדאָזיגער פרוי, וועלכער איך האָב אָנגע-טרויט מיין גוטען נאָמען.

---

אַז איך האָב דערזעהן נאָך אַזויפיעל יאָהרען אין דער-פרעמד מיינע בעקאַנטע, האָב איך בעמערקט, אַז זיי האָבען ווע-גען מיר אַ בעשטימטע מיינונג. מאַריע מיט איהרע חבר'טעס האָ-בען זיך דאָך עפּיס פלייסיג בעסטאַרעט, זענען זיי אַלע אויף איהר צד. זי איז אַ הייליגע מערטירערין, איך בין אַ משוגע'נער,

וואָס האָב מיר אַריינגעשלאָגען אין קאָפּ אַריין, אַז דאָס ווייב נאַרט מיך.

מאַכען אַ שטיקעל אויספאָרשונג? דאָס איז דאָס אייגענע, ווי האַקען מיט'ן קאָפּ אין דער וואַנד אַריין! מען הערט מיך אויס, מען שמייכעלט זיך ביסלעכווייז צו און מען קוקט אויף מיר, ווי אויף אַ זעלטענער חיה. קיינער גיט מיר קיין שום דער־קלערונג נישט. אַלע לאָזען מיך איבער אַליין, בעזונדערס די־יע־ניגע, וואָס פערגינען מיר נישט, וואָס וואָלטען וועלען מיין ירידה, כדי זיי זאָלען זיך קאָנען אַליין אויפהויבען.

געה איך צוריק אין דער תּפיסה אַריין. מאַריע וואַרט אויף מיר אַנ'אונרוהיגע, וואָס לאָזט זיך זעהר לייכט פערשטעהן. איין קוק אויף איהר גיט מיר מעהר, איידער מיין גאַנצע שלים-מזל'־דיגע נסיעה.

אין אַ משך פון צוויי חדשים שפּרינג איך אַלץ פון דער הויט. איך פּרוב אַ פיערטען מאָל אַנטלויפען. אין רעכטען מיטען ווערער לויף איך קיין שווייץ. אָבער די קייט, וואָס האַלט מיך, איז נישט פון אייזען; איך קאָן זי נישט איינברעכען. דאָס איז אַ מין עלאַסטישער שטריק, וואָס ציהט זיך פונאַנדער. וואָס מעהר ער איז אָנגעצויגען, אַלץ מעהר ציהט ער מיך צוריק—צום אויס־גאַנגספּונקט.

פאָהר איך ווידעראַמאָל צוריק, און זי ווייזט מיר אַרויס אָפענהאַרציג איהר פעראַכטונג. זי איז זיכער, אַז אויב איך וועל נאָכאַמאָל אַנטלויפען, וועל איך שטאַרבען, און דאָס איז איהר איינציגע האָפנונג.

ווער איך מיט אַמאָל קראַנק—אָבער אַזוי שטאַרק קראַנק, אַז דער טויט, דאַכט מיר, שטעהט שוין און היט מיך. בעשליס איך אָנצושרייבען מיין פערגאַנגענהייט. דייטליך זעה איך, ווי איך בין אַריינגעפאַלען צו אַ בלוטזויגער אין די הענד אַריין. אָבער איך וועל לעבען, כדי זיך ריינצוואַשען פון דעמדאָזיגען שמוץ, דעם שמוץ פון אַ פרוי. איך וויל מיך אומקעהרן צום לעבען—בקמה-צו-נעהמען, צונויפזאַמלען אַלע ראיות, אַז זי איז מיר גע־זוען נישט טריי.

אין מיין האַרץ ברענט אַ פיינטשאַפט, וואָס איז שרעקלי־בער, ווי גלייכגילטיגקייט, מחמת פיינטשאַפט איז די לינקע זייט פון ליעבע. איך וואָלט אַזוי פאָרמולירט דידאָזיגע אַקסיאָמע: איך האָב זי פיינט, ווייל איך האָב זי ליעב.

אין אַ געוויסען זונטאָג, בשעת מיר מיטאָגען אין גאָרטען־הייזעלע, רייסט זיך פלוצלונג אויף דער פולווער, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמעלט פאַר גאַנצע צעהן יאָהר: די סבה פון דעם אויפ־רייס געדענק איך אפילו נישט. און דאָס ערשטע מאָל האָב איך איהר אָנגעבראָכען די ביינער. איך האָב זי בעשאָטען מיט אַ האָגעל פעטש, און אַז זי וויל מיר שטעלען אַ ווידערשטאַנד, פערבויג איך איהר די הענד אויף הינטען און צווינג זי, זי זאָל זיך אַראָבלאָזען אויף די קניה, אָבער פלוצלונג צויאָמערט זי זיך שרעקליך, און מיין קלייניטשקע הנאה, וואָס איך האָב דער־ביי, ווערט באַלד פערוואַנדעלט אין שרעק: די דערשראָקענע קינדער דערהערען די געוואַלדען און צויאָמערן זיך הויך אויפ'ן קול. דאָס איז דער סאַמע שווערסטער מאָמענט אין מיין אומגליקליכען לעבען. שלאָגען אַ פרוי, אַ מוטער, און נאָך פאַר די קינדער אין די אויגען — דאָס איז דאָך עפּיס גאָטלע־סטערונג, מאָרד, פערברעכען געגען דער נאַטור! די זון אַליין, דאַכט זיך, קאָן נישט צוזעהן אַזאַ מין סצענע... דאָס לעבען ווערט מיר אונדערטרעגליך...

און דאָך ווערט מיר אָנגעפילט די נשמה מיט מנוחה, ווי נאָך אַ שטורם; איך שפיר עפּיס אַ מין בעפרידיגונג, פונקט ווי איך וואָלט אָבגעטהאָן אַ הייליגע זאַך. דער אַקט טהוט מיר אפילו באַנג, אָבער קיין חרטה האָב איך נישט. וואָס פאַר אַ וואָרצלען — אַזאַ בוימעלע.

ביינאַכט, פאַר'ן שיין פון דער לבנה, געהט מאַריע שפּאַ־צירען. איך געה איהר אַנטקעגען: איך קוש זי. זי שטויסט מיך נישט אָב. אָבער זי בעגיסט זיך מיט טרעהרען. מיר פלאַפּלען אַ לענגערע צייט, דערנאָך בעגלייט זי מיך אין מיין צימער אַריין, וואו זי פערבלייבט ביז האַלבע נאַכט.

אַ וואונדערליך צוזאַמענלעבען צווישען אַ מאַן מיט אַ ווייב!

ביימאָג שלאָג איך זי, ביינאַכט פערברענגען מיר צוזאַמען.

וואָס פאַר אַ משונה׳דיגע פרוי דאָס איז: זי קושט ליידענשאַפטליך איהר אייגענעם תלין!

פאַרוואָס האָב איך דאָס פריהער נישט געוואוסט? ווען איך וואָלט זי געשלאָגען מיט אַ וואָסערע צעהן יאָהר צוריק, וואָלט איך געווען דער סאַמע גליקליכסטער מאַן אויף דער וועלט.

אָט איז אַ גרויסאַרטיג מיטעל! בעדאַכט זיך נאָר, מיינע בדידער, אויב איהר זענט גענאַרטע מאַנען!

אָבער זי וויל נקמה-נעהמען! אין עטליכע טעג אַרום געהט זי אַריין צו מיר אין צימער, הויבט-אָן מיט אַ לאַנגער הקדמה, און, נאָך טויזענדער הינטערוועגלעך, איז זי זיך מיר מודה, אַז אין פינלאַנד, בשעת איהר נסיעה, איז זי איין-איינציג מאָל אין לעבען פערגוואַלטיגט געוואָרען.

אויף אַזאַ אופן איז דאָך ריכטיג דאָס, וואָס איך האָב געטראַכט.

זי בעט מיך אָבער, איך זאָל נישט מיינען, אַז דאָס האָט זיך איבערגע׳חזר׳ט עטליכע מאָל און זאָל אויך נישט מיינען, אַז זי האָט געהאַט עטליכע געליעבטע.

מיט אַנדערע ווערטער: זי האָט געהאַט עטליכע מאָל צו עטליכע געליעבטע.

—הייסט עס, אַז דו פלעגסט מיך נאַרען און כדי דער עולם זאָל זיך נישט כאַפּען, פלעגסטו פערשפרייטען קלאַנגען, אַז איך בין משוגע. צו פערבאָרגען בעסער דיין פערברעכען, האָסטו מיך געוואָלט פערפייניגען ביז׳ן טויט אַריין. דו ביזט אַ פערברעכערין, איצט בין איך זיכער דערין, מיר וועלען זיך גט׳ן!

פאַלט זי מיר צו די פיס, צעוויינט זיך מיט ביטערע טרעהרען און בעט נאָר איין זאַך—איך זאָל איהר מוחל-זיין.

—גוט, איך וועל דיר מוחל-זיין, אָבער מיר וועלען זיך גט׳ן!

---

זויף מאָרגען זעהט זי אויס רוהיג. אויף איבערמאָרגען-

נאָך רוהיגער. אויפ'ן פיערטען טאָג נאָך דערדאָזיגער קאַטאַסטראָ-פע האָלט זי זיך אַזוי, ווי עס וואָלט גאָרנישט געשעהן.

—וויבאַלד איך בין געוועזן אַזוי גרויסמוטיג, אַז איך האָב דיר בעזאָגט דעם אמת וועגען אַלץ, האָב איך שוין נישט אין וואָס זיך פאָרוואורף צו מאַכען.

זי איז מעהר ווי אונשולדיג, זי איז אַ מערטירערין, וואָס האָט בלויז מיטלייד מיט מיר.

אַז זי פערשטעהט נישט די פאָלגען פון איהר פערברעכען, פערשטעהט זי אויך נישט וואָס פאַר אַ שווערע פראַגע דאָס איז פאַר אונז. אויב איך זאָל פערבלייבען מיט איהר, וועט די גאַנ-צע וועלט מיך אויסלאַכען ווי אַ געגנאַרטען מאַן. וועל איך אָבער אַוועקגעהן, וועט עס זיין אַנ'אומגליק, און איך בין אַ פערפאַלע-נער מענש.

צעהן יאָהר יסורים פאַר עטליכע פעטש און איין טאָג טרעהרען—וואו איז דאָ דער יושר?

דאָס לעצטע מאָל מאַך איך פליטה שטילערהייד—איך האָב קיין מוט נישט צו זעגענען זיך מיט די קינדער.

דאָס איז געווען אַרום האַלבען טאָג אין אַ וואונדערשענעם זונטאָג. איך זעץ מיך אויף דער שיף, וואָס געהט קיין קאָנ-סטאַנץ: איך וויל אויפזוכען מיינע פריינד אין פראַנקרייך, און דאָרט, אויפ'ן אָרט, אָנשרייבען אַ ראָמאַן פון דערדאָזיגער פרוי, פון דעמדאָזיגען כאַראַקטעריסטישען טיפּ פון אונזער עפּאָכע—די עפּאָכע פון געשלעכטלאָזע פאַרשוינען.

אין דער לעצטער מינוט בעווייזט זיך מאַריע אויף דער שיף. זי איז פערוויינט און צורודערט, עס טרויסעלט זי, און, אויף מיין אומגליק, איז זי אַזוי שען, אַז איך קאָן מיך איהר אונטערגעבען. אָבער איך סטאַרע מיך צו זיין קאַלט, רוהיג, שטיל און ענטפער נישט אויף איהרע לעצטע קושען.

—זאָג מיר צו, אַז מיר וועלען כאָטש פערבלייבען פריינד!

—מיר זענען שונאים אויף דער גאַנץ קורצער צייט, וואָס איז מיר נאָך פערבליבען צו לעבען.

מיר מוזען זיך צושיידען.

די שיף הויבט זיך אָן דערוויטערן. איך זעה, ווי מאַריע געהט-אַרום אויפ'ן ברעג און וויל מיך איינהאַלטען מיט דער פּשוט'דיגער מאַכט פון איהרע אויגען, וואָס האָבען מיך געקאָנט נאַרען אַזוי-פיעל יאָהרען! זי געהט אויף-און-אָב, ווי אַ גאָועקגעוואָרפענער הונד—זי געהט אויף-און-אָב, אָט די מאָוס'ע צויג! איך וואַרט אויף דער מינוט, ווען זי וועט זיך וואַרפען אין וואַסער אַריין; דעמאָלט וועל איך מיך וואַרפען אויך נאָך איהר און ביידע צוזאַמען דערטרונקען ווערען אַרומגענומענערהייד. אָבער זי דרעהט זיך אויס מיט'ן רוקען און פערשווינדט אין דער גאַס, איבערלאָזענדיג אין מיר דעם איינדרוק פון איהר רייצענדיגען פיגורל און פיסלעך, וואָס האָבען צעהן יאָהר נאָכאַנאַנד געטראָטען איבער מיין ברוסט און נישט אַרויסגעדריקט פון איהר קיין שום וועה-געשריי! דער וועה-געשריי האָט זיך אפשר געלאָזט הערען אין איינעם פון מיינע ביכער, אָבער איך דאָ האָב איך געגאַרט די לייענער, ווייל איך האָב פערבאָרגען דאָס אמת'ע פערברעכען פון דערדאָזיגער פרוי.

צו פערגעסען מיין וועהטאָג, האָב איך מיך באַלד אַראָבגעלאָזט אין עסצימער פון דער שיף. דאָרט זעץ איך מיך ביים טיש, אָבער שוין ביי דעם ערשטען געריכט הויב איך מיך אָן שטיקען פון טרעהרען און בין געצוואונגען אַרויסצוגעהן אויפ'ן פּאָרדעק.

פון דאַנען זעה איך דאָס גרינע בערגעל, אויף וועלכען עס הויבט זיך אַ ווייס הייזעל מיט גרינע לאָדענס. דאָרט וואוינען מיינע קינדער אין אַ וויסט-געוואָרענער נעסט, אָהן שוץ, אָהן מיטלען... אַ שרעקליכע קעלט בעפאַלט מיך און נעהמט מיר דורך דאָס האַרץ.

דער טויט דערנעהנטערט זיך צו מיר!

איך בין עהנליך צו אַנ'עמבריאָן, ביי וועלכען מען האָט פריהצייטיג אָבגעשניטען די מוטערשנור.

וואָס פאַר אַ מין גאַנצער און לעבעדיגער אָרגאַניזם—אַ פאַמיליע. שוין נאָך מאַריע'ס ערשטען גט האָב איך עס דערפיהלט, בשעת איך האָב מיך אַליין אָבגערוקט אין שרעק און דאָס

געוויזען האָט מיך געפייניגט ביז צו טויט. אָבער זי, די פער-רעטערין און מערדערין, האָט זיך גאָרנישט געשראָקען!

אין קאָנסטאַנץ זעץ איך מיר איבער אין אַ צוג, וואָס געהט קיין באַזעל! אַך, אָט דער שרעקליכער זונטאָג!

אויב עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, בעט איך איהם, ער זאָל מיין גרעסטען שונא נישט געבען אַזוינע ליידען!

איצט צורייסט מיר דער לאָקאָמאָטיוו מיין מח, מיינע נער-ווען, מיינע בלוטגעפעסען און אין באַזעל קום איך טויט, ווי אַלע טויטע.

נאָר דאָ בעפאַלט מיך פּלוצלונג אַ ווילדער פערלאַנג צו זעהן די אַלע ווינקעלעך אין דער שווייץ, וואו מיר האָבען צו-זאַמען געלעבט—איך, מאַריע און די קינדער.

פערבערענג איך אַ וואָך אין זשענעוו, אַ צווייטע וואָך אין אושי. די ערינערונגען טרייבען מיך פון האָטעל צו האָטעל, אָהן אַברוה, אָהן קומען צו די כחות, ווי אַ פערשאָלטענער פון גאָט; גאַנצע נעכט וויין איך און אומעטום רוף איך אַרויס אין זכרון די ליעבע געשטאַלטען פון מיינע קינדער. איך בעזוך די ערטער, וואו זיי פלעגען אַרומגעהן; וואַנדערנדיג ווי אַ שאָטען, וואַרף איך ברויט „זייערע" וואַסערפויגעלעך.

יעדען טאָג וואַרט איך אויף מאַריע'ס בריף, אָבער קיין בריף זעגען נישטאָ. זי איז צו-ביטרע, אַז זי זאָל געבען אין די הענד פון איהר שונא שריפטליכע בעווייזען. אָבער איך שרייב איהר עטליכע מאָל אין טאָג ליעבע-בריף. אין וועלכע איך בין איהר אַלץ מוחל... נאָר איך שיק זיי נישט אַוועק.

אָ, מיינע ריכטער, ווען מיר וואָלט געווען בעשערט צו שטאַרבען אַ משוגע'נער, וואָלט עס זיכער געשעהן אין דידאָזיגע שעה'ן פון העכסטען יאוש און טיעפסטען צער!

זיך איינגאַנצען אַרויסגעשלאָגען פון די כחות, הויב איך אָן פאַנטאַזירען און שטעל מיר פאָר, אַז מאַריע'ס מודה-זיין זיך איז אויך אַ געגאַרטע זאַך, אַז זי האָט עס אומישנע געטהאָן צוליעב דעם, זי זאָל פטור-ווערען פון מיר און אָנהויבען אַ נייע לעבען מיט אַ צווייטען, טאַקי מיט יענעם פערבאָרגענעם געליעבטען.

אָדער גאָך ערגער—מיט'ן מיידעל פון דענעמאַרק, מיט אַ געליעב-
טע! און איך זעה מיינע קינדער אין די הענד פון אַ „שטיפפאָ-
טער״ אָדער אין די נעגעל פון אַ „שטיפמוטער״; זיי וועלען זיך
לעבען אויפ'ן חשבון פון מיינע ווערק און וועלען זיך אויספלעכ-
טען אַ מעשה'לע פון מיין לעבען אין געשמאַק פון עפיס אַ הערמאַ-
פראָדיטין, וואָס וועט פערפיהרען מיין פרוי. עס דערוועקט זיך
אין מיר דער אינסטינקט פון אַליינדערהאַלטונג און איך פאַל אויף
אַ ביטרע המצאה. אַזוי ווי איך קאָן נישט אַרבייטען אין דער-
פרעמד פון מיינע נאָהנטע, וועל איך מיך אומקעהרען צו זיי און
פערבלייבען דאָרט, ביז איך וועל נישט אָנשרייבען מיין ראָ-
מאַן, וואו איך וועל ברענגען די סאַמע געגויסטע פאַקטען פון
מאַריע'ס פערברעכענס. אָט אַזוי וועל איך זי אויסנוצען, און זי
וועט עס אַליין נישט וויסען. זי וועט זיין דאָס געוועהר פון מיין
נקמה, וואָס איך וועל איבערדרייסען, ווען איך וועל עס איינגע-
פינען פאַר נויטיג.

און אָט אַזוי שיק איך איהר, אַלזאָ, אַוועק אַ קאַלטע דע-
פעש, אָהן סענטימענטאַליטעטען: איך טייל איהר מיט, אַז מכח'ן
גט איז אונז דערוויייל אָבגעזאָגט געוואָרען; פון איהר פאָדערן
זיך גאָך מאַנכע פאָלמאַכטען און דעריבער מוז איך מיך מיט
איהר זעהן אין ראָמאַנסהאָרן, אויף יענער זייט פון דער קאָנ-
סטאַנץ-אָזערע.

---

די דעפעש איז אַוועקגעשיקט געוואָרען, און איך קום צו
די כחות. אויף מאָרגען זעץ איך מיך אַריין אין צוג און טראָג
מיך אַהין צו דער בעשטימטער שעה. די גאַנצע וואָך יסורים
ווערט תיכף פערגעסען. דאָס האַרץ קלאַפט ווי געוועהנליך, די
אויגען גלאַנצען, די ברוסט ווערט ברייטער, בשעת איך זעה
אויפ'ן האָריזאָנט די בערגלעך פון צווייטען ברעג, וואו עס גע-
פינען זיך מיינע ליעבע קינדער. דער צוג דערגעהנט זיך, אָבער
איך זעה נישט מאַריע'ן. צולעצט. בעווייזט זי זיך אויפ'ן ברי-
קעל מיט אַן'אויסגעמוטשעטען פנים, וואָס איז פערלעטערט גע-

וואַרען אויף צעהן יאָהר. וואָס פאַר אַ מין וועהטאָג דאָס איז— דערזעהן אַ יונגע פרוי פלוצלונג פערעלטערט. קוים וואָס זי בע-וועגט זיך, די אויגען זענען איהר רויט פון טרעהרען, די באַ-קען איינגעפאַלען, די גאַמבע הענגט-אַראָב. אין דערדאָזיגער רגע שטויסט אין מיר אַרויס אַ רחמנות-געפיהל די אַלע געפיהלען פון פיינטשאַפט און אַנטיפּאַטיע. איך וויל זי אויפנעהמען מיט אויס-געשפּרייטע הענד, אָבער פלוצלונג האַלט איך מיך צוריק, גלייך מיך אויס און מאַך אַנ'אָנשטעל פון אַ וואוילען בראַווען יונג, וואָס געהט אויף אַ ראַנדעוואו. אַז איך בעטראַכט מאַריע'ן פון דער נאָהנט, גיט מיר אַ בליץ-אויף אין קאָפּ אַ געדאַנק, אַז זי איז וואונדערליך עהנליך צו איהר חבר'טע פון דענעמאַרק. אַלץ—די מינע, די פּאָזע, די פריזור, דער אויסדרוק פון געזיכט. שווין-זשע איז מאַריע נאַר-וואָס געקומען פון די אָרעמס פון איהר גע-ליעבטער? עס קומען מיר אויפ'ן זכרון צוויי פאַקטען, וואָס זע-נען פערלאָפען אָנהויב זומער און וואָס בעשטעטיגען מיינע השערות. איינמאָל הער איך, ווי זי פרעגט דעם בעל-הבית פון דעם דערבייאיגען האָטעל, צי האָט ער נישט עפּיס אַ פריי צי-מער אויף פּאַנסיאָן?

פאַרוואָס? פאַר וועמען?

און דערנאָך פרעגט זי, צי קאָן זי נישט אַריין אין אָוועגד אין דעמדאָזיגען פּאַנסיאָן: זי וויל אַ ביסעל שפּיעלען קלאַוויר.

דידאָזיגע קלייניגקייטען זענען אפילו נישט קיין דירעקטע בעווייזען, אָבער דאָך רופען זיי אַרויס אין מיר אַ חשד. בעגליי-טענדיג מאַריע'ן צום האָטעל, סטאַרע איך מיר איינצו'חזר'ן די ראָל, וואָס איך וויל שפּיעלען.

הגם זי איז אפילו דערשלאָגען און מאַכט אַנ'אָנשטעל פון אַ ליידענדיגער נשמה, פונדעסטוועגען שטערט עס איהר נישט אויסצעווייזען גלייכגילטיג. זי שטעלט מיר קלאָרע און מיושב'די-גע פראַגען וועגען דעם פּראָצעס פון גט. און באַלד טאַקי וואַרפט זי אַראָב פון זיך די מאַסקע פון אַ ליידענדיגער נשמה און הויבט-אָן קוקען אויף מיר פון אויבען אַראָב,—זי האָט זיך אי-בערצייגט, אַז איך בין וועניג צוטראָגען פון דעם גאַנצען עסק.

אָבער זי דערמאָהנט נאָך אַלץ אַזוי שטאַרק איהר חבר'טע. אַז איך האָב חשק אַ פרעג צו טהאָן זי, וואָס מאַכט דאָסדאָזיגע מיידעל. בעזונדערס איבערראַשט מיך אַ טראַגישע פּאָזע, וואָס דאָס מיידעל פון דענעמאַרק האָט זי זעהר ליעב געהאַט; דידאָזיגע פּאָזע ווערט בעגלייט מיט אַ בעזונדערן זשעסט פון דער האַנד וואָס ווערט אָנגעשפּאַרט אָן טיש... אַך!

איך בין איהר מכבד מיט שטאַרקען וויין, טרינקט זי גאַנץ היבש און ווערט שכור'לעך.

אויסנוצענדיג דידאָזיגע געלעגענהייט, פרעג איך, וואָס מאַכען די קינדער. הויבט זי אָן וויינען און איז זיך מודה, אַז זי האָט איבערגעלעבט אַ שרעקליכע וואָך: פון אינדערפריה ביז נאַכט הערען די קינדער נישט אויף צו פרעגען, וואו איז דער טאַטע. זי איז זיכער, אַז זי וועט אָהן מיר נישט קאָנען לעבען.

בעמערקט, אַז איך האָב נישט אויפ'ן פינגער דעם חתונה-רונג, ווערט זי זעהר צורודערט און פרעגט:

—וואו איז דער חתונה-רונג?

—איך האָב איהם פערקויפט אין זשענעווו. פאַר דאָס געלד האָב איך גענומען אַ מיידעל, איך זאָל כאָטש קאָנען אויף אַ געוויסע צייט איינשטעלען דאָס גלייכגעוויכט.

ווערט זי בלאַס.

—זענען מיר, אַלזאָ, קוויט. זאָלען מיר אפשר נישט אָנהויבען פון דאָסניי?..

—אַזוי פערשטעהסטו יושר! דו ביזט בעגאַנגען אַנ'אַקט. וואָס האָט די סאַמע שרעקליכסטע פאָלגען פאַר דער פאַמיליע. וואָרום איך האָב אָנגעהויבען צווייפלען דערין, צי די קינדער זענען מיינע! דו האָסט פאַלסיפיצירט דעם דור פון מיין פאַמיליע. אויפ'ן גאַנצען לעבען האָסטו בעשמוצט דעם כבוד פון פיער מענשען—דריי קינדער, וואָס מען וויים נישט ווער זייער טאַטע איז, און דעם געגאַרטען מאַן, וואָס די גאַנצע וועלט מאַכט פון איהם חוזק! וואו זענען אָבער די שלעכטע פאָלגען פון מיין טאַט?

וויינט זי, לעג איך איהר פאָר מיר זאָלען דערווייל אי-

בערלאָזען דעם גט אין זיין נאַטירליכען גאַנג און זי זאָל פער-
בלייבען אין מיין הויז, ווי מיינע אַ געליעבטע. די קינדער וועל
איך דערנאָך אין דער צוואה צושרייבען צו זיך.

—איז עס דען נישט יענער פרייער אָבמאַך, וועגען וועל-
כען דו האָסט געטרוימט? חתונה-האָבען איז דאָך ביי דיר אַלע-
מאָל געווען ערגער ווי דער טויט!

אויף אַ מינוט פערטראַכט זי זיך. מיין פאָרשלאָג איז איהר
נישט זעהר צום האַרצען.

—האָסטו מיר דען אַמאָל נישט געזאָגט, אַז דו וואָלסט גע-
וואָלט זיין אַ דערציהערין ביי עפּיס אַנ׳אלמן אין הויז? אָט איז
אַנ׳אלמן, וועלכען דו זוכסט!

—וועגען דעם מוז מען אַ טראַכט טהאָן. דערויף בעדאַרף
איך האָבען צייט... מיר וועלען זעהן... אָבער דו געהסט אפשר
דערווייל צו אונז?

—אויב דו וועסט מיך נאָר בעטען.

—בעדאַרפסטו נאָר געהן.

און אָט קעהר איך מיך אום צו מיין פאַמיליע צום זעק-
סטען מאָל. אָבער דאָסמאָל בעשליס איך ביי זיך פאָרט, איך זאָל
אויסנוצען די צייט, וואָס איז מיר געבליבען, צו פערענדיגען
דעם ראָמאַן און ענטדעקען ביז׳ן גרונד דידאָזיגע פערשטעלטע
געשיכטע...

# עפילאָג.

זיצענדיג ביים טיש מיט דער פעדער אין האַנד, בין איך פּלוצלונג אַנידערגעפאַלען: אַ פיבער-פּאַראָקסיזם האָט מיך מיט אַמאָל צוגענעגעלט צו דער פּאָדלאָגע. פאַר פופצעהן יאָהר צייט בין איך קיינמאָל ערנסט קראַנק נישט געווען, און איך האָב מיך שטאַרק דערשראָקען פאַר דעמדאָזיגען פּאַראָקסיזם, וואָס איז געקומען אַזוי נישט צו דער צייט. נישט דאָס, וואָס איך וואָלט מיך געשראָקען פאַר'ן טויט—פון דעמדאָזיגען שרעק בין איך אינגאַנצען פריי געווען! אָבער איך בין שוין אַריינגעטראָטען אין דעם אַכטאונדרייסיגסטען יאָהר פון מיין לעבען, איך בין צוגעגאַנגען צום סוף פון מיין רוישיגער קאַריערע און נאָך דאָס לעצטע וואָרט נישט געזאָגט, נישט אויסגעפילט די אַלע הבטחות פון מיין יוגענד, וואָס איז געווען פול מיט פּלאַנען אין דער צוקונפט, און דעריבער האָט מיר, נאַטירליך, נישט געקאָנט זיין צום האַרצען אַזאַ פּלעצליכער פינאַל.

פיער יאָהר האָב איך געלעבט מיט'ן ווייב אין אַ מין האַלב-פּריוויליגען גלות. איך האָב אויסגעשאָסען כמעט מיין גאַנצען פולווער און זיך, צולעצט, פּאָרט בעזעצט אין אַ באַוואַריש שטעדטעלע. נישט לאַנג האָט מען מיך געשטעלט צום געריכט,

וואָס האָט קאָנפיסקירט מיינס אַ בוך. איך בין פּעריאָגט געוואָרען פון מיין פּאָטערלאַנד און אַרויסגעשליידערט געוואָרען פון מיין קרייז. און אַז איך בין איצט קראַנק געוואָרען, האָב איך געהאַט בלויז איין געפיהל—נקמה.

אין מיר איז פאָרגעקומען אַ קאַמף: רופען נאָך הילף האָב איך קיין כח נישט געהאַט. דער פיבער האָט מיך געטרויסעלט, ווי אַ שטרויעלע. ער האָט מיך אָנגעכאַפּט ביים האַלז—צו דער-שטיקען; ער איז מיר אַרויפגעטראָטען מיט׳ן קניה אויף דער ברוסט; ער האָט מיר אַזוי דערהיצט דעם קאָפּ, אַז די אויגען זענען מיר אַרויסגעקראָכען פון די אויגענלעכער; אין מיין עלענד צימער בין איך געווען איינזאַם און אַליין, פּנים צו פּנים מיט׳ן טויט, וואָס האָט זיך פּלוצלונג אונטערגע׳גנב׳עט און אַרויפגעפאַ-לען אויף מיר מיט אַמאָל.

אָבער איך האָב נישט געוואָלט שטאַרבען! אין האָב מיך געראַנגעלט, און דער קאַמף האָט זיך פערצויגען. מיינע נערווען זענען שוואַך געוואָרען, דאָס בלוט האָט שטורמיש געיאָגט אין מיינע אָדערן, דער מח האָט זיך געדרעהט ווי אַ פּאָליפּ אין עסיג. און פּלוצלונג האָב איך מיך איבערצייגט, אַז איך בעדאַרף פאַ-לען אין דעמדאָזיגען טאַנץ פון טויט. האָב איך מיך אויפגעהערט צו ראַנגלען, זיך אויסגעצויגען אויף דער ערד און זיך אָבגעגע-געבען אין די שרעקליכע אָרעמס פון טויט.

און באַלד בין איך אָנגעפילט געוואָרען מיט אַ מחיה׳דיגער מנוחה, עפּיס אַ זיסע לייטזעליגקייט האָט זיך מיר צוגאָסען אי-בער די גלידער, אַ טיעפע רוהיגקייט האָט אַרומגענומען מיין נשמה און גוף, וואָס האָט אַזויפיעל שווערע יאָהרען נישט גע-וואוסט פון רוה.

ווי הייס האָב איך בעגעהרט, אַז דאָס זאָל זיין דער טויט! דער חשק צום לעבען האָט מיך אַלץ מעהר פערלאָזט. איך האָב אויפגעהערט צו פיהלען, שפּירען, דענקען. איך האָב פערלאָרען דאָס בעוואוסטזיין, און אַ זיסע שפּירונג פון גאָרנישט האָט אָנגעפילט דעם לעדיגען שטח נאָכדעם, ווי עס זענען אָבגעמעקט געוואָרען די ליידען און די גרויסע שרעקען.

אַז איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, האָב איך דערזעהן, אַז דאָס ווייב זיצט מיר צוקאָפּענס און קוקט מיר, אַ דערשראָקענע, אין די אויגען אַריין.

—וואָס איז מיט דיר, מיין אָרימער פריינד?—האָט זי גע-פרעגט.

—גאָרנישט, איך בין קראַנק,—האָב איך געענטפערט.—אָבער טיילמאָל איז גאַנץ אָנגענעהם צו זיין קראַנק.

—וואָס רעדסטו? דו מיינסט עס ערנסט?..

—דאָס איז דער פינאַל... אַזוי האָף איך, לפחות.

—אויסהיטען זאָל דיך גאָט איבערצולאָזען אונז אין אַנ'-אומגליק!—האָט זי אויסגעשריען.—וואָס וועט עס דעמאָלט זיין מיט אונז אין אַ פרעמדען לאַנד, אָהן פריינד און אָהן געלד!

—איך לאָז אייך איבער מיין אַסעקוראַנץ-בילעט, אויף וועל-כען איהר קאָנט בעקומען געלד,—האָב איך זי געפרובט טריי-סטען.—געוויס, דאָס איז נישט קיין סך, אָבער מיט דערדאָזיגער סומע וועט מען זיך קאָנען אומקעהרן אַהיים.

דער אַסעקוראַנץ-ענין איז איהר גאָר פון זינען אַרויס, און איצט האָט זי שוין רוהיגער געזאָגט:

—אָבער דו קאָנסט דאָך נישט פערבלייבען אַזוי. איך וועל אַ רוף טהאָן אַ דאָקטאָר.

—ניין, איך וויל נישט זעהן קיין דאָקטאָר.

—אָבער דאָך...

—אָבער איך וויל איהם נישט זעהן!

די בליקען, מיט וועלכע מיר האָבען זיך איבערגעקוקט, האָבען פערמאָגט אין זיך אַ ים מיט נישט-אַרויסגעזאָגטע ווערטער.

—איך וויל שטאַרבען,—האָב איך געזאָגט, איבערצוהאַקען דעמדאָזיגען שמועס,—דאָס לעבען איז מיר נמאס געוואָרען. דער עבר זעהט מיר אויס אַזוי פערפלאָנטערט, אַז איך בין נישט בכח איהם פונאַנדערצופלאָנטערן. זאָלען פערמאַכט ווערען מיינע אויגען, זאָל דער פאָרהאַנג פאַלען.

זי איז געבליבען גלייכגילטיג צו דידאָזיגע איידעלע דריי-סטע ווערטער.

—דיין אַלטער חשד... לעבט נאָך אַלץ?—האָט זי געפרעגט.

—יאָ, ער לעבט נאָך אַלץ!

—פעריאָג איהם, דעמדאָזיגען שאָטען.

—נאָר דיר אַליין פלעגט עס ביז אַהער געלינגען!

מיט אַ געניטען זשעסט האָט זי אַוועקגעלעגט איהר צאַרטע האַנד אויף מיין שטערען און, אַזוי ווי אַמאָל, זיך געפרעגט:

—גוט אַזוי?..

—יאָ, אַזוי איז גוט...

דאָס איז געווען וואָהר: די פשוט'סטע בעריהרונג פון דער־דאָזיגער לייכטער האַנד, וואָס האָט זיך געלעגט ווי אַ שווערער שטיין איבער מיין מזל, האָט געהאַט די פעהיגקייט צו פעריאָגען די שווערסטע מחשבות, דאָס טריבסטע געמיט.

און ווידער בעפאַלט מיך אַ פיבער־פּאַראָקסיזם, אָבער דאָס־מאָל נאָך שטאַרקער, ווי פריהער. דאָס ווייב הויבט זיך תיכף אויף, צו מאַכען מיר אַ בוזין־געטראַנק.

געבליבען אַליין, הויב איך מיך אויף און וואַרף אַ קוק אין פענסטער, נעבען וועלכען עס שטעהט מיין בעט. דאָס איז געווען אַ מין גרויס בילד אין אַ ראַהם, אַרומגערינגעלט פון אויסענווייניג מיט די צווייגעלעך פון וויינטרויבען און זייערע גרינע בלעטער האָבען אַזוי ווי בערעהמעלט די לאַנדשאַפט. אויפ'ן ערשטען פלאַן וויעגט זיך דער אויטענבוים, וואָס איז בעהאַנגען מיט די שענסטע גאָלדפאַרביגע פירות אויפ'ן פאָן פון טונקעל־גרינע בלעטער; דערנאָך געהען עפּעלבוימער, דערנאָך דער שפּיץ פון אַ קלויסטערל און ווייטער דער בלויער פלעק פון דער קאָנסטאַנץ־אָזערע, און דאָרט, אין הינטערגרונד, האָבען זיך געהויבען די טיראָלער אַלפּען.

די קרומע שטראַהלען פון דער אונטערגעהענדיגער זון האָבען בעלויכטע דאָס וואונדערשענע בילד.

אונטען, אין די וויינטרויבען, האָבען געטרילערט פויגעל; קליינע היהנדעלעך האָבען געוואָרקעט, הייפערדעלעך האָבען געקנאַקט און וואונדערליך האָבען געקלונגען די גלעקעלעך ביי די בהמות אויף די העלזער. צו דעמדאָזיגען פרעהליכען נאַטור־קאָנ־

צערט איז צוגעמישט געוואָרען דער קלינגענדיגער געלעכטער פון מיינע קינדער און דער פערזאָרגטער קול פון מיין ווייב, וואָס האָט געשמועסט מיט דעם גערטנערס ווייב וועגען מיין קראַנקהייט.

און פון דאָסניי איז מיך בעפאַלען אַ שטאַרקע לוסט צום לעבען און אַ שרעק פאַר'ן טויט. ניין, איך וויל נישט שטאַרבען, איך וויל דורכאויס נישט שטאַרבען! איך האָב נאָך אויף זיך צו-פיעל פליכטען צו דערפילען, צופיעל חובות. עס פייניגט מיך דאָס געוויסען און איך האָב דעם שטאַרקסטען בעגעהר מתודה-צו-זיין זיך אין מיין לעבען. איך וויל בעטען מחילה ביי מענשען דערין, וואָס איך האָב געטהאָן; איך וויל מיך דערנידערן פאַר עמיצען; איך פיהל מיך שולדיג, מחמת' אַנ'אויסגעטראַכטער חטא פייניגט מיין געוויסען: איך מוז פערלייכטערן מיין נשמה דערמיט, וואָס איך וועל מיך מודה-זיין אין עפּיס אַ פאַנטאַסטישען חטא.

איינמאָל, ביי אַזאַ פאַל פון שוואַכקייט, וואָס שטאַמט נאָך, אייגענטליך, פון אָנגעבוירענער פחדנות, איז אַריין אין צימער דאָס ווייב מיט'ן געטראַנק. איידער זי האָט מיר געגעבען דעם געטראַנק, האָט זי איהם פריהער געפּרובט אַליין און דערמיט מיר מרמז-געווען אויף דער לייכטער פערפאָלגונגס-מאַניע, אויף וועלכער איך האָב אַמאָל געליטען.

—דו קאָנסט איהם רוהיג טרינקען,—האָט זי געזאָגט מיט אַ שמייכעל,—קיין סם איז דאָ נישטאָ.

איך האָב מיך דערשפּירט נישט בעקוועם און נישט גע-וואוסט וואָס צו ענטפערן. נאָר צו פערגלעטען די זאַך, האָב איך מיט איין אָטעם אויסגעטרונקען דעם געטראַנק.

דער בוזין-געטראַנק, פון וועלכען מען קאָן לייכט אַנט-דרעמעלט ווערען און וואָס זיין אַראָמאַט האָט מיר דערמאָהנט מיין ליעבע היימאַט, וואו דאָס פאָלק האַלט פאַר הייליג דידאָ-זיגע סודות'פולע פלאַנצונג, האָט מיך איבערגעטראָגען אין אַזאַ סענטימענטאַלער שטימונג, אַז איך האָב מיך אָפּענהערציג צורעדט מיט'ן ווייב.

—דו האָרך מיך נאָר אויפמערקזאַם אויס, וואָרום איך וועל, אינגיכען שטאַרבען. איך בין מיך מודה, אַז איך האָב שטענדיג

געלעבט, ווי אַ גרויסער עגאָאיסט. צוליעב'ן רוהם פון מיין שריי-בען האָב איך גע'פטר'ט דיין סצענישע קאַריערע... איצט בין איך מיך אין אַלץ מודה. זיי מיר מוחל...

אַז זי האָט מיך געוואָלט בערוהיגען, האָב איך זי איבער-געשלאָגען און ווייטער געזאָגט:

— איך האָב דיר געפּאָלגט און חתונה-געהאַט מיט דיר לויט'ן דאָטאָל-סיסטעם. בינו-לבינו אָבער האָב איך צו'פטר'ט דיין נדן, צו דעקען די זשירעס, וואָס איך האָב לייכטזיניג געוואָרפען אויף רעכטס און לינקס. אָבער מעהר פון אַלץ מוטשעט מיך דאָס, וואָס נאָך מיין טויט וועסטו נישט האָבען קיין פענסיע פון מיי-נע ביכער. רוף גיכער אַ נאָטאַריוס אַהער: לאָמיך דיר קאָנען אָבזאָגען מיין כלומר'שט אָדער ווירקליך פערמעגען... צולעצט גיב מיר דיין וואָרט, אַז דו וועסט זיך אומקעהרן צוריק צו דיין קונסט, וואָס דו האָסט אַוועקגעוואָרפען צוליעב מיר.

האָט זי גאָרנישט געוואָלט הערען וועגען דעם, געמאַכט פון אַלץ אַ שפּאַס און מיר געראַטען, איך זאָל מיך בערוהיגען; זי האָט מיך פערזיכערט, אַז אַלץ וועט געבראַכט ווערען אין אָר-דנונג און ביז'ן טויט איז נאָך ווייט.

אַרויסגעשלאָגען זיך אינגאַנצען פון די כחות, כאַפּ איך אָן איהר האַנד. איך בעט, זי זאָל זיצען נעבען מיר, ביז וואַנען איך וועל נישט איינשלאָפען. און נאָכאַמאָל בעט איך ביי איהר מחילה פאַר די יסורים, וואָס איך האָב איהר פערשאַפט און פערדריק שטאַרק איהר הענדטעל אין מיינער: אַ זיסער שלאָף בעפאַלט מיך לאַנגזאַם. איך פיהל, ווי דער אייז ווערט צושמאָלצען אונטער די שטראַהלען פון איהרע גרויסע אויגען, וואָס דריקען-אויס אונענ-דליכע צערטליכקייט. איהר קוש ווערט צוגעפרעסט צו מיין ברע-נענדיגען שטערן, ווי אַ קאַלטער שטעמפּעל, און איך פערזינק מיך אין דעם זיסען תהום פון שלאָף.

אַז איך האָב מיך אויפגעכאַפּט איז שוין געווען טאָג. די זון האָט אָנגעצונדען אויף די שטאָרען אַ צייכנונג פון עפּיס אַ לאַנדשאַפט. לויט'ן פריהמאָרגענדיגען גערויש, וואָס האָט זיך דער-טראָגען פון אונטען, איז שוין געווען אַרום פינף אַ זייגער. איך

האָב געשלאָפען די גאַנצע נאַכט אָהן אַ הפסקה און אָהן חלומות.

אויפ'ן נאַכטטישעלע איז נאָך געשטאַנען דאָס טעצעלע מיט'ן געטראַנק, און מיין ווייבס שטוהל איז נאָך אויך געשטאַנען אויף זיין אָרט. איך בין געווען בעדעקט מיט איהר מאַנטעל אויף פוקסענפוטער, וואָס האָט מיר אָנגענעהם געקיצעלט ביי דער גאָמבע.

עס האָט אויסגעוויזען, ווי איך וואָלט מיך פאַר די גאַנצע צעהן יאָהר קיין איין מאָל נישט אויסגעשלאָפען—אַזוי רוהיג און פריש איז איצט געווען מיין צופיעל איינגעמאַטערטער קאָפּ. מיינע געדאַנקען, וואָס זענען פריהער געווען צוזייהט און צושפרייט אָהן שום אָרדנונג, האָבען זיך איצט צונויפגעזאַמעלט אין האַרמאָנישע מחנות, וואָס זענען גרייט געווען צו מאַכען אַנ'אָנפאַל אויף די קראַנקהאַפטע אַנגסטען פון געוויסען—אויף אָט די אַנגסטען, וואָס זענען בלויז סימנים פון פיזישער אָבגעשוואַכטקייט און ענטאַרטונג.

קודם-כל זענען מיר געקומען אויפ'ן זכרון צוויי טונקעלע מאָמענטען פון מיין לעבען, טאַקי די אייגענע מאָמענטען, וואָס איך האָב נעכטען, אונטער דעם אויסרייד, אַז איך בעדאַרף באַלד אָוועקשטאַרבען, אָפענהערציג דערצעהלט דעם ווייב. דאָס זענען צוויי טונקעלע מאָמענטען, וואָס האָבען מיך אַזויפיעל יאָהרען געפייניגט סאַמע ביז דער לעצטער מינוט.

איצט האָב איך זיי געוואָלט תיכף קאָנטראָלירען, ווארום איך האָב שטענדיג געהאַט אַ פאָרגעפיהל, אַז די זאַך איז גאָרנישט אַזוי ווי איך מיין.

—לאָמיר-זשע בעטראַכטען,—האָב איך זיך געזאָגט,—אין וואָס בעשטעהט מיין חטא, צוליעב וועלכען מען האַלט מיך פאַר אַ ציטריגען עגאָאיסט, וואָס האָט געבראַכט פאַר אַ קרבן צו זיין אייגענליעבע דעם ווייבס קאַריערע. לאָמיר-זשע טאַקי זעהן, צי דאָס איז אין דער ווירקליכקייט געווען אַזוי.

דעמאָלט, בשעת מיר האָבען בעדאַרפט חתונה-האָבען, האָט זי געשפּיעלט די צווייטע ראָליען. אַלס אַקטריסע האָט זי פערנומען זעהר אַ בעשיידען אָרט, ווארום אויפ'ן צווייטען דעביוט האָט זי אַרויסגעוויזען וועניג טאַלענט, וועניג זיכערקייט און אָריגינאַלי-

סעם, עס האָט איהר געפעלט אַלץ, וואָס מען בעדאַרף האָבען פאַר דער סצענע. אַ טאָג פאַר אונזער חתונה האָט מען איהר בעגעבען נאָך אַ ראָל: אַ געוועהנליכע דאַמע פון דער געזעלשאַפט. איינגאַנצען האָט זי בעדאַרפט זאָגען אַ צוויי ווערטער.

וויפיעל טרעהרען, וויפיעל האַרצוועהטאָג האָט איהר גע-קאָסט, ווי זי זאָגט, אָט דאָס חתונה-האָבען, וואָס האָט צוגענו-מען דעם גאַנצען רייץ ביי דער אַקטריסע: זי האָט דאָך אַלע-מען געפאַנגען אַלס אַקטריסע, וואָס האָט זיך צו'גט מיט אַ מאַן מחמת איהר ליעבע צו קונסט!

נאַטירליך, בין איך שולדיג אין דערדאָזיגער ירידה, וואָס האָט, סוף-כל-סוף, געבראַכט דערצו, אַז מען האָט זי מעהר נישט געוואָלט אַנגאַזשירען. אָבער זי האָט דאָך צוויי יאָהר פערגאָסען טרעהרען אויף די ראָליען, וואָס פלעגען ווערען אַלץ קלענער און קלענער.

אַקוראַט אין דעם מאָמענט, בשעת עס האָט זיך געענדיגט איהר אַנגאַזשמאַן, האָב איך אַלס ראָמאַניסט געהאַט גרויסען און זיכערן ערפאָלג. דאָס טעאַטער האָב איך נאָך פריהער מנצח-גע-ווען מיט מיינע קלענערע און נישט-וויכטיגע פיעסען. אָבער איצט האָב איך געוואָלט אָנשרייבען אַ פיעסע, וואָס זאָל ווערט זיין צו זעהן — אַ רעאַלע דעקאָראַטיווע פיעסע, וואָס נעהמט דאָס רוב אויס ביים עולם; איך האָב עס געוואָלט טהאָן מיט דער איינציגער כונה צו געבען מיין געליעבטער אַ מעגליכקייט, זי זאָל פון דאָסניי אַנגאַזשירט ווערען.

צו דער אַרבייט האָב איך מיך געזעצט נישט גערן. איך האָב שוין לאַנג געהאַט מיין קוק אויף די נייע וועגען אין דער דראַמאַטישער קונסט, אָבער בשעת איך האָב געשריבען די־דאָזיגע דראַמע, האָב איך אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנד מיינע ליטעראַ-רישע איבערצייגונגען. איך האָב געהאַט אַנ'אויפגאַבע: אָנוואַרפען די צושויער מיין ליעבע פלונית'טע אָנגורטען זי מיט די אַלע רעסורסען פון קונסט און דורך געוואַלט מאַכען זי סימפּאַטיש דעם עולם. אָבער עס האָט נישט געהאָלפען.

די פיעסע איז דורכגעפאַלען. די אַקטריסע האָט זיך בע-

בעגעגנט מיט'ן פובליקום, וואָס האָט זיך פיינדליך בעצויגען צו אַ פרוי, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַ גט און פון דאָסניי חתונה-געהאַט, און דער דירעקטאָר האָט תיכף געבראָכען דעם קאָנטראַקט, וואָס האָט איהם נישט געזאָלט ברענגען קיין נוצען.

— נו, איז דאָס מיין שולד? — פרעג איך זיך, אויסציהענדיג זיך אין בעט, זעהר אַ צופרידענער פון דעמדאָזיגען פועל-יוצא. — ווי גוט דאָס איז פונדעסטוועגען צו האָבען א ריין געוויסען!..

קוים האָט מיך דאָס אויפגעמונטערט, בין איך געגאַנגען ווייטער.

אַ גאַנץ יאָהר געהט דערנאָך אַריבער אין טרעהרען, כאָטש אין דעם אייגענעם יאָהר איז אונז געבוירען געוואָרען אַ מיידע-לע, וואָס האָט אונז זעהר געפרעהט.

באַלד נאָכדעם צינדט זיך אין מיין ווייב אָן פון דאָסניי אַ חשק צום טעאַטער — אפשר שטאַרקער איידער אַנ'אַנדערש מאָל. לויפען מיר צו די אַגענטען, קלאַפּען אין די פערהאַקטע טהירען פון די דירעקטאָרען-קאַבינעטען, לאָזען אין וועג אַריין שרייענ-דיגע רעקלאַמעס, אָבער דאָס אַלץ איז אַרויסגעוואָרפען אויפ'ן ווינד: אומעטום זאָגט מען אונז אָב, מען ווייזט אונז די טהיר.

דער דורכפאַל פון מיין דראַמע ניכטערט מיך אויס, איצט וויל איך מיר שאַפען אַ נאָמען אין דער וויסענשאַפט און איך גיב מיר אַ שבועה, איך זאָל קיינמאָל נישט שרייבען קיין דראַ-מעס ספעציעל פאַר אַקטריסעס, בפרט נאָך אַז דאָס האָט מיר קיינמאָל קיין טראָפען פערגעניגען נישט געגעבען. ווייניג געבייגט דערויצו, איך זאָל מיר קאַליע מאַכען דאָס פאַמיליען-לעבען צו-ליעב נאַרישע קאַפּריזען, טהו איך בלויז דאָס, וואָס איך פיהל מיט מיין ווייב אין איהר גרויסען צער.

צולעצט, שטייגט עס אַריבער מיינע כחות. נוץ איך אויס מיין בעקאַנטשאַפט מיט אַ טרופּע אין פינלאַנד און שפעקולירי-אויס אַזוי, אַז זי ווערט איינגעלאַדען אויף אַ געוויסער צאָהל ספעק-טאַקלען.

דאָס איז אַזוי גוט, ווי זיך אַליין אָבשמייסען. אַ גאַנצען חדש בין איך אַנ'אַלמן, אַ בחור, אַ פאָטער פון אַ פאַמיליע, אַ קי-

כער. און פאַר דעם אַלעם בעקום איך דידאָזיגע טרייסט—אַ פּאָר קעסטלעך מיט בלומענקרענץ, וואָס זי ברענגט מיט זיך אַהיים.

אָבער זי איז געווען אַזוי גליקליך, אַזוי יונג און רייצענדיג, אַז איך האָב תיכף אָנגעשריבען אַ צווייטען בריף און געבעטען, מען זאָל בענייען דעם אַנגאַזשמאַן.

און בעמערקט: איך האָב געוואָלט פערלאָזען מיינע פריינד, מיין היים, מיין שטעלונג אין דער געזעלשאַפט, מיינע פערלעגער—צוליעב וואָס? צוליעב אַ קאַפּריז פון אַ פרוי. אָבער אַזוי געשיהט עס שוין שטענדיג: אָדער דו האָסט ליעב, אָדער דו האָסט נישט ליעב.

צום גליק האָט דער גוטער מענש נישט געקאָנט אַריינגעהמען אין זיין טרופּע אַנ'אַקטריסע אָהן אַ רעפּערטואַר.

בין איך שולדיג דערין? ביי דעמדאָזיגען געדאַנק האָב איך פרעהליך אַ שפּרונג געטהאָן אין בעט. ווי גוט דאָס איז—צו מאַכען פון צייט צו צייט אַ שטיקעל חשבון הנפש, ווי עס טהוען די ענגלענדער. דאָס מאַכט לייכטער אויף דער נשמה, און איך פיהל מיך אפילו יונגער.

אָבער מיר ווערען זיך גראָבען ווייטער. אין אַ קורצער צייט בעווייזען זיך קיגדער: איינס, צוויי, דריי, די צייט שטעהט נישט!

אָבער די ליידענשאַפט צום טעאַטער ענטוויקעלט זיך אַלץ מעהר און מעהר. מען מוז זיך דורכאויס דערשלאָגען צום ציעל, אַט ווערט געעפענט אַ ניי טעאַטער מיט דער כונה צו קאָנקורירען. וואָס קאָן דאָ זיין פשוט'ער, ווי נעהמען און פאָרלעגען דעמדאָזיגען טעאַטער אַ נייע פּיעסע מיט אַ ראָל פאַר אַ יונגער פרוי—עפּיס אַ כאָלידע פּיעסע, וואָס זאָל בעהאַנדלען די פרויענפראַגע און וואָס זאָל גלייכצייטיג שטעהן אויף דער טאָג-אָרדנונג.

געזאָגט—געטהאָן! ווארום איך האָב שוין איינמאָל דערמאָהנט: „אָדער דו האָסט ליעב, אָדער דו האָסט נישט ליעב!”

שטעלט מען די דראַמע אויף דער 'סצענע: שענע פרויענראָליען, גלאַנצפולע' קאָסטיומען, נאַטירליך, אַ וויעגעלע, אַ לבנה און פאַר אַ קאָנטראַסט—אַ פאַלשער מענש; דער מאַן, אַ פחדן,

וואָס האָט זעהר ליעב דאָס ווייב, ליעגט איהר אונטער די פיס (דאָס בין איך); דאָס ווייב איז מעוברת (דאָס איז געווען אַ נייער שטריך אין אַ פּיעסע), דאָס אינגערליכע אויסזעהן פון אַ מאָנאַ־סטיר א. אַז. וו.

פאַר אַנ׳אַקטריסע איז דאָס געווען אַנ׳אונגעוועהנליכער ער־פאָלג, אָבער פאַר׳ן אויטאָר—אַ דורכפאַל, אַ שווערער דורכפאַל... יאָ, ליידער איז עס אַזוי געווען!

זי איז שוין צוריק אויפ׳ן פערד. איך, ווידער, ליעג אין דער ערד, איך בין אַ פערפאַלענער. און דאָך—נישט־געקוקט אויפ׳ן אָוועגדברויס, מיט וועלכען דער דירעקטאָר האָט זיי מכבד־געווען און וואָס האָט געקאָסט צו צעהן קראָן פאַר אַ פערזאָן; נישט־געקוקט אויף די פופציג קראָן שטראָף, וואָס איז איינגעצאָהלט געוואָרען דער פאָליציי פאַר׳ן טומעל, וואָס מען האָט אָנגעמאַכט ביינאַכט—נישט־געקוקט אויף דעם אַלעם, איז זי דאָך נישט אַנ־גאַזשירט געוואָרען.

און אין דעם אַלעם בין איך גאָט די נשמה שולדיג. גיכער בין איך דאָ אַ מערטירער און אַ קרבן. אָבער דאָך בין איך אין די אויגען פון די אַלע חשוב׳ע דאַמען אַ ווילדע חיה, וואָס האָט גענומען דער ווייבס אַרטיסטישע קאַריערע און געמאַכט צונישט. חיפּיעל יאָהר האָב איך מיך געפייניגט וועגען דעמדאָזיגען ענין מיט די סאַמע הארבסטע יסורים פון געוויסען! דאָס זענען גע־ווען אַזוינע יסורים, אַז איך קאָן גאָך עד־היום נישט ענדיגען רוהיג די טעג מיינע!

איבעריגענס, פלעגט זי מיר עפטער, פאַר די אויגען פון דער גאַנצער וועלט, וואַרפען אין פנים אַריין דעמדאָזיגען האַ־מעסנעם פאָרוואורף. שטענדיג בין איך געווען שולדיג!.. ווענעס דאגה איז דאָס, אויב די גאַנצע מעשה איז גאָרנישט געווען אַזוי!.. די קאַריערע איז טאַקי אַ פערפאַלענע, דאָס איז אמת און איך בין מיך מודה דערין... אָבער ווער איז דערין שולדיג? עס געהמט מיך דורך אַנ׳אימה און דאָס געלעכטער ווערט אָבגע־שטאָרבען אויף מיינע ליפּען, ווען מיר קומט אויפ׳ן געדאַנק, אַז שפּעטער קאָן מען אַרויפוואַרפען אויף מיר די פעראַנטוואָרטליכ־

קיינע פאר דערדאָזיגער קאַליע-געמאַכטער קאַריערע און עס וועט נישט זיין קיין איינער, ווער עס זאָל קאָנען קלאָר מאַכען דעם-דאָזיגען טונקעלען ענין.

---

איצט—וועגען דעם צו׳פטר׳טען נדן.

איך געדענק, אַז וועגען מיר איז געשריבען געוואָרען אַן׳-אַרטיקעל אונטער׳ן נאָמען „דער נדן-פערשווענדער״, און דייטליך געדענק איך אויך, ווי עמיץ האָט מיר אָפענהערציג אויפגעוואָרפען, אַז איך לעב אויף „דער ווייבס רעכענונג.״ אַ ליעבהאַרציגע פראַזע, וואָס האָט מיך געצוואונגען אַריינצוהאַקען זעקס קוילען אין מיין רעוואָלווער!

טאָ לאָמיר אָקאָרשט רעכט אויספאָרשען די זאַך, וויבאַלד דער עולם שמועסט וועגען דעם; לאָמיר עס רעכט נאָכטראַכטען, וויבאַלד מענשען נעהמען זיך אַליין דאָס רעכט צו משפט׳ען וועגען דעם.

אַלץ, וואָס דאָס ווייב האָט אַריינגעבראַכט אין אונזער פאַמיליע אַריין אַלס איהר פערמעגען, בעשטעהט פון צעהנטויזענד קראָן אין צווייפעלהאַפטע אַקציעס. איך האָב זיי פערזעצט אין היפאָטעק-באַנק אויף מיין אייגענעם נאָמען פאַר אַ העלפט פון זייער בעטרעפענדיגען ווערט. פלוצלונג, גאַר אונגעריכט האָבען אַלע בענק באַנקראָטירט. אונזערע פּאַפּירען האָבען כמעט פערלאָרען זייער ווערט, וואָרום מיר האָבען זיי נישט פערקויפט אין דעם פּאַסענדיגען מאָמענט. אויף אַזאַ אופן בין איך געווען געצוואונגען איינצוצאָהלען די גאַנצע סומע פון מיין הלואה: 50% פון דעם נאָמינאַלען ווערט פון די אַקציעס. שפּעטער האָט דער, וואָס האָט געהאַט די אַקציעס, אויסגעצאָהלט מיין ווייב אויף איהרע פּרעטענזיעס—25%; אַזויפיעל האָבען אויך בעקומען די קרעדיטאָרען ביים באַנקראָט פון דער באַנק.

איצט זאָלען מאַטעמאַטיקער אויסרעכענען: „וויפיעל האָב איך פערשווענדט?״

לויט מיין בעשיידענעם שכל—גאָרנישט! דידאָזיגע פּאַפּירען,

וואָס האָבען נישט געטויגט אין פערקויף, האָבען געבראַכט זייער אייגענטימער דעם אמת'ען ווערט, און איך, אַ דאַנק מיין פער־זענליכער זשירע, האָב נאָך פאַקטיש אויפגעהויבען זייער ווערט אויף 25%.

איך בין דאָ באמת אַזויפיעל שולדיג, ווי איך בין שולדיג זיין אַליין.

אָבער דערווייל די אַנגסטען פון געוויסען, די שווערע פער־צווייפלונג, די פראָבעס צו מאַכען זיך אַ טויט, וואָס איך האָב אָפט פאָרגענומען!

און צוריק קעהרען זיך אום די אַלטע חשדים, די שרעקלי־כע ספקות!

איך ווער משוגע פון כעס ביים געדאַנק, אַז איך האָב געקאָנט אַוועקשטאַרבען מיט דער רעפוטאַציע פון אַ רמאי! שטענ־דיג פער'דאגה'ט און שטענדיג דערשטיקט פון אַרבייט, האָב איך קיינמאָל נישט געהאַט קיין צייט צו פערנעהמען זיך מיט די־דאָזיגע טויזענדער קלאַנגען, מיט דידאָזיגע טויזענדער רמזים און מאוס'ע שטעכווערטלעך, וואָס פלעגען מיר צוגעוואָרפען ווערען. אין דער צייט, ווען איך בין געווען פערדרעהט מיט דער טע־גליכער אַרבייט און גאָרנישט בעמערקט אַרום זיך, איז אַרום מיר אויסגעוואַקסען געוואָרען אַ פאַלשע לעגענדע, וואָס האָט אַלץ מעהר און מעהר אָנגענומען בעשטימטע פאָרמען, הגם זי האָט זיך געשטיצט אויף די ווערטער פון נישט-פערגינער און סתם פּלאַ־פּלער, אָבער איך, שוטה, האָב געגלויבט דער גאַנצער וועלט, אַבי נישט זיך... אַך...

שוין-זשע בין איך באמת קיינמאָל נישט געווען—נישט משוגע און נישט קראַנק און נישט ענטאַרטיש? איך בין פשוט געווען פערנאַרישט דורך אַ פערגעטערטער אַוואַנטוריסטין, וואָס איהר שערעלע האָט אָבגעשניטען שמשונ'ס לאָקען, בשעת ער האָט אַוועקגעלעגט זיין קאָפּ אויפ'ן קישען, אַ מידער פון אַרבייט און פון דאגות וועגען איהר און די קינדער. ער האָט זיך איהר איינגאַנצען אָנגעטרויט און גאָרנישט בעמערקט, אַז פאַר'ן משך פון צעהן יאָהר שלאָפען אין די אָרעמס פון דערדאָזיגער כשוף־

מאַכעדין האָט ער פערלאָרען זיין עהרע און מוט, זיין ווילען צום לעבען, זיין גייסט, זיינע פינף חושים און, או-וואַ, נאָך אַ סך אַנדערע זאַכען!

שוין-זשע... איך שעם מיך צו טראַכטען וועגען דעם...

שוין-זשע איז בעגאַנגען געוואָרען אַ געהיים פערברעכען אין דעמדאָזיגען נעבעל, אין וועלכען איך האָב געלעבט, ווי אַ שאָטען, אַזויפיעל יאָהרען! גאָר אַ קליין פערברעכען, גאָר אַ קליינער אַקט, אַנ׳אונבעוואוסטזיניגער, וואָס איז אַרויסגערופען געוואָרען דורך דער נעבעלהאַפטער שטרעבונג צו מאַכט, דורך דעם געהיימען חשק פון א נקבה מנצח-צו-זיין דעם זכר אינ׳ם קאַמף, וואָס טראָגט דעם נאָמען חתונה-האָבען?..

איך האָב דאָ, אָהן שום ספק, געשפּיעלט די ראָל פון אַ שוטה, וואָס איז פערפיהרט געוואָרען דורך אַ פערהייראַטער פרוי; איך האָב געמוזט מיט איהר חתונה-האָבען, צו בעשיצען איהר שוואַנגערשאַפט און ראַטעווען איהר סצענישע קאַריערע; זיך פערבונדען לויט׳ן דאָטאַל-סיסטעם, מיט׳ן תנאי, אַז יעדער צד טראָגט אַריין זיין חלק אין דער אַלגעמיינערווירטשאַפט, בין איך נאָך צעהן יאָהר צוזאַמענלעבען אויסגעקוועטשט געוואָרען, ווי אַ לימאָן, און בע׳גזל׳ט געוואָרען פון קאָפּ ביז די פיס, וואָרום נאָר איך האָב בעטראָגען אויף זיך דעם גאַנצען יאָך פון דער בעל-הבתי׳שקייט פאַר דער גאַנצער צייט פון נאָך אונזער חתונה.

אין דעם מאָמענט, ווען מיין פלונית׳טע שטויסט מיך אָב, ווי אַ גאָרנישט, וואָס איז שוין מעהר נישט פעהיג צו פערדיענען פאַר דער פאַמיליע צום לעבען; אין דעם מאָמענט, ווען זי וואַרפט מיר פאָר, אַז איך האָב צו׳פטר׳ט איהר כלומר׳שטען נדן — אין דעם אייגענעם מאָמענט איז זי מיר שולדיג פיערציגטויזענד קראָן: איהר חלק לויט׳ן מינדליכען אָבמאַך, וואָס איז געשלאָסען געוואָרען צווישען אונז אין דעם טאָג פון אונזער חתונה.

זי איז מיר שולדיג!

אָבער איך בעשליס קלאָר צו מאַכען אַלץ און הויב מיך אויף, איך שפּרינג-אַראָב פון בעט, ווי אַ פּאַראַליטיקער, וואָס האָט ווייט פערוואָרפען זיינע קוליעס, וועלכע ער האָט געזעהן

אין חלום. געשווינד טהו איך מיך אָן און גיה-אַראָב אונטען.

אינ'ם שפּאַלט פון דער האַלב-אָפּענער טהיר זעה איך דאָס-דאָזיגע חנ'עוודיגע בילד.

אויסגעצויגען אויף אַ צעוואָרפען געלעגער, האָט זי פערזונקען איהר ליעב קעפּעלע אין די ווייסע קישענס. און אויף די ציכלעך זענען, ע׳ ועך צושאָטען איהרע העל-גאָלדענע האָהר, ווי ווייצזאַנגען; די אַקסלען זענען געוועזען פריי פון דעם דינעם העמדעלע און די מיידעלשע ברוסט האָט געליכטען אונטער די שפּיצען; דאָס שלאַנקע און לופטיגע קערפּערל האָט וואַלענאַרטיג געפּאַלבט די ווייסע דעקע, אויסגענייהט מיט ווייס און רויט; איין פיסעל האָט זיך אַרויסגעזעהן—אַ קליין פול און שען פערענדיגט פיסעל, וואָס זיינע ראָזע פינגערלעך זענען געוועזען בעדעקט מיט דורכזיכטיגע זויבערע נעגעלעך—אַנ'עכט קונסטווערק פון לעבעדיגען מענשליכען פלייש און בלוט, וואָס איז בעשאַפען געוואָרען לויט'ן מאָדעל פון די פּאַרצייטיגע מאַרמאָר-סטאַטועס. אַזוי האָב איך דעמאָלט געזעהן מיין ווייב.

אַ שמייכלענדיגע, אַ זאָרגלאָזע, מיט אַ פּנים פון אַנ'אונשולדיגער מוטער, האָט זי געקוקט אויף איהרע דריי עופ'עלעך, וואָס האָבען זיך געצאַפּעלט און געטרונקען אין די מיט בלומען אויסגענייהטע קישענס, פונקט ווי אין אַ קופּע פריש-געשניטענע בלומען.

אָט דאָס וואונדערליך-שענע בילד האָט מיר אינגאַנצען ווייך געמאַכט דאָס האַרץ. אָבער עפּיס אַנ'אינערליכער קול האָט מיר געזאָגט:

„היט זיך! אַ פאַנטערין שפּיעלט עס מיט איהרע קינדער!"

ענטציקט און אַראָבגעפּאַלען פון דעם וואונדערשענעם מוטער-בילד, געה איך אַריין אין צימער ציטריג, נישט-זיכער, ווי אַ חדר-יונגעל.

—אַ, דו ביזט שוין אויפגעשטאַנען, מאַנעלע!—בעגריסט זי מיך אַ פערוואונדערטע, אָבער איהר פערוואונדערונג איז נישט אַזאַ אָנגענעהמע, ווי מיר האָט זיך געוואָלט.

איך האָב אַרויסגעמורמעלט אַ פּאָר צופּלאָנטערטע ווערטער

און שיער נישט דערשטיקט געוואָרען דורך די קינדער, וואָס האָבען מיך אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען, בשעת איך האָב מיך אָנגעבויגט אַ קוש צו טהאָן זייער מוטער.

—וואָס פאַרט איז דאָס? שוין-זשע איז דאָס אַ פערברעכע-רין?—האָב איך זיך געפרעגט בשעת איך בין אַוועקגעגאַנגען, בעזיעגט דורך איהר שטרענגער שענקייט, דורך דעם אָפענעם שמייכעל פון דעמדאָזיגען מיילעכעל, וואָס האָט אַזוי ווי קיינמאָל קיין ליגען נישט געזאָגט.—ניין! טויזענדער מאָל ניין!..

איך האָב מיך באַוואָליע פערבאָרגען, אַנ'איבערציי‍גטער דע-רין, אַז זי איז נישט קיין פערברעכערין.

אָבער אַ שווערע זאָרג האָט מיך נאָכאַנאַנד פערפאָלגט.

פאַרוואָס האָט זי רעאַגירט מיט אַזאַ קאַלטקייט דערויף, וואָס איך בין פלוצלונג געזונד געוואָרען? פאַרוואָס האָט זי נישט געפרעגט, ווי אַזוי איך בין דורכגעגאַנגען דעם פיבער? ווי אַזוי דערקלערט מען דאָסדאָזיגע קאַלטע געזיכט, די כמעט פערדריסלי-כע תנועה, וואָס זי האָט געמאַכט, בשעת זי האָט מיך דערזעהן אַ געזונדטען און אַ שטאַרקען?..

און אָט דער חוזק-שמייכעל, וואָס זאָגט, אַז זי שטעהט העכער פון מיר, נאָר דאָס אָרט איהר כלומר'שט נישט? האָט זי טאַקי באמת געהאַט אַ האָפנונג, אַז איך וועל אַוועקשטאַרבען און זי וועט זיך בעפרייען פון אַ מטורף, וואָס פער'סמ'ט איהר כסדר דאָס לעבען? האָט זי טאַקי ווירקליך אויסגערעכענט אויף די עטליכע טויזענד קראָן פון מיין אַסעקוראַנץ-צעטעל, וואָס וואָל-טען איהר געקאָנט עפענען אַ נייעם וועג צו אַ ניי לעבען? ניין, טויזענדער מאָל ניין!..

און דאָך האָב איך געצווייפעלט—געצווייפעלט אין אַלץ: אין די גוטע מדות פון מיין ווייב, אין דער געזעצליכקייט פון מיינע קינדער און אפילו דערין, צי זענען מיר נישט אַמאָל אויס-געשעפט געוואָרען די גייסטיגע כחות ביז'ן סאַמע סוף. דידאָזיגע ספקות האָבען מיך אָהן שום רחמנות, אָהן אויפהער געפייניגט.

עס איז אָבער יעדענפאַלס געקומען די צייט צו מאַכען אַ סוף מיט דעם אַלעם—איך בעדאַרף אָבשטעלען דעם שטראָם פון

דידאָזיגע פוסטע געדאַנקען! איך בעדאַרף זיין אָדער זיכער, אָדער שטאַרבען! אָדער עס איז געשעהן אַ געהיים פערברעכען, אָדער איך בין אַראָב פון זינען! דער אמת וועט אַרויפשווימען אויף גאָטס וועלט!

זיין אַ גענאַרטער מאַן? דאָס אַרט מיך נישט, אַבי נאָר איך זאָל עס וויסען! דעמאָלט וואָלט איך דער ערשטער געלאַכט דער־פון! איז דען פאַרהאַן אויף דער וועלט אַ מענש, וואָס זאָל קאָ־נען זיכער זאָגען, אַז ער איז דער איינציגער מאַן, וואָס בעזיצט אַליין די פרוי?..

בשעת איך קלויב-דורך אין מיין געדאַנק די אַלע פריינד פון מיין יוגענד, וואָס זענען שוין היינט חתונה-געהאַטע, געפין איך נישט קיין איינעם, וואָס זאָל נישט זיין כאָטש עטוואָס גע־נאַרט. אָבער זיי זענען גליקליך, זיי צווייפלען נישט! מען בע־דאַרף נישט זיין קליינליך. צי צוויי, צי איינער—איז עס דען נישט אַלצאיינס? אָבער נישט וויסען—הייסט עס זיין אַ קאָמישער פאַרשוין! און דערין איז אַלץ: מען בעדאַרף וויסען!

ווען דער מאַן וואָלט געלעבט הונדערט יאָהר, וואָלט ער דאָך נישט געוואוסט דאָס אמת'ע ווירקליכע לעבען פון זיין ווייב! און אויב ער קאָן אפילו מענשען און אָט די גרויסע וועלט, וועט ער דאָך קיינמאָל נישט האָבען קיין ריכטיגע פאָרשטעלונג פון זיין פרוי, וואָס איהר לעבען איז אַזוי איינג צוזאַמענגעבונדען מיט זיינעם. און טאַקי דערפאַר ווערט דער אָרימער הער באָ־וואַרי דערמאָהנט מיט אַזאַ פערגעניגען פון אַלע גליקליכע מאַנען.

אָבער איך לעכץ נאָכ'ן אמת! בעדאַרף איך דעם אמת צוליעב נקמה? וואָס פאַר אַ משוגעת! אָן וועמען זיך נוקם-זיין? אָן יענע, וואָס זענען איהר בעסער געפעלען געווען? אָבער זיי האָ־בען דאָך בלויז דערפילט זייער מענליך רעכט! אָן מיין פלונית'־טע? אָבער איך האָב דאָך שוין געזאָגט, אַז מען בעדאַרף נישט זיין קליינליך. און ווי וואָלט איך מיך דערוועגט צו ריהרען כאָטש איין האָהר אויפ'ן קאָפּ פון דער מוטער פון מיינע קינדער?

אָבער איך בעדאַרף נאָר וויסען דעם גאַנצען אמת. און צו דעמדאָזיגען צוועק וועל איך אונטערוואַרפען מיין גאַנץ לעבען אַ

גרינדליכער, שטרענגער און וויסענשאַפטליכער אויספאָרשונג. איך ווער מיך בענוצען מיט די אַלע מיטלען פון דער נייסטער פסיכאָלאָגיע; איך וועל מיך בענוצען מיט היפנאָטיזם, מיט לייענען יענעמס געדאַנקען און מיט גייסטיגע ענויים; איך וועל מיך אפילו נישט אָבזאָגען פון די אַלעמען בעוואוסטע אַלטפרענקישע מיטלען, ווי: אויפברעכען אַ שלאָס, מאַכען אַ גנבה, איבערכאַפּען פרעמדע בריף, נאָכמאַכען פאַלשע אונטערשריפטען—איך וועל אַלץ פּרובען.

שוין-זשע איז עס מאָנאָמאַניע, שוין איז דאָס אַ ווילדער אויסברוך פון אַ משוגע׳נעם? נישט איך בעדאַרף משפּט׳ען וועגען דעם.

דער אויפגעקלערטער לייענער וועט אין דער לעצטער אינסטאַנץ בעשליסען דידאָזיגע פראַגע, נאָכדעם ווי ער וועט געוויסענהאַפט איבערלייענען דאָסדאָזיגע בוך. מעגליך, אַז ער וועט געפינען אין דעם בוך עלעמענטען פון פיזיאָלאָגיע פון ליעבע, פאַקטען פון פאַטאָלאָגיע פון גייסט און אפשר אויך אינטערעסאַנטע פראַגמענטען פון דער פילאָזאָפיע פון פערברעכען.

סעפטעמבער 1887—מערץ 1888

## נאָכוואָרט פֿון אויטאָר.

### I.

דאָס איז אַ שרעקליך בוך—איך בין עס אַליין מודה אָהן שום קווענקלעניש, וואָרום איך בעדויער שטאַרק, וואָס איך האָב עס אָנגעשריבען.

איך האָב געמווזט רייגוואַשען מיין טרופּ פריהער, איידער מען לאָזט איהם אַראָב אויף אייביג אין קבר אַריין.

איך געדענק, ווי מיט אַ יאָהר פיער צוריק האָט מיינער אַ חבר, אויך אַ שרייבער און אַ גרויסער שונא פון ציניקער — בשעת דאָס זענען אַנדערע—אין אַ שמועס מיט מיר וועגען מיין חתונה אַ וואָרף געטהאָן אַזאַ פראַזע:

—דו ווייסט, דאָס איז דאָך אַ טעמע פאַר אַ ראָמאַן, וואָס איך וואָלט גערן אָנגעשריבען!

מיין ליעבער פריינד, האָב נישט קיין פּאַראַיבעל אויף מיר, וואָס איך, דער ערשטער אייגענטימער, בענוץ מיך מיט דעמדאָזיגען אייגענטום! אויך געדענק איך וואָס די פערשטאָרבענע מוטער פון מיין קינפטיגער ווייב האָט געזאָגט מיט אַ יאָהר צוועלף צוריק, בשעת איך האָב איהר אויפמערקזאַם געמאַכט אויף איהר טאָכטער, אַרום וועלכער עס האָבען אַרומגעטאַנצט יונגעלייטלעך:

—נישט וואָהר?—האָט זי געזאָגט,—זי וויל ווערען אַ הויפּט-העלדין פון אַ גוטען ראָמאַן!

—אונטער וואָס פאַר אַ נאָמען?

—די פלאַמענדיגע פרוי!

אָ, גליקליכע מוטער, ביזט געשטאָרבען אין דעם פּאַסיגען מאָמענט, בשעת איך פערווירקליך דיין פערלאַנג. דער ראָמאַן איז אָנגעשריבען געוואָרען, איך קאָן אויך שטאַרבען.

1894.

II.

איך האָב נישט לאַנג בעגעגענט דעם העלד פון דעמדאָזיגען ראָמאַן. איך האָב איהם זעהר שטאַרק אויסגערעדט דערפאַר, וואָס ער האָט מיר גורם-געווען, איך זאָל פערעפענטליכען די געשיכטע פון זיין ערשטער חתונה. איצט האָט ער חתונה-געהאַט אַ צווייט מאָל, האָט זעהר אַ חנ׳עוודיג מיידעלע און איז יונגער געוואָרען אויף צעהן יאָהר.

—מיין טייערער,—האָט ער געענטפערט אויף מיינע פאָרוואורפען,—די סימפּאַטיע, וואָס די העלדען פון דעמדאָזיגען בוך האָט אומעטום אַרויסגערופען, באַלד ווי דאָס בוך איז ערשינען, פערענטפערט מיך גופא אין מיינע אייגענע אויגען. דערפון קאָנט איהר זיך איבערצייגען, וואָס פאַר אַ געוואַלדיגע קראַפט מיין ליעבע האָט געהאַט: זי האָט איבערגעטראָגען אַזויפיעל אכזריות און האָט זיך דאָך געקאָנט איבערגעבען דעם לייענער. אָבער דאָס האָט פונדעסטוועגען נישט געשטערט איינעם אַ פראַנצויזישען אַקאַדעמיקער אָנצורופען שוואַכקייט די בעשטענדיגקייט פון מיין ליעבע, און מיין איבערגעגעבענקייט צו מיין פאַמיליע, צו די קינדער—געמיינהייט. אָבער וואָס האָט עס פאַר אַ בעטרעף געגען אַ גראָבער, אונבעשטענדיגער און נישט-עהרליכער פרוי?

איבעריגענס, איז דאָסדאָזיגע בוך, וואָס איהר האָט געוואָלט אָנשרייבען, בלויז אַנ׳אָנהויב פון אַ געוועב, וואָס איז בעקאַנט די

מענשען פון מיין שטאָדט, וועלכע האָבען אַכטונג געגעבען אויף מיין ליטעראַרישער קאַריערע; דידאָזיגע קאַריערע האָט זיך ענט-וויקעלט פּאַראַלעל מיט די יסורים פון מיין ליעבע און זיך נישט אָנגעשטעקט מיט זיי.

איך וואָלט מיך אפילו געקאָנט דערוויטערן פון קאַמפּס-פעלד, אָבער איך בין געבליבען אויף מיין פּאָסט. איך האָב גע-קעמפּט מיט מיין פיינד אין שטוב, אין בעט. שוין-זשע איז עס נישט דרייסט?

די „אָרימע אונבעהאָלפענע פרוי" פערמאָגט גאַנצע פיער סקאַנדינאַווישע פעלקער, צווישען וועלכע זי האָט געגוג פריינד צו קעמפען מיט אַנ'איינזאַמען פעראָרימטען מענשען, וועלכען די האָט געוואָלט אַריינזעצען אין געלען הויז דערפאַר, וואָס זיין הויכער גייסט האָט פּראָטעסטירט געגען דער פערגעטערונג פון אַ פרוי, געגען אָט דעם לעצטען פּאָראַורטייל פון די פריידזיניגע.

די טפשים, וואָס פערבאָרגען זייער קליינליכע נשמה אונ-טער דעם שענעם אויסדרוק „געטליכער יושר", האָבען פער'משפט מיין בוך אין נאָמען פון זייער איבערצייגונג און פערזיכערן לויט פאַלשע קלאַנגען, אַז איך האָב אָבגענאַרט איהר ערשטען מאַן. זאָלען זיי אָבער א-בערלייענען די סצענע, וואו דער מאַן וואַרפט-אַריין זיין וויב אין מיינע אָרעמס, אין מיינע ריינע הענד, בשעת איך בין מיך איהם מודה אין דער אונשולדיגער ליעבע צו זיין אַוועק-געוואָרפענער וויב! זאָלען זיי זיך דערמאָהנען אָן יענעם וויכ-טיגען דעטאַל, בשעת איך האָב גענומען אויף מיין יונגען קאַרק דעמדאָזיגען יאָך, צו ראַטעווען דעם כבוד פון אַנ'אָפיציר און די צוקונפט פון זיין קינד. און דעמאָלט זאָלען זיי זאָגען, צי האָט עס אַ זין צו בעשטראָפען מיט נקמה אַנ'אַקט פון מסירת-נפש?

איך בין מיך מודה, אַז צו בעגעהן זיך אַזוי, ווי איך בין מיך בעגאַנגען, בעדאַרף מען זיין אַ יונג און נאַריש יונגעל. אָבער מעהר וועט עס שוין נישט געשעהן, איך פערזיכער אייך... דאָך לאָמיר עס לאָזען, און דערנאָך... ניין... זענט מיר געזונד!

ער איז שנעל אַוועקגעגאַנגען און איבערגעלאָזט אין מיר דעם איינדרוק פון שטאַרקער אויפריכטיגקייט. איך האָב נישט

קיין חרטה דערויף, וואָס איך האָב פערעפענטליכט דעם ראָמאַן פון דעמדאָזיגען אידעאַליסט, וועלכער איז שוין איצט אַנטרונען געוואָרען פון דער וועלט און דער ליטעראַטור.

1894.

---

### III.

דאָס איז געווען אַ נישט-פאָרזיכטיגען בעשרייבונג פון זיין ערשטער חתונה, וואָס האָט געהאַט דאָס ציעל צו בעשיצען איהם און וואָס זאָל גלייכצייטיג אויך זיין אַ מין צואה, וואָרום ער האָט זיך געוואָלט נעהמען דאָס לעבען באַלד ווי ער וועט נאָר אָנשרייבען דאָס בוך. דער כתב-יד איז פינף יאָהר געלעגען פער-זיגעלט ביי זיינעם אַ קרוב מיט דער כונה, אַז ער זאָל קיינמאָל נישט דערזעהן די ליכטיגע וועלט. אָבער איצט, פריהלינגס-צייט, אין יאָהר 1893, האָט ער אונטער דעם דרוק פון אומשטענדען און אונטער דער ווירקונג פון דעם, וואָס אין פריוואַטע געשפרע-כען און אין דער פרעסע האָט מען אָנגעהויבען פון דאָסניי פאַלש אַרומריידען דעמדאָזיגען ענין, האָט ער בעשלאָסען צו פערקויפען זיין בוך דעם פערלעגער.

1902.

